ד״ר חיים שאָשקעס

# דורך אומבאַקאַנטע לענדער



EDITORA "MONTE SCOPUS"
Rio de Janeiro — 1954

## ביכער פון דעמזעלבן מחבר:

געשיכטע פון קרעדיט־קאָאָפּעראַציע (יידיש — וואַרשע, 1928)

לענדער און שטעט (יידיש — ווילנע, 1930)

דורך פיר קאָנטינענטן (פּויליש — וואַרשע, 1935)

רייזע דורכן ראַטן פאַרבאַנד (יידיש — וואַרשע, 1937)

עקזאָטישע רייזעס (יידיש — וואַרשע, 1938)

קאָאָפּעראַטיווע פּראָבלעמען נאָכן וועלט קריג
(ענגליש — וואַשינגטאָן, 1943)

געטאָ טאָג־בוך (יידיש — ניו יאָרק, 1944)

קיינער פון זיי ניט צוריקגעקומען
(ענגליש, שפּאַניש, פּאָרטוגעזיש, פראַנצויזיש — ניו יאָרק, 1945)

פּוילן אין 1946 (יידיש — בוענאָס איירעס, 1949)

א וועלט וואָס איז פאַרביי... (יידיש — בוענאָס איירעס, 1951)

אייער וועלט און מיינע
(ענגליש — מעקסיקע, 1952; העברעאיש — תל אָביב, 1954)

# במקום הקדמה

איך געדענק א געשיכטע פון מיין פריעסטער קינדהייט:

אונדזער גאַנצע משפחה איז געזעסן ביים אָוונטברויט און מיין פאָטער האָט ווי שטענדיק, פאַרגעלייענט אויפן קול, די צייטונג מיט א באַשרייבונג איבער דער שפּאַניש־אמעריקאַנער מלחמה.

דער מלחמה־קאָרעספּאָנדענט האָט מאָלעריש געשילדערט די שיינקייט פון קובאַ, דעם אילומינירטן ארײנפאָר אין האַוואַנאַ, און איך האָב איינגעזאַפּט אין זיך אָט די אלע עקזאָטישע דעטאַלן, וועלכע האָבן מיך אריבערגעטראָגן צו ווייטע, גאַנץ אומבאַקאַנטע קאָנטינענטן און ימים.

און באַנאַכט האָט זיך מיר געחלומט ווי מיין הילצערנער פערדל, וואָס איז געשטאַנען נעבן מיין בעטל, באַקומט אַן אַנדער פאָרם, וואקסט אויס גרויס, הייבט זיך אָן צו באַוועגן... אויפן רוקן פון פערד וואַקסן אויס פליגלען און ער ווערט ענלעך צו יענער באַשעפעניש, וואָס איז אויסגעמאָלן אין מיין בילדער־ביכל און הייסט פּעגאַסוס. איך זעץ זיך ארויף אויף אים און ער טראָגט מיך צום אומ־באַקאַנטן קובאַ, איך הויב זיך אויף אלץ העכער און העכער... איך פלי איבער די חורבות פון ארץ־ישראל און איבער די טעמפּלען פון באַגדאַד, — די שטאָט פון מיינע מעשהילעך...

איך פלי אַלץ ווייטער און ווייטער, — רייס זיך דורך א וואַלד פול מיט וויל־דע חיות און — כאַפּ זיך אויף מיט א ביטער געשריי . . .

לעבן מיר שטייט מיין פאָטער, גלעט מיך, באַרואיקט מיך. איך דערצייל אים מיין חלום און ער זאָגט:

„דאָס באַדייט, מיין קינד, — אז פליגלען וועלן דיר אויסוואַקסן, — דו וועסט א סך רייזן, וועסט פיל זען! א גוטער חלום איז דאָס, האָסט ניט וואָס מורא צו האָבן".

סיי דער חלום און סיי מיין פאָטערס נבואה, זיינען מקוים געוואָרן. ער אַליין האָט נאָך דערלעבט צו דערוואַרטן מיך אויפן פלי־פּאָרט נאָך דעם, ווי איך בין צוריקגעקומען פון די ערשטע, אין דער געשיכטע, פליען פון וואַרשע קיין ירושלים, קיין סאלאָניקי, קיין העלסינגפאָרס.

און מיר ביידע, פלעגן מיט א באַהאַלטענעם, סענטימענטאַלן שמייכל דערמאָ־
נען דעם חלום פון קליינעם יינגל, וועמען עס האָט אויף פליגלען געטראָגן זיין
פערדל פעגאַסוס.

* *

*

רייזע־לוסט איז אין מיין בלוט און די שטורעמדיקע וועגן פון מיין לעבן
האָבן מיר געגעבן א רייכע געלעגנהייט דעמדאָזיקן לוסט צו באַפרידיקן.

אין די אומעטיקע טעג, ווען מיין מיסיע פלעגט ליידן דורכפאַלן, האָב איך
טרייסט געפונען אין די בונטע לאַנדשאַפטן פון די אינדזלען ארום פאַסיפיק, אָדער
אין די טומלדיקע באַזאַרן פון אינדיע און סיאַם. און מיינע פעריאָדן פון דער־
פאָלג פלעגן באַלויכטן ווערן מיט דער אויפגייענדיקער זון איבער די מאַיעסטע־
טישע קאָרדיליערן־בערג, אָדער מיט פלאַמענדיקע רויכן פון וואולקאַנען צווישן
על־סאַלוואַדאָר און ניקאַראַגוא.

און מיין גלויבן אין דער אייביקייט פון די געטלעכע אמתין, איז נאָכאַמאָל
געשטאַרקט געוואָרן, ווען איך האָב באַגעגנט די צעזייטע קינדער פון ישראל אין
די לענדער פון זייערע גלותין: פאַרברענט פון פאַרשידענע קלימאַטן, באַפאַרבט
אין פאַרשידענע קאָלירן פון באַרירונג מיט שכנותידיקע קולטורן און באַפעלקע־
רונגען, זיינען זיי מערסטנסטייל געבליבן געטריי די אידעאַלן פון אוראַלטן תנ"ך,
דעם גלויבן פון אברהם, יצחק און יעקב. און כאָטש דורך טויזנטער יאָרן צע־
טיילטע אין אַלע קאָנטינענטן, בילדן זיי דאָך אן איינהייט, באַהויכט מיטן גייסט
פון תורה און נביאים.

* *

*

מער ווי א מיליאָן פלי־מיילן האָב איך דורכגעמאַכט, — און אייניקע מאָל
ארומגערינגלט דעם גאַנצן ערד־קוגל.

פיל פון די רייזעס זיינען באַשריבן אין מיינע פריערדיקע ביכער. א באַדייטנ־
דיקע טייל פון זיי — אין דאָזיקן בוך.

מיין ארבעט אין משך פון די לעצטע צען יאָר, ווי א „מעבר לים" פאָר־
שטייער פון „האַיאַס" ברענגט מיך אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט די יידישע
ישובים פון דער גאַנצער וועלט, — מיטן יידישן וואַנדערער, וועלכער זוכט נאָך
אלץ א שטענדיקע היים פאר זיך און מיט די רעגירונגען, פון וועמען עס הענגט
אָפּ דאָס ארויסגעבן וויזעס.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות טראָגט דעריבער מיט שטאָלץ דעם
טיטל, מיט וועלכן זיינע צאָלרייכע קליענטן האָבן אים באַלוינט:

„אמבאַסאַדאָר פון די הימלאַזע"

איך האָב לאַנג געחלומט וועגן מאַכן אַ רייזע דורך די אַראַבישע לענדער און דערגרייכן דעם כותל־מערבי, וועלכער איז שוין מער ווי פינף יאָר פאַרשפּאַרט פאַר מענטשן פון יידישן גלויבן.

דער שטורמישער רייזנדער אין מיר האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער דאָזיקער אומ־נאָרמאַלער לאַגע, אַז דער אינטימסטער הייליקסטער אָרט פאַר יידן אויפן גאַנצן ערד־קוגל, די מאַסיווע שטיינערנע וואַנט, וואָס האָט געהאַלטן אויף זיך דעם בית־המקדש־בנין, — איז אָפּגע־שלאָסן פאַר מיינע תפילות און פאַר די תפילות פון מיליאָנען ברידער מיינע דורך דעם אומגע־לומפּערטן שטיקל „נאָ־מענ'ס־לענד" (קיינעמס לאַנד), וואָס טיילט אָפּ די אַראַבישע אַלט־ירושלים פון ישראלס מאָדערנער הויפּט־שטאָט ירושלים.

אין משך פון די לעצטע דרייסיק יאָר האָב איך פיל מאָל באַזוכט דעם כותל־מערבי, — דאַן נאָך, ווען פּאַלעסטינע האָט זיך געפונען אונטערן ענגלישן מאַנדאַט.

עס איז געווען ניט נאָר די נויטווענדיקייט, וואָס שפּאַרט אַרויס פון רעליגיעזע געפילן; עס איז געווען גיכער דער דראַנג נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל קומען צו דעם אויטענטישן קוואַל פון דער אור־אַלטער אינספּיראַציע פאַר אומציילים דורות פון מיינע אבות־אבותי, וואָס האָבן אָט דעם פּלאַץ אויפן באַרג המוריה פאַרהייליקט ווי דער אַדרעס, ווו גאָט האָט ניט דערלאָזן אברהם אָבינו'ן צו ברענגען זיין זון יצחק אַלס קרבן און דורך דעם איז געשלאָסן געוואָרן דער אייביקער בונד צווישן דעם פאָטער אין הימל און זיין ערשטן געטרייען גלויביקן אויף דער ערד; דאָ איז שפּעטער געשטאַנען דער טעמפּל פון שלמה המלך; דאָ איז נאָך גלות בבל געשטאַנען דער צווייטער בית־המקדש, אַרום וועלכן עס האָבן געפלאַמט די קאַמפן פאַר ריינקייט פון גלויבן, פאַר פרייהייט פון פאָלק, — קאַמפן, וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט מיטן ברוטאַלן רוי־מישן חורבן און געבליבן איז נאָר די דאָזיקע וואַנט פון ריזיקע אַרומגעשניצטע שטיינער אַלס עדות אַז אונדזער סנה האָט געברענט אָבער ניט פאַרברענט געוואָרן... צו די דאָזיקע שטיינער האָבן זיך אין משך פון די פאַרגאַנגענע צוויי טויזנט יאָר געצויגן יידן פון אַלע גלות'ן, — גרויסע מקובלים און משיחישע פּאָעטן, בענקענדיקע פאָלקס־מענטשן און קראַנקע אויפן גוף און נשמה, וואָס האָבן דאָ אַ רפואה געזוכט.

און איצט — פאַרשפּאַרט איז דער וועג, פאַרשלאָסן דער צוטריט צום דאָזיקן „טויער פון הימל" פאַר די זין פון פאָלק, וועלכע האָבן דורכן אַלטן פאָטער אברהם דעם דאָזיקן טויער אַנטדעקט.

האָב איך באַשלאָסן, אַז מיינע רייזעס ארום דער וועלט, אַז מיינע זוכונגען און וואַנד־לונגען אין די דזשאַנגלס פון אַפריקע, אָדער אויף די זינגענדיקע אינדזלען פון פּאַסיפיק — האָבן קיין שום זין נישט, — אויב זיי וועלן נישט געקרוינט ווערן מיט אַ באַזוך ביים כותל־מערבי, ווו נאָך 5 יאָר וואַרטן זאָלן די פּאַר׳יתום׳טע שטיינער דערפילן די וואַרעמע, לאַש־טשענדיקע האַנט פון אַ זון וואָס איז געקומען צוריק צו דער מאַמען און ברענגט נאָך אַ גרוס פון די מיליאָנען קינדער, וואָס קענען אַליין מיט אַ באַזוך נישט קומען. גרייטן דאָך דרייסטע קלע־טערער לאַנג און פּאָרוים זייער עקספּעדיציע אויפן שפּיץ פון באַרג עווערעסט, — פאַרוואָס זאָל איך ניט צוגרייטן סקרופּולעז און מיט ליבע מיין עקספּעדיציע צום באַרג מוריה?

אין מערץ פון יאָר 1953 האָבן מיך מיינע דינסט־אַנגעלעגנהייטן געדאַרפט איבערוואַרפן פון ניו־יאָרק קיין זיד־אַפריקע און פון דאָרטן קיין אַזיע און אויסטראַליע.

אין צענטער צו ביידע וועגן ליגט דער ישראל לופט־פּאָרט לוד, צו וועלכן עס האָט מיך אין אַ ליכטיקן פרילינגס־טאָג געבראַכט דער „אל־על" „קאָנסטעלעישאָן", — אויף וועלכן איר פילט זיך זיכער און באַקוועם, ווי איר וואָלט קיינמאָל אייער ביורא נישט פאַרלאָזן.

אגב, דאַרף איך באַמערקן, אַז אויף דער לאַנגער, צען־טויזנט מייליקער שטרעקע פון ניו־יאָרק ביז יאָהאַנעסבורג אין זיד־אַפריקע האָבן זיך קיינמאָל ניט אָנגעצונדן אין „אל־על"־עראָפּלאַן די פייערלעך, וועלכע וואָרענען, אַז שטורמישע ווינטן וועלן שאָקלען די פלי־שיף און איר מוזט זיך דעריבער צובינדן צום שטול. אָן אומגעוויינלעך זיכערע האַנט פון פּילאָט האָט רואיק געפירט די מעכטיקע שיף דורך אַ קווערשניט פון פיר קאָנטינענטן און איך בין געווען שטאָלץ, וואָס דוקא די יונגע ישראל־ליניע האָט געשלאָגן דעם דאָזיקן רעקאָרד פון אומגע־שטערטן פלי, וועלכן איך האָב ניט באַגעגנט אין די מער ווי אַ מיליאָן מייל, וועלכע איך בין שוין דורכגעפלויגן מיט כמעט אַלע לופט־ליניעס פון דער וועלט.

נאָך אין ניו יאָרק זייענדיק האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באַקומען די וויזעס קיין סיריע און לבנון, אַ דאַנק אַ געוויסן „טרוק", וועגן וועלכן עס איז איצט פּריצייטיק צו רעדן, — ווייל יידן קענען אַזעלכע וויזעס ניט באַקומען.

די וויזע צום קעניגרייך פון ירדן, — צו וועמען ס׳געהערט אַלט־ירושלים — קען מען אין ניו יאָרק ניט באַקומען און מען מוז וואַרטן ביז דער ירדן־קאָנסול אין ביירוט וועט איר באַ־וויליקן. די וויזע קיין סאַודי־אַראַביע קאָן מען איבערהויפּט ניט באַקומען ביז מען דערגרייכט ניט איינע פון די גרעניצן פון דער מלוכה און דאָן, — אויב אַפילו איר זענט אַ קריסט, זענט איר נאָך גאָרנישט זיכער, אַז מען וועט אייך דורכלאָזן דורכן הייליקן באָדן פון מאַכמעדס מלוכה.

און נאָך אַ זאַך דאַרפט איר וויסן: צי אַ ייד, צי אַ קריסט, — אויב אין אייער פּאַספּאָרט געפינט זיך אַ וויזע קיין ישראל, איז דאָס אַ סימן, אַז איר זענט דאָרט אַמאָל געווען, — וועט אייך קיין אַראַבישע מלוכה איר וויזע אויף אַזאַ פּאַספּאָרט ניט געבן.

מילא, מיט דער לעצטער גזירה האָב איך זיך געגעבן אַן עצה, זייער פּשוט: דער ישראל קאָנסולאַט אין ניו יאָרק האָט מיר זיין וויזע געגעבן אויף א באַזונדער בויגן פּאַפּיר, ווען איך האָב ניט געהאַלטן צוזאַמען מיטן פּאַס.

און נאָך א זאַך וויל איך דאָ באַמערקן, אַז די „עקספּעדיציע" צום „הר המוריה" איז באַשטאַנען פון צוויי פּערזאָן: פון מיך אַליין און פון מיין ווייב נאַדיע, — טאַקע אָט די זעלבע מיט וועלכער איך בין געפלויגן פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד קיין פּוילן און שפּעטער מיט אכצן יאָר — פון היטלעריסטישן פּוילן קיין אַמעריקע. עס איז איר ניטאָ קיין סך וואָס צו מקנא־זיין — אָט דער דאַמע מיינער, ווען ס'איז באַשערט דורכצוגיין א לעבן מיט אַן אומרואיקן, ליידנשאַפטלעכן רייזנדן, וואָס פילט זיך גוט נאָר דאַן, ווען ארום אים איז א שטורעם און פילט זיך מאָדנע אומהיימלעך אין די טעג, ווען עס הערשט רואיקייט אַרום.

ווען מיר זיינען דאָס ערשטע מאָל אָנגעקומען קיין ישראל אויפן וועג קיין זיד־אַפריקע, זיינען מיר אין ירושלים זייענדיק צוגעפאָרן צום „שער מאַנדעלבוים", צום טויער, וואָס טיילט פונאַנדערביידע ירושלים'ס.

דאָרט שטייט א הילצערנע ביידל מיט א ייִדישער פּאָליציי־וואַך און אייניקע הונדערט מעטער וויטער זעט מען דאָס אַראַבישע ביידל מיט זייערע פּאָליציי־אָפיצירן. צווישן די ביידע ביידלעך איז „קיינעמס לאַנד", אָבער פון צייט צו צייט לאָזט מען דאָ דורך קריסטלעכע פּילגרימען, וועלכע ווילן אויף אייניקע טעג באַזוכן ישראל אָדער ירדן.

קיין יידן אָדער מוסולמענער ווערן דורך די צדדים ניט דורכגעלאָזן. אויף יעדן דורכגיין מוז זיין א דערלויבעניש פון ביידע מיליטערישע גרעניץ־וואַכן: דער אַראַבישער און ישראלדיקער.

שטיי איך ביים „שער־מאַנדעלבוים" און קוק אָן מיט קנאה, ווי א גרופּע שוועדישע פּילגרימען ווערן אַרויסגעלאָזן פון ישראל און ווערן אָנגענומען דורך דער ירדן פּאָליציי אין רויטע פּעזן. אָט די אַלע שוועדן וועלן באַזוכן די קריסטלעכע הייליקייטן אויף יענער זייט און וועלן אין א פּאָר טעג אַרום צוריקקומען קיין ישראל און זיך זעצן אויף זייער שיף, וואָס וואַרט אין חיפה. אויב זיי ווילן קאָנען זיי אויך באַזוכן דעם „כותל־מערבי", אָדער דעם „קבר־רחל", אָבער פאַר אונדז איז דער דאָזיקער דורכגאַנג פאַרצוימט מיט די שלעסער פון פאַנאַטיזם און כמעט ניט פאַרענדיקטן קריג.

דערנענטער איך זיך צום יידישן פּאָליציי־אָפיציר און גיב אים א פרעג:

„האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן אַז פון איינער פון די זייטן איבערן גרעניץ זאָל אַנקומען א ייד?"

דער אָפיציר ענטפערט:

„איך געדענק דאָס ניט, כאָטש שוין דריי יאָר בין איך דאָ דער הויפּט פון גרעניץ־וואַך".

זאָג איך צום אָפיציר:

„קוקט מיך גוט אָן. אין א זעקס וואָכן אַרום וועל איך צוזאַמען מיט מיין דאַמע זיין די ערשטע יידן, וואָס וועלן אָנקומען צו אייך פון אַלט־ירושלים"...

קוקט מיך אָן דער אָפיציר, — א טיפּיש־יידישער „יעקע", — מיט א ביסל חשד און גיט זיך א זאָג:

„איך בין צופיל באַשעפּטיקט כדי זיך צו פאַרנעמען מיט מאַכן וויצן"... וואַרף איך א בענקשאַפט־בליק צו יענער זייט, ווו אַראַבישע אָפיצירן אין רויטע פעזן פירן אוועק די שוועדישע טוריסטן, און באַשליס מיין וואָרט האַלטן און איבערצייגן דעם זעלבן „ישראל־יעקע" אז איך מאַך שוין גאָר ניט קיין וויצן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

טעג און וואָכן זיינען געלאָפן: אָט זיינען מיר אין יאָהאַנעסבורג און אָט אין סוואַזילאַנד, — אָט ווינען מיר אין אן אָפּגעצוימט הייזל, אין ווילדן וואַלד און ווערן אויפגעוועקט יעדער פרימאָרגן פון דעם ברומען פון לייבן, וואָס דערגייען אַזש ביז אונדזער אָפּצאַמונג, און אָט זיינען מיר אין נייראָבי, ווו אַלע ווייסע, אומרואיק און באַוואָפנט, שלאָפן קיין נעכט ניט, ווייל די מערדערישע מאַו־מאַו לויערן ערגעץ דאָ נאָענט אונדז אַלעמען צו אויסקוילענען. און אָט טראָגן מיר זיך איבער די בערג אין איבערן עקוואַטאָר קיין אַדיס־אַבעבאַ, אין דער מדינה פון היילאַ סעלאַסי. פון דאָרטן קומען מיר קיין גאָנדאַר, צום פלאַץ, ווו הינטער די פינסטערע בערג ווינען די פאַלאַשן, די שוואַרצע יידן פון שלמה המלכ'ס צייטן. און אויף מאָרגנס רייט איך אויף אן אייזל אין די בערג אריין כדי איבערצולעבן די וואונדערלעכע און פשוט אומגלויבלעכע טרעפונג מיט די כהנים און מיט די באַוואָפנטע שוואַרצע יונגע יידן, וואָס באַגעגענען מיך מיט א קאַפּיטל תהילים באַגלייט מיט גלאָקן און מיט פויקן.

און פון דאָרטן אין א פּראַכט־עראָפּלאַן, צוגעבונדן מיט שטריק צו שאָקלדיקע ווענט, פליען מיר אין דער ריכטונג פון דזשעדאַ, אין סאַודי־אַראַביע... וועגן אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט דערמאָנט וועל איך נאָך שרייבן באריכות, כדי יענע טעג און וואָכן זאָלן כאָטש ווי געהעריק פאַרצייכנט ווערן, — אָבער דערווייל זיצן מיר און ציטערן אין דער אַלטער, צאַפּלדיקער טראַנטע, אויף וועלכער עס איז אויסגעמאָלן א רויטער לייב מיט א קרוין אויפן קאָפּ מיטן שטאָלצן אויפשריפט: „לופט־ליניע פון קעניג איבער די קעניגן, פון לייב פון יהודה"... פון אויסוויייניק קוקט טאַקע דער עראָפּלאַן אויס שטאָלץ און מאָלעריש, — אָבער אינעווייניק שטייען פעסלעך מיט אויל, ליגן פּעקלעך מיט לעדער, פון וועלכע עס שלאָגט א שלעכטער ריח און עס איז שווער צו אָטעמען. און מען האָט אונדז נאָך געטאָן א טובה, וואָס מען האָט אונדז אריינגענומען אלס פּאַסאַזשירן אין דעם דאָזיקן פּראַכט־עראָפּלאַן, וואָס דערמאָנט אָן א פליענדיקער הינער־שטייג.

אָבער מיר טרייסלען זיך ניט צוליב די שפּרינגענדיקע זיגזאַגן, וואָס עס מאַכט אונדזער „לייב פון יהודה", נאָר פון שרעק טרייסלען מיר זיך גאָר: אָט אין א פּאָר שעה אַרום וועט דער עראָפּלאַן לאַנדן אויף דער טעריטאָריע פון סאַודי־אַראַביע, ווו קיין יידישער פוס טאָר זיך

גאָר ניט שטעלן. אַט האָב איך אין האַנט, שוואַרץ אויף ווייס, אירע אַריינפאָר־פאַרשריפטן אין וועלכע עס געפינט זיך דער וויכטערדיקער זאַץ: „פּערזאָנען פון יידישער ראַסע איז פאַרבאָטן דאָס אַריינקומען אין לאַנד״.

איך ווייס דאָך אויך פון פאַקט, אז ווען מיט איניקע יאָרן צוריק האָט א זיד־אַפריקאַנער עראָפּלאַן געמוזט לאַנדן אין דזשעדאַ, ווייל זיינע מאָטאָרן זיינען קאַליע געוואָרן, — האָט מען די פּאָר יידישע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, גלייך אַרעסטירט — כאָטש זיי זיינען געקומען אין לאַנד שוין גאָרניט צוליב זייער שולד, — און געהאַלטן געוואָרן אונטער שווערע באַדינגונגען אין תפיסה ביז נאָך שטאַרקע אינטערווענצן פון דער זיד־אַפריקאַנער רעגירונג האָט מען זיי אויפגעזעצט אויף א צווייטן עראָפּלאַן און דערלויבט פליען ווייטער.

יענע אָבער, זיינען געצוואונגען געווען צו לאַנדן און מיר פאָרן דאָך, — אָן א וויזע דערצו, — גלייך דער חיה אין אָפענעם מויל אריין.

און ניי דערציילן זיי, אז מיר טוען דאָס, ווייל מיר האַלטן אינמיטן קלעטערן אויפן שפּיץ פון אונדזער באַרג, צום „כותל־מערבי״.

אמת, די אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין אדיס־אַבעבא האָט אַרויסגעשיקט א טעלעגראַמע צו איר אַגענט קיין דזשעדאַ, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט: „ביטע העלפט דורכרייזן דורך דזשעדאַ דעם פּראָמינענטן אַמעריקאַנער שרייבער העגרי שאַשקעס און זיין פרוי״.

אַזעלכע טעלעגראַמעס האָבן אונדז בעת דער דאָזיקער רייזע א סך געהאָלפן. אָבער וואָס טוט מען, אויב די אַראַבער וועלן עפענען אונדזער באַגאַזש און געפינען דאָרטן א טלית, א בריוו פון די פּאַלאַשן צום פּרעזידענט בן־צבי, — צוויי ביכער מיינע אין ענגליש, וועלכע דערציילן געגנוי ווער איך בין, און קיין שום ציין־פאַררעדעניש וועט ניט העלפן?

אויסער דעם האַלט דאָך מיין פרוי אין האַנט־בייטל די צוויי בייגעלעך פּאַפּיר מיט די ישראל־וויזעס. וועט איר דאָך פרעגן, צו וואָס האָב איך די אַלע זאַכן געשלעפּט מיט זיך? איז דאָס טאַקע געווען א נאַרישקייט און א „בראַוואַדאַ״, וועלכע מ׳דאַרף אין אַזעלכע פאַלן גיט אָנווענדן. אָבער א פאַקט איז דאָס. איך האָב באַשלאָסן מיין טלית ניט אַרויסוואַרפן די גאַנצע צייט פון מיין רייזע, און זאָל יעדער לייענער מאַכן די אויספירונגען פאַר זיך אַליין, פאַרוואָס איך האָב דאָס ניט געטאָן.

גראָד דאָ איז דאָס פּלאַץ צו דערציילן, אז ווען מיר זיינען געקומען בשלום פון אונדזער רייזע און געגעסן מיטיק מיטן פּרעזידענט פון ישראל, בן־צבי, און מיט זיינע איינגעלאַדענע געסט, האָב איך דערציילט די מעשה מיטן טלית אין מיין באַגאַזש. פרעגט שמואל אלישב, דער מיניסטער פון ישראל אין מאָסקווע:

„און צו וואָס טאַקע האָט איר געדאַרפט שלעפּן מיט זיך אַזאַ געפערלעכן באַווייז פון אייער יידישקייט ווי א טלית?״

ענטפערט פאַר מיר דער טייערער זלמן שז״ר:

„ווי איז צו דעם, וואָס וואַרפט אַרויס זיין טלית, ווען די שיף טרינקט זיך".

אָט דאָס איז געווען טאַקע די תשובה צום פּינטל...

בקיצור, מיר לאַנדן אויף דער הייליקער ערד פון דזשעדאַ.

מיר זיינען אין דער שטאָט דזשעדאַ, וואָס איז דער טויער צו מעקאַ, דורך וועלכן צענדליקער טויזנטער גלויביקע שטראָמען אומאויפהערלעך צום פּלאַץ ווו מחמד איז געבוירן געוואָרן, צום געהיימניספולן „שווארצן שטיין" ביי וועלכן די ניסים פון דער מוסולמאַנישער נבואה האָבן זיך אַנטפּלעקט.

עס וואַרט אויף אונדז דער אַגענט, וועלכער האָט באַקומען די טעלעגראַמע אונדז צו פאַרלייכטערן דעם ווייטערדיקן דורכפאָר אין די אַראַבישע לענדער. זיין נאָמען איז פּאַוזי אַבדולאַ. ער איז געקליידעט האַלב אייראָפּעיש, כאָטש אין אַ פעז.

ער איז אַזוי פריינטלעך, אַזוי גערן צו העלפן.

ער ווייסט וואָס פאַר אַ שווערן פּלי מיר האָבן געהאַט אין דעם אַלטן פּראַכט־עראָפּלאַן. ער וועט אונדז אַריינפירן אין אַ רעסטאָראַן אַנטקעגן פלי־פּלאַץ, ווו מיר וועלן קאָנען רוען און זיך אָפּפרישן. ער וועט שוין באַזאָרגן, אַז אונדזער באַגאַזש זאָל שפּעטער איבערגעטראָגן ווערן אויפן עראָפּלאַן פון לבנון, וואָס וועט אָפּפליען אין אייניקע שעה אַרום.

זאָלן מיר ניט זאָרגן וועגן דער דורכרייזע־וויזע: ער האָט שוין אַלץ דערליידיקט מיט דער פּאָליציי. מיר דאַרפן נאָר באַצאָלן צוואַנציק רעאַלן (אַרום פינף דאָלאַר), וועט מען אונדזערע פּעסער שטעמפּלען. מיר אָטעמען אָפּ פרייער און זיכערער.

מיר גייען אַריין אין אַ רעסטאָראַן און באַקומען קאַלטן אָראַנזשן־זאַפט און קליינע טעפּעלעך טערקישע קאַווע.

דאָס בילד, וואָס עפנט זיך פאַר אונדז, איז אַזוי ווי אין די פילמען וועגן אַראַבישע מעשה'לעך, וואָס מען דרייט אין האָליווד. מער נישט דאָ, קוקט עס אויס רעאַלער און שענער.

דער גאַנצער פּלאַץ איז פאַרפּלייצט מיט איינגעוויקלטע אין ווייסן, גלויביקע וואָס שטראָמען קיין מעקאַ — אינגאַנצן פערציק מייל ווייט פון דאַנען. פון די שמאָלע געסלעך פאַרבויט מיט הייזער אין אַלט־מוריטאַנישן סטיל, ציען זיך קאַראַוואַנען מיט קעמלען, אויף וועלכע גאַנצע פאַמיליעס זיינען אָנגעלאָדן.

און גלייכצייטיק גליטשן זיך אָן אויפהער גלאַנציקע לימוזינען פון די נייעסטע אַמעריקאַנער מאָדעלן, אין וועלכע דורך האַלב־אַראָפּגעלאָזטע פאָרהענגלעך זעט מען אַרויס פרויען־פיגורן מיט שוואַרץ־צוגעדעקטע שלייערס.

אין גאַנץ אַראַביע, — און אפשר אין גאַנצן אָריענט, — האָב איך גאָרנישט געזען אַזאַ מענגע לוקסוס־אויטאָמאָבילן. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס הונדערטער מיליאָנען

דאָלאַרן פליסן דאָ אריין אַלס נאַפט־אָפּצאָלן צו די צאָלרייכע פרינצן און אַנדערע מיטגלידער פון קעניגלעכן הויף, וועלכע זיינען דאָך שותפים צו די אַמעריקאַנער אויל־מאַגנאַטן, וועלכע עקספּלואַטירן די רייכע נאַפט־גרובן. אָט דאָ, טאַקע נישט ווייט פון פּלאַץ, ווו איך געפין זיך, איז אויפגעבויט געוואָרן א גאַנצע שטאָט פאַר די אַמעריקאַנער אינזשיניערן, טעכניקער, באַאַמטע, וועלכע פאַרוואַלטן מיט דער שפע פון דער ערד, וואָס איז נאָך מיט א דור צוריק געווען א ווּיסטער האָפנונגסלאָזער מדבר. די שטאָט הייסט דזשאַראַן, א מין געטאָ־דע־לוקס פאַרן אַמעריקאַנישן מענטשן, וועלכער אַרבעט מיט דער „אַראַמקאַ" (אַראַביש־אַמעריקאַנישע אויל־קאָמפּאַניע). אָט דיביידע ווערטער „דזשאַראַן" און „אַראַמקאַ" גייען נישט אַראָפּ פון די מיילער פון די טומלדיקע אַראַבער, וועלכע גייען אריין און אַרויס אין רעסטאָראַן ווו מיר זיצן.

דער אַגענט פּאַוּוזי אַבדולאַ ברענגט אונדז ענדלעך אריין די פּעסער אונדזערע, אָפּגעשטעמפּלט מיט דער סאַודי־אַראַבישער וויזע. זי זעט אויס ווי א טורעם צוזאַמענגעשטעלט פון אַראַבעסקן און איז געווים די איינציקע פון דעם מין, וועלכע איז געלייגט געוואָרן ווען עס איז אויף א פּאַס, וועלכער געהערט צו א יידן.

דערווייל גייט צו צום טיש ביי וועלכן מיר זיצן א יונגער אַמעריקאַנער אין די קליידער פון א פּליער. ער באַגריסט זיך וואַרעם מיט פּאַוּוזי אַבדולאַ און ווערט פאָרגעשטעלט פאַר אונדז. דאָס איז דזשאַרדזש סמיט, דער פּערזענלעכער פּילאָט פון קעניג איבן סאַוּד. ער דאַרף באַלד אָפּפליען מיטן קרוינפּרינץ עמיר סאַוּד קיין דמשק, ווו מאָרגן קומט פאָר א גרויסער מיליטערישער פּאַראַד, אָנגעפירט דורכן דאָרטיקן דיקטאַטאָר, בריגאַדיר שישאַקלי. איך זאָג אים, אַז אויך מיר רעכענען מאָרגן צו זיין אין דמשק.

דער פּילאָט, א באָסטאָנער געבוירענער, גיט עפּעס מאָדנע א שמייכל און זאָגט דערביי גוטמוטיק:

„גיט פונדעסטוועגן נאָכאַמאָל א טראַכט, איידער איר דעצידירט זיך אריינצוקומען אין דער הויפּט־שטאָט פון א שווערן פּאָליציי־רעזשים. זיי קענען אייך דאָרט שטעלן אומאָנגענעמע פראַגן.."

ווייזט אויס, אַז ער האָט דערקענט לויט אונדזער אַקצענט, אַז מיר שטאַמען ניט דירעקט פון די פּילגרימען, וואָס זיינען מיט זיינע טאַטעס געקומען קיין אַמעריקע.

איך מאַך זיך ניט הערנדיק זיין פריינטלעכע עצה, כאָטש זי האָט מיר גוט א גרילץ געטאָן א:ןטערן לעפעלע, אָבער דער פּילאָט גיט צו:

„אָט פיר איך דאָך אַליין זייער אָפט דעם קעניג אין זיין עראָפּלאַן פון ריאַד קיין מעקאַ, — אָבער איך האָב נאָך קיינמאָל דעם עראָפּלאַן ניט פאַרלאָזן, ווייל אַלס א קריסט האָב איך ניט קיין רעכט אפילו מיין פוס צו שטעלן אויפן הייליקן באָדן פון מעקאַ... מיר זיינען דאָך אין א לאַנד, ווו עס הערשן נאָך ניט געענדערטע געזעצן זייט די לעצטע טויזנט דריי הונדערט יאָר און דאָ פירט מען זיך לויט דער „קאָנסטיטוציע" פון קאָראַן".

פּאַוזי אַבדולאַ באַמערקט, אַז מײַן פֿרוי הויבט אָן אומרואיק זוכן איר האַנט־טאַש, וואָס זי האָט אַוועקגעלייגט ערגעץ אויף אַ שטול, ווען זי געפֿינט אים באַרואיקט ער זי:

„אָ, דאָ גנבעט מען ניט אַזוי לײַכט, ווײַל אַלס אַ שטראָף פֿאַר אַ קלײנער גנבה האַקט מען נאָר אָפּ די רעכטע האַנט און פֿאַר באַגיין אַ גרעסערע גנבה, אָדער פֿאַר אַ רויבערײַ, האַקט מען אָפּ ביידע הענט, אַזוי איז דאָס הערשנדיקע געזעץ".

ווען מיר קוקן אים אָן דערשטוינט און אַביסל מיט אומצוטרוי, גיט ער נאָך צו ווײַטער: „טאָמער כאַפּט מען אַ מאַן מיט אַן אשת־איש, ווערט ער לויטן געזעץ אָפּעריִרט אויף אַזאַ אופֿן, אַז נאָכאַמאָל איז ער שוין ניט פֿעאיק אויף אַזעלכע עבֿירות".

אויף אַ ווײַל בליצט דורך מײַן קאָפּ אַ טײַוולשע מחשבה:

„און וואָס טוט מען דאָ מיט אַ ייִדן, ווען מען כאַפּט אים זיצנדיק אין אַ רעסטאָראַן, אויפֿן הייליקן באָדן פֿון דזשעדאַ?"...

ניין, בעסער וואָס שנעלער זיך אָפּטראָגן פֿון דעם דאָזיקן אײנציקן אין דער וועלט טעאָ־קראַטישן רעזשים, ווו דאָס געזעץ פֿון „עין תחת עין" איז נאָך אַלץ אין קראַפֿט.

מיר צעבײַטן אַ דאָלאַר אויף קלײנגעלט און באַקומען אַ ים מיט גלאַנציקע קופּערנע מטבעות: אַכט־קאַנטיקע, פֿירקאַנטיקע, אפֿשר הונדערט מעשענע רינגען מיט גרויסע לעכער. מיר דערוויסן זיך, אַז קײן פּאַפּירענע געלט איז נאָך אין דער מלוכה ניט אײנגעפֿירט. איך קויף אײניקע פּאָסט־מאַרקן. ווײַזט אויס, זײ שטאַמען נאָך פֿון די טערקישע צײַטן, ווײַל דער אויפֿשריפֿט איז אין אַראַביש און פֿראַנצויזיש, ווי דעמאָלט איז די מאָדע געווען.

די שעה'ן ציִען זיך ווי פּעך. מיר שפּאַצירן פֿאַרבײַ דעם מעטשעט און באַמערקן ווי פֿון די לימוזינעס גייען אַרויס רײַכע אַראַבער מיט גרינע טורבאַנען אויף די קעפּ, אין שוואַרצע זײַדענע דורכזיכטיקע פּעלערינעס, וואָס דעקן צו ווײַסע לאַנגע כאַלאַטן. זײ קניִען אויפֿן הייסן באָדן מיטן פּנים צו מעקאַ און פֿאַלן שפּעטער אויף זייערע פּנימער. אין אַ מינוט אַרום גייען אַראָפּ אָרעמעלײַט פֿון די קעמלען און עס גייען אַרויס די קרעמערס פֿון די געוועלבן מיט טײַטלען און מיט בשמים. דער מועדזין אויפֿן מינאַרעט הויבט אָן זינגען זײַן מנחה־תּפֿילה און אַפֿילו מײַן אײראָפּעאיש געקלײדטער פּאַוזי אַבדולאַ ציט זיך אויס אויף די הייסע שטײנער לעבן מעטשעט.

מיר פֿילן זיך אַזוי אײנזאַם און פֿרעמד און עס דוכט זיך, אַז אַלע קוקן אָן דאָס פּאָרל „אומרײנע גיאורן", וואָס האָבן זיך דאָ טראַגיש פֿאַרפּלאָנטערט צווישן מעקאַ און מעדינאַ.

נאָך אַ פּאָר שעה און איך דאַרף פֿאַרלאָזן די הייליקע ערד פֿון דזשעדאַ, סאַודי־אַראַביע.

אין דער אמתן שטיקט אונדז ניט אַזוי די היץ, וועלכע איז דאָ טראָפּיקאַל אומדערטרעג־לעך, — ווי די אַטמאָספֿער פֿון שמן־זית׳דיקער אָנגעבלאָזנקייט, וואָס ווערט געשאַפֿן דורך די טויזנטער פּילגרימען, וועלכע שטראָמען צו דער נאָנטער מעקאַ.

אין באַגלייטונג פֿון אונדזער טרייען פֿירער פֿאַוווזי אַבדולאַ, — דערזועלביקער וואָס האָט באַקומען די אָפֿיציעלע טעלעגראַמעס פֿון אַדיס־אַבעבאַ ער זאָל אונדז אָפּהיטן, ווי אייגענע מענטשן, — מישן מיר זיך צונויף מיט דער אין ווייסן איינגעוויקלטער אַראַבער מאַסע, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויפֿגעהויבן פֿון דער אָנגעגליטער שטיינערנער ערד נאָכן קניען און בוקן בעת דער מנחה־תפֿילה מיטן פּנים צו מעקאַ.

פּאָליציי אין לאַנגע שוואַרצע בורנוסען (פּעלערינעס), וועלכע דעקן צו די ווייסע העמדער, — מאַכט אָרדנונג מיט שטעקנס, אָפּטיילנדיק די פֿוילע קעמלען־קאַראַוואַנען פֿון דער ניט ווייניקער לאַנגזאַמער פּראָצעסיע פֿון גלאַנצנדיקע אויטאָמאָבילן, — אין וועלכע עס פֿאָרן די פּרינצן און הויף־מענטשן, וועלכע באָדן זיך אין גאָלד־כוואַליעס וואָס ס׳האָבן אויף זיי אַ גאַנס געטאָן די נאַפֿט־קוואַלן.

דאָ, וווּ טויזנטער יאָרן האָבן האַלב־הונגעריקע, פֿאַנאַטישע נאָמאַדן געוואַנדערט, — אָדער ביטערע אָרעמעלייט געוווינט, באַדינענדיק די גאָטספֿאָרכטיקע פּילגרימען קיין מעקאַ, — האָט די אַנטדעקונג פֿון אויל און די שותּפֿות מיט די אַמעריקאַנער, וואָס עקספּלואַטירן די קוואַלן, אַריינגעבראַכט אינגאַנצן ניט־באַקאַנטע פֿאָרמען פֿון לעבן, וואָס ענדערן דעם כאַראַק־טער פֿון דער מדבר־מדינה מיט יעדן יאָר: אויף די פּאָליצעס אין די פּאָר דעליקאַטעסן קראָמען ליגן פּעק מיט אַמעריקאַנער שאָקאָלאַד, ביסקוויטן, פֿיש־קאָנסערוון.

קאָקאַ־קאָלאַ פֿלעשער (אָבער ניט חלילה די שטרענג־פֿאַרבאָטענע אַלקאָהאָל געטראַנקען), — ווערן אויסגעליידיקט מיט איין זופּ דורך די דורשטיקע מדבר־מענטשן, און די פּרייזן? פֿינף און צען מאָל אַזויפֿיל, ווי מיר זיינען געוווינט צו צאָלן, ווייל די, וואָס דרייען זיך אַרום די נאַפֿט־געשעפֿטן פֿון דער אַראַמקאָ־שטאָט דזשאַראַם, פֿאַרדינען גרויסע סומעס אין דאָ־לאַרן. אין דער זעלבער דזשעדאַ — אין פֿאַסקודנעם האָטעלכל פֿאַר אייראָפּעאישע מענטשן

צאָלט מען צען דאָלאַר פאַר א נאַכט איבערנעכטיקן, — א פּרייז, וועלכן מען באַגעגנט גאָר ניט אויפן גאַנצן אָריענט. איז וואָס איז שוין די פּעולה, וואָס דער קלענסטער פאַרדינסט פון א קאָנטראַקטירטן אַמעריקאַנער באַאַמטן איז פיר הונדערט דאָלאַר א חודש, ווען א פלעשל קאָקאַ־קאָלאַ קאָסט דעם עקיוואַלענט פון דרייסיק סענט?

דער קעניג איבן־סאוד האָט א סך ווייבער און די ווייבער האָבן א סך קינדער, — דרייען זיך אַרום צענדליקער פעטע דעקאָראַטיווע פּרינצן איבער דער גאַנצער וועלט, — אַלע מיט שוואַרצע בערדלעך, אין ווייסע פעלערינעס מיט זיידענע בורנוסן, — אין מאַלערישע „קעפיאַס" אויף די שטאָלץ־געזעצטע קעפּ.

די אַמעריקאַנער, וואָס ווערן דאָ אַראָפּגעבראַכט, לעבן באַזונדער, טאָרן זיך צופיל ניט דרייען אונטער די פיס אין דאָזיקן הייליקסטן פאַר מוסולמענער ווינקל אויף דער ערד. זיי ווערן דורך זייער ברויט־געבער שטרענג קאָנטראָלירט — צי זיינען זיי ניט חלילה פון יידישן אָפּשטאַם, — ווייל זינט די צייטן פון מחמד'ן און זיין יורש, דער קאַליף אָמאַר, טאָרן דאָ קיין יידן ניט וווינען.

אין יענע צייטן, — מיט לערך טויזנט דריי הונדערט יאָר צוריק, — זיינען דאָ געווען איי־ניקע שטאָלצע קריגערישע יידישע שבטים, די בני־כהאיקאַ (א כהנים־שבט) און די בני־קדאַ־אייזא. זיי האָבן געצויגן זייער יחוס נאָך פון פאַר דעם ערשטן חורבן, נאָך פון די צייטן פון די מלכי־ישראל. לכתחילה האָט זיך מחמד צו זיי גע'חנפ'עט — געוואָלט זיי זאָלן אים אָנער־קענען אַלס נביא, — אָבער ווען זיי האָבן דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן, האָט מען די יידישע שבטים אָפּגעווישט מיט פייער און שווערד, אַזוי ווי אין קאָראַן גופא איז די געשיכטע געשריבן. די איבערגעבליבענע פרויען און קינדער האָט מען אין קנעכטשאַפט גענומען און געשמדט.

לאַנגע־לאַנגע יאָרן האָט מען דאָ קיין יידן ניט געהאַט און ניט טאָלערירט, — ניט אַזוי ווי אין שכנותדיקן תימן, וווּ יידן האָבן דאָך געלעבט ביז ניט לאַנג, כאָטש אין קנעכטשאַפט.

און איצט דריי איך זיך מיט מיין פרוי אַרום איבער די דאָזיקע פרעמדע גאַסן, צווישן פאַנאַטישן המון, — וועלכער ווערט רעגירט נאָך איצטער דורך די טעאָקראַטישע געזעצן פון קאָראַן דורך א הערשער, וועלכער איז דאָ דער בעל־הבית פון לעבן און טויט.

מיין פרוי איז די איינציקע פון איר מין מיט אַן אָפּגעדעקטן פּנים, — פילט זי זיך זייער שלעכט אונטער די תאוותדיקע שטעכיקע בליקן פון די באַבערדלטע אַראַבער. איילט זי מיך מיר זאָלן וואָס שנעלער גיין צוריק צום פלי־פעלד, כדי זיך צופיל ניט וואַרפן אין די אויגן.

ענדלעך זאָגט אונדז פּאַוזי אַבדולאַ אָן, אַז דער עראָפּלאַן פון לבנון איז געקומען און פליט באַלד צוריק קיין דמשק און ביירות.

מיר שטייגן ווידער אַריין אין אַן אַלטן הינער־שטייג, וועלכן די פראַנצויזן האָבן מסתם פאַרקויפט דער לבנון־רעפּובליק פון זייערע פאַרפוילטע רעזערוון. אָבער נאָכן פלי מיטן עטיאָ־

פישן קאַרגאָ־עראָפּלאַן, ווו מיר זיינען געזעסן צוגעבונדן צו די ווענטלעך, — צוגלייך מיט די פּעק שעפּסן־פעלן און זעקלעך קאַווע, — זיינען מיר שוין איצטער אין לוקסוס־באַדינגונגען.

מיין אויג כאַפּט א קוק אויפן לופט־פעלד אין דזשעדאַ און איך צייל אָן מער ווי צוואַנ־ציק נייאינקע ווייסע צוויי־מאָטאָרדיקע עראָפּלאַנען. פאַרשטייט זיך, זיי זיינען אַלע געמאַכט געוואָרן אין אַמעריקע, כאָטש די מאַרקעס זיינען אין אַראַביש און דער הערב איז פון סאַודי־אַראַביע. מעגלעך, אַז דאָס זיינען די פּריוואַטע עראָפּלאַנען פון די אויל־מאַגנאַטן און מעגלעך, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון א לופט־פלאָט פאַר דער דאָזיקער מלוכה. איך פרעג ניט קיין קשיות, כאָטש איך וויים שוין אָן דעם אויך די פּאָר תשובות.

פליען מיר איבערן רויטן ים, — דרייען מיר זיך איבער מעקאַ און מעדינע, — וועלכע טאָרן גאָרניט אָנגעקוקט ווערן מיט די אויגן פון א יידן אָדער א קריסט. און שפּעטער לאַנגע שעהן פון מדבר, — פון אומענדלעכער וויסטעניש, — וועלכע איז אָבער גראָד אין איין ווינקל געבענטשט געוואָרן מיט פאַנטאַנען פון נאַפט און א לאַנד ווערט אויפגעריכט. ווער וויים, וויפל אַזעלכע סודות, זיינען נאָך באַהאַלטן אין אַנדערע מדבריות — צום ביישפּיל, אין נגב? גאָטעניו, גאָטעניו, — גיב אויך דאָרטן א שמייכל!...

אין עראָפּלאַן גיט מען גאָרניט עסן און די פּאָר רייכע אַראַבער, וואָס פליען קיין דמשק, האָבן מסתמא פריער וועגן דעם געוווּסט, ווייל זיי צעפּאַקן זייערע „קניפּלעך" און נעמען אַרוים קיילעכדיקע פּלעצלעך, גרינע אָליוון און שיסעלעך מיט קנאָבלדיקן „ליים" אין וועלכן זיי טונקען די פּלעצלעך. זיי לאַדן אויך אונדז איין טועם צו זיין פון זייער שפּייז, נאָר עפּעס ציט אונדז ניט צום שאַרפן קנאָבל־ריח. אגב, ווייזט זיך אַרוים, אַז די גרופּע אַראַבער פאָרט קיין דמשק אַלס א טייל פון דער פּאָליצייאישער וואַך פאַרן עמיר סאַאוד, דער קרוינפּרינץ, וואָס פליט איצט אין א צווייטן עראָפּלאַן קיין דמשק אויף דער באַראַטונג מיטן בריגאַדיר על־שישאַקלי, — דעם דיקטאַטאָר פון סיריע.

די דאָזיקע פּאָליציי־אָפיצירן ווייסן אַז מיר זיינען „אָנגעזעענע אַמעריקאַנער" און זיי פרעגן אונדז, פאַרוואָס קלאָגן זיך אַזוי אַנדערע אַראַבישע מלוכות אויף דער באַהאַנדלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן? זיי אין סאַודי־אַראַביע האָבן זיך ניט אויף וואָס צו קלאָגן: די אַמע־ריקאַנער האָבן געגראָבן און געפונען אויל, דאָס לאַנד ווערט אויפגעריכט; אַמעריקע איז א לאָיאַלער שותף און אַללאַ זאָל איר בענטשן... אָבער אָט דער סירישער סוחר — זיי ווייזן אויף דעם גראָב־בייכיקן אַראַבער, וואָס פאַרשטאָפּט גראָד איצט זיין מויל מיט א וייכער שטיק ברויט, פון וועלכן עס רינט אויל־פּעטס אויף דער געמבע, — דערציילט, אַז אַמעריקע ווערט רעגירט דורך ציוניסטן, וועלכע ווילן פאַרניכטן דעם איסלאַם...

מיט דער גאַנצער פּאָרזיכטיקייט וואָס ווערט דיקטירט צו א מענטשן, וועלכער פליט פון דזשעדאַ קיין דמשק, — פּרוביר איך אויפקלערן, אַז אַמעריקע ווערט רעגירט דורך אַמעריקאַ־נער און אַז גראָד פאַרקערט — מיר שטרעבן נאָר צו פרידן אין דעם דאָזיקן טייל פון דער וועלט.

דער סיריער פאַרשטייט ניט קיין ענגליש, — זיינע שכנים איבערזעצן אים מיינע ווערטער אין אַראַביש, — אָבער עפּעס בורטשעט ער ניט־באַפרידיקט, — פרעג איך, וואָס ער זאָגט, —

ענטפּעדט מיר דער פּאָליציי־אָפיציר, דאָס ער זאָגט, אַז מען טאָר מיר ניט גלויבן, ווייל יעדער אַמעריקאַנער איז אַ ייד...

מער פעלט מיר ניט זיך גראָד איצט איינוויקלען אין אַ געפערלעכער דיסקוסיע. אָבער הונגעריק זיינען מיר שוין ניט מער — די מורא האָט גלייך פאַרטריבן דעם אַפּעטיט.

די נאַכט פאַלט שנעל אַראָפּ איבער דעם מדבר און באַדעקט אים מיט שוואַרצן סאַמעט, אויפן הימל שיינט העל אַ גאָלדענער סערפּ פון דער לבנה מיט אַ פינקלדיקן שטערן אינמיטן, — אַזוי ווי די נאַטור אַליין וואָלט אונטערגעשטראָכן, אַז מיר געפינען זיך אין מוסולמע־נישע הימלען.

מיר באַשליסן ניט אַרויסשטייגן אין דמשק, נאָר פאָרזעצן אונזער וועג קיין ביירוט, פון וואַנען מיר וועלן שוין פאָרן קיין דמשק מיט אַ פּריוואַט־געדונגענעם אויטאָמאָביל. אין די פאַרשריפטן, וואָס איך האַלט אין מיין האַנט, לייענט זיך בפירוש:

„דער אַריינפאָר קיין סיריע פון פּערזאָנען פון יידישן גלויבן איז שטרענג פאַרבאָטן", — אָבער וועגן לבנון איז אין זעלבן רייזע־בוך געזאָגט: „פּערזאָנען פון ישראל־נאַציאָנאַליטעט טאָרן קיין לבנון ניט קומען", — פון וואָס עס איז געדרונגען, אַז קיין ביירוט מעג איך, אַלס אַמעריקאַנער, אַריינפאָרן אָן באַזונדערע נאָכטראַכטעניש, — אָבער מיט סיריע דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק, — בעסער אויסמיידן דעם לופט־פּאָרט מיט זיינע געניטע פּאָליציי־אַגענטן. מיר וועלן שוין געפינען אַ באַקוועמערן וועג...

אייגנטלעך האָבן מיר אין אונזערע פּעסער וויזעס סיי קיין סיריע, סיי קיין לבנון, — אָבער מיר ווייסן דאָך, אַז די וויזעס זיינען באַקומען געוואָרן ניט אויף קיין גאָר כשרן אופן, — דאַרף מען דעריבער היטן די ביינער.

נאָך אַ האַלבער שעה פליען, בעת וועלכן די ווייסע שניי־היטל פון באַרג חרמון זעט זיך אַרויס באַגאָסן מיט לבנון־ליכט — גיט פּלוצלינג אַ שיין אַרויס פון נאַכט־סאַמעט אַ פּיל־פּאַר־ביקער קוואַדראַט פון עלעקטרישע לאָמפּן, אַן אָנזאָג פון אַ ציוויליזירטער שטאָט, וועלכע דער־וואַרט אונדז.

איך קאָן פון אַמאָליקע יאָרן זייער גוט די שטאָט ביירוט. איך האָב דאָרט ערב דער וועלט־מלחמה געוווינט עטלעכע וואָכן, באַזוכט דעם פּרעזידענט און אפילו געזען, אין דער באַגלייטונג פון אַ מיניסטער, דעם „געלן רמאי", — דעם בלוטיקן מופטי, וועלכער איז דאָ געוווען פאַרשיקט דורך די ענגלענדער. פיל קריסטלעכע און אַראַבישע באַקאַנטע האָב איך אין דער שטאָט, — ווייל איך ניט זיי זאָלן דערקענען אין מיר דעם יידישן פאַרשטייער און שרייבער. דעמאָלט בין איך געקומען פון פּוילן און איצט אַן אַמעריקאַנער פּאַס. איצט איז אַנדערש: איך דאַרף פאָרן קיין סיריע, קיין ירדן, — זאָל זיך כאָטש דורך אַמאָליקע באַ־קאַנטשאַפטן קיין מכשול ניט מאַכן....

דער טומלדיקער ביירוטער לופט־פּאָרט איז נאָך אַלץ פון פראַנצויזישן כאַראַקטער. די באַאַמטע, די מיידלעך, די פּאָליציי־אָפיצירן אַפילו, — האָבן אויפגעהיט די אייראָפּעאישע עלע־גאַנץ און דאָס בארואיקט שנעל.

קיין סימן פון דער מוסולמענישער „אַנדערשקייט", וועלכע איך האָב נאָר וואָס געלאָזן אין די לענדער הינטער זיך.

איך פאַרפּאַר ניט אין האָטעל סען דזשאָרדזש, — דער בעסטער אין ביירוט, — ווו מען געדענקט מיך מסתמא, און היים זיך פירן אין נייעם האָטעל „רעזשאַן", — ווו איך גלויב מען וועט מיך ניט דערקענען.

אָבער ווי נאָר מיר גייען אריין אין העל־באַלויכטענעם „לאָבי" און איך גיי צו צום פּאָרטער נאָך א צימער, — צעשטראַלט זיך זיין פּנים און ער זאָגט אין א קלינגענדיקן פראַנצויזיש:

„וואָאַלאַ, — שער אַמי (אָט איז דאָס, טייערער פריינט)! איך געדענק אייך דאָך פון סען־זשאָרזש האָטעל — איר זענט ביי אונדז געשטאַנען אין יאָר 1938".

עפּעס שטאַמל איך אַרוים אַן גרויסן ענטוזיאַזם. דער פּאָרטער גיט אונדז א פיינעם צימער. דער פּרייז איז ארום דריי דאָלאַר א טאָג מיט פרישטיק. אָבער איך באַשליס, אַז אין ביירוט מוז איך שוין בלייבן א ייד, — קיין קונצן וועלן דאָ ניט העלפן: ווייס איך דאָך, אַז יעדער פּאָרטער אין א האָטעל איז אויך א פּאָליציי־אַגענט, טאָ צו וואָס שפּילן זיך אין א מאַסקאַראַד?

עס איז שבת אין דער פרי און מיר האָבן איבערגעשלאָפן די נאַכט אין באַקוועמען האָטעל „רעזשאַן" אין ביירוט, די הויפּט־שטאָט פון דער רעפּובליק לבנון. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט זייער פרי און לאַנג ארויסגעקוקט דורכן פענסטער, נאָכפאָלגנדיק ווי די שיינע לעוואַנטינער שטאָט וועקט זיך אויף פון איר שלאָף און הויבט אָן איר טומעלדיק לעבן אין פרישן פרילינגס־פרימאָרגן.

וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט צווישן נעכטן, — ווען די פאַר'חלומ'טע שטאָט דזשעדאַ מיט אירע אין תכריכים איינגעוויקלטע טויזנטער פּילגרימען קיין מעקאַ, מיט אירע קעמלען און באַבערדלטע פּרינצן, — האָט אויף אונדז געבלאָזן מיטן הייסן זאַמד פון מדבר און מיטן פאַנאַטישן אָטעם פון פאַרצייטיקן, קעמפנדיקן איסלאַם.

די אַראַבער דאָ אין ביירוט — מייסטנס קריסטן — זיינען געקליידט אייראָפּעאיש. דער רויטער פעז אויף די קעפּ גיט נאָר צו אָריענטאַלישן חן די דאָזיקע מענטשן פון וועלכע פיל זיינען דורכגעגאַנגען אַ פראַנצויזישע אָנפאַנגס־שול, און זייער גאַנצע אַמביציע איז שטענדיק געווען אויסצוזען פּונקט ווי אייראָפּעער און זיין דער פאָרפּאָסטן פון דער מערב־ציוויליזאַציע אין דאָזיקן „טויער צום גרויסן אַזיאַטישן קאָנטינענט".

פּונקט מיט פופצן יאָר צוריק האָב איך אויך אין אַזאַ שבת, — אויף מיין וועג קיין איראַק און פּערסיע — זיך אָפּגעשטעלט אין ביירוט, באַזוכט דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, וועלכער האָט מיר דאַן דערקלערט צווישן אַנדערעס, ווי נויטיק עס איז אַז די יידן אין פּאַלעסטינע זאָלן שאַפן אַן ענגן ווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן בונד מיט לבנון, פון וועלכן אַלע אַרומיקע אָפּגעשטאַנענע לענדער וועלן קאָנען געניסן.

היינט אָבער קאָן קיין רייד ניט זיין איך זאָל זיך פאַרקירעווען אַט דאָ אויפן בערגל, אַנטקעגן מיין פענסטער, וווּ עס שטייט די צוויי־שטאָקיקע ציגל־הויז, דער פּאַלאַץ פון פּרעזידענט קאַמיל שאַמאָן. ער איז אויך אַ קולטורעלער מענטש, און פיל יידישע זשורנאַליסטן האָבן ליב געהאַט צו שמועסן מיט אים, ווען ער האָט פריער רעפּרעזענטירט זיין לאַנד אין די „פאַרייניקטע פעלקער" אין ניו יאָרק. אָבער היינט איז לבנון אַ מיטגליד פון דער אַראַבישער ליגע — איז פאַרמשפּט מיטצושלעפּן זיך אין רייטוואָגן פון די בילִיקע פּאָליטיקאַנער, וועלכע פירן אָן מיט דער ליגע, און עס איז דעריבער אַ סברה, אַז ווען איך מעלד זיך איצטער צום פּרעזידענט נאָך אַן אינטערוויו, וואָלט איך שוין די נעקסטע נאַכט ניט פאַרבראַכט אין אַ האָטעל, נאָר — אין תפיסה.

נאָרמאַל וואָלט געווען, ווען מיר גייען איצט צום שבת'דיקן דאַווענען אין דער גרויסער ביירוטער שול — האָב איך דאָך באַשלאָסן ניט באַהאַלטן מיין יידישקייט אין דער

דאָזיקער שטאָט —— וואָס איז לויטן געזעץ פאַרבאָטן נאָר פאַר בירגער פון ישראל, אָבער ניט פאַר אַמעריקאַנער פון יידישן גלויבן, — אָבער איך מוז נאָך גאַנץ פרי באַזוכן אַן אַנגע־זעענעם אַראַבישן געשעפטס־מאַן, צו וועלכן איך האָב אַ בריוו פון זיינעם אַ פריינט אין ניו־יאָרק. דער בריוו דערציילט איבערגעטריבענע זאַכן וועגן מיין ווייניקייט, אָבער אַנטהאַלט אויך אַ ביטע, אַז ער — זיין ביירוטער פריינט — זאָל באַקומען פאַר אונדז וויזעס קיין ירדן, אין וועמעס רשות עס געפינט זיך אַלט־ירושלים. קיין ירדן, זעט איר, טאָר שוין אַ ייד ניט אַריינ־פאָרן, מוז איך דעריבער האַלטן קאָפּ און „שטאַט", אַז דער ביירוטער אַראַבער זאָל ניט וויסן ,אַז איך בין אַ ייד, ווייל דעמאָלט וועט מיין גאַנצער פּלאַן צו באַזוכן דעם כותל־מערבי איינפאַלן ווי אַ קאָרטן־שטיבל.

מוהאַמעד אַאון — דער ביירוטער אַראַבער — באַגעגנט אונדז מער ווי פריינטלעך. ווען ער לייענט איבער דעם בריוו פון זיין אַמעריקאַנער פריינט, בעט ער גלייך אונדזערע פּעסער און קלייבט זיך אַליין גיין צום קאָנסול פון ירדן־קעניגרייך. יענער, זאָגט ער, וועט אים די וויזעס ניט אָפּזאָגן. ער לייגט אונדז פאָר זיין לוקסוס־אויטאָמאָביל, וועלכער וועט אונדז פירן קיין דמשק. מיר זופּן טעפּעלעך מיט געדיכטער טערקישער קאַווע און פילן זיך זייער היימיש, בפרט נאָך אַז אַאון איז געגוג קלוג און טאַקטיש און פרעגט זיך ניט צופיל נאָך וועגן אונדז פּערזענלעך. ער וויל, אַז זיינער אַ מענטש זאָל אונדז ווייזן די שטאָט, אַז מיר זאָלן מיט אים צוזאַמען מיטאָג־עסן. אָבער מיר דרייען זיך העפלעך ארויס פון די איינלאַדונגען. נאָך מער, ער, אַאון אליין, גייט דאָך אַוועק צום ירדנ'ער קאָנסול, און מיט פרעמדע אַראַבער וועלן מיר ניט בלייבן אויג אויף אויג. מיר רעדן אָפּ זיך צו טרעפן מיט אים אין איניקע שעה אַרום, און דערווייל קלייבן מיר זיך אויף אַ שפּאַציר אין דער ריכטונג צו די יידישע קוואַרטאַלן.

מיר באַווייזן אָבער ניט ארויסצוגיין פון מוהאַמעד אַאונס געשעפט, ווי עס יאָגט אונדז אָן זיינער אַ באַאַמטער, אַן אַראַבער מיט אַן אינטעליגענט געזיכט און קלוגע אויגן, און ווענדט זיך צו אונדז מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„אַאון האָט מיך געבעטן איך זאָל צוגרייטן זיין אויטאָמאָביל פאַר אייער רייזע קיין דמשק. וויל איך אייך — כאָטש ניט געבעטענערהייט — געבן אַ פריינטלעכע עצה: איר זאָלט האַלטן אויבנאויף אייער טויף־סערטיפיקאַט אָדער אַן אַנדער צייגעניש, אַז איר זייט קריסטן, ווייל די סירישע גרענעץ־וואַך וועט ניט לייגן קיין אַכט דערויף, וואָס איר האָט שוין אַ וויזע און פּאַספּאָרט, נאָר וועט וועלן אויך זען, צי איר זייט ניט קיין יידן. ביטע, אַנט־שולדיקט מיר, וואָס איך באַלעסטיק אייך מיט דער דאָזיקער עצה, נאָר עס איז בעסער צו וויסן פריער, איידער די פריינט פון מיין באַלעבאָס זאָלן פאַרהאַלטן ווערן דורך די ברו־טאַלע סיריער"...

עס ווערט מיר פּלוצים קאַלט. ווו זאָל איך פאַר אים נעמען אַ קריסטלעכן געבורט־סערטיפיקאַט, אַז מיין סנדק איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי אונדזער דעמאָלסדיקער ביאַליס־טאָקער רב, דער גרויסער רבי שמואל מאָהילעווער?...

אָבער מיט אַן אויסערלעכער פעסטקייט ענטפער איך מיין עצה־געבער:

„מיר, אַמעריקאַנער, פֿאָרן ניט אין וועג מיט טויף־סערטיפֿיקאַטן. אָבער געוויסע דאָקומענטן האָב איך מיט זיך, און איך האָף אַז די סיריער וועלן זיין צופֿרידן"...

אייגנטלעך וואָלט דאָס קליגסטע געווען ווען אָנשטאָט צו פֿאָרן אויפֿן געפֿערלעכן וועג קיין דמשק, זאָל איך פֿון ביירוט נעמען דעם עראָפּלאַן צום אינזל ציפּערן און פֿון דאָרטן לענגאַל אַריינפֿאָרן קיין תל־אָביב. אָבער דאָס וואָלט דאָך געווען דער סוף פֿון מיין אַראַבישער אַוואַנטורע.

מיין פּרווי שטאַרקט מיין ווילן דורך דעם, וואָס זי זאָגט: „די סיריער וועלן דאָך אונדז ניט אויפֿעסן נאָר שיקן צוריק קיין לבנון, וועלן מיר דעמאָלט קענען פֿליען קיין ציפּערן; מיר קאָנען בלויז אָפּקומען מיט אַ ביסל שרעק"... און אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן.

מיר שפּרייזן דורך די באַלעבאַטישע ביירוטער גאַסן, ווו די געשעפֿטן זיינען פֿול מיט סחורות, אָבער אַלע באַקלאָגן זיך, אַז קיין קונים זיינען ניטאָ, כאָטש די פּרייזן — איבערהויפּט אויף עסנוואַרג — זיינען פֿאַרהעלטענישמעסיק ביליק.

מיר פֿאַרנעמען זיך אין דער ריכטונג צו דער גאַס וואַדי אַבאַסמיל, ווו די סינאַגאָגע געפֿינט זיך. פֿאַרבלאָנדזשען מיר אָבער אַ ביסל. קוק איך זיך אַרום, ווענדן צו פֿרעגן די ריכטונג. באַמערק איך צוויי אייראָפּעאיש־געקליידעטע יונגעליים אין רויטע אַראַבישע פֿעזן, וואָס רעדן פֿראַנצויזיש, זשעסטיקולירנדיק לעבהאַפֿט מיט די הענט. פֿרעג איך זיי, ווו איז די גאַס וואַדי אַבאַסמיל, גיבן זיך ביידע שאַרף אַ דריי אויס צו אונדז און איינער פֿרעגט אין פֿראַנצויזיש: „זענט איר יידן?" נאָך אַ סעקונדע וואַקלעניש ענטפֿער איך: „יאָ, אַמעריקאַנער יידן"... פֿון דאַן אָן האָב איך שוין אַ געטרייען חבר און פֿירער דעם גאַנצן טאָג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מאַן וואָס האָט אונדז געפֿרעגט איז אַ ייד פֿון דמשק, וואָס איז אַנטלאָפֿן קיין ביירוט מיט פֿיר יאָר צוריק, ווען די פֿאַרפֿאָלגונגען האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן און דער גרעסטער טייל יידן זיינען פֿון דאָרט געלאָפֿן.

זיין נאָמען איז יחזקאל חנוני. ער האָט זיך דאָ גאַנץ פֿיין איינגעאָרדנט מיט אַ געשעפֿט. אָבער היינט איז די קראָם געשלאָסן. עס איז שבת. אַ שאָד, מיר האָבן שוין פֿאַרשפּעטיקט צום דאַווענען, אָבער ער וועט אונדז פֿירן צו דער סינאַגאָגע, אפשר וועלן מיר נאָך עמעצן טרעפֿן.

ער איז אויפֿגערעגט פֿון פֿרייד: אַ שפּאַס, יידן פֿון אַמעריקע — שוין לאַנג דאָ אַזעלכע ניט געזען; יידישע טוריסטן האָבן מורא צו קומען אין אַראַבישע לענדער, אפֿילו קיין לבנון, ווו באַגרעניצונגען זיינען ניטאָ. יאָ, לבנון האָט גוט אויפֿגענומען די יידן פֿון סיריע. זיי איז דערלויבט צו אַרבעטן, צו מאַכן געשעפֿטן, אַבי מען פֿאַרנעמט זיך ניט מיט ציוניזם. און מען רעדט ניט וועגן ישראל. קיין רעגירונגס־שטעלעס קאָנען קיין יידן מער ניט פֿאַרנעמען — אַ ביסל קוקט מען אויף זיי מיט חשד, מען מיינט אַז זיי סימפּאַטיזירן מיט דער ישראל־מלוכה. אָבער אין אַלגעמיין שטערט מען זיי ניט אָפּהיטן די רעליגיע און לערנען תורה — זאָל מען נאָר אַזוי פֿיל וועלן.

מיר גייען אריין אין די שמאָלע גאַסן פון יידישן קוואַרטאַל. די קראָמען זיינען געשלאָסן צוליב שבת. אינמיטן גאַס שפּילן זיך קינדער אין פוטבאָל. וואָלט איך ניט געוווּסט, אַז מיר געפינען זיך צווישן יידן, וואָלט איך זיי גאָר ניט געקאָנט אונטערשיידן פון די איבע־ריקע איינוווינער פון שטאָט: די זעלבע ברונעטע אָריענטאַלישע געזיכטער, די זעלבע אַראַ־בישע שפּראַך, וועלכע עס רעדן קליין און גרויס.

אָט איז שוין די אימפּאָזאַנטע געביידע פון דער סינאַגאָגע „מגן אברהם”, — מיט דעם מאַרמאָר־געפּלאַסטערטן הויף, מיט דער קאָלומנאַדע און הויכע אייזערנע שטאַכעטן. דער טויער איז שוין געשלאָסן. אָבער דורך די שטאַכעטן זעען מיר ווי עס זיצט אַ ייד אין אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ אַרום טיש, מיט פרוי און קינדער, און מען עסט דעם שבת־מאָלצייט. ווען יענער דערזעט אונדז לויפט ער צו, עפנט דעם טויער און זאָגט עפּעס אין אַראַביש. ווען חנוני דערקלערט אים ווער מיר זיינען, גייט ער אַריבער אויף העברעאיש און באַגריסט אונדז זייער האַרציק. ער איז יצחק זכאי, דער שמש פון שול, און דאָס איז פנינה, זיין פרוי, און דאָס זיינען זיינע פינף קינדערלעך. פאַרוואָס זאָלן מיר צוזאַמען מיט אים ניט עסן? ווען מיר דאַנקען פאַר דער איינלאַדונג, פירט אונדז זכאי אין הויף פון שול ווייזן ווי די קינדער פון מכבי־קלוב מאַכן זייערע איבונגען אונטער דער אָנפירונג פון אינסטרוקטאָרן.

עס איז געווען אַ נחת־רוח צו זען די דאָזיקע שיינענדיקע, רונדע, קערפּערלעך אַנט־וויקלטע יידישע יוגנט, ווי זיי האָבן זיך דערפרייט ווען מען האָט געזאָגט, אַז מיר זיינען יידן פון אַמעריקע. מען רינגלט אונדז אַרום; זיי פאַרשטייען אַלע פראַנצויזיש, אָבער ווען איך גיי ניט דרייסט אַריבער אויף העברעאיש, ווייזט זיך אַרויס, אַז אַלע רעדן גוט די שפּראַך. איינער פון די אינסטרוקטאָרן גיט אַ פרעג צי מיר קענען זיי עפּעס דערציילן וועגן ישראל. דאָ ווער איך פאַרזיכטיק און זאָג, אַז דערווייל זיינען מיר דאָרט ניט געווען, אָבער מיר האָפן דאָרטן אין קורצן צו זיין. בעט מען מיך איך זאָל זיי זאָגן אַ פּאָר ווערטער. רעד איך לאַנגזאַם, אָבער אונטערשטרייכנדיק יעדעס וואָרט:

„דאָ נישט ווייט פון אייך געפינט זיך דער אַלטער רוימישער אַמפי־טעאַטער, וווּ מיט טויזנטער יאָרן צוריק זיינען די גלאַדיאַטאָרן־קאַמפן פאָרגעקומען. דערציילט דער באַרימטער היסטאָריקער יוסף פלאַוויוס, אַז טיטוס האָט פאַרשלעפּט טאַקע דאָ קיין ביירוט יידישע גע־פאַנגענע פון ירושלים און געהייסן קעמפן אויף דער אַרענע מיט ווילדע חיות. אויך זיי האָבן געהאַט יונגע, שטאַרקע קערפּערס, ווי איר, טייערע מכבי־קינדער. אָבער נאַקעטע און באַ־וואָפנט נאָר מיט קליינע שווערדן האָבן זיי געקעמפט קעגן הונגעריקע, צעיושעטע לייבן. גע־קעמפט ביזן סוף און — אומגעקומען. נו, אַז איך קוק אויף אייך אויף דעם זעלבן פלאַץ מיט כמעט צוויי־טויזנט יאָר שפּעטער, זע איך גאָר, אַז יענע געפאַנגענע העלדן פון יהודה זיינען גאָר ניט אומגעקומען, זיי לעבן דאָך פאַר מיינע אויגן... און ווי מיינט איר, קינדער, — זיי לעבן?...

אַן ענטוזיאַסטישער ברום אין פאַרשידענע שפּראַכן איז געווען די תשובה פון די צעפלאַמטע קינדער: „יאָ, זיי לעבן!”

דאָס איז געווען אַ שטילע, צעשטורעמטע דעמאָנסטראַציע אין דיסקרעטער פאָרם. מען האָט ניט געזונגען די „התקוה", מען האָט ניט דערמאָנט מדינת ישראל, מ'האָט גאָרנישט געזאָגט... מ'האָט אָבער זיך פּלוצלונג און בענקענדיק דערפילט: מיר — די יידן פון ניו יאָרק, זיי — די יידן פון ביירוט, אינגאַנצן 100 מייל ווייט פון ירושלים, אין שאָטן פון שנייאיקן באַרג חרמון — „דאָרט ווו די צעדער קושן שלאַנק די וואָלקנס" — ווי עס זינגט זיך אין יענעם ליד פון אונדזערע קינדער־יאָרן.

* *

*

נאָכדעם גייען מיר מיט יחזקאל חנוני צו זיין דירה און פאַמיליע. אַ גרויסע וווי־נונג. אין איין צימער זיצן די פרויען — די געסט פון זיין ווייב. אַלע אין שוואַרצע, זיידענע קליידער, מיט שאַלן אויף די קעפּ. זיי פירן אַ לעבהאַפטן שמועס אין אַראַביש, ווי עס פלעגן דאָס טאָן אונדזערע מאַמעס און באָבעס אין „שבת נאָכן קוגל". אין צווייטן צימער זאַמלען זיך אַ ביסל שכנים — מענער, וועלכע מען האָט מיטגעטיילט וועגן די אַמעריקאַנער געסט. עס קומט האַאים אַלאַנאַן, דער גביר פון געסל, וועלכער האָט אַמאָל געוווינט אין ברוקלין און רעדט ענגליש. עס קומט יחזקאל חן־טוב און יוסף עסעס. עס קומען אַנדערע יידן, וועמענס נעמען איך געדענק ניט. מען וויל וויסן אַ ביסל וועלט־נייעס. מען קלאָגט זיך אויפן קריזיס, וואָס הערשט אין די געשעפטן און אויף דער פּאָליטישער ניט־סטאַביליטעט, וואָס הערשט אין לאַנד. מען איז צופרידן מיט דער באַציאונג פון די אַראַבישע שכנים, מיט וועלכע מען לעבט בשלום. ניין, מען באַמערקט ניט קיין ספּעציעלע שנאה צו ישראל, סיידן ווען עס קומט צו אַ דעמאָנסטראַציע אָנגעפירט פון סירישע פּראָפּאַגאַנדיסטן. זיי האָבן דאָס געפיל, אַז די לבנון רעפּובליק וואָלט מיט שמחה שלום געמאַכט מיט ישראל, ווייל דעמאָלט וואָלטן זיך די געשעפטן פאַרבעסערט . . .

פון די ווענט קוקן אַראָפּ בילדער פון אַלטע יידן אין רויטע פעזן אָדער גאָר אין פאַרבושן אַרומגעוויקלט אַרום קאָפּ. זיי טראָגן נאָך אַבאַיעס פון די טערקישע צייטן. דאָס זיינען די טאַטעס און די זיידעס פון יענע טעג, ווען קיין גרענעצן זיינען ניט געווען צווישן ביירוט, דמשק און ירושלים.

מען דערלאַנגט כיבוד. עס קומט אויך די רביצן דבורה. איר מאַן דער רב ר' בן־ציון לעבטמאַן, אַ ייד פון רומעניע, איז גראָד היינט נישטאָ אין ביירוט און זיין פרוי האָט גרויס צער, וואָס ער וועט אונדז ניט זען. זי איז פון אשכנזים־ירושלים אָפּשטאַמונג און רעדט אַ גוטן יידיש.

מיר געזעגענען זיך מיט דער גרופּע נייע פריינט אין לבנון מיט אַנגסט אין די הערצער. פיל איז ניט דעררעדט געוואָרן צוליב פאָרזיכטיקייט וועגן, — פיל האָב איך אַליין אויך ניט דערזאָגט צוליב דער זעלבער סיבה.

* *

*

ווידער אין ביוראָ פון מוהאַמעד אַאון. ער שיינט פון שמחה: דער ירדן־קאָנסול

האָט אים געגעבןביידע וויזעס פאַר מיר און מיין פרוי ניט שטעלנדיק צופיל קשיות. מען האָט טאַקע באַצאָלט צוואַנציק אַמעריקאַנער דאָלאַרן, — אָבער גלויבט מיר — עס איז ווערט געווען.

מאָרגן פאַרטאָג נעמט אונדז דער קאַדילאַק פון אַאונען קיין דמשק.

פונדאַנען אַרויס בענטש איך מיין פריינט אַאון און מיט אים די אַנדערע אַראַבער, וואָס האָבן אומבאַוווסטזיניק פאַר זיך אַליין מיר אַזוי פיל געהאָלפן אין דאָזיקן שווערן וועג „הינטער דעם אַראַבישן פאָרהאַנג"...



אינגאנצן זיבעציק מייל טיילט אָפּ ביירוט פון דמשק, אָבער מיר האָבן געוווּסט אַז אויף דער דאָזיקער פאַרהעלטענישמעסיק קורצער שטרעקע לויערן אויף אונדז די גרעסטע סכנות.

אייגנטלעך האָבן מיר דאָך געדאַרפט זיין רואיק: מיר פאָרן ווי פּרינצן אין א קאַדי־לאַק, וואָס געהערט צום אָנגעזעענעם אַראַבישן פירער אַאון, וועלכער האָט אונדז מיטגעגעבן זיין אינטעליגענטן „שאָפער" מיט א בפירושן אָנזאָג ער זאָל אונדז — זיינע געסט — אָפּהיטן ווי די אויגן אין קאָפּ; מיר באַזיצן אויך אַמעריקאַנער פּעסער מיט דער סירישער וויזע, וועלכע מיר האָבן באַקומען אין זייער קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק. אָבער אין אונטערבאַוווּסטזיין קלינגען אָפּ די ווערטער, וועלכע עס האָט אונדז אַזוי ווי לאַחר יד אַריינגעוואָרפן דער אַראַבער אין אַאונס ביוראָ:

„אויסער אַלע אייערע גוטע דאָקומענטן דאַרפט איר זיך אויך באַזאָרגן מיט א טויף־סערטיפיקאַט"..... נו, אַזאַ וווּנדער קען איך שוין ניט באַווייזן. איז טאַקע געווען ביטער אויפן האַרצן.

און דאָ, ווי אויף צו להכעיס, פאָרן מיר דורך איינעם פון די באַרימטסטע און שענסטע וועגן אויף דער וועלט. דער געפּלאַסטערטער שאָסיי — נאָך געבויט דורך די פראַנ־צויזן — אין וועלכן מען קאָן זיך אַזש שפּיגלען, קלעטערט אַרויף־אַרויף צווישן די טעכטער־בערג פון לבנון און חרמון, צווישן מאַלערישע אָפּרו־פּלעצער מיט רייכע ווילאָס געבויט פון שוואַרץ־ווייסע שטיינער. אַט ענדיקן זיך די פּאַלמען און עס הייבן זיך אָן צו באַווייזן אָלעאַנדרען באַ־שאָטן מיט רויטע בלומען; נאָכדעם ווערן זיי פאַרביטן מיט נאָדל־ביימער, וואָס דערמאָנען די היימישע וועלדער אין אייראָפּע. און דאָ זיינען מיר שוין אַזוי הויך, אַז די שנייען אויפן חרמון דערגייען אַזש ביז צו די רעדער פון אויטאָמאָביל. נאָר וואָס געווען, דאַכט זיך זומער, און פּלוצ־לינג ווערט קאַלט און מיר וויקלען זיך אין די אָנגעגרייטע קאָלדרעס, און גאָטס וווּנדערלעכע וועלט ווערט ווייס און מיט א זילבער־זון באַגאָסן, און גאָר נידעריק אונטן בלויט גאָר ווי א שפּיגל דער מיטללענדישער ים, אויף וועלכן די זעלבע זון גיסט סנאָפּעס גאָלד. און עס ווילט זיך „הלל" זינגען, טאַקע יענע קאַפּיטלעך וואָס דערציילן אַט וועגן דעם פּלאַץ, וווּ מיר געפינען זיך איצט, ווי עס טאַנצן ווי יונגע אינדן די בערג, ווי דער ים אַנטלויפט, ווי דער ירדן ציט זיך צוריק און אַלץ פאָרן גרויסן האַר פון דער וועלט, פאָרן גאָט פון יעקב.

אָבער גיי זינג שירה און באַוווּנדער מיט שמחה די נאַטור ווען פונדערווייטנס זעט מען שוין די ווייסע גרענעץ־געביידעס, ווו אומבאַקאַנטע שונאים לויערן אויף דיין באַוועגונגס־פרייהייט.

ענדלעך די גרענעץ.

לכתחילה נעם איך אָן דעם באַשלוס צו שפּילן דעם גרויסן האַר, ניט אַרויסגיין פון אויטאָמאָביל און איבערגעבן די פּעסער מיין אַראַבישן שאָפער, ער זאָל זיי אַריינטראָגן אין שטיבל פון דער גרענעץ־וואַך.

אָבער אונדזער שאָפער קומט צוריק שוין אָן די פּעסער און מורמלט עפּעס דורך דער נאָז, אַז דער אָפיציר פון דער גרענעץ־וואַך וואָלט געוואָלט פערזענלעך זיך דורכרעדן מיטן „הער דאָקטאָר"; די פרוי אָבער דאַרף זיך נישט מטריח זיין און קאָן בלייבן אין „קאַר".

אויף עפּעס ענלעכעס האָב איך זיך שוין געריכט. נעם איך מיט אין האַנט אַן אָנגעגרייטן „שיר־המעלות" און גיי דרייסט אַנטקעגן דער געפאַר: א ברירה האָב איך?

דורכן פענסטערל אין ביוראָ קוקט אויף מיר אַרויס א גראָבע „מאָרדע" מיט בייזע אויגן אָנגעטאָן אין א כמעט פראַנצויזישן מונדיר. דאָס איז דער אָפיציר פון דער סירישער גרענעץ־וואַך.

אייערע פּאַפּירן, הער דאָקטאָר, זיינען אין אָרדענונג, אָבער ווו איז די צייגעניש פון אייער טויפונג?"

ער רעדט פראַנצויזיש, אָבער אַז איך בעט אים רעדן ענגליש. זאָגט ער, אַז ער קען ניט. זאָג איך א ליגן, אַז איך פאַרשטיי ניט קיין פראַנצויזיש.

הגזבט ער אָן מאַכן מיט די הענט און ווייזן דעם סימן פון צלם.

ווער איך פּלוצים דערפרייט, וואָס איך האָב פאַרשטאַנען, דערלאַנג איך אים מיט דער גאַנצער העפלעכקייט אַן אימפּאָזאַנטן דיקן בויגן פּאַפּיר, געשריבן אין ענגליש און גריכיש, מיט א גאָלדענעם שטעמפּל אונטן, אָבער מיט א צלם אויבן.

דאָס איז געווען די צייגעניש אַז איך בין באַלוינט געוואָרן מיטן גריכישן קאָמאַנדאָר־קרייץ ערשטער קלאַס פאַר פאַרדינסטן אין לעצטן קריג. אויפן קאָפּ פון בויגן, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, איז אויסגעמאָלן דער מעדאַל־קרייץ מיט דער קרוין און אונטער דעם מיין נאָמען. דער גראָבער סיריער דרייט דעם בויגן, קוקט אין אים ווי א האָן אין „בני אָדם", פינטלט מיט די אויגן, פרעגט ווידער צי דאָס איז די טויף־צייגעניש. קוק איך אים אָן מיט אידיאָטישער פרייד און טייטל מיט דער האַנט אויפן פּאַפּיר.

ער גיט מיר צוריק די פּעסער צוזאַמען מיטן געבענטשטן גריכישן סערטיפיקאַט. מרוקעט עפּעס אונטער דער נאָז, א סימן אַז אינגאַנצן איבערצייגט האָב איך אים ניט, אָבער כ'קום צוריק צו מיין ווייב א גע'כשר'טער: דער וועג צו דמשק איז שוין אָפן פאַר אונז.... גליק־לעכערווייז עפנט מען אויך ניט אונדזער באַגאַזש, ווו מען וואָלט געפונען מיין טלית און אַנדערע „שאָר ירקות", וואָס וואָלטן א ביסל נייטראַליזירט די קראַפט פון מיין קאָמאַנ־דאָ־קרייץ....

אפגעפארן צען מינוט אין דער לייכטער שטימונג פון מענטשן וואס האבן שוין ניט קיין זארגן, ווערט אונדזער אויטאמאביל אפגעשטעלט דורך סאלדאטן נעבן א ווייס הויז, אויף וועלכן עס הענגט א שילד אין אראביש און פראנצויזיש: „הויפט־קווארטיר פון סירי־שער גרענעץ־פאליציי״...

ווידער רייסט זיך עפעס אפ אין הארצן — נאכמער אז מיר זעען ווי צו אונדז דערנענטערט זיך א יונגער אפיציר. אבער זיין האלטונג און באנעמונג דערוועקן גלייך צוטרוי. ער וויל פון אונדז א קלייניקייט: מיר זאלן אים ארייננעמען אין אונדזער אויטאמאביל אלס פאסאזשיר ביז דמשק, ווייל ער איילט זיך וואס פריער צו קומען צו היינטיקע פייערונגען. פארשטייט זיך, ער ווערט אויפגענומען מיט דער גרעסטער פריינטלעכקייט. און עס איז באמת געווען א זכות צו האבן אים די אנדערהאלבן שעה מיט אונדז. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער גאסט אונדזערער איז דער קאמאנדיר פון דער גרענעץ־וואך און אן אנגעזעענער מיט־גליד פון דער איצט הערשנדער פאליציי־קליקע אין סיריע. מיר צערעדן זיך גאר פריינטלעך. ער האט קרובים אין בארא פארק, ניו יארק, און בעט אונדז מיר זאלן זיי קאנטאקטירן ווי נאר מיר וועלן קומען אהיים. ער אליין קלייבט זיך אינגיכן קומען קיין אמעריקע אלס מיטגליד פון דער סירישער דעלעגאציע צו דער אונא... בקיצור, מיר ווערן גוטע פריינט און דער אפי־ציר דערציילט אונדז, אז אזוי ווי היינט אוונט הויבן זיך אן אין דמשק די פייערונגען לכבוד דעם קרוין־פרינץ פון סאאודי אראביע, האט מען דעריבער פארשטארקט די פאליציי קאנטראל אויף אלע גרענעצן. עס וועט אויך שווער זיין צו באקומען א צימער אין א האטעל, אויב מיר האבן פריער ניט געמאכט קיין רעזערוואציעס.

אבער ער אליין וועט אונדז פירן צום האטעל אמאיאד, דעם נייעסטן און מאדערנסטן, וועט זיך שוין מסתם א צימער געפינען.... און אזוי זיינען מיר געפארן אין א גוטער שטימונג אין דער ריכטונג צו דער עלטסטער שטאט אין דער וועלט — צו דמשק.

מיר געפינען אין דער גמרא (ערובין, דף י״ט), אז „די פראכט און פרוכטבארקייט פון דער ערד ארום דמשק האט געניוגט אונזערע חכמים צו גלויבן, אז דא האט זיך אמאל געפונען דער ארייננאנג צום גן־עדן״.

און אז איר פארט צווישן די גרינע פאלמען־אליען, דורך וועלכע עס שפרודלען פרישע וואסער־קוואלן; און איר דערזעט הויך הינטער זיך די ווייסע שנייען, וועלכע באדעקן דעם בארג חרמון און דערגייען דא אזש ביז די פאלמען, און עס קלינגען די גלעקלעך אויף די קעמל־קאראוואנען, וואס ציען זיך דעקארירטע צוליבן יום־טוב אין פארביקע טעפיכער — פארגעסט איר, אז איר געפינט זיך אין שונא׳ס לאנד און איר זעטיקט זיך מיט אט דער שיינקייט פון „ארייננאנג צום גן־עדן״.

א קליינע פארשטאט, וואס טרינקט זיך אין גרינס מיט ווייסע הייזלעך פון רייכע בירגער. אינמיטן פלאטערן אויף סלופעס אומגעהויער לאנגע גרינע פאנען, אויף וועלכע עס איז אויסגעמאלט א שווערד, און ביים זייט אן אראבישע אויפשריפט פון קאראן: „מיט פייער און שווערד פאר אלא און זיין נביא״. דאס זיינען די אפיציעלע פאנען אויסגעהאנגען

צוליבן אנקומען פון עמיר סאאוד, דער קרוינפרינץ פון סאאודי אראביע. אבער דאס שטעטעלע דא לינקס פון דמשק דערמאנט מיר דעם עפיזאד פון חומש (בראשית, י״ד): „וישמע אברם כי נשבה אחיו וירדפם... עד חובה אשר משמאל לדמשק... וישב את כל הרכוש וגם את לוט אחיו״.... (און אז אברהם האט דערהערט אז זיין ברודער איז געפאנגען געווארן, האט ער זיי נאכגעיאגט... ביז חובה, וואס איז לינקס פון דמשק... האט ער אפגענומען דעם גאנצן פארמעגן און אויך זיין ברודער לוט...)

און גראד רופט זיך דאס שטעטעלע נאך אלץ „האווא״, ווי אין אלטן חומש, און זאלן מיר דעריבער ניט שרעקן די גרינע פאנען מיט דער לאנגער בלוטיקער שווערד איבער־געפלאכטן אלס סימן פון בונד מיט די פארבן פון סיריע; איך ווייס, מען מאטערט דא מיינע ברידער, פון וועלכע עס זיינען אזוי ווייניק פארבליבן; מען פארנעמט זיך דא מיט גרויסע מיילער אויפן קיום פון דער מלוכה, וואס אברהם'ס קינדער האבן דא ניט ווייט געגרינדעט. אבער דאס שטעטעלע חובה איז א צווייפאכיקע דערמאנונג: אברהם האט זיך ניט געלאזן און צוריק אפגענומען זיין ברודער צוזאמען מיטן פארמעגן און אין ספר מכבי ווערט אויך דער־ציילט וועגן קאמפן און נצחונות, וואס יהונתן דער חשמונאי האט ביים אריינגאנג צו דמשק אפגעהאלטן איבער דעמאלדיקע סיריער: זיי שרעקן מיך מיט דער שווערד און איך בין גאר ארומגערינגלט מיט די העלדישע גייסטער און אנאלאגיעס פון אונדזער געשיכטע.

* *

*

דורך דער פארפוצטער נייער בריק פארן מיר צו צום האטעל אמאיאד. אונדזער העפלעכער פאליציי־אפיציר יוסוף אניסע שפרינגט ארויס דער ערשטער, רעדט זיך דורך מיטן פארטער פון האטעל און מיר באקומען א פיינעם, באקוועמען צימער, צו וועלכן מען פארט שוין ארויף מיט אן עלעוואדאר — דעם ערשטן עלעוואדאר אין דמשק.

די „לאבי״ פון האטעל איז אויך באצירט מיט פאנען און בלומען. דורך די אפענע טירן זעט מען א פרעכטיק אויסגעשטאטן באנקעט־זאל מיט געדעקטע טישן: אין א שעה ארום וועט מען דא פייערן די ערשטע באגעגעניש פון קרוינפרינץ פון סאאודי־אראביע מיט די הויפטן פון די צוויי שכנות'דיקע מלוכות, בריגאדיר אדיב על שישאקלי און פרעזידענט פון לבנון, קאמיל שאמון, וועגן וועמעס אנטייל איך האב זיך דערוווסט שוין זייענדיק אין האַ־טעל. דרייען זיך איצטער ארום הויכע מיליטערלייט און ציוויל־באאמטע איבער אלע זאלן און קארידארן.

דער האטעל־דינער, וואס טראגט אונדזערע זאכן, זאגט אונדז אפילו אן די „שמחה״, אז אין נעקסטן צימער צו אונדז וווינט דער פרעמיער פון לבנון, עמיר כאליב שעבאב... עס ווערט אונדז קאלעמוטנע אויפן הארצן, וואס מיר זיינען אריינגעפאלן אינמיטן פון אזא שמן־זית'דיקן פאראד. מיין פרוי בעט זיך ביי מיר איך זאל זיך ניט צופיל ווארפן אין די אויגן, ווען אזויפיל מונדירטע און ציווילע פאליציי פארשטייער דרייען זיך ארום אונדז. מיר באשליסן בלייבן אין צימער פארמאכט ביז מארגן פארטאג, ווען די געסט וועלן זיך פאנאנדערפארן.

אבער ווען מיר הייבן זיך אן אויסצופאקן, דערהערן מיר א קלאפ אין טיר און עס באווייזט זיך דער פארטער פון האטעל, וועלכער בעט מיר זאלן אים איבערגעבן אונדזערע

פּעסער, וועלכע ער דאַרף לויט די פאַרשריפטן פון אויסנאַמס־צושטאַנד, וואָס הערשט נאָך אַלץ אין דמשק (זינט שישאַקליס איבערקערעניש), אַוועקצוטראָגן אין זיכערהייטס־פּאָליציי. דאָס טרעפט אונדז ווי א דונער, ווייל אָן אונדזערע אַמעריקאַנער פּעסער פילן מיר זיך ווי שוצלאָזע קינדער אין א ווילדן וואַלד. אָבער מען ווייזט ניט אַרויס וואָס מען פילט.... ווער ווייס צי מיר וועלן שוין די פּעסער ווען עס איז צוריקבאַקומען? פריער נעמט מען די פּעסער און נאָכ־דעם אפשר זייערע באַזיצער. עס פאַרדריסט מיר נאָר, וואָס איך האָב אַריינגעצויגן אין מיין „אַראַבישער אָווערטורע" (אָדער אַוואַנטורע) מיין אומשולדיקע ווייב... זי אָבער האַלט זיך די גאַנצע צייט מער סטאָאיש ווי איך. זי גלויבט, זאָגט זי, אין מיין מזל און אויך אין צוזאָג פון „אונדזער" יוסוף אַניסע, וועלכער וועט געווים קומען מאָרגן גאַנץ פרי אונדז באַזוכן, ווי ער האָט צוגעזאָגט. וועט ער שוין אויך „אויספּרעסן" די פּאַספּאָרט־אומאָנגענעמלעכקייט.

דורכן פענסטער פון האָטעל זעען מיר ווי מאַסן אַראַבער ציען זיך אין פּראָצעסיעס מיט פאַנען, כדי צו באַגריסן די אָנקומענדיקע געסט. טויזנטער שול־קינדער מיט זייערע לערערס שטעלן זיך אויס לענג־אויס דעם פּלאַץ, וווּ דער סאַאודי־אַראַבישער קרוינפּרינץ וועט באַלד אָנקומען.

אונדזער נערוועזיטעט וואַקסט אַלץ מער און ווען א באַגריסונגס־געשריי, ווי א וואַקסנ־דיקע ים־כוואַליע, דערהערט זיך פון דערווייטן און גיסט זיך שטורעמדיק איבער די רייען אַלץ נעענטער צום האָטעל, גייען מיר אַפילו אַוועק פון פענצטער.

זייער זעלטן נעם איך א שלאָף־מיטל, אָבער דאָס מאָל לייג איך ביי מיין פרוי איינעם פון אירע געלבליכע שלאָף־פילן, שלינג אים איין אין פולער איבערצייגונג, אַז ער וועט מיך באַטויבן און העלפן איבערקומען די נאַכט, פאַר וועלכער איך האָב עפּעס אינסטינק־טיוו מורא. אָבער אויך דער פיל האָט ניט געווירקט: מיר האָבן א גאַנצע נאַכט די אויגן ניט צוגעמאַכט! אונטן אין עס־זאַל פון האָטעל האָט געשפּילט מוזיק און עס האָבן זיך פון צייט צו צייט געהערט כאָרעלדיקע אויסגעשרייען, מסתם טאָוסטן. אויף דער גאַס גראַד אַנטקעגנ־איבער אונדזערע פענסטער האָט מען פון מינאַרעט א גאַנצע נאַכט געהערט ווי עס זינגט דער מולא — אומעטיק, מאָנאָטאָן — אַזוי ווי אונדזערער א חזן, להבדיל, וואָלט זיך גע־גרייט צו ימים־נוראים'דיקע תפילות און דאָס מאַכט ער פּראָבע... איבער די גאַסן ציען זיך נאָך אַלץ פּראָצעסיעס מיט פויקן און געזאַנגען, און עס פּלאַטערט האַרט איבער אונדזער פענ־צטער די גרינע, ברייטע פאָן מיט דער שווערד. יעדער קלאַפּ וואָס הערט זיך אין א טיר, יעדער טריט וואָס הילכט אָפּ אין קאָרידאָר, איז פאַרשטייט זיך, פון דער פּאָליציי, וואָס קומט אונדז נעמען...

אָ, עס איז געווען א קאָשמאַר־נאַכט, וואָס האָט געשראָקן מיט טויזנט אויגן. אין אַנגסטן האָבן מיר געוואַרט אויפן פאַרטאָג.

און פּלוצלינג א טעלעפאָן־קלונג אין צימער. עס איז שוין אַכט אַזייגער אינדערפרי; אונדזער פּאָליציי־פריינט יוסוף אַניסע איז געקומען און געבראַכט דעם בריוו צו זיינע קרובים אין באָראָ־פּאַרק, ניו־יאָרק, אָבער ער האָט אויך געבראַכט די טייערסטע מתנה: אונדזערע פּעסער, וועלכע האָבן גענעכטיקט אין זיין שרייב־טיש און געפונען געוואָרן אַלס „כשר"...

מיר האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, איצט וועט מען קענען גיין און אָנקוקן דמשק.

נאכדעם ווי דער פריינטלעכער אפיציר האט אונדז צוריקגעגעבן אונדזערע אמעריקאנער פּעסער און מיר האבן זיך געקליבן מאכן א שפּאציר איבער דמשק, — איז אונדז געקומען באזוכן זשאָרזש טאָני, דער היגער דירעקטאָר פון „אַמעריקען עקספּרעס", א געבילדעטער יונגער אמעריקאנער אראבער.

ער האט באקומען א טעלעפאן־רוף פון אונדזער פריינט אין ביירוט, מחמד אאון, אַז מיר פאָרן קיין דמשק און פיליכט נויטיקן מיר זיך אין זיין מיטהילף. האט ער אונדז געזוכט אין אַלטן האָטעל אַמאַיאַד, אָבער ער איז צופרידן, אַז מיר האָבן באקומען א צימער אין דער נייער געביידע.

„פאר אייך וואָלט ניט געווען באקוועם", זאָגט טאָני, „צו וווינען גראָד היינט אין יענעם האָטעל, וועלכער געפינט זיך אין צענטער פון די פאנאטישע דעמאָנסטראציעס, וועלכע קומען איצט פאָר לכבוד דער באגעגעניש פון די הערשער פון סאוד־י־אראביע, לבנון און סיריע. אגב, איז יענער האָטעל אריין אין דער געשיכטע אלס דער פּלאַץ, וווּ מען האט דעמאָנסטרירט קעגן לאָרד באַלפור, ווען ער האט באזוכט דמשק אין די דרייסיקער יאָרן, און די דאָזיקע דעמאָנסטראציע האט זיך געענדיקט מיט בלוטיקע געשעענישן"...

איך ווייס ניט צי די אנאַלאָגיע מיט לאָרד באַלפור איז געווען א ווונק מצד טאָני אויף אונדזער יידישקייט, אָבער אזוי ווי ער האט זיך געהאלטן די גאנצע צייט פון אונדזער זיין אין דמשק קאָרעקט און דזשענטעלמעניש, דוכט זיך מיר נאָך איצט, אז מר. טאָני איז געווען מער אמעריקאנער ווי אראבער.

ער רעקאָמענדירט אונדז א געניטן טוריסטן־פירער, אַן אראבער וואָס ארבעט פאר אים און וואַרט איצט ביי די טירן פון האָטעל, און מיר לאָזן זיך צופוס אין א שפּאציר איבער דמשק.

אונדזער „גאַיד" איז געקליידט אָריענטאַליש, אָבער רעדט א גוטן ענגליש, מאכט איבערהויפּט דעם איינדרוק פון אַן אינטעליגענטן מענטשן, מיט דעם שאַרפן אויג פון זיין פּראָפעסיע, אין וועלכער ער אַרבעט, ווי ער זאָגט, שוין מער ווי צוואַנציק יאָר.

וואַדי קאַנדעלאַ איז דער נאָמען פון אונדזער פירער. ער איז א קריסטלעכער אראבער, פונדעסטוועגן ראָט ער אונדז אָפּשטאַטן דעם ערשטן וויזיט אין באַרימטן אָמאַיאַד מעטשעט, וואָס איז דער דריטער הייליקער פּלאַץ פאר די מאכמעדאַנער אין דער וועלט (נאָך מעקאַ און דעם אָמאַר מעטשעט אויפן „הר הבית" אין ירושלים).

די הויפּט גאַסן פון דמשק — א שטאָט פון קרוב א האַלבן מיליאָן איינוווינער — זיינען היינט געשלאָסן פאר אויטאָמאָבילן צוליבן פּאַראַד פאר די אַראַבישע הערשער. גייען מיר

דורך די הינטער גאסן. קומען מיר אריין אין שאָטנדיקן לאבירינט פון דעם נאָך אַלץ שמוציקן שטיינערנעם באזאר („סוקא״), וועלכער ווימלט מיט מזרח־מענטשן פון אַלע קאָלירן, געוויקלט אין העמדער און שמאטעס, מיט פעק און קאנען אויף די פּלייצעס אָדער אויפן רוקן פון קליי־נע אייזלען, וואָס שטופן זיך צווישן דער מאסע דורכגייער. שארפע ריחות פון קנאָבל, ציבעלע געפּרעגלט אין אויל, אָט דאָ טאקע אינמיטן מארק, קיצלען די נאָזלעכער. געלע גע׳פּגר׳טע קעץ וואלגערן זיך אויפן שטיינערנעם ברוק, און ווי צוליב קאָנטראסט שיינען ארויס פון ריזיקע פענסטער פון זיידן־געשעפטן אַלערליי בראָקאטן, פּלושן, קאָלירטע זיידענע שטאָפן, מיט וועל־כע דמשק איז אזוי בארימט שוין טויזנטער יאָרן. (זע יחזקאל, כ״ז).

אַמאָל איז דמשק געווען דער שייד־וועג, פאר קאראוואנען אין אַלע ריכטונגען. איצט האָט זי זיך אַליין אָפּגעשניטן די ריכטונג צו ישראל און דורכדעם אפשר צו א גרויסער טייל פון דער מערב־וועלט, ווערט זי טאקע דערשטיקט פון אן איבערפלוס פון דורך איר פאבריצירטע ספּעציעלע פּראָדוקטן. קלאָגן זיך די סוחרים, אז מען לייזט ניט, אז א סטאגנאציע הערשט אין זיידן־האנדל און אין די דמשקער אויסארבעטונגען פון מעסערס און קינזשאלן, וועלכע זיינען פּאָפּולער אין דער וועלט.

פרעג איך מיין „גאיד״, ווו געפינט זיך די בארימטע פאבריק פון נאסאנס, ווו איך פלעג אַמאָל ביליק קויפן מתנות פון סאמעט און בראָקאַט.

קוקט ער מיך אָן מיט א באהאַלטענעם שמייכל און ענטפערט:

„אָ, איך זע איר קענט דמשק. יענע פאבריק — די עלטסטע פון דעם מין אין דער וועלט — איז נאָך אַלץ אויף דער באב טשארקי גאס. מיר קאָנען שפּעטער דאָרט גיין עפּעס קויפן. אָבער די נאסאנס זיינען שוין מער אין דמשק נישטאָ. זיי זיינען דאָך געווען ציוניסטן!״

רעאגיר איך גאָרניט אויף דער תשובה און מיר שלעפּן זיך וויי טער איבער די לאנגע, שטיי־נערנע קאָרידאָרן פון באזאר, ווו אַמאָל, געדענק איך, זיינען געווען אזויפיל יידישע רייכע און קלענערע געשעפטן, און היינט שטייען דאָרט נייע אייגנטימער, פון וועמעס פּנימער און קליידונג איר קענט גלייך אראָפּלייענען, אז זיי זיינען שוין גאָרניט קיין ציוניסטן. גלייך פון „סוקא״ גייט מען אריין אין הויף פון הייליקן אמאיאד מעטשעש. אַמאָל האָט מען דאָ געזען פיל פרעמדע טוריסטן. היינט קלאָגט זיך דער אראבער, וואָס טוט אונדז אָן די צעלאפּעטע פּאנטאָפל, כדי מיר זאָלן ניט מיט אונדזערע שיך פארשוועכן די הייליקייט פון באָדן, אז מיר זיינען די ערשטע אמעריקאנער זינט די לעצטע צען טעג.

דער הויף פון מעטשעט איז פארגאָסן מיט א העלער זון. מיר פאָטאָגראפירן זיך אינמיטן ביים ברונעם, וועלכער איז נאָך געבויט געוואָרן מיט צוויי הונדערט יאָר פריער איידער יעזוס איז געבוירן געוואָרן. דער ברונעם מיט די מאַרמאָרנע סלופּעס ארום זיינען דאָך דאן גע־ווידמעט געווען צו א „גאָט״ מיטן נאָמען „יופּיטער״; נאָכדעם איז געקומען טעאָדאָזיוס דער

גרויסער אין דריטן יאָרהונדערט און פונאַנדערגעבויט דאָ א קירך פאר דער דעמאָלט נאָך יונגער קריסטלעכער רעליגיע. און מיט א פּאָר הונדערט יאָר שפּעטער איז געקומען דער קאַליף אָמאַיאַד און פאַרוואַנדלט דעם פּלאַץ אין א מעטשעט פון דער נאָך יונגער מאַכמעדאַנישער רעליגיע, און אַזוי איז דאָס שוין געבליבן. באַצירט און באַשענערט דורכן געניוס פון קינסטלער, דרימלען דאָ אין שאָטן פון אַרכיטעקטור און מאָלערייען די געצנדינערישע מזבחות און קעפּ פון יופּיטער, די שאַרפע שטיינערנע געזיכטער פון יוחנן המטבל און אַפּאָסטאָל פּאָול און די צאָלרייכע שפּעטערדיקע סימבאָלן פון זיגערישן איסלאַם.

א שטיק וועג פון דאַנען ליגט איינע פון די גרעסטע זעלטנקייטן אין דמשק און אפשר אין דער גאַנצער וועלט. דאָס איז די סינאַגאָגע, וועלכע איז אויסגעגראָבן געוואָרן מיט זעכצן יאָר צוריק אין מדבר אויפן ברעג פון טייך פּרת און איז גאַנצערהייט אריבערגעטראָגן געוואָרן קיין דמשק. סיי די אויסגראָבונג, ווי אויך דאָס אריבערטראָגן איז געווען די אַרבעט פון אַן עקספּעדיציע פון אַמעריקאַנער אוניווערסיטעט אין יעיל, אונטער דער לייטונג פון ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם פּראָפעסאָר ראַסטאָווצעוו. איך פיל, אַז איך באַגיי אַן עוולה, ווען איך באַגרענעץ זיך נאָר מיט ווידמען א פּאָר צענדליק שורות דעם דאָזיקן שענסטן מאָנומענט פון יידישער אַלטער אַרכיטעקטור און מאָלער־קונסט — דער דאָזיקער „מעטריקע" פון אונדזער יחוס און בעסטן באַווייז, ווי אמת עס זיינען די געשיכטעס פון תנ"ך.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זען די דאָזיקע אויסגעגראָבענע סינאַגאָגע אין יאָר 1938 — אַזוי גלייך ווי מען האָט איר געבראַכט פון מדבר אין דוראַאייראָפּאָס קיין דמשק. נאָך איצט דערמאָן איך זיך דאָס געפיל פון ערפורכט און ניט געקינסטלטן פּאַטאָס, ווען איך בין ארויף אויפן שטיינערנעם שטול פון נשיא ר' שמואל הכהן און באַטראַכט די מאָלערייען פון די סצענעס, וועלכע ווייזן „יציאת מצרים", „שלמה'ס משפּט", „מגילת אסתר" און אַרום ניינציק אַנדערע בילדער, איינציקע אין דער וועלט, וועלכע דערציילן בולט, ווי אַזוי אונדזערע עלטערן האָבן זיך פאַרגעשטעלט די אַנטוויקלונגען פון דער יידישער געשיכטע אין א גראַפישער פאָרם. און פאַרגעסט ניט, אַז לויט די דאַטן, וואָס מען האָט געפונען אויסגעקריצט אין דער סינאַגאָגע, האָט מען דאָרט דאָס לעצטע מאָל געדאַוונט מיט טויזנט זיבן הונדערט און אַכציק יאָר צוריק! שפּעטער איז זי פאַרשאָטן געוואָרן.

וואונדערט זיך ניט דעריבער, וואָס איצט, ווען איך בין דאָ נאָכאַמאָל געוועזן און דאָסמאָל מיט מיין פרוי, האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מיר זיינען שוין ניט אין דמשק פון פאַר דער מלחמה און אַז מיר זיינען באַגלייט דורך אַן אַראַבישן „גאַיד", און איך האָב אָנגעהויבן מיט באַוואונדערונג און מיט צופיל וואַרימקייט דערקלערן מיין פרוי סיי די באַדייטונג פון דער סינאַגאָגע און סיי די זעלטענע בילדער. אייגנטלעך האָט דאָך די דאָזיקע „אַרבעט" געדאַרפט טאָן דער אַראַבישער פירער און דאָ האָבן זיך גאָר די ראָלן געביטן.

און אינמיטן פון מיינע דערקלערונגען, דערהער איך פּלוצים הינטער זיך די קאַלטע שפּאָטישע שטימע פון וואַדין קאַנדעלאַ, אונדזער „גאַיד".

„אַ ווי שיין איר דערציילט דאָס אַלץ און ווי גוט איר קענט אייער געשיכטע! ווען איר דאָס אַלץ באַשרייבן אין די אַמעריקאַנער יידישע ציימונגען?"

אַזוי ווי אַ דונער וואָלט מיך געטראָפן, ווען איך האָב דערהערט די דאָזיקע אומדערוואַר־טעטע פראַזע. אויך מיין פרוי איז געוואָרן בלאַס... ביידע האָבן מיר זיך אויסגעדרייט צום אַראַבער אַ ביסל צעמישט. איך האָב זיך אָבער גלייך געכאַפּט און קענענדיק די פּסיכאָלאָגיע פון אָריענט, בין איך אַריבער אין אַן אַטאַקע: „ווי וואָגט איר אַזוי זיך ווענדן צו מיר? איך שרייב טאָקע פאַר אַמעריקאַנער ציימונגען, אָבער מיט וואָס פאַר אַ רעכט מישט איר דאָ אַריין יידישקייט? דאָס קאָן איך ניט טאָלערירן. זאָגט מיר, וויפל עס קומט אייך, און איר זייט פריי! איך וויל ניט האָבן פאַר קיין „גאַיד" אַ חוצפּהניק!"

איצט איז מיין אַראַבער געוואָרן צעמישט. ער האָט, ווייזט אויס, ניט דערוואַרט אַזאַ גאָב. ער הויבט זיך אָן צו פאַרענטפערן, אַז ער האָט מיך, חלילה, נישט חושד געווען אַז איך בין אַ ייד; ער האָט נאָר אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג, וואָס איך ווייס אַזוי פיל וועגן דער גע־שיכטע פון דער סינאַגאָגע און איז דעריבער געווען זיכער, אַז די אַמעריקאַנער יידן וועלן זיין אין דעם פאַראינטערעסירט... אגב, בעט ער מיך איך זאָל וועגן זיין באַמערקונג ניט דערציילן זיין „באָס", זשאָרזש טאָני, וועלכער קען אַלס דירעקטאָר פון „אַמעריקען עקספּרעס" צונעמען זיין ברויט, א. א. וו. בקיצור, איך בין דאָך אַ „יידישער גזלן", האָב איך באַשלאָסן זיך ניט אָנהויבן דאָ מיט אַן אַראַבער און לאָזן אים ווייטער זיין מיין „גאַיד". איך האָב אויך באַשלאָסן מער קיין „לומדות" ניט אַרויסווייזן, כל זמן איך שלעפּ זיך איבער די אַראַבישע לענדער. בעסער זאָלן זיי ריידן און איך וועל זיך מאַכן תמ׳עוואַטע.

איצטער, אַז איך האָב באַשלאָסן זיין פאַרזיכטיק, ווייס איך שוין ניט ווי אַזוי איך זאָל בעטן מיין אַראַבער אונדז ווייזן דעם וועג צום „יידישן קוואַרטאַל". באַנוץ איך אַ „טריק": איך דערמאָן זיך, אַז די אַרמענישע גאַסן זיינען געווען ניט ווייט פון די יידישע, היים איך מיך פירן אַהין. איך אָטעם ווידער מיט די אומדערטרעגלעכע ריחות פון געפּרעגלטע שעפּסענע פלייש, קנאָבל, ציבעלעס און גע׳פּגר׳טע קעץ. עס איז שטויביק און אָרעמע קאַליקעס לויפן נאָך, בעטנדיק אין נאָמען פון „קראַיסט", אין ענגליש וואָרט, וואָס זיי האָבן זיך דאָ אויסגע־לערנט אין די קריסטלעכע קוואַרטאַלן צוליב די אַמעריקאַנער טוריסטן.

און איצט — לויט מיינע אויסרעכענונגען — דאַרפן מיר שוין זיין אין די יידישע גאַסן, אָבער איך זע נאָך אַלץ דעמזעלבן געזעמל אַרמענער, גריכן מיט אַ געמיש פון מוסולמענער. פרעג איך פאַרזיכטיק: „ווי לאַנג וווינען שוין אָט די מענטשן אין די דאָזיקע גאַסן?" ענט־פערט מיין אַראַבער: „אינגאַנצן אַ פּאָר יאָר, פריער האָבן דאָ געוווינט יידן. גאַנצע פערצן גאַסן האָבן זיי באַוווינט. נאָכדעם זיינען זיי אין פּאַניק אַנטלאָפן, ווי נאָר די „ציוניסטן" זיי־נען באַפאַלן די אַראַבער. איצטער וווינען יידן נאָר אין איין גאַס. אַמאָל זיינען געווען אין דמשק מער ווי זעקס טויזנט יידן, היינט זיינען אפילו קיין טויזנט ניט געבליבן... אָט, איר זעט יענע גרויסע געביידע? דאָרטן איז געווען די שולע פון פראַנצויזישן „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל" און היינט וווינען דאָ די אַנטלאָפענע פון פּאַלעסטינע".

א, איך קען גוט יענע גרופע געביידעס, ווו די אליאנס שולע, די שטאלץ פון די יידן אין אָריענט, איז אַמאָל געווען. טויזנטער יידישע קינדער האָבן דאָרט געלערנט, איך געדענק אפילו דעם דירעקטאָר — א יידן פון לעמבערג, דר. ירחמיאל זילבערשטיין. ווו זיינען די קינ־דער איצט? ווו זיינען זייערע לערער? די שולע אין דמשק, כאָטש פון פראנצויזישן אייגנטום, איז פשוט אוועקגערויבט געוואָרן. די „אליאנס" שולע אין ביירות האָב איך נאָך נעכטן געזען אין די רואינען פון דער באָמבע, וואָס האָט מיט אייניקע יאָרן צוריק אויפגעריסן. אין ביירות אָבער בויט מען א נייע אליאנס־שולע מיט דער שטיצע פון דער לבנון רעגירונג, — אין דמשק מיט דעם פאַרביסענעם רעוואַנזש־געפיל האַלט מען נאָך אַלץ אין דער שולע די אַראַבער פליכטלינגען.

און איצט גייען מיר אריין אין דער איינציק געבליבענער יידישער גאַס. דאָס זיינען יידן — די פאַרחושכטע קופערשמידן מיט די רויטע פעזן אויף די קעפ, — די הענדלער און די קליינע קרעמערלעך מיט געווירצן און קרייטעכצער. אָט איז א זילבער־שמיד. ער פאַרקויפט מעסערלעך, פושקעלעך און קמיעות. פון אונטערן רויטן פעז קרייזלען זיך ווייסע פאות און א לאַנגע זילבער־באָרד ראַמט ארום א פאַרזאָרגטן פנים. דער וואַרשטאַט זיינער איז אָפן צו דער גאַס. פאַרהאַלט איך זיך אויף א ווייל און פרעג, וויפל עס קאָסט אָט דער זילבערנער קינזשאַל אין פאָרם פון א פיש מיט שופן. זאָגט ער מיר אין א געבראָכענעם פראַנצויזיש דעם פּרייז, איך באַצאָל אים ניט דינגענדיק זיך. קוקט ער מיך אָן מיט זיינע טרויעריק־יידישע אויגן, דאַנקט און קוקט ווייטער... עס גלוסט זיך אזוי עפּעס פרעגן, ווי עס לעבט זיך זיי, וואָס טראַכטן זיי צו טאָן, אָבער איך געדענק שוין, אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק. דאָס מאָל האָט יוסף זיך ניט באַקענט צו זיינע ברידער און ביז איצט דוכט זיך מיר, אַז איך האָב ניט גוט געטאָן, אַז איך האָב באַדאַרפט צוריקקומען אין דער דאָזיקער איינציקער לעבנס־געבליבענער יידן־גאַס שוין אָן דעם אַראַבער.

איז דאָך דמשק די איינציקע שטאָט אין דער וועלט ווו דער יידישער ישוב לעבט אומאונ־טערגעבראָכן אין משך פון מער ווי דריי טויזנט יאָר. זיינען דאָך דאָ פאַראַן — אויב מען האָט זיי ניט צעראַבירט — די עלטסטע האַנט־געשריבענע תנ"כן, די וואונדערבאַרסטע זילבערנע „כתרי תורה'ס", וועלכע איך געדענק נאָך פון מיינע פריערדיקע באַזוכן. און אַן אַלטער רב איז דאָ געווען — ר' אליעזר פרנוסי, וואָס האָט מיר מיט ציטערדיקע הענט געעפנט די שאַפע, ווו די אוצרות זיינען געווען באַהאַלטן.

אָט גייען מיר גראָד איצט פאַרביי יענע אַלטע שול, די טויערן זיינען געשלאָסן, דורך די שטאַכעטן זעט מען ניט קיין מענטשן.

און אזוי ווי ענטפערנדיק אויף מיין שטומער פראַגע, באַמערקט מיין אַראַבישער פירער: „אָט דאָ אין דער סינאַגאָגע איז בעת דעם לעצטן יידישן גרויסן יום־טוב, ווען זיי אַלע פאַסטן (געמיינט מסתם יום־כפור) געקומען אונדזער הערשער, גענעראַל שישאַקלי, מיט אַנדערע מי־ניסטאָרן און געווונטשן די יידן א גוטן יאָר. די שול איז דאַן געווען פול געפּאַקט. מען האָט דעם גענעראַלס רעדע „געבראָדקעסט" איבערן גאַנצן לאַנד. ער האָט געזאָגט, אַז סיריע באַ־

טראַכט אירע יידן אַלס גלייכע בירגער, אַז סיריע קעמפט נאָר קעגן די פרעמדע ציוניסטן, וואָס האָבן זיך אריינגעריסן אין דאָזיקן טייל פון דער אַראַבישער וועלט..."

איך רעאַגיר ניט אויפן דאָזיקן „שטיקל נייעס" פון מיין אַראַבער, אָבער דאָס נאָגעניש אין האַרצן הערט אַלץ נישט אויף. איך וואָלט אַזוי געוואָלט זיך טרעפן פערזענלעך מיטן ביסל יידן וואָס זיינען געבליבן אין דמשק... איך וואָלט געוואָלט וויסן וואָס עס הערט זיך מיט די יידן אין דער היסטאָרישער שטאָט אַלעפּאָ (חלב — אין דער יידישער געשיכטע), ווו ביז נישט לאַנג זיינען געווען מער ווי זיבן טויזנט נפשות, וועלכע האָבן פאַרמאָגט איינע פון די עלטסטע שולן און די שענסטע לעגענדעס וועגן באַזוך ביי זיי פון אליהו הנביא.

אָבער וועמען זאָל איך פרעגן, נישט ציענדיק אויף זיך נאָך מער פאַרדאַכט?...

סיי־ווי האָבן מיר זיך געפילט אין די גרענעצן פון סיריע ערגער ווי אין די אַלע איבעריקע אַראַבישע לענדער! א טיפּישע פּאָליציי־אישע דיקטאַטור מיט א היטלעריסטישער געהיים־פּאָליציי; א לאַנד מיט א צעטריבענעם פּאַרלאַמענט, מיט פונאַנדערגעלאָזטע פּאָליטישע פּאַרטייען, מיט ניט צופרידענע קריסטלעכע און דרוזישע מינדערהייטן. די לעצטע צוויי פּרעמיער־מיניסטאָרן זיינען געקוילעט געוואָרן דורכן רעזשים פון איצטיקן דריטן, וועלכער איז פאַרביטערט צוליב דער פאַרשפּילטער מלחמה מיט ישראל. דאָס לאַנד איז אָרעם, אין א קריזיס; די באַפעלקערונג האָט געווים פיינט איר איצטיקן רעזשים מער ווי זי האָט פיינט איר שכן אויף יענער זייט פון ים כנרת.

כאָטש איך האָב זיך שטאַרק געהיט פון אַלע חשדים בעת מיין סכנה׳דיקער רייזע דורך די דריי אַראַבישע לענדער, — האָב איך אָבער געדענקט, אַז נאָכאַמאָל ביי די איצטיקע אומ־שטענדן וועל איך שוין אַזאַ רייזע ניט מאַכן, און דעריבער דאַרף מען זען און פאַרצייכענען אַלץ, וואָס האָט אַן אינטערעס פאַר יידן.

אין דער ערשטער רייע האָב איך טאַקע געוואָלט זען ווי אַזוי עס קוקן אויס די „קעמפּס", אין וועלכע עס וווינען די אַראַבער, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון זייערע שטעט און דערפער בעת דער מלחמה מיט ישראל, און צווייטנס, כאַפּן א קוק, ווי ווייט עס לאָזט זיך, ווי אַזוי זעען אויס די סאָלדאַטן פון די לענדער, וואָס סטראַשען אַזוי אָפט מיט נקמה קעגן ישראל פאַרן פאַרשפּילטן קריג.

אין דער אמתן האָט דאָך מיר קיינער ניט געבעטן איך זאָל אונטערנעמען די דאָזיקע רייזע, — אַזוי ווי קיינער האָט ניט געבעטן די באַרג־קריכער הילאַרי און טענזינג צו דער־גרייכן דעם שפּיץ פון עווערעסט אָדער דעם אַמעריקאַנער פליער קוירנעל באַרנס צו שלאָגן דעם רעקאָרד פון שנעלקייט איבער זיבן הונדערט מייל א שעה. איך פאַרגלייך זיך ניט חלילה מיט די דאָזיקע ספּאָרט־העלדן פון וועלט־מאַסשטאַב, אָבער יעדע אַמביציעזע דערגרייכונג טראָגט אין זיך געפאַרן און אויך די זיסקייט פון מאָראַלישער באַפרידיקונג.

האָב איך דעריבער די גאַנצע צייט פון דער רייזע „הינטער דעם אַראַבישן פאָרהאַנג" גע־דענקט, אַז אויב איך וועל פון איר ארויס בשלום, מוז איך מיט זיך ברענגען עפּעס מער ווי גלאַט איינדרוקן....

יאָ, איך האָב געזען א באַדייטנדיקע צאָל פון די „קעמפּס" פאַר די אַראַבישע פּליטים, און איך האָב אויך געהאַט די געלעגנהייט צו זען און א ביסל אָפּשאַצן די מיליטערישע אַנטוויק־לונגען אין די לענדער, וווּ איך האָב דורכגערייזט.

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳פּאַסן זיך ניט אריין די אַלע דערמאָנטע אינפאָרמאַציעס אין דער דאָזיקער סעריע רייזע־באַשרייבונגען. זיי געהערן צו א סך אַן ענגערן און מער ספּעציאַליזירטן קרייז פון צוהערער.

אָבער, אויף וויפל דאָס וועט ניט שאַדן מיינע פריינטלעכע אַראַבער, וועלכע האָבן מיך ארומגעפירט און מיט מיר געשמועסט מיט דער אַבסאָלוטער זיכערקייט אַז איך בין ניט קיין ייד, נאָר אַן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט — וועל איך זיך מיט דאָס געזעענע אויך טיילן מיט מיינע לייענער.

דעם ערשטן אַראַבישן פּליטים־לאַגער האָב איך געזען אין דער רעפּובליק פון לבנון, אייניקע מייל ווייט פון ביירות.

ער איז באַשטאַנען פון אַרום צוויי הונדערט ציכטיק־געבויטע הילצערנע איינשטאָקיקע הייזלעך, וועלכע רינגלען אַרום אַ פּלאַץ, אין צענטער פון וועלכן עס שטייט אַ צוויי שטאָקיקע געביידע מיט קאָלומנעס. דאָס איז דער קולטורעלער און אַדמיניסטראַטיווער צענטער פון קעמפּ. דער דאָזיקער קעמפּ דערמאָנט שטאַרק די צאָלרייכע נייע „מושבים״, וועלכע ווערן געבויט אין ישראל פאַר די נייע עולים, וואָס גייען אַרויס פון די לייווענטענע „מעברות״.

אַרום „קעמפּ״ דרייען זיך אַרום מחנות אָפּגעריסענע קינדער מיט זייערע מאַמעס. אויפן זאַמד ליגן אויסגעלייגט אַראַבער אין שמוציקע לאַנגע העמדער, קוקן אויף דער זון און גענעצן.

ווען איך דריק אויס צו מיין פירער סיי מיין פאַרוואונדערונג ווי שיין דער „קעמפּ״ איז אויסגעבויט און ווי — ביי קאָנטראַסט — עס קוקן אַזוי נעבעכדיק אויס די פּליטים, באַקום איך אומדערוואַרטעט אַ לאַנגע און אויסשעפּנדיקע תשובה, אַרויסגעזאָגט מיט אַ סך ביטערניש, אָבער אויך מיט קענטעניש פון דעם לאַגער, אין וועלכן עס געפינען זיך די פּליטים אין לבנון:

„אָ, יאָ! איך האָב געוווּסט אַז דער דאָזיקער „קעמפּ״ וועט אייך געפעלן. דאָס איז דאָך אַ „מוסטער־קאָלאָניע״, ווו מען פירט אַלע אויסלענדער. פון די 140 טויזנט פּליטים, וואָס זיינען אַנגעלאָפן אין אונדזער קליינער רעפּובליק, וווינען דערווייל נאָר 10 טויזנט אין אַזעלכע דערטרעגלעכע באַדינגונגען, אָבער אַלע איבעריקע וואַלגערן זיך נאָך אַלץ אין געצעלטן, צו וועלכע מען פירט ניט קיין אויסלענדער. איך ווייס גאַרניט וואָס עס ווערט פון די פיל מי־ליאָנען דאָלאַרן, וועלכע מען גיט יעדן יאָר אויס אויף די פּליטים. זייט מיר מוחל, אָבער מיר דאַ האַלטן, אַז דער גרעסטער טייל ווערט צע׳גנב׳עט אָדער גלאַט פאַרטאַכלעוועט פון די יו־ען באַאַמטע בשותפות מיט די אָנפירער פון די פּאַלעסטינער אַנטלאָפענע. אונדזער רעפּובליק האָט קנאַפּ הנאה פון די סומען, וואָס קומען אַריין פאַר די פּליטים. אמת איז, אַז מיר גיבן זיי ניט קיין רעכט פון אַרבעט. נאָר אַזעלכע, וואָס קאָנען באַווייזן, אַז זיי זיינען געבוירן גע־וואָרן אָדער פריער געלעבט אין לבנון, באַקומען בירגערשאַפט און אַרבעטס־רעכט. אַזעלכע אָבער זיינען פאַראַן ניט מער ווי צען פּראָצענט. די אַלע איבעריקע לעבן פון קצבה. טעאָרע־טיש באַקומען זיי געניג שפּייז און קליידונג, ווי אויך אַ דאַך איבערן קאָפּ. פּאַקטיש אָבער זעט איר אַליין ווי זייער „קליידונג״ קוקט אויס און זיי האַלטן זיך אויך אין איין באַקלאָגן אויפן עסן. אגב, טוען זיי גאַרניט, — שוין כמעט פינף יאָר ווי זיי גייען אַרום פּוסט־און־פּאַסט, ווילן ניט אַרבעטן, — אפילו ניט בויען זייערע אייגענע וווינונגען, ווילן ניט פאַרריכטן די וועגן, ווערן דעמאָראַליזירט, פויל, וואַרטן אויף אַ נס, וואָס וועט זיי אומקערן צוריק קיין פּאַלעסטינע און צוריקגעבן זייערע אַלטע היימען. מיר אָבער דאַ ווייסן, אַז אויף אַזעלכע ניסים קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן. די באַפעלקערונג באַציט זיך מיט שנאה צו די ניי־אָנגעקו־מענע און וואָלט, פאַרשטייט זיך, געוווּנשן זיי זאָלן ערגעץ־ווו אַריבערגעפירט ווערן. אונדזער לאַנד איז אַ קליינס. מיר האָבן איינגאַנצן אַ מיליאָן מענטשן, צעטיילט גלייך אויף קריסטן און מוסולמענער, און אַ פּלוצלינגער צוגאָב פון אַרום פופצן פּראָצענט היימלאָזע און כמעט

אַלע מוסולמענער, צעשטערט די ווירטשאַפטלעכע און רעליגיעזע גלייכגעוויכט, וואָס האַלט זיך אַזוי אויך אויפן שאַרף פון אַ מעסער. און ביטע, אַלאַרמירט די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט־לעכע מיינונג, אַז די הונדערטער מיליאָנען, וואָס ווערן אויסגעגעבן אויף די פּליכטלינגע אין אַלע אַראַבישע לענדער, ברענגען נאָר צו דעמאָראַליזאַציע. קיין שום פּראָדוקטיווע רעזולטאַטן קאָן מען ניט דערוואַרטן, כל זמן די פּליטים וועלן ניט אַנטגילטיק ערגעץ־ווו באַזעצט ווערן און אָנהייבן אַרבעטן״.

מיין אַראַבער, — אַ מענטש מיט הויכער בילדונג, מיט פאַרשטענדעניש פאַר וועלט־פּראָבלעמען, — האָט נאָר אויסגעדריקט אין אַלגעמיינע שטריכן די מיינונגען, וואָס איך האָב שפּעטער געהערט אין סיריע און אין ירדן: די הונדערטער טויזנטער אַראַבישע פּליכטלינגע (140 טויזנט אין לבנון, 90 טויזנט אין סיריע, אַרום 200 טויזנט אין עזה־פּאַס אין מצרים, מער ווי 200 טויזנט אין ירדן און די איבעריקע אין איראַק און אַנדערע אַראַבישע לענדער), ווערן ניט אַריינגעגלידערט אין דער ווירטשאַפט פון די דאָזיקע לענדער, ווילן ניט אַרבעטן, באַפרידיקן זיך מיט דער „קצבה״, ווי קליין זי זאָל ניט זיין, וואָס בלייבט פון די מיליאָנען, וואָס „צעקריכן״ צווישן די הענט פון די פרעמדע פּאַרוואַלטער און אייגענע „קאָכלעפל״. דער אָריענטאַלער פּאַטאַליזם, וואָס וואַרט אויף אַ נס, אָדער אויף דער „צווייטער רונדע״ מיט ישראל, האָט פון די פּליטים געשאַפן אַ געפערלעך פּראָבלעם פאַר די לענדער, אין וועלכע זיי וווינען איצט. צו דער אויסערלעכער וועלט שרייען די אַראַבישע לענדער וועגן נויט און עלנט, וואָס הערשט צווישן די „קרבנות פון אַגרעסיוון ישראל״ און אַליין האַלטן זיי זייערע „אומ־גליקלעכע ברידער״ אין אַ לאַגע פון ניט־געוווּנטשענע אַריינדרינגער, גיבן זיי ניט קיין פּאָלי־טישע רעכט, קיין מעגלעכקייט צו אַרבעטן, קיין מאָראַלישע דערמוטיקונג אפילו... און די פּליכט־לינגע צאָלן זייערע „גאַסט־געבער״ מיט שנאה און מיט קנאה, און אפילו די פון זיי, וועל־כע האָבן געהאַט מיטלען פון פריער און זיך דעריבער געקאָנט איינאָרדענען אין די נייע לענדער, ריידן מיט שוים אויף די ליפּן וועגן דער עגאָאיסטישער באַציונג צו זיי מצד די אַלט־געזעסענע.

ווען מיר פאַרגלייכן די באַציאונג פון ישראל צו די הונדערטער טויזנטער ניי־אָנגעקומע־נע עולים פון דער גאַנצער וועלט; די פּרינציפּן פון גלייכע רעכט און גלייכע פּליכטן; די זאָרג וואָס גיכער זיי אַבסאָרבירן עקאָנאָמיש, קולטורעל און פּאָליטיש — פאַרשטייען מיר דעם אָפּגרונט, וואָס ליגט צווישן „יידישן הארץ״ און צווישן דעם אַראַבישן „מיטגעפיל״, וואָס באַהערשט די פירער פון די לענדער מיט אַזוי פיל פרייע שטחים, וועלכע קאָנען ניט געפינען קיין ווינקל און באַשעפטיקונג פאַר זייערע ברידער אין נויט — אפילו מיט דער הילף פון די הונדערטער מיליאָנען, וואָס די יו־ען אָרגאַנען גיבן אויס אויף דעם צוועק.

מיר פאַרברענגען דעם אָוונט אין דמשק אויפן דאַך פון אונדזער האָטעל, ווו אונטער די קלאַנגען פון פייפלעך און טאַמבורינען דרייט זיך ווי אַן עלאַסטישע שלאַנג, איינגעוויקלט אין זילבערנעם טיול, אַ שלאַנקע אַראַבישע טענצערין.

אין ווייכע נידעריקע שטולן זיצן דרימלדיקע פּאַרנעמע, באַבערדלטע אַראַבער אין פּאַר־ביקע אַבאַיעס און רויכערן „קאַליאַן״ דורך לאַנגע גומענע רערלעך, וואָס שטעקן אין גלעזערנע

וואזעס, ווו עס גליט מיט פייערלעך געמישטער טאבאק, וואס פארשפרייט א זיסלעך-כלאָ־ראָפאָרמירנדיקן רויך.

אויך איך קאָן ניט אָפּזאָגן דעם אַמעריקאַנער אראבער טאָני, וועלכער איז מיר מכבד מיט א „צי" פון אזא „קאַליאַן"-כלי, וועלכע א קאַפּע־דינער טראָגט מיר צו. געוויינלעך רויכער איך ניט אפילו קיין סיגארעטן, און דאָס איינאָטעמען פון באַטויבנדן „קאַליאַן"-רויך טראָגט מיר אריבער אין אראבישן גן־עדן פון חלומות. אונטן צווישן פּאַלמען פליסטערט דער טייך אַמנה — טאַקע דער זעלבער, וואָס שטראָמט ארויס פון אָט דעם באַרג אַנטקעגן, און טראָגט דעם זעלבן נאָמען — אמנה. אין אראביש רופט זיך דער טייך „גאָלדענער שטראָם". אין איי־נעם פון די שענסטע קאַפּיטלען פון שיר־השירים, ווו שלמה המלך באַזינגט דעם פּערפעקטן קערפּער פון זיין שולמית (קאַפּיטל ד'), ווענדט ער זיך צו איר:

„הנך יפה רעיתי... א, ווי שיין ביסטו, מיין געליבטע... פון לבנון ביסטו מיין כלה, מיט מיר פון לבנון וועסטו קומען, וועסט זיך אומקערן פון באַרג אמנה, פון די שפּיצן פון שניר און חרמון"...

און אָט די פּלעצער זיינען באַזונגען אין „שיר השירים". צו זיי האָבן זיך געטראָגן אויף פּאָעטישע פליגלען די פאַרגלייכונגען פון שלמה המלך אין זיין גרעסטן ליבע־טראַנס.

דאָ אונטן ביים טייך אמנה אין דמשק האָבן זיך געצויגן די וויטסטע גרעניצן פון ישראל אין די צייטן פון מלכות שלמה. ווייטער זיינען זיי קיינמאָל ניט געגאַנגען נאָכן צעשפּליטערן פון זיין אימפּעריע. ביז דאַנען האָבן נאָך געהערשט די געזעצן פון „שמיטה" און „תרומה", ווי עס איז דערמאָנט אין תלמוד.

אָבער ווען ניט מיין אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט און מיין באַהאַלטענע אידענטיטעט, וואָלט איך דאָ גאָר קיין רעכט ניט געהאַט צו זיצן און קוקן אויף דעם שפּיץ פון מיט דער לבנה־ליכט באַגאָסענעם שניי־באַרג חרמון, אויף זיין באַזונגענעם שטאָלצן שכן אמנה און אויפן טייך וואָס זינגט מיט דער שיינקייט פון שיר־השירים...

די אראבישע מוזיק, דער „קאַליאַן"-רויך, די טענצערין, וואָס פלאַנטשעט זיך אומנוי־טיק מיט דער שולמית פון שיר השירים, ברענגען מיך צוריק צו די ביבלישע צייטן און איך זע אויך פאַנטאַסטישע וויזיעס פון א צוקונפט, ווען יידן און אראבער וועלן ווידער קאָנען ברידערלעך זיצן אויף די דעכער פון דמשק און אויך פון תל־אביב...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מאָרגן גאַנץ פרי זיצן מיר שוין אין באַקוועמען אויטאָמאָביל, וועלכער וועט אונדז אין זיבן אָדער אכט שעה ברענגען פון דמשק קיין עמון, די הויפּטשטאָט פון קעניגרייך ירדן.

דער שאָפער רעדט ניט קיין וואָרט ענגליש און איך מוז דעריבער דעם דאָזיקן שווערן וועג זשאָנגלירן מיט דעם ביסל אראבישע ווערטער, וועלכע זיינען מיר פאַרבליבן פון א פרי־ערדיקן שטודיום. און צוזאַמען מיט מיין אראבישן שאָפער, וועלכער איז א סיריער, זיינען מיר געקומען צו דער מסקנא, אז עס איז גוט, ווען מען פאָרט ארויס וואָס שנעלער פון זיין דיקטאַטאָריש־פּאָליצייאישן פאָטערלאַנד.

אויפן גאַנצן וועג צווישן די אָרעמע סירישע שטעטלעך זיינען צעוואָרפן די פּליטים־קעמפּס פון די פּאַלעסטינער פליכטלינגע: פּאַלאַטקעס מיט מחנות קינדער, עלנטע אַראַבער, וואָס בלאָנקען ווי שאָטנס און טוען גאָרניט, וואַרטנדיק אויף דעם ביסל גרינס מיט געקעכץ, — נו, און די ניסים, וואָס וועלן שוין קיינמאָל ניט קומען.

און אויך אָפּגעריסענע באַרוועסע סאָלדאַטן מיט אַלטמאָדישע ביקסן באַגעגענען מיר. ווער האָט צוגעגנבעט זייערע שטיוול?

אייניקע מאָל ווערן קאָנטראָלירט אונדזערע פּאַספּאָרטן ביז מיר קומען צום גרעניץ־פּונקט. מיר דוכט זיך גאָר אָפּטמאָל, אַז די פּאָליציייאישע קאָנטראָליאָרן אויף די וועגן קאָנען קיים לעזן און ווילן גאָרניט אַזוי די פּאַספּאָרטן ווי דעם קליינעם „טרינק־געלט"־באַקשיש, וועלכן איך גיב זיי אַלעמען, זעענדיק, אַז אַזוי טוען אויך די פּאַסאַזשירן אין אַנדערע „קאַרס", וועלכע מע שטעלט אויך אָפּ.

ענדלעך דער גרעניץ־פּונקט צווישן סיריע און ירדן. דאָ שטייט א לאַנגע ליניע פון פּריוואַטע קאַרס, פון אויטאָבוסן און אפילו פון וועגענער געצויגן דורך קעמלען. שעהן־לאַנג דויערט די פּראָצעדור פון דורכלאָזן דורכן גרעניץ. נעבן מיר וואַרט אויך געדולדיק א רייכער כוחר פון פּאַקיסטאַן. ער האָט נאָר וואָס באַזוכט מעקאַ און איצט פאָרט ער זיך בוקן אין אָמאַר־מעטשעט פון אַלט־ירושלים.

אַליין איז ער א מאַכמעדאַנער פון דער איזמאַאיל־סעקטע, וועמענס פירער איז דער באַרימטער אַגאַ־כאַן. קלאָגט זיך דער פּאַקיסטאַנער, אַז צווישן די אָנהענגער פון אַגאַ־כאַן פאַלט דער צוטרוי צו דער מאָראַלישקייט פון זייער הויפּטלינג: „סיי ער און סיי זיין זון, — וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געגט מיט ריטאַ הייוואָרט, — גיבן א שלעכטן ביישפּיל פון זייער פירונג פאַר די גלויביקע. זיי הולטאַיעווען, לעבן אין לוקסוס, זיינען ניט מקפּיד מיט ווייבער... אָט איך, צום ביישפּיל, פיר מיט זיך מיינע צוויי ווייבער (ער ווייזט מיר דורכן פענסטער פון קאַר צוויי שוואַרץ־פאַרשלייערטע פרויען־פיגורן), ווייסן אַלע דאָס איך באַזיץ זיי געזעצלעך און דאָס איז מיינס. אָבער ביים אַגאַ־כאַן ווייס מען דאָך ניט וואָס איז אייגנס און וואָס איז פרעמדס"...

מיין פרוי קוקט נייגעריק אָן דעם באַשיידענעם פּאַקיסטאַנער, וואָס נעמט מיט צדה לדרך זיינעביידע פרויען. זינט נעכטן אָוונט, ווען איך האָב געריוויכערט „קאַליאַן" און געקוקט אויף דער טאַנצנדיקער אַראַבערין, מיינענדיק, אַז דאָס איז שולמית, איז מיין ווייב מיט מיר ניט צופרידן, און איצט געפעלט איר אויך ניט וואָס איך חבר זיך מיטן פּאַקיסטאַנער, וועלכער פירט אין קאַר צוויי ווייבער און מאַכט זיך נאָך פאַר א צדיק דערצו.

אוי, ווי פאָרט מען שוין ארויס פון סיריע און מען באַקומט א בעסערע שטימונג.

אַ, אַ, — מען רופט אויס מיין נאָמען. די פּעסער ווערן אונדז אָפּגעגעבן און מיר קאָנען ווייטער פאָרן...

אַפילו מיין סירישער שאָפער רייבט זיך די הענט פון נחת...

**א**ונדזער אויטאָמאָביל פאָרט אריין אין די גרעניצן פון טראַנסיאָרדאַן, אָדער ווי זי רופט זיך איצט, די קעניגרייך פון ירדן. עס באַגעגענען אונדז שמייכלענדיקע אַראַבער איז כאַקי־אוניפאָרמס מיט אַמאָליקע פּרייסישע העלמען אויף די קעפּ, — „פּיקעלהויבען", וואָס דער־מאָנען אָן די צייטן פון ווילהעלם דעם צווייטן.

דאָס איז די גרעניץ־פּאָליציי. זיי נעמען צו אונדזערע פּעסער און הייסן דעם אויטאָמאָביל־דרייווער אונדז צופירן צום ווייסן בנין, וווּ עס געפינט זיך די קאָנטראָל־ביוראָ.

אויך דאָ הערשט א לייכטערע אַטמאָספערע אין פאַרגלייך מיט דער פּאָליציי־קאַזאַרמישער שטימונג, וואָס האָט אונדז געשטיקט אין סיריע.

אָפיצירן ארומגעוויקלט די קעפּ מיט ראָז־ווייסע שאַלן, — די קעפיאַס, — בעטן זיך זעצן, זיינען מכבד מיט זיסער טיי און שטעלן איינציקע נים וויכטיקע פראַגן, ווי אויף אַלע גרעניצן פון דער וועלט. דער זעלבער אָפיציר, וואָס האָט אונדז דעם שטעמפּל געגעבן, — בעט זייער העפלעך די דערלויבעניש, מיר זאָלן אים מיטנעמען אין אונדזער קאַר ביז צו דער הויפּטשטאָט אַממאַן (רבת־עמון). די פּאָר שעה צוזאַמען האָבן מיר פאַרבראַכט אין דער גע־זעלשאַפט פון א געבילדעטן, גוט־אינפאָרמירטן מענטשן, וועלכער טראָגט זיין ירדן־אוניפאָרם און דער אַראַבישער קעפיאַ ארום זיין קאָפּ, — האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר אַן ענגלישן אָפיציר פון אַראַבישן לעגיאָן... אגב, איז טאַקע פשוט באַקוועם צו האָבן אין פראָנט פּלאַץ פון אייער קאַר אַזאַ פאַרשוין, וואָס באַשיצט אייך פון די צאָלרייכע פּאָליציאַנטן און סאָלדאַטן, מיט וועל־כע עס איז פול דער גאַנצער וועג ביז דער הויפּטשטאָט.

פאַרן מיטרייזנדיקן אָפיציר בין איך געווען א פריינטלעכער אַמעריקאַנער און נאָך א שריי־בער דערצו. איך האָב פונדעסטוועגן אויסגעמיטן צו באַרירן פּאָליטישע פראַגן, אָבער ער אַליין איז געווען אַזוי שטאָלץ מיט זיין אָנגעהעריקייט צו דער העלדישער גוואַרדיע פון גענעראַל דזשאַן גלאַב פּאַשאַ, — אַז ער האָט אויפגעהערט צו זיין פאָרזיכטיק, ווען מיר זיינען פאַרביי־געפאָרן די צאָלרייכע מיליטערישע לאַגערן פון אַראַבישן לעגיאָן און אונדז דערקלערט זאַכן, וואָס אַן אוניפאָרם־אָפיציר וואָלט מסתם ניט באַדאַרפט דערציילן אַן אַמעריקאַנער. מילא, האָב איך געהערט.

א ים מיט פּלאַטערנדיקע פאָנען אַנטדעקן זיך פּלוצלינג פאַר אונדזערע אויגן. א טריאומף טויער באַצירט מיט גרינס. סאָלדאַטן, אַלע געקליידט מיט די ראָז־ווייסע קעפיאַס אויף די קעפּ, זיינען אויסגעשטעלט לענגאויס דעם וועג, וועלכן מיר דאַרפן פאַרבייפאָרן.

אונדזער אָפיציר דערקלערט: „דאָס איז אונדזער גרעסטע מיליטער־באַזע מאפראג. באלד וועט קומען דער קעניג מיט די אָפיצירן פון שטאב אויפנעמען דעם פאראד. אין א פּאָר טעג ארום וועט דאָך פאָרקומען די קרוינונג פון קעניג, באזוכט ער איצטער די אַלע מיליטער־לאַגערן פון לעגיאָן".

ער האָט נאָך ניט געענדיקט רעדן, און א פּאָליציי־אָפיציר אין א „פּיקעל־הויבע" לויפט צו אונדז און הייסט שנעל אַראָפּפאָרן פונם שאָסיי, ווייל דער קעניג וועט באלד אָנפאָרן... מיר באווייזן קוים זיך צו פארנעמען אָן א זייט, — ווען עס דערהערן זיך טרומייטער סיגנאלן און יובל געשרייען. א „דזשיפּ" פאָרט אָן, באצירט מיט פאָנען, און אינמיטן שטייט א טונקל־הויטיקער יינגל מיט א נעבעך־אויסדרוק אויפן פּנים, — אָבער אין א גענעראלסקע אוניפאָרם מיט גאָלדענע עפּאָלעטן און א שאַרף איבערן פּלייצע. דאָס איז זיין מאיעסטעט קעניג הוסיין, וועלכער איז אכצן יאָר אלט, אָבער ער זעט אויס ווי א מיד, קרענקלעך יינגל פון א יאָר פערצן. (זיין טאטע, דער געוועזענער קעניג טאַלאַל, איז ניט לאנג פארשפּארט געוואָרן אין א משוגעים הויז און די מאמע היילט די נערוון אין א סאנאטאָריום אין דער שווייץ).

אויפן הינטערשטן זיץ־פּלאַץ פון דזשיפּ זיצט אָנגעטאָן אין כאקי און מיטן קעפיא אויפן קאָפּ אַן ענערגיש־אויסזעענדיקער ענגלענדער מיט צוגעשאַרענע גרויע וואָנצעס און א רויטן פּנים, — דאָס איז דער „אויסגעליענער" גענעראל דזשאָן גלאָב — דער בריטישער קאָמאנדיר פון אראבישן לעגיאָן. ביי זיין זייט זיצט אַן אראבער אין ציווילער קליידונג, אָבער מיט א קעפיא ארום קאָפּ, דאָס איז אנוואַר נוסי־בעי, דער פארטיידיקונגס מיניסטער. מיר זיינען באהאַלטן הינטער דיביימער, וואָס וואקסן ביים זייט פון שאָסיי און זעען קלאָר די גאנצע סצענע פון קעניגס דורכפאָר. וואָס עס וואַרפט זיך אין די אויגן איז די וואונדערלעך־גלייכע ליניע, וועלכע די סאָלדאטן פון לעגיאָן האבן פאָרמירט, ווען דער קעניג איז דורכגעפאָרן און די קלאסיש־ענגלישע טרענירונגס־דיסציפּלין, וועלכע מען זעט, ווען די סאָלדאטן מארשירן פארביי.

אויך עראָפּלאַנען פליען ארום איבער זייערע קעפּ; זיי הויבן זיך אויף פון דער נאָנטער פלי־באזע, דורך וועלכער מיר פאָרן שפּעטער דורך און ווו מען קאָן אָנציילן צענדליקער עראָפּלאַנען, — ענגליש־פּראָדוצירטע, פארשטייט זיך.

אונדזער אָפיציר פארגאַווערט זיך אַזש, ווען ער דערציילט אונדז וועגן די גבורות, וואָס דער לעגיאָן האָט באוויזן בעתן קריג מיט די „ציוניסטן" און ווי זיין גענעראל גלאָב־פּאשא האָט אויסגעשמידט א גוטע אַרמיי פון די פריער ווילדע, ניט געהאָרכזאמע טראנסיאָרדאַנער מדבר־סאָלדאטן. ליידער, ווייס איך, אַז דאָס איז אמת, אַז ווען ניט ענגלאנד וואָלט אין דעם טייל וועלט ניט געווען קיין אַרמיי־אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך בעסער געהאַלטן אין קאַמף קעגן ישראל, ווי אַלע איבעריקע זעקס פארבינדעטע. אָבער צי שמידט ניט ענגלאנד אויך דאָ א שווערד מיט וועלכער מען וועט איר שפּעטער שטעכן אין רוקן? גראָד ווען איך שרייב דידאָזיקע ווערטער ליגט אויף מיין טיש א נומער פון „ניו יאָרק טיימס", (דעם 24־טן יולי 1953), אין וועלכער עס איז באשריבן די פייערונג אין קאַירא, עגיפּטן, פון יאָרצייט פון גענעראל נאַגיבס רעוואָלוציע און אָט וואָס מיר לייענען דאָרט, צווישן אנדערע:

„פרעזידענט נאַגיב נעמט אויף דעם מיליטערישן פּאַראַד און איבער זיין קאָפּ פליען דזשעט עראָפּלאַנען און פיר־מאָטאָרנדיקע באָמבערס געבויט אין ענגלאַנד"....

און ווייטער:

„נאַגיב זאָגט: — אונדזער רעוואָלוציע איז ניט געווען אזוי שטאַרק געווענדעט קעגן קעניג פאַרוק ווי קעגן דעם גרויסן שונא אונדזערן, דעם אוזורפּאַטאָר, וועלכער אָקופּירט א טייל פון אונדזער טעריטאָריע, דעם קאַנאַל פון סועץ"... (געמיינט ענגלאַנד). קלער איך: א יונג קעניגל אין א גענעראַלס אוניפאָרם האָט א טבע צו וואַקסן — און ווער ווייס, צי דער זעלבער מלך הוסיין, וועלכער זיצט איצטער אין אן ענגלישן דזשיפּ, באַגלייט דורך אן ענגלישן גענעראַל, — וועט אמאָל ניט אָנהויבן ריידן דיזעלבע דיבורים קעגן ענגלאַנד, ווי זיין פאַרבינדעטער גענעראַל פון מצרים?... ווייזט אויס, אַז אפילו לעקציעס פון דער גאָר נאָענטער געשיכטע זיינען אויך ניט גענוג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן לאַנגן וועג ביז אמאַן האָבן מיר אָנגעציילט צוועלף פּאַלעסטינער פּליטים־לאַגערן. אַלע זיינען זיי געווען צוזאַמענגעשטעלט פון לייוונטענע געצעלטן און אַרום זיי איז ניט געווען קיין סימן פון אַנדערע געביידעס, אונטער קאָנסטרוקציע, וואָס זאָל עדות זאָגן, אַז דער דאָזיקער צושטאַנד פון צייטווייליקייט וועט געביטן ווערן בקרוב. אויך דאָ — די זעלבע עלנטע מאַסן מענער, פרויען און קינדער בלאָנדזשען אַרום ווי צילאָזע שאָטנס, ווי איך האָב זיי געזען אין לבנון און סיריע. און ווידעראַמאָל די פראַגע: אויף וואָס ווערן באַנוצט די הונדערטער מיליאָנען, וואָס די יו־ען אָרגאַנען גיבן אויס כדי צו אויפהאַלטן און רעהאַביליטירן די פּליכטלינגע. מען האַלט זיי מסתמא אויס, ווען ניט וואָלטן זיי דאָך געשטאָרבן פון הונגער, וואָס איז שייך אָבער שאַפן פאַר זיי פּערמאַנענטע באַשעפטיקונגען — פון דעם זעט מען אפילו קיין סימן ניט; ווייזט אויס, מ'שפּייזט זיי נאָך אַלץ מיטן אָריענטאַלישן פאַטאַליזם, אַז מען דאַרף וואַרטן און וואַרטן, — אויב מען דאַרף לאַנגע יאָרן — ביז מען וועט זיי אומקערן אין זייערע „אַלטע היימען" — אין חיפה, יפו, טבריה, א. א. וו.

די לאַגערן זיינען איצט אַלע באַצירט מיט נאַציאָנאַלע ירדן־פענער, ווייל אויך זיי האָט נאָר וואָס באַזוכט דער קעניג הוסיין אויף זיין וועג צום מיליטערישן פּאַראַד אין מאַפראַג.

און וואָס ער האָט זיי געזאָגט האָב איך געפונען אויף מאָרגן אין דער ספּעציעלער אראַבישער צייטונג פון דער הויפּט שטאָט אמאַן. אויף ווייט מיר איז באַוווסט, איז די דאָזיקע רעדע אין ערגעץ ניט דערמאָנט געוואָרן — איז טאַקע ווערט דעריבער איך זאָל אן אויסצוג פון איר דאָ ברענגען:

„איך וועל זיין טריי צו אייערע ליידן, ווייל איך בין איינער פון אייך. איך האָף, אַז מיר וועלן זיין ביכולת אומקערן אייך צוריק דאָס, וואָס איר האָט פאַרלאָרן און דורך דעם וועלן מיר פאַרייניקן אונדזער לאַנד".

מיט אנדערע ווערטער: די אראבישע פּאָליטיקער, וואָס האָבן אַנגעשריבן די רעדע פון יונגן קעניג, האָבן צוגעזאָגט די פּליטים אומקערן זיי צוריק די שטעט וואָס זיי האָבן פארלאָרן און דורך דעם פאריייניקן ביידע זייטן פון טייך ירדן — ישראל אריינגערעכנט. מען זאָגט ניט צו קיין רעכט די פּליטים און אויך ניט קיין פּלענער, ווי צו פארפעסטיקן זיי אויף די דאָזיקע פּרוכטבאַרע אָבער פּוסטע פעלדער, וווּ ס'איז גאָר קיין באַפעלקערונג ניטאָ. אַנשטאָט דעם שפּייזט מען זיי מיט חלומות וועגן דער צווייטער „רונדע" פון זעלבן „דזשיפּ" אין וועלכן ס'זיצט אויך דער ענגלישער גענעראל גלאָב פּאשא.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ענדלעך דערגרייכן מיר אמאן (רבת עמון פון תנ"ך). זי איז צעשאָטן אויף בערגלעך, קוקט אויס זייער מאָלעריש פונדערווייטן. עס איבעראַשט די גרויסע צאָל נייע, ווייס־געמוי־ערטע הייזלעך, ווי אויך רייען קראָמען מיט עסנווארג און פארשידענע גאלאנטעריי סחורות. סיי די הייזלעך, סיי די קראָמען, זיינען געבויט און געהערן צו די „פּאלעסטינער פּליכטלינ־גע", וועלכע האָבן פארמאָגט א ביסל מיטלען אָדער זיך ארויסגעארבעט אין די לעצטע פינף יאָר. ביז ישראל איז אויפגעשטאנען צום לעבן האָט אמאן געהאט ווייניקער ווי פופציק טויזנט איינוווינער, — איצט וווינען שוין אין שטאָט מער ווי צוויי הונדערט טויזנט מענטשן; דריי פערטל פון זיי — פּליכטלינגע. קיין יידן זיינען אין אמאָליקן טראנסיאָרדאניע קיינמאָל ניט געווען און היינט זיינען זיי געווים ניטאָ. אויך דאָ געפינט זיך א בפירושער פארבאָט: „פּערזאָנען פון יידישער ראַסע אָדער גלויבן קענען קיין ירדן ניט אריינקומען".

מוזן מיר — הייסט דאָס, — היטן גוט די ביינער....

מיר פארפאָרן אין איינציקן האָטעל אין שטאָט, וועלכער הייסט היימיש „פילאַדעלפיע", אָבער גאָר היימיש האָבן מיר זיך דאָרט ניט געפילט. כאָטש דער האָטעל איז ניט נאָר באַ־קוועם, נאָר אפילו מיט א נייגונג צו לוקסוס, — זע איך אָבער ניט אז אמעריקאַנער אָדער אנדערע טוריסטן זאָלן זיך איילן צו באַזוכן ירדנס הויפּטשטאָט. די פיינטלעכע באציאונגען מיט ישראל שלאָגן די טוריסטן־אינדוסטריע אין אַלע אראבישע לענדער.

אויך דאָ ווערן אונדזערע פּעסער גלייך אוועקגעטראָגן אין דער פּאָליציי, אָבער מען ברענגט זיי צוריק מיט א „הכשר" אין א שעה ארום. די שווערסטע אויפגאַבע ליגט פאר אונדז: מיר ווילן דאָך איצט פאָרן קיין אלט־ירושלים צום „כותל מערבי", — פון דאָרט פּלאַנעווען מיר אריבערצוגיין צופוס קיין ניי־ירושלים, — קיין ישראל הייסט עס. דאָס אַלץ קען געמאַכט ווערן נאָר אויב די אמעריקאַנער אמבאַסאַדע אין אמאַן טעלעפאָנירט איר קאָנסול אין ניי־ירושלים, ער זאָל אונדז העלפן דורכפירן די פאָרמאַליטעטן ביי די אראבער און אויך ביי די יידן. יאָ, — ביי די יידן, — ווייל כאָטש מיר האָבן באַהאַלטן ביי זיך די דערלויבעניש אריינצוגיין קיין ישראל, טאָרן מיר דאָך וועגן דעם אפילו קיין „פּיפּס" ניט טאָן, ווייל מיר געפינען זיך דאָ. מוזן מיר דעריבער בעטן דעם אמעריקאַנער קאָנסול אין ירושלים, ער זאָל זיין פאר אונדז א מליץ־יושר ביי דער רעגירונג פון בן־גוריון...

גייען מיר צו דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, וועלכע געפינט זיך אויף אַ באַרג. שפּרייזן מיר דורך פּריש־באַבויטע גאַסן, ווו עס מישן זיך אויף די טראָטואַרן ציגן און בעק צוזאַמען מיט די גוט־גוועלט־בייטערם און פעדלער, וועלכע האָבן דאָ איינגעוואַנדערט פון יענעם זייט ירדן. מען זעט, אַז די פּאַלעסטינער פליכטלינגע האָבן אין אַמאָן, וועלכע איז ניט לאַנג געווען נאָר אַ גרויס דאָרף, — אַריינגעטראָגן אַ נייעם אימפּעט, וואָס זיי האָבן געלערנט ביי זייערע אַמאָ־ליקע שכנים — די יידן פון ישראל.

אינמיטן שטאָט ליגט פאַרלאָזן, אָבער מאַיעסטעטיש אויפן רוקן פון אַ באַרג — דער אַלטער רוימישער אַמפיטעאַטער מיט זיינע טויזנטער פלעצער, מיטן מזבח אונטן — וועל־כער דערציילט וועגן צייטן און געשעענישן פון טויזנטער יאָרן צוריק. לעבן אַמפיטעאַטער — שוין אויבן אויפן באַרג —— שיינען אַרויס אַ רייע נייע געביידעס מיט אויפשריפטן אויף ענגליש און אַראַביש, וועלכע זאָגן עדות, אַז דאָס איז דער אַזוי גערופענער „פּאָינט־פאָר" פּראָ־גראַם, — די אַמעריקאַנער לאַבאָראַטאָריע פון הילף פאַר אָפּגעשטאַנענע לענדער. פונדאַנען גייען אַרויס די טעכניקער, די דאָקטוירים, די אינסטרוקטאָרן, וועלכע העלפן מיט בויען דעם פרידלעכן לעבן פון די פאַרלאָזענע געגנטן אין דער וועלט. דאָ בלאָזט טאַקע אַ ווינטל, וואָס זאָגט אָן צייטן פון שלום, וואָס גיט אַ האָפענונג, אַז פעלקער און שכנים וועלן ווידער בויען און שאַפן צוזאַמען. און וואָס זאָגט ער אָן דזשאָן גלאַב פּאַשאַן און זיין מיט ענגלישן געלט געשטיצטן „אַראַבישן לעגיאָן?".

דער פריינטלעכער אַמבאַסאַדאָר הערט אויס אונדזער בקשה וועגן אַריבערגיין אין ישראלס ירושלים. ער איז געניגנט דיפּלאָמאַטיש און פרעגט ניט אונדזער רעליגיע... אַ קורצער טעלעפאָן געשפּרעך מיטן קאָנסול ראָבערט פולער אין אַלט־ירושלים, אַ רעקאָמענדאַציע־בריוול מען זאָל פאַר אונדז אויספּועלן אַלע נויטיקע דערלויבענישן און — עס דוכט זיך —— אַז אויב קיין מכשול וועט ניט געשען — ליגט פאַר אונדז דער וועג אָפן קיין אַלט־ירושלים און פון דאָרט קיין ישראל.

מיר דינגען אַן אויטאָמאָביל, וועלכער דאַרף אונדז פירן אויפן זעלבן היסטאָרישן וועג, — אויף וועלכן יהושע האָט געפירט די יידן קיין ארץ ישראל.

הינטן ליגט דער מדבר, דורך וועלכן די צוועלף שבטים אונטער משהס פירונג האָבן זיך געשלעפּט פערציק יאָר.. איצט פאָרן מיר צווישן עמון און מואב אויפן וועג צום טייך ירדן און יריחו. דאָ, אויף דער פעטער ערד האָבן זיך באַזעצט ראובן, גד און האַלב מנשה. סצע־נעס פול מיט געשפּאַנטער דראַמע האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף די וועגן, דורך וועלכע מיר רייזן קיין ירושלים; דער תנ"ך לעבט אויף; דער שטורם פון דער שטאָט עי, דאָס פאַלן פון יריחו; עס קומען די גבעונים און גיבן זיך אונטער; נאָכדעם די קאָאַליציע פון פינף מלכים — פון חברון, ירושלים, ירמות, לכיש און עגלון, — זיי גייען קעגן יהושען. אָבער ער צע־קלאַפּט זיי און מאַרשירט ווייטער צום צוגעזאָגטן לאַנד.

דאָ ערגעץ־ווו, — אין גבעון — האָט זיך די זון אין הימל פאַרהאַלטן, כדי די בני ישראל זאָלן זיגן, — און איצט דערנענטער איך זיך צו די ווענט פון יריחו, וועלכע זיינען

איינגעזונקען געווארן. איך זאג ניט געפאלן, ווייל מיט א יאר צוריק האבן פראנצויזישע אר־כעאלאגן טיף־טיף געגראבן און די ווענט פון יריחו האבן זיך באוויזן....

דער שאפער פון אונדזער אויטאמאביל איז סינוארא בער, וועלכער האט געלעבט אין יפו, — געהאט דארט צוזאמען מיט זיין פאטער א ווארשטאט פון עלעקטרישע מכשירים ביז די מלחמה מיט ישראל איז געקומען. דערציילט ער זייער אינטערעסאנטע זאכן פון יענער פרילינג־נאכט אין 1948, ווען גאנץ יפו איז געשלאפן. און ווען פונדערווייטנס דערזעען מיר דעם העגנענדיקן הילצערנעם בריק איבערן ירדן, — הערן מיר אויך זיין דערציילונג, ווי אזוי יעדער ייד, יעדער יידיש מיידל, האט געהאט א ביקס און געשאסן, ווי אזוי די עלטסטע פון שטאט האבן געהייסן אלע אראבער פארלאזן יפו, צוזאגנדיק אז מען וועט זיך אין אייניקע טעג ארום אומקערן און פארנעמען ניט נאר די אלטע יפו, נאר אויך די נייע תל־אביב וועט זיי געהערן...

„פארשאלטן זאל ווערן יענע נאכט און פארשאלטן זאלן זיין יענע פירער אונדזערע, וואס האבן אונדז אזוי ביטער אפגענארט", — שרייט אויס אונדזער שאפער, און ער רעדט ווייטער:

„ווען מען זאל אונדז לאזן, וואלט איך נאך היינט צופוס געגאנגען צוריק קיין יפו, כאטש איך האב דא, אין אמאן, גאנץ פיין פרנסה.

„מ'לעבט צווישן שונאים; אונדז פליכטלינגע האט מען דא פיינט, א שיין ביסל בעסער האט זיך אונדז געלעבט אין דער אלטער היים צוזאמען מיט די יידן"...

די דאזיקע בענקעניש נאך דער „אלטער היים" האב איך שפעטער אין א פיל שטארקע־רער פארם באגעגנט ביי די אראבער אין אלט־ירושלים.

ניט שנאה, נאר בענקעניש.... און אפשר דא טאקע ליגן טיף באהאלטן די זוימען פון צוקונפטיקן שלום.

מיר דערנענטערן זיך צום ירדן. דאס וואסער דא איז אזוי שמאל און פלאך, אז איך באשליס זיך אויף א ראמאנטישן שריט: לאזן די קאר מיט מיין פרוי דורכפארן דעם הילצערנעם בריק און אליין דורכגיין דעם ירדן צופוס, מיט מיין שטעקן, ווי דער טאטע יעקב האט געטאן:

„במקלי עברתי את הירדן"...

**א** שטארק דורכגענעצטער בין איך ארויס פון די וואסערן פון טייך, וועלנדיק אויף זיך אליין אויספרובירן דעם טעם פון פסוק „במקלי עברתי את הירדן".

די אלענבי בריק, וואס האט נאך אמאל אפגעטיילט פאלעסטינע פון טראנסיארדאניע, איז אלץ ניט גאנץ פארריכט און זיינע ברעטער שאקלען זיך. דער אויטאמאביל מיט מיין פרוי איז לאנגזאם דורכגעפארן און זי האט אבסערווירט פון דער הויך, ווי איר מאן קלעטערט ארויס מיט דער הילף פון א שטעקן פון די פלאכע וואסערן און קלאמערט זיך אן די משופע־דיקע זייטן פון זאמדיקן ברעג, כדי צו דערגרייכן דעם אויטאמאביל.

אונדזער אראבישער שאפער האלט מסתם מיין גיין צופוס דורכן ירדן אלס אן אמעריקאנער עקסטראוואגאנץ, — איך אבער גיי מיט מיינע רעיונות צוריק צו די זיסע ווינטער־אוונטן אין חדר, ווען די מעשהלעך וועגן די אבות האבן אזוי טיף פארזייט אין מיר די זוי־מען, וועלכע גיבן איצט זייער פרוכטבארן שניט...

איצטער פארן מיר שוין אריין אין דעם טייל פאלעסטינע, וואס ירדן האט צוגענומען פאר זיך נאכן קריג פון יאר 1948, צוזאמען מיט אלט־ירושלים און מיט די כמעט אלע הייליקע פלעצער פאר קריסטן, מאכמעדאנער און יידן...

מיר דערנענטערן זיך צו יריחו. אויף ביידע זייטן פון זאמדיקן וועג ליגן צעווארפן צאל־רייכע פאלאטקעס, אין וועלכע עס לעבן די אראבישע פליטים. ניט דערפארנדיק צום שטעטל יריחו ציט צו מיין אויפמערקזאמקייט א לאנגע קייט פון גרינע פעלדער, זייער שיין קולטור־ווירט. עס וואקסן דא קאשע, טאמייטאס, ציבעלעס. נאך ווייטער ווערט די קולטיווירטע ערד בליענדער און גאנצע באנאנען וועלדלעך אין שכנות מיט אראנזשן־פרדסים וואקסן אויס אומדערווארט דארטן, ווו איך האב נאך מיט זעקס יאר צוריק, בעת איך בין די זעלבע פעלדער דורכגעפארן, געזען נאר ווילדן זאמדיקן מדבר.

מיין אינטעליגענטער שאפער, דער געוועזענער עלעקטראטעכניקער אין יפו, דערקלערט מיר מיט שטאלץ, אז אט דער גאנצער צעבליטער פלאץ פון צוויי טויזנט אקער איז דער רע־זולטאט פון דער אנגעשטרענגטער ארבעט אין משך פון די לעצטע פאר יאר פון איינעם מוסא־אל־אלאמי, — א בארימטער אדוואקאט אין ירושלים. ער האט געווארפן דעם לאזונג: „לאמיר נאכטאן די יידישע פיאנערן (חלוצים) אין עמק און אין נגב. אויב זיי האבן געקאנט — וועלן מיר אויך דערוווייזן צו גראבן און געפינען וואסער און מיט דעם פארוואנדלען דעם געזאלצענעם מדבר אין א פרוכטבארן לאנד... ער האט באקומען ארום דריי מיליאן דאלער

דורך דער אראבישער ליגע און מיט דער הילף פון טויזנטער און טויזנטער פליטים, וואס לעבן אין דער געגנט — זייער ביליק באצאלטע ארבעטער — האט מען דערגרייכט גלענצנדיקע רעזולטאטן. הונדערטער קליינע פארמס זיינען דא געשאפן געווארן פארן דורכשניטלעכן פרייז פון דריי טויזנט דאלער א הויז מיט אלע באקוועמלעכקייטן און פארן באדן, וואס איז גענוג צו שפייזן א פאמיליע".

זע איך טאקע דעם רעזולטאט פון אט דעם ביישפיל, וואס אראבער קענען באווייזן, ווען זיי באנוצן די עקשנות און ארבעטס־לוסט פון די יידישע חלוצים. הלוואי וואלט דער עקספערימענט פון אלאמי, ווי אזוי צו פארוואנדלען די זאמדן פון די מדבריות אין פרוכטבארע קאלאניעס — געדינט אלס א ביישפיל פאר די ארגאנען פון דער יונייטעד ניישאנס, וואס וואלטן געקאנט פארוואנדלען זייערע הונדערטער מיליאנען דאלארן אין קאנסטרוקטיווער הילף. גרויס און ווייט און ברייט זיינען די ניט באארבעטע און ניט באוווינטע שטחים אין די אראבישע לענדער. די קליינע ישראל קאן זיך דאך אין זיי באהאלטן. פארוואס טאקע ניט אויף אן אמת באזעצן אויף זיי די פליטים, באנוצנדיק אינטענסיווע אגראר־מעטאדן אנשטאט צו באנוצן די פליטים אלס צינדונגס־מאטעריאל פאר שנאה־פראפאגאנדע?

---

איר זעט די פאלמען־בוימער מיטן האטעל אינמיטן? דאס איז שוין דער הויפט־פלאץ פון נײַ־יריחו. — יענע אמאליקע יריחו פון חומש, וועמענס ווענט זיינען געפאלן, איז געלעגן דריי מייל ווייטער הינטער די זאמד־בערגלעך און הינטער דעם ברונעם. הײַם איך זיך פירן דארטן, ווייל איך האב ניט לאנג געלעזן אין א צייטונג, אז א פראנצויזישע ארכעאלאגישע עקספעדיציע האט מיט א יאר צוריק געמאכט דארטן עפעס גאר וואזשנע אנטדעקונגען. מיין שאפער מורמלט, אז דער וועג אהין איז ניט גוט; מיין ווייב איז ניט צופרידן, וואס מיר פארן אראפ פון הויפט־טראקט אין א ריכטונג צו אן אומבאוווסטן ווינקל... איך האב איר בעת אונדזער איצטיקער וואנדערונג איבער די וועגן פון יהושועס „אינוואזיע", דערמאנט די פארכאפנדיקע געשיכטעס וועגן די מרגלים, וואס מען האט געשיקט קיין יריחו, וועגן דעם ווי רחב הזונה האט זיי באהאלטן אין איר דירה אין שטאט־מויער, ווי זיי האבן אלץ אויסגעשפירט און שפעטער מיט רחבס הילף אנטלאפן צוריק אין ישראלס לאגער; ווי יריחו איז געווארן ארומגערינגלט און נאך זיבן טעג זיינען אירע ווענט געפאלן אונטערן קלאנג פון די שופרות א. א. וו.

די געגנט ארום איז אזוי ווי גארניט וואלט זיך געענדערט אין דער וועלט אין די לעצטע דריי טויזנט יאר. שטייען ביים ברונעם אונטערן בארג שלאנקע אראבערינס מיט פארדעקטע פנימער און געקליידט ווי אין די צייטן פון תנ"ך. אנדערע טראגן הויכע ליימענע קריג אויף די קעפ; אנדערע גיסן וואסער אין קרוג פון עמער, וואס מען ציט ארויס פון ברונעם. לאנגזאם לאזן זיך אראפ קעמלען אויף זייערע קני און פארשטויבטע אראבער טרינקען זיי אן פון לייוונטענע לאגלען וואסער. אט דוכט זיך, קומט באלד אן אליעזר דער קנעכט פון אברהם, און געפינט די יונגע כלה רבקה צווישן די שלאנקע פרויען נעבן ברונעם...

לאָז איך איבער מיין פרוי אין אויטאָמאָביל מיטן שאָפער און קריך „אויף אַלע פיר" אויפֿן זאַמדיקן באַרג, ווו די אויסגראָבונגען זיינען געמאַכט געוואָרן. דאָרט אויבן זע איך פֿאַר זיך א גרוב פון אַרום טויזנט קוואַדראַט פוס און א פּאָר הונדערט פוס טיף. און פון דער טיר־פעניש הויבן זיך די ווענט — איבערבלייבענישן פון די ווענט פון יריחו, — געבויט פון גוט אַרומגעהאַקטן שטיין און פאַרשטעלט (מסתם צוליב „קאַמופלאַזש") מיט ליימענע ציגל, וועל־כע זיינען אַרומגעמויערט אַרום די שטיינער. טרעפּ פירן ערגעץ־ווו פון די ווענט. זאָל דאָס זיין אין שטאָט, אָדער צו די איבערבלייבענישן פון די וווינונגען, וואָס זיינען געווען לויטן תנ"ך איינגעמויערט אין די ווענט? עטלעכע אַראַבער גראָבן נאָך אַלץ און אויף וויפל איך האָב געקענט פאַרשטיין פון זייערע ווערטער, געפינט מען דאָ פיל כלים פון ליים און לאָמפּן פאַר אייל־באַלויכטונג. אויך שפּיזן זיינען דאָ געפונען געוואָרן. אַלץ וואָס זיי גראָבן אויס ברענגען זיי אין אָפּיס פון דער עקספּעדיציע קיין ניי־יריחו.

איך האָב זיך א ביסל פאַרזאַמט אויפֿן באַרג און דערזע פּלוצלינג ווי עס לויפֿט צו מיר פאַרסאָפּעט מיין „דרייווער" און מאַכט מיט די הענט, רופנדיק אונטן, ווו אונדזער אויטאָ־מאָביל וואַרט. א דערשראָקענער הויב איך אָן צו שפּרינגען פון באַרג אַראָפּ און דערזע ווי א מחנה אַראַבער, מענער, פרויען און קינדער, רינגלען אַום אונדזער קאַר, רוקן אפילו די הענט דורך די אָפענע פענסטער; מיין פרוי שרייט צו מיר אין אַנגסטן איך זאָל וואָס גיכער קומען. און ווען איך שטופּ אָפּ א פּאָר אַראַבער און כאַפּ זיך אַריין אין קאַר, הער איך פון אַלע אַרום א געשריי: „באַקשיש!" גיב זיי, הייסט עס, דאָס געלט אָדער מתנות, אָדער דער טייוול ווייסט וואָס. מיין שאָפער זאָגט מיר אין ענגליש, אַז מען מוז גלייך זיך אָפּטראָגן, ווייל דער המון ווערט אויפגערעגט און קאָן נאָך דורכלעכערן די גומענע רעדער... אָבער ווי אַזוי רירט מען די מאַשין, אַז די אַראַבער רינגלען איר אַרום? פאַלט מיר איין א גליקלעכער גע־דאַנק: איך שטעק אַריין די האַנט אין קעשענע, טאַפּ דאָרטן אָן א הויפן קופּער מטבעות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פון אַלע לענדער, און איך גיב א שמייס אַרויס די מטבעות פון פענס־טער... אַזוי ווי דורך א כישוף האָבן זיך אַלע אַראַבער א וואָרף געטאָן אויפֿן זאַמד זוכן די מטבעות און אונדזער וועג איז פריי....

אָט זיינען מיר שוין אויפֿן הויפּט־וועג קיין ירושלים און מיין פרוי הויבט מיר אָן מאַכן פאָרווורפן, וואָס איך האָב זי אַליין געלאָזן צווישן די אַראַבער און זיך אַזוי לאַנג געזאַמט אויפֿן באַרג...

„איז וואָס מיינסטו, — גיב איך א זאָג מיט א שמייכל — איך בין דאָרט געווען מיט א וויזיט ביי רחב הזונה?"

„דאָס וואָלט געווען פאַר אונדז א גרויסער כבוד, — זאָגט מיין פרוי — דו האָסט דאָך מיר נאָר וואָס דערציילט, אַז לויטן תלמוד, האָט יהושוע אַליין חתונה געהאַט מיט רחבן, נאָכ־דעם ווי יריחו איז איינגענומען געוואָרן".

---

מיר דערנענטערן זיך צו ירושלים. שוין פאַרבייגעפאָרן דעם ים־המלח, ווו די פאַבריקן פון דער נאָוואָמייסקי־פּאָטאַש־קאָנצערסיע ליגן אין שאַרבנס. די טייערע מינעראַלן, וועלכע די

יידישע דערפינדערישקייט האט דערטראגן אין אלע עקן וועלט, ווערן דורך די אראבער דא — אין זייער טייל ניט ארויסגעצויגן פון וואסער.

און דא ליגט אין חורבות דער אמאל אזוי בארימטער און מאדערנער טאליא־האטעל, ווו בן־גוריון האט ליב געהאט צו רוען און ווו איך אליין האב פיין פארבראכט הארט ערב דער מלחמה, צוזאמען מיט מיין ליבן חבר — דעם בארימטן ישראל זשורנאליסט ש. יצחקי.

ווידער דרייען מיר זיך צווישן די זאמד־בערג ביז מיר קומען אין אפענעם טאל, און דאס הארץ גיט אזש א ריס פון בענקשאפט: דער מגדל־דוד באווייזט זיך אויפן בארג און נאכהער די גרוי־אלטע שטיינער, ווענט פון חומת ירושלים. אויף די ווענט גייען אויך איצט שומרים ארום, פרעמדע סאלדאטן... זיי קאנען ניט פארשטעלן דעם וועג פאר די וואנדערער, ווערענס הערצער קלאפן איצט אזוי האסטיק. א שפאס, מיר הויבן זיך אלץ העכער און העכער — אין הארץ פון ירושלים פארן מיר אריין — אין דער שטאט, וועמענס נאמען איז איינגעזאפט געווארן אין אונדזער בלוט מיט די ערשטע תפילות און לידער פון טאטן און מאמען, — נאך איידער מיר האבן באקומען דעם באוווסטזיין, אז א וועלט א גאנצע געפינט זיך הינטער די ווענט פון אונדזערע שטיבער. און איז דאס מעגלעך — וואס שיינט צו זיין אוממעגלעך — דאס איך און מיין פרוי זיינען איצט די איינציקע יידן אין אלט־ירושלים?

אט זעט מען שוין דעם הר־הבית מיטן אמאר־מעטשעט, אבער גלייך אויף דער צווייטער זייט עפנט זיך די ווונדערלעכע פאנאראמע פון ירושלים, וועלכע איז די הויפט־שטאט פון ישראל, פון די טורעמס דארטן און אזוי באקאנטע געביידעס דוכט זיך אזוי נאענט און דאך צעשיידט מיט א וואנט פון אויפגעברויזטער שנאה, מיספארשטענדענישן, אינטערנאציאנאלע אינטריגעס און טאקע מיט זעלנער און שטעכעדיקע דראטן אויך.

אויפן הר הצופים האלטן יואך די מאנומענטאלע געביידעס פון אוניווערסיטעט און הדסה־שפיטאל. דארטן זיצן יידישע סאלדאטן, אינמיטן פרעמדן לאנד. יעדע דריי וואכן ווערט דערלויבט צופירן שפייז צו זיי און אויך בייטן די זעלנער.

מיר פארפארן אין „אריענט האטעל" — דער בעסטער אין אלט־שטאט — ווו פאר זעקס דאלאר א טאג באקומען מיר צימערן שוין צוזאמען מיט שפייז. מען ווארנט אונדז אבער: אין דריי טעג ארום וועט דא קומען אלס גאסט דער קעניג הוסיין, — ווערט דאן דער האטעל אפ־געריניקט פון אלע טוריסטן. נו, — אין א פאר טעג ארום וועלן מיר איה"ש שוין זיין אויף יענער זייט און עס איז ניט צו דערווארטן, דאס דער מלך פון ירדן זאל דארט קומען.

איך האב א רעקאמענדאציע בריוו צו דער גרעסטער עקספארטן־און־טוריסטן־פירמע אין ירושלים, צו די ברידער אווידא. דער שרייבער פון בריוו איז א פריינט אין ניו־יארק, ניט קיין ייד. מוז איך אייך זאגן, דאס ווען מחמד אווידא האט דורכן טעלעפאן דער־הערט דאס איך באזיץ אזא רעקאמענדאציע, איז ער גלייך געקומען צו לויפן אין האטעל מיט זיין אויטאמאביל. פון איצט אן זיינען מיר שוין געווען זיינע געסט און ער איז געווען

אונדזער געטרייער וועגווייזער און באַשיצער. איך ווייס גאָר ניט, צי וואָלטן מיר באַזוכט דעם כותל־מערבי, אָדער דעם קבר־רחל אין בית לחם, ווען ניט די פּערזענלעכע באַגלייטונג פון איינעם פון די איינפלוסרייכסטע אַראַבער אין ירושלים.

פאַרשטייט זיך, אַז מאַכמעד אווידאַ האָט ניט חושד געווען אַז מיר זיינען יידן. דער אַמעריקאַנער גענעראַל, וועלכער האָט מיר רעקאָמענדירט, האָט וועגן דעם ניט געפונען פאַר נייטיק צו דערמאָנען. אָבער שוין דער פאַקט, וואָס דער גענעראַל געדענקט אים פון זיין וויזיט אין ירושלים, האָט געקיצלט אווידאַס שטאָלץ.

ער האָט אונדז איינגעלאַדן צו זיך אין הויז, אין געשעפט, ווו איך האָב זיך געטראָפן מיט פיל אַראַבער — פליכטלינגע פון יידישן ירושלים. איינער פון זיי — אַ קאָנטראָלער פון שטייערן — האָט זיך איינמאָל שטאַרק איינגעקוקט אין מיין געזיכט און אַ פרעג געטאָן: „צי האָב איך זיך ניט געטראָפן אַמאָל מיט אייך אין חיפה?" איך האָב אָבער גלייך רואיק געענטפערט: „לײדער ניין, — איך בין נאָך דאָרט קיינמאָל ניט געווען".

פון צייט צו צייט פלעגט זיך אַמאָל אָפּשטעלן אין גאַס אַ דורכגייער און מיר נאָכקוקן. מיין פרוי האָט מיר אפילו איינמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, דאָס יענער גייט אונדז נאָך און איך זאָל דעריבער זיך ניט אויסדרייען. אָבער אין אַ ווײלע אַרום האָב איך דעם נאָכשפּירער פאַרלאָרן פון די אויגן.

דער האָטעל, ווו מיר וווינען, געהערט צום אַראַבישן פּליט מאַרקאָס עססאַ, דערזעלבער וועלכער האָט אַמאָל געהאַט דעם פּאַנטילעס האָטעל אין יידישן ירושלים. קלאָגט ער זיך, אַז ניט נאָר די יידן האָבן ביי אים אַלץ צוגענומען נאָר אויך די באַרקליי־באַנק, וועלכע וויל אים ניט אויסצאָלן אין אַלט־ירושלים די אָפּשפּאָרונגען, וואָס ער האָט געמאַכט אַמאָל אין ניי־ירושלים.

אונדזער האָטעל — ווי אַלע אַנדערע האָטעלן אין ירושלים — האָבן פיל פּריװע צימערן. טוריסטן קומען ווייניק; פון די פּאָר הונדערט רוימישע גלחים, וואָס זיינען גראָד היינט געקומען אַלס פּילגרימער, קאָן מען קיין פּרנסה ניט האָבן; זיי וווינען אָן געלט אין די אַלטע קלויסטערס.

אַ ביסל נייע געשעפטן זיינען צוגעקומען אין קוואַרטאַל אַרום דעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט — דאָרט ביים גרעניץ מיט ניי־ירושלים.

דערפאַר אָבער איז די באַוועגונג אומגעווײנלעך געדיכט אין די באַרימטע געסלעך פון דער אַלט־שטאָט, אויף די וועגן וואָס פירן צום אָמאַר־מעטשעט און צום קבר פון ישוע הנוצרי.

דורך אַ טייל פון יענע גאַסן פלעגן מיר אַמאָל גיין צום כותל־מערבי, וווּיטער פלעגן זיך די וועגן צעטיילן: די יידן זיינען געגאַנגען רעכטס, די קריסטן לינקס און די מאַכמעדאַנער, ווי אויך די טוריסטן, אויבן צום מעטשעט פון אָמאַר.

איצטער זיינען, ווי געזאָגט, קיין סך טוריסטן ניטאָ. אָבער דערפאַר איז דער קליינער שטח פון אַלט־שטאָט פול מיט אַראַבישע פּליטים, וועלכע פּעדלען, בעטלען, האַנדלען מיט בשמים און זיסקייטן און דרייען זיך גלאַט אָן אַ ציל.

ווען איך גיי דורך די שמאָלע געסלעך, ווו עס האָט אַמאָל געוווינט די פרומע יידישע אָרעמקייט — בלוטיקט מיין האַרץ, ווען איך זע ווי טיפע צייכנס פון אַמאָליקע גרויסע מזוזות זעען זיך אַרויס ביים אַריינגאַנג צו הייזער. אַזוי ווי אַ גליד וואָלט אַרויסגעריסן געוואָרן פון קערפּער מיט זיין פלייש, אַזוי דוכט זיך טריפן מיט בלוט די אויסאַקעס, וועלכע האָבן הונדער־טער יאָרן נאָכאַנאַנד געוווּנקען צו דער וועלט מיט דעם פילזאָגנדיקן צייכן „שדי".

מאָרגן הויבן מיר אָן אונדזער וואַנדערונג איבער די הייליקע פּלעצער פון אַלע דריי רעליגיעס. צו די קריסטלעכע און צו די מאַכמעדאַנער וועלן מיר זיך דערנענטערן אָן אַ געפיל פון מורא; אָבער מיט הונדערטער אויגן וועט מען נאָכקוקן דאָס פּאָרל, וואָס האָט פּלוצלינג אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס אין עפּעס אַ מאָנומענטאַלער שטיינערנער וואַנט, אָדער צו אַן איינזאַמען קבר אויפן וועג צו בית לחם... אפשר זיינען זיי גאָר יידן — אָט די נייגעריקע אַמע־ריקאַנער טוריסטן?

מאָרגן איז אונדזער גרויסער טאָג. מיר דערנענטערן זיך צום שפּיץ פון באַרג, אויף וועלכן מיר האָבן מיט אַזויפיל סכנות געקלעטערט.

איך געדענק דעם הייליקן ציטער, וואָס פלעגט מיר דורכנעמען בעת די פריערדיקע וויזיטן אין אַלט־ירושלים, נאָך דאָן, ווען א ייד האָט געמעגט גיין אומעטום, אויסער די גאַסן, וואָס פירן צום קבר פון נוצרי אויפן וועג, דורך וועלכן, לויט דער לעגענדע, ער האָט געטראָגן דעם צלם („וויאַ דאָלאָראָזאַ" — דער וועג פון ליידן).

איצטער איז מיין ציטער אין אַלט־ירושלים געווען א דאָפּלטער: טאָמער וועט עמיצער אַנטדעקן, אַז צום ערשטן מאָל אין פינף יאָר שפּרייזט איבער דער שטאָט פון דוד המלך איינער פון זיינע ווייטע אור־אייניקלעך...

אין אָוונט ערב דעם טאָג, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן פאַרן באַזוך אין די הייליקע פלעצער, האָב איך געהאַט א שטאַרקע איבערלעבעניש.

צו אונדז אין האָטעל איז געקומען מיין אַראַבישער גאַסט־געבער אַוויידאַ, כדי אונדז מיטצונעמען טרינקען קאַווע אין זיין הויז מיט זיין פאַמיליע. מיר האָבן פאַרבראַכט א שיי־נעם אָוונט אין א פריינטלעכער אַטמאָספערע פון געסט, וועלכע זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צוליב אונדזער כבוד. לויטן מאַכמעדאַנישן מנהג זיינען די פרויען ביים טיש ניט געזעסן, — אויסער מיין אייגענער פרוי. זיי האָבן געוואָלט וויסן וועגן אַמעריקאַנער לעבן. געשטעלט אפילו קיצלדיקע פראַגן, פאַרוואָס שטיצט אַזוי אַמעריקע די „ציוניסטישע מלוכה" און פאַרנאַכלע־סיקט די אַראַבער.

איינער פון די געסט, — אַן עלטערער אַראַבער מיט א גרוי בערדל און א גאָלד־באַצירטן רויטן פעז — איז מיר פאָרגעשטעלט געוואָרן אַלס אַן אַמאָליקער באַגלייטער און אַרויסהעל־פער פון באַרימטן ענגלישן קוירנעל־שפּיאָן לאָאורענס, וועמענס זכרון די אַראַבער ערן זייער שטאַרק.

זיין שאַרף אויג און אינטעליגענטער אופן פון שטעלן פראַגן האָבן מיר די גאַנצע צייט געצויגן צו זיין וואַכזאַם און גלייכצייטיק זיך באַנעמען פריי. ווייזט אויס, — איך האָב דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן, — ספּעציעל צוליב דעם, וואָס אַראַבער האָבן נאָך היינט ליב מען זאָל זיי דערציילן שפּאַנענדע מעשהלעך — און איך האָב דעריבער אָפּגעוווענדעט דעם שמועס פון דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט און אַוועקגעקירעוועט די צוהערער צו די דזשאַנגלס פון אַפריקע, צו די חיות און ווילדע מענטשן דאָרטן; צו די פאַקירן פון אינדיע און זייערע מופ־תים. איך האָב גערעדט אויף „טיש און בענק", און געבעטן אין האַרצן דעם אויבערשטן די דאָזיקע מאַטערניש זאָל זיך שוין וואָס שנעלער ענדיקן. אָבער דער בעל־הבית וויל מיך מכבד זיין מיט עפּעס אַזוינס, וואָס נאָר פון זיין הויז קאָן מען דאָס זען:

„קומט מיט מיר אויפן דאך וועל איך אייך ווייזן, ווי די יידן פייערן איצט אין זייער טייל ירושלים דעם נאציאנאלן יום־טוב. מיין הויז געפינט זיך דאך אויפן סאמע גרעניץ־פאס, און עס איז אויך דאס העכסטע הויז אין שטאט".

מיין פרוי זאגט זיך אפ מיך צו באגלייטן אונטערן אויסרייד, אז עס איז איר שווער צו קריכן אויף טרעפ, אבער איך שלעפ זיך נאכן אראבער אויף די געדרייטע, פינסטערע טרעפ, ווי א געפירטער אין געפאנגענשאפט. פון דאך עפענט זיך ווירקלעך א פארכישופט בילד פון דער טונקעלער סאמעט־נאכט, וואס וויקלט איין דאס שלאפיקע אלט־ירושלים מיט אירע שטיי־נערנע ווענט און שפיציקע טורעמס, אין קאנטראסט צו דעם העל־באלויכטענעם מיט עלעקטרי־שע פילפארביקע לאמפן און קאבעדיקן ניי־ירושלים. איך ווייס, פארשטייט זיך, פארוואס אונ־דזער ירושלים איז וואך אין דער דאזיקער שפעטער שעה. איך ווייס אויך די סיבה פארוואס גירליאנדן פון עלעקטרישע לעמפלעך באצירן די רעגירונגס־געביידעס, פארוואס ס'שפילט מו־זיק אין די גאסן און א פריילעכער טומל פון באוועגלעכע מאסן דערטראגט זיך דא צום פלא־טשיקן דאך, וואס ענגט אויף דער גרעניץ־ליניע: מארגן איז דער צוואנציקסטער אפריל, 1953, דער פינפטער „יום העצמאות", טאג פון זעלבסטשטענדיקייט פון מדינת ישראל. איז דארט דעריבער „אורה ושמחה וששון ליהודים". מיין הארץ צעגייט אזש פון שטאלץ און פון בענקשאפט און פון חשק צו זיין מיט זיי דארטן — טאנצן אין די גאסן פון ישראלס הויפט־שטאט און טרינקען פון זיסן יום־טובדיקן בעכער.

אנשטאט דעם הער איך די דערקלערונגען פון מיין אראבער:

„איר זעט דאס טאנצן אויף די שארבנס פון אראבישע לעבנס און פארמעגן. דאס איז זייער גרויסער יום־טוב, דער טאג, ווען זיי האבן אונדז פארטריבן פון אונדזערע היימען. די אווידא־פאמיליע האט געהאט 5 אזוינע הייזער אין פארשטאט קאטאמאן. אט זעען מיר ביידע די קאנטורן פון די הייזער דארטן. פון מיינע הייזער... זאגט אליין, וואס דארף איך פילן ווען איך זע מיין פארפרעמדט גוט יעדן טאג מיט מיינע אויגן. כאטש איך קאן זיך ניט קלאגן. אויך דא, ווי איר זעט, באזיצן מיר א פארמעגן, אבער גארניט אין פארגלייך מיט דעם, וואס מיר האבן געהאט אמאל. פונדעסטוועגן האלט איך ניט אלץ פאר פארפאלן. איר וועט זען, מען וועט נאך שלום ווערן ווידער מיט די יידן... איך גלויב ניט, דאס מלחמה וועט אנטשיידן די צוקונפט פון דאזיקן לאנד"...

אן אויפריכטיקן טאן דערהער איך אין אווידאס ווערטער, ווען ער קוקט מיט בענקשאפט אויף יענער זייט און אויף דער יידישער שמחה.

און איך קוק אראפ אונטן, און דערזע די שטעכעדיקע דראטן, וואס צערייסן דעם קערפער פון ביידע ירושלימס. א, וואלט איך שוין געוואלט זיין אויף יענער זייט, וואס איז דא אזוי נאענט און דאך אזוי ווייט פאר מיר. וועט זיך איינגעבן בשלום די דראטן איבערשטייגן און ניט פארוואונדעט ווערן? מיר האבן דאך פאר זיך א שווערערע אויפגאבע, ווי איבערשפרייזן די דראטן: מיר דארפן באקומען די דערלויבעניש דורכצוגיין לעגאל דעם „שער מאנדעלבוים",

און אויב מען זאָגט אונדז די דערלויבעניש אָפּ — און געגעבן דאַרף זי ווערן דורך די אַראַ־בער, די קאָמיסיע פון דער יו־ען און דורך ישראל — דאַן בלייבן מיר דאָך אין א פּאַסטקע, פון וועלכער איך ווייס גאָרנישט ווי וועלן מיר זיך אַרויסבאַקומען...

און איך קוק אַראָפּ אונטן, ווו ישראלס ערד הויבט זיך אָן, — און א ווילדער געדאַנק באַהערשט מיך פּלוצלונג: אפשר האָט מיך אַווירא ספּעציעל אַרויפגעפירט אויפן דאַך, ווייל ער ווייסט מיין סוד, דאָס איך בין א ייד — וועט ער מיך אַראָפּשליידערן אונטן. איין זאַך איז זיכער דאַן: צו „קבר ישראל" וועלן מיינע ביינער געווים קומען פון אזא פאַל...

אָבער ניין, — אַלץ איז כשר, — מיר גייען אַראָפּ צוריק אין סאַלאָן ווו מיין פרוי וואַרט אומרואיק, און מיר ווערן אויך אָפּגעפירט מיטן אויטאָמאָביל פון בעל־הבית צוריק צו די פינסטערע גאַסן פון דער אַלט־שטאָט, דורך וועלכע אין דער נאַכט־שטילקייט רייסט זיך דורך מוזיק פון די אָרקעסטערס, וואָס שפּילן אין ניי־ירושלים.

---

גאַנץ פרי שטייען מיר אויף, און באַגלייט פון זיין יונגן קוזין, וועלכן אַווידא האָט אונדז געשיקט ער זאָל אונדזער פירער זיין, גייען מיר אין דער ריכטונג צום הר־המוריה; אין דער זעלבער ריכטונג, אין וועלכער עס איז געגאַנגען אברהם אָבינו, ווען ער האָט געפירט זיין בן־יחיד יצחקן צו דער עקידה און דאָרט אויבן האָט זיך אים גאָט אַנטפּלעקט — און דאָרטן אויבן איז שפּעטער מיט יאָרן דער בית־המקדש געשטאַנען, — און צוויי מאָל פאַרברענט גע־וואָרן... שטייט דאָרט איצט, אויפן וואונדערבאַרן מיט זון־באַגאָסענעם שפּיץ פון באַרג, א הער־לעכער טעמפּל, דער מעטשעט פון אָמאַר, איינער פון די הייליקסטע ערטער פאַר די הונדערטער מיליאָנען מוסולמענער. שטראָמען פון אַלע עקן וועלט גלויביקע, וועלכע געפינען דאָ א טרייסט אין זייערע תפילות און א רו צו זייער אומרו... און צופוסנס פון אָט דעם באַרג געפינט זיך יענע מאַגנעטישע וואַנט, יענער זכר פון דער עזרה, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם בית־המקדש, צו וועלכער מיליאָנען יידן קוקן אַרויס מיט בענקשאַפט פון אַרבע פינות העולם, צו וועלכן הונדערטער טויזנטער זיינען אין משך פון לאַנגע דורות געקומען דורך ימים, מדבריות, דורך נענגטן פאַרפעסטעטע דורך חיות און דורך חיה'שע מענטשן.

שטייט אָבער יענע וואַנט — דער כותל מערבי — איצט איינזאַם, פאַריתומט; ניטאָ מער קיין צוטריט צו איר פאַר די קינדער פון ישראל. באַלד, באַלד וועלן צוויי פאַרווייניטע קינדער קומען צו דיר, — אָ, מאַמע שכינה, — וואָס שוועבט איבער דער פאַרלאָזענער וואַנט; באַלד וועלן זייערע קעפּ זיך באַהעפטן מיט די פאַרשמאַכטע שטיינער און — צוזאַמען וועלן מיר זיך פאַרשטיין.

אָבער דערווייל פירט אונדז דער אַראַבער איבער די מאַרמאָר־זאַלן פון אָמאַרס מעטשעט; ווייזט אונדז נענוי דעם פּלאַץ, ווו אברהם אָבינו האָט זיין זון געבראַכט; ווייזט אונדז דעם ריזיקן שטיין, אויף וועלכן די עקידה האָט געזאָלט פאַרקומען. הערן מיר דאָס אַלץ אויס מיט באַוואונדערונג, אַזוי ווי דעם ערשטן מאָל אין לעבן וואָלטן מען דאָס זיך דערוווּסט: איך וויל

שוין ניט מער איבערחזרן דעם פעלער, וואָס איך האָב געמאכט אין מעטשעט אָמאיאַד אין דמשק, ווו מיין „לומדות" האָט מיר שיעור ניט אומגעבראכט...

אויפן מינארעט, וואָס איז הויך־קינסטלעריש אויסגעוועבט פון ווייסן מארמאָר, באווייזט זיך א מוללא — קלינגט מיט א זילבערנעם גלעקל און זינגט אויס צו דער וועלט די „בשורה":

„אללאַ איל אללאַ, — מאַכאָמעד דעססויל אללאַ"...

(„גאָט איז גאָט און מאכמעד איז זיין נביא").

פאַלן אַלע גלויביקע — און אונדזער פירער בתוכם — אויפן הייסן אספאַלט פון טעמפל מיטן פנים צו די ריזיקע אייזערנע טירן פון מעטשעט.

נאָכדעם הויב איך אָן ניט דרייסט ריידן צו אונדזער יונגן פירער:

— „איך דערמאָן זיך, געלעזן אין צייטונגען, אז דאָ ערגעץ ווו געפינט זיך א וואנט, ווו מ'וויינט, — קענט איר אונדז דאָרט פירן?"

שמייכלט זיך אונדזער פירער ברייט פאַנאַנדער, ווי נאַאיוו מיר דריקן זיך אויס:

— „אָ, איר מיינט די „וויילינג וואָל", — ווו יידן וויינען. געוויינלעך פירן מיר דאָרטן ניט קיין טוריסטן, — אָבער איר זענט דאָך די פריינט פון מיין קוזין אווידאַ, וועל איך מאכן פאַר אייך אָן אויסנאַם"...

גייען מיר דאָס מאָל צום „כותל מערבי" דורך א וועג, דורך וועלכן יידן זיינען קיינמאָל ניט געגאַנגען. ער פירט אונדז דורך די טרעפּ, וואָס גייען פון הר־הבית אונטן. געוויינלעך פלעגט מען דערגרייכן דעם כותל דורך דעם לאנגן לאבירינט שמוציקע געסלעך פון אַלט־שטאָט. שוין דורך די שטאכעטן אויף די טרעפּ דערזעען מיר דעם כותל־מערבי. און מיר דערזעען אויך א באַנדע אראבישע יינגלעך, וואָס שפּילן פוטבאָל אויפן חצר ביים כותל. מיר גייען אראָפּ ווייטער און זעען נאָך אַלץ, ווי די פּילקע קלאַפּט זיך אָן אָן די הייליקע שטיינער און ווילדע יינגלעך ווי קאָזעם שפּרינגען איר אַנטקעגן און שיסן די פּילקע אויפן וואנט ארויף — אויף דער הייליקער וואנט.

זאָג איך צו מיין פרוי, אַזוי אז דער אראבער זאָל ניט הערן: „איצט דאַרף מען זיין שטארק, ניט וויינען אויפן חורבן און אויף דער שענדונג, וואָס מיר זעען. לאָמיר נאָר אראָפּגיין אונטן, לאָמיר אונדזערע קעפּ צודריקן צו די שטיינער, וועלן זיי ווערן קישנס פאַר אונדז — ווי זיי זיינען געוואָרן פאַר יעקב אָבינו, ווען ער האָט אויף אַזעלכע שטיינער אַנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אין יענעם שלאָף, ווען ער האָט געחלומט וועגן מלאָכים. לאָמיר אויך חלומען, אָבער טיף אין זיך, באַהאַלטן, כדי דער אראבער זאָל ניט זען".

אונדזער פירער לויפט דערוויילֿ פאָרויס, כדי אָפּצוראַמען דעם חצר פון די ייִנגלעך, וואָס שפּילן פוטבאָלֿ. שטעלֿ איך אָן געהעריק מײַן פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט און פאַראייביק די סצע־נע, ווי אונדזער הייליקייט ווערט פאַרשוועכט.

שרײַט צו זיי דער אַראַבער, שרײַען די ייִנגלעך צוריק. כאַפּט ער די פּילקע און שליי־דערט איר אַוועק אין א דערבײַיאיקן שמאָלן געסלֿ, לויפן נאָך די קינדער ראַטעווען זייער אייגנטום; גייען מיר דערוויילֿ צו צום „כותל מערבי" און לייגן צו די צעהיצטע קעפּ צו די קאַלטע שטיינער. מיט גרויס מי פאַרהאַלטן מיר די טרערן... די דאָזיקע באַמיאונג זעט זיך אַפילו אַרויס אויף דער פאָטאָגראַפיע, וועלכע עס מאַכט, קענגן איצטיקן געזעץ, אונדזער ליבנסווירדיקער פירער.

ניטאָ שוין מער אין די שפּאַלטן צווישן די שטיינער די טויזנטער פאַרגעלטע צעטעלעך, וועל־כע גלויביקע און ליידנדיקע ברידער אונדזערע פלעגן דאָ ברענגען, פאַרשטעקן אין וואַנט מיט זייערע פאַרנעצטע אויגן אין טרערן, טענות צום רבונו של עולם. איז דאָך דאָ דער דירעקטער טויער צום הימלֿ, דער קירצסטער וועג אויסצובעטן זיך געזונט, פרנסה, א בעסערן מזלֿ, א נרינגערן געמיט... און דורך אַלע יאָרן, און דורך אַלע גלותן האָבן זיך דאָ די תחנונים גע־גאָסן, ווי העליש פייער דורך געזאַלצענע טרערן־ים'ען. איצט — און דערוויילֿ — איז דער קוואַלֿ פאַרשטאָפּט; זײַנען די שטיינער פאַריתומט, אַזוי ווי אין די צייטן פון די „מסעי הצלב" — פון די קרייץ־צוגן, ווען די פאַנאַטיש־קריסטלעכע באַרבאַרן האָבן אין 1099 געשטורעמט ירושלים און פאַרברענט אַלע ייִדן (און קאַראַאימען) אין דער אַלטער שולֿ. אָבער דאָך האָבן זיך אַפילו נאָכדעם שטענדיק געפונען אייניקע ייִדן אין ירושלים. מײַן גרויסער פאָרגענגער רבי בנימין מטודעלאַ האָט דאָרט אין 12־טן יאָרהונדערט געפונען איין ייִדישע פאַרבער־פאַמיליע.

רבי יהודה הלוי, וועמענס האַרץ האָט ענדלעך געפונען איר אויסגעווייניטן און אויסגע־בענקטן תיקון („לבי במזרח ואנכי במערב"), איז דאָ געקומען נאָך זײַן צעבליטן לעבן אין שפּאַניע און האָט אויך אין ירושלים אייניקע ייִדן געפונען, געראַטעוועטע פון די שחיטות.

און איצט ווייסן מיר געננוי אַז קיין ייִד איז דאָ ניטאָ אויסער אונדז: אַז אויך מיר זײַ־נען דאָך פאַר די איצטיקע הערשער קיין ייִדן נישט.

אָבער דאָך... ווי סימבאָליש דאָס איז: דאָ ניט ווײַט בשכנות טאַנצן ישראלֿ קינדער אין די גאַסן אין טאָג פון זייער נאַציאָנאַלער גרעסטער שמחה; און אויף יענער זייט פון שטע־בעדיקן דראָט שטייען מיר ביים אייביקן „כותל־מערבי" און מיט אַלע חושים באַהעפטן מיר דעם פּלאַץ מיט כלל־ישראלֿ — זײַנען מיר ווי אַן עלעקטרישער שנור, וואָס פאַרבינדט ביידע ירושלימס, דורך וועלכן עס שטראָמט דער גרוס, דער רוף, די בענקשאַפט פון אַלע ברידער צו דער פאַראייניזאַמטער שכינה, וואָס שוועבט צווישן די פאַטעטישע שטיינער.

מיר הויבן זיך ווידער אַרויף אויף די טרעפּ, צוריק צום אָמאָר־מעטשעט. דורך די שטאַ־בעטן זעען מיר, ווי דער הויף פון כותלֿ ווערט ווידער אויסגעפילט דורך די ווילדע קינדער,

וועלכע שליידערן די פילקע אויף דער היליקער וואנט. ווען אונדזער יונגער אראבער שרייט צו זיי אויס דורך די שטאכעטן זיי זאלן דאס ניט טאן, לויפט פון אונטן א שטיין, נאכדעם א צווייטער. מיר שפרינגען קוים אפ, אבער די שטיינער, די נקמה פון די צעשפילטע קינדער, לויפן אונדז נאך...

„און איך בין דורכגעגאנגען פארביי דיר און געזען, ווי דו קייקלסט זיך אין דיין אייגע־נעם בלוט און געזאגט האב איך צו דיר: אין דיין בלוט וועסטו לעבן, אין דיין בלוט איז דיין לעבן".

איר זעט, די שטיינער פון כותל ווערן לעבעדיק, זיי ווערן געשליידערט העכער, העכער, צו דער ריכטונג פון „הר הבית"... און ווי יענע ביינער וואס יחזקאל הנביא האט געזען, אזוי זיינען די שטיינער, וואס מיר האבן געזען, אן אנזאג פון א נייעם פונדאמענט, וואס וועט גע־לייגט ווערן, ווען דער טאג וועט קומען, העכער ווי דער כותל־מערבי, אויפן פלאץ, וואס איז באשטימט און צוגעזאגט געווארן מקדמונים, אויפן הר־הבית.

שוין באזוכט דעם אָמאָר מעטשעט אויפן „הר הבית", שוין אויסגעוויינט דאָס האַרץ ביים כותל מערבי, — איצט מוזן מיר, — צוליבן ספּעציעלן כאַראַקטער פון אונדזער כמו אַגוסים־ראַלע אין אַראַבישן טייל פון ירושלים — אויך באַזוכן די קריסטלעכע הייליקע ערטער.

איך שרייב „מיר מוזן", ווייל אויב מיר וואָלטן דורכגעלאָזן דעם קבר פון ישו הנוצרי פון אונדזער באַזוך פּראָגראַם, וואָלט דאָס אַרויסגערופן חשד ביי אונדזערע אַראַבישע פריינט, די אַווייראַס, וועלכע האָבן אונדז מיטגעגעבן יעדעס מאָל אַ קרוב זייערן אַלס געניטן פירער איבער די הייליקע פּלעצער.

גייען מיר צום הייליקסטן פּלאַץ אין דער קריסטלעכער וועלט דורך די שמאָלע שטיינערנע זעק־געסלעך, וועלכע בילדן די „וויאַ־דאָלאָראָזאַ", דעם „וועג פון ליידן", דורך וועלכן לויטן „נייעם טעסטאַמענט" האָט געשפּרייזט דער נוצרי מיט דעם שווערן הילצערנעם צלם אויף די אַקסלען, ווערנדיק געשמיסן מיט ריטער דורך די רוימישע לעגיאָנערן. דורך דעם זעלבן וועג מיט גרויזאַמע ליידן דורכגעזאַפּט סיי פאַר מוסולמענער און סיי פאַר יידן האָבן מאַרשירט די קרייץ־ציגלער פון פריינקלין בוליאָן, פון באַלדווין און פון די אַנדערע פאַנאַטישע „באַ־פרייער פון קריסטוסעס קבר" פון עלפטן ביזן דרייצנטן יאָרהונדערט.

פאַר אונדזערן אַ יידן, וואָס האָט וועגן דעם געלייענט און אַפילו קינות געזאָגט אויפן אומ־קום פון הונדערטער יידישע קהילות בעתן בלוטיקן מאַרש פון די „קרייץ־ציגלער", ווערט אומהיימלעך דער דאָזיקער „שפּאַציר", אויף וועלכן איר באַגעגנט הונדערטער גלחים פון אַלע פּעלקער און קאָלירן קניענדיק און בוקנדיק זיך צו די ווינקלען, ווו לויט די צייכנס איז דער נוצרי געפאַלן אונטער דער משא פון צלם.

און אָט לאָזן מיר זיך אַראָפּ דורך שטיינערנע טרעפּלעך אין אַ קעלער געדיכט באַלויכטן מיט וואַקסענע ליכט. גלחים פון בישאָפן־ראַנג, בלישטשענדיק אין גאָלד פון זייערע קרוינען און אין זילבער פון זייערע קליידער, האַלטן דאָ די ערן־וואַך, צוועלף קריסטלעכע רעליגיעס שיקן דאָ שטענדיק זייערע העכסטע גייסטלעכע.

דאָ בלייבט שטיין אונדזער אַראַבישער פירער, ווייל אַלס מוסולמענער טאָר ער ניט דורכ־גיין צום „הייליקסטן אָרט" פון קריסטנטום.

אָבער מיר נידערן אַראָפּ די איינציקע טרעפּלעך, ווו די סימבאָלישע טרומנע שטייט אויף אַן אַלט־אַלטן ריזיקן ירושלים־שטיין...

אנטקעגן אונדז האלט וואך א געשטאלט, ווי פון אן אלטער איקאנע אראפגעגאנגען. דאס איז דער רוסישער מעטראפאליט היעראנים.

דער אראבישער פירער אונדזערער האט שוין פריער געזאגט, אז דער מעטראפאליט איז היינט דער ערן־וועכטער ביים קבר, צוליב דעם רוסישן קירכן־יום־טוב, וואס פאלט גראד איצט אויס. א פראצעסיע רוסישע גלחים, וואס זינגען א תפילה אין צערקווע־סלאוויש, דערנענטערט זיך צו די טרעפלעך און מיר זיינען גליקלעך, וואס מער ווי אייניקע סעקונדן קענען מיר דא ניט בלייבן, ווייל מיר דארפן מאכן פלאץ פאר אנדערע.

און שווער ווערט אונדזער געמיט, ווען מיר שטעלן זיך אפ ביים ארויסגאנג לעבן די דעמב־זילבערנע טרומנעס פון די בלוטיקסטע פירער פון די קרייץ־צוגן, די קעניגן באלדווין און בוליאן. מיר אטעמען קוים אפ ארויסגייענדיק אויפן שמאלן געסל! שווער איז די לופט מיט ווייוויך און מיט קאמפליצירטע היסטארישע חשבונות.

דאס געסל איז פול מיט אנטיק־געשעפטן, וו מען פארקויפט אויך הייליקע בילדער, צלמים, אלט געווער. און ווען מיר באטראכטן אזוי איינעם פון די שויפענסטער — גיט מיר פלוצלינג א שיין אין די אויגן א זילבערנע עטרה פון א ספר תורה אינמיטן די בילדער און די צלמים. דער קאנטראסט פון די נאר־וואס דורכגעלעבטע עמאציעס ביים נוצרים קבר מיט דעם זילבער־נעם יידישן הייליקטום איז געווען אזוי גרויס, אז איך האב זיך אפגעשטעלט אזוי ווי א צו־געשמידטער. מיין פרוי האט זיך לכתחילה ניט אריענטירט, פארוואס איך בין מיט אזא אימ־פעט אריינגעגאנגען אין אנטיק־געשעפט, אבער ווען איך האב איר שוין אינעווייניק א ווייז גע־טאן מיט א ווונק אויפן כתר, וועלכער איז געשטאנען אזוי פרעמד און פאריתומט צווישן אנ־דערע פרעמדע שכנים — האט זי פארשטאנען מיין אויפרעגונג. איך האב זיך אבער באלד גע־כאפט, אז די לאגע איז זייער דעליקאט און אויב איך וויל אויסקויפן א געפאנגענע תורה־קרוין פון פרעמדער געפענגעניש, מוז איך האנדלען מיט גרויס פארזיכטיקייט.

הויב איך אן דינגען א זיידענעם דמשק־שאל, אויסגענייט מיט דיקן זילבער און דאן גיב איך א פרעג אזוי ווי כלאחר יד, וואס איז דאס פאר א זילבער־קרוין וואס שטייט דא? ענטפערט דער אראבער, אז נאכדעם ווי די אלטע „יהודה סינאגאגע" איז פארברענט געווארן אין דער לעצטער מלחמה, האט מען אים געבראכט צו פארקויפן דאס דאזיקע יידישע הייליקייט.

פארשטייט איך שוין, אז דער כתר איז גערויבט געווארן פון דער „חורבה דר' יהודה החסיד"... נעם איך דעם כתר אין מיינע הענט, באמערק די אויפשריפטן: „שנת תק"ע, נדבה מר' שלמה בר' משה מלמברג". אבער איך דריי איבער די קרוין און פרוביר מכלומרשט לייע־נען די אותיות פון לינקס אויף רעכטס... לאכט דער אראבישער פארקויפער: „ניין, ניין, די אותיות לייענען זיך פון רעכטס אויף לינקס"...

זאג איך: „איך האב אין ניו יארק א שכן, א גרויסן רב, וואלט איך אים געוואלט דאס שטיקל זילבער ברענגען אלס מתנה פון אלט־ירושלים".

גיב איך אפ דעם כתר צוריק דעם פארקויפער, אזוי ווי איך וואלט שוין אינגאנצן ניט געווען פאראינטערעסירט.

זעט ער, אַז עס האַלט שמאָל מיט דער קניה, זאָגט ער:

„וואָלטן יידישע טוריסטן געקומען קיין ירושלים, קען מען אַזאַ זאַך גלייך פאַרצוקערן, אָבער אַזוי ווי קיין יידישע קונים זיינען איצט ניטאָ, וועל איך אייך דאָס שטיקל זילבער אָפּ־געבן פאַר 20 פונט (56 דאָלאַר)".

זאָגט מיין פרוי: „דו דאַרפסט משוגע ווערן אויסצוגעבן אַזויפיל געלט פאַר עפּעס א צע־בראָכן שטיקל זילבער נאָך מיט יידישע אותיות דערצו"...

רוף איך אָפּ אָן א זייט דעם אַראַבער און באָט אים אָן צען פונט, מער האָב איך ניט קיין געלט ביי זיך, — און ביי מיין פרוי וועל איך אפילו א שילינג דערויף ניט באַקומען...

בקיצור, דער אַראַבער קרעכצט און איז מסכים: אַן אַקט פון „פדיון שבויים" איז פאַר־געקומען אין אַלט־ירושלים, — און איצט איז דער טרויעריקער זכר פון דער הייליקער „חורבה" אין מיין באַזיץ, — ביז... בימינו בקרוב, ווען די שול וועט אויפגעריכט ווערן און יידן וועלן דאָרט ווידער דאַוונען, וועט די קרוין צוריקקומען אויף איינע פון אירע ספר־תורה'ס.

דעמזעלבן טאָג פאָרן מיר קיין בית־לחם, וועלכע ליגט אַרום 40 מינוט רייזע פון אַלט־ירו־שלים דורך א מאַלערישן וועג מיט אייליבערטן וועלדלעך, מיט הויכע בערג, פון וועלכע מען זעט אַזוי נאָענט און אַזוי קלאָר די יידישע ירושלים.

אייגנטלעך, בין איך גאָרניט געווען מחויב צו פאָרן צום פּלאַץ, וווּ דער נוצרי איז גע־בּאָרן געוואָרן, ווייל אונדזער „חוב" האָבן מיר שוין באַצאָלט דורכן באַזוכן די פּלעצער פון אַלע רעליגיעס אין ירושלים גופא. אָבער מיר האָבן געוואָלט זיין ביי רחלס קבר און ער שטייט דאָך אויפן וועג קיין בית־לחם. און איך האָב כאָטש א ווייטן קוק געוואָלט וואַרפן אויפן קבר פון מיין באָבען פרומע שאָשקעס, וועלכע איז באַגראָבן אויפן „הר הזיתים". אַמאָל פלעג איך איר קבר באַזוכן. האָט זי דאָך מיט אַזויפיל ליבע איבער מיין קינדערשן צוקאָפּנס געוואַכט, ווען איך בין חדשים לאַנג קראַנק געווען, און זי האָט געזונגען צו מיר און דערציילט האָט זי אַזוי שיין און געלערנט די מעשות פון אַמאָל און די געשיכטעס פון אונדזער צייט.

זי איז געווען פון די ערשטע „חובבי ציון" אין ביאַליסטאָק מיט אכציק יאָר צוריק, און געטריבן פון שאַרפער בענקשאַפט און ליבע צום הייליקן לאַנד, — האָט זי אויף דער עלטער אונדז אַלעמען פאַרלאָזן און דורכגעמאַכט איר שווערן וועג קיין ירושלים, וווּ זי האָט געלעבט און אויך באַגראָבן געוואָרן אויפן „הר הזיתים". אָט דאָרטן צווישן די טויזנטער־טויזנטער גאַנצע און צעבראָכענע מצבות, מיט וועלכע עס איז אַזוי ווי אויסגעבעט דער הייליקער באַרג, ליגן אונדזערע און אייערע זיידעס און באָבעס, וועלכע זיינען אין תפילות אויסגעגאַנגען און מיט דעם, דעם שווערן וועג געפלאַסטערט פאַר דער יונגער מלכות ישראל. זיי אָבער, — אונדזערע טייערע מתים — זיינען אין „גלות" געבליבן, אין אַראַבישן טייל פון ירושלים...

וואָג איך ניט אַרויסגיין פון אויטאָמאָביל און באַזוכן מיין באָבעס קבר, — אויב איך וועל אים נאָך געפינען א גאַנצן. אָבער א שטילער רוף טראָגט זיך פון מיר דאָרט צו די קברים־גאַסן:

„באַבע טייערע — ביסט ניט אַליין, — דיין אייניקל איז דאָ! און מיט דער צייט וועלן דאָ צוריקקומען נאָך און נאָך אייניקלעך און אור־אייניקלעך, וועלכע וועלן אייך ניט פאַרשעמען, וואָס איר האָט זיך געריסן ביים לעבן צום „ניט געזייטן לאַנד", צום וויסטן מדבר, נאָך איידער מיר האָבן אים אַלס אונדזער כלה פאַר'קנס'ט"....

על אם הדרך... דאָרטן ווו די וועגן צעשיידן זיך, געפינט זיך צווישן שטאָלצע ציפּריסן ביימער דער „קבר רחל". זינט מיר זיינען קינדער געווען איז דאָס בילד פון דער איינזאַמער ציגעלנער געביידע מיט די שמאָלע פענסטערלעך, מיטן אימפּאָזאַנטן קופּאָל, — איינגעקריצט אין אונדזער זכרון דורך בילדער און גראַווורן, וואָס האָבן די היימען פון טאַטעס באַצירט.

אויך צום דאָזיקן פּלאַץ פון רחמנות פלעגן שטראָמען דורות לאַנג הונדערטער טויזנטער יידן מיט זייערע ליידן און בענקשאַפטן.

איצט זיינען איך און מיין פרוי די איינציקע... ווייל כאָטש דער „קבר רחל" איז נאָמינאַל אַנערקענט פאַר א הייליקטום פון אַלע דריי רעליגיעס, — קומען אָבער ניט קיין קריסטן און מוסולמאַנער דאָ מיט תפילות אָדער באַזוכן; און יידן קומען ניט, ווייל מען האָט זיי באַרויבט פון דעם דאָזיקן שטיקל הייליקן ערד, ווי מ'האָט דאָס געטאָן מיט דער „מערת המכפלה" אין חברון און מיטן כותל־מערבי אין אַלט־ירושלים.

א קליינטשינקער מאַכמעדאַנישער מוללאַ מיט א לאַנגער ווייסער באָרד, מיט א טורבאַן אויפן קאָפּ און אין א לאַנגער „אבאַיע" ביז די פוס־טריט, — עפנט מיט א גרויסן שליסל די טיר צום קבר — און דער שליסל גרילצט ווי די אינגעווייד פון שלאָס וואָלט געווען פאַרזשאַווערט. מיר גייען אריין אין אוהל אליין. דער מוללאַ בלייבט אינדרויסן וואַרטן אויף אונדז.

דורך א פאַרזשאַווערטן ווענעציאַנער פענצטערל אויבן אויף דער מזרח־וואַנט, באַלויכט א פאַרגייענדיקע זון דעם אָרון־קודש מיט אָפּגעריסענע טירן. נישטאָ אין אים מער קיין ספרי־תורות, נאָר פון דער בלעכענער הינטערשטער וואַנט גיט א ברי, ווי מיט פייער דער אויפשריפט „יהוה", מער ניט... אָבער ער איז דאָך דאָ, דערזעלבער, וואָס האָט זיך באַוויזן צו משהן פון ברענענדן סנה, כאָטש מען האָט זיין תורה ערגעץ־ווו פאַרשלעפּט, כאָטש מען האָט זיין אָרון צעבראָכן און געשענדעט.

עס ברענט ניט מער דער נר־תמיד פאַרן אָרון־קודש; צעבראָכן איז דער גלעזערנער הענג־לאָמפּ און פאַרטריבן זיינען די צינדער פון דעם פייער.

אויף דער צווייטער וואַנט האָבן וואַנדאַלן פּרובירט אויסקראַצן די פּאָעטישע ווערטער: „קול ברמה נשמע, בכי תמרורים, רחל מבכה על בניה... על בניה ואיננו"... א שטימע שטורמט אין הימל, א ביטערער יאָמער הערט זיך פון דאָרטן; דאָס וויינט רחל אויף אירע קינדער און וויל זיך ניט טרייסטן, אויף אירע קינדער, וואָס זיינען שוין מער נישטאָ...

האַקנקרייצן שניידן זיך איין אין די ווערטער אויף דער וואַנט, אָבער עס האָט ניט גע־האָלפן; מען קען זיי נאָך לייענען; זיי שרייען נאָך אַלץ אַראָפּ געשענדעטע, אָבער מעכטיקע מיט דער אומגעוויינלעכער עקספּרעסיע פון זייער רוף און געוויין.

און אויף דער דריטער וואנט זיינען טיפע צעשטערונגען געמאכט געווארן אין דעם אויפ־שריפט, וואס מען האט דא מיט א הונדערט יאר צוריק אנגעשריבן לכבוד דעם באזוך פון ר׳ משה מאנטעפיארע, וועלכער האט דעם קבר געלאזט רעמאנטירן. געבליבן איז פון גאנצן אויפ־שריפט נאר דער נאמען פון גרויסן יידן און די ווערטער: „סימן של ימות המשיח״... און זאל יעדערער מאכן אליין זיינע אויספירן, וואס דארפן פילן צוויי פארוואגלטע יידן, וואס האבן פארבלאנדזשעט אינמיטן פון דער צארטער אינטימיטעט, וואס וויקלט איין די שאטנס ארום דער יונגער מאמע רחל, וואס איז געשטארבן אינמיטן וועג, פאריתומט אירע צוויי קינ־דער יוסף און בנימין און איר ליבנדן מאן יעקב.

זאגט דער מדרש רבה:

„יעקב אבינו האט דעריבער באגראבן זיין רחל אויפן אפרת־וועג, ווייל ער האט געזען בנבואה, אז שפעטערדיקע דורות ארויסגעטריבענע יידן וועלן דארפן דורכגיין דורך אט דעמ־זעלבן וועג. ער האט געוואלט, אז די מוטער רחל זאל בעטן רחמים פאר זיי ביים רבונו של עולם, ווי דער נביא זאגט: „א שטימע שטורמט אין הימל... א. א. וו.״....

און דער אויבערשטער טרייסט זי אזוי פאטערלעך צארט: „א, איך בעט דיך, וויין ניט מער, וויש אוים די טרערן פון דיינע אויגן... ווייל עס איז פאראן א האפענונג פאר דיין צו־קונפט... ווייל דיינע קינדער וועלן זיך אומקערן צו זייערע גרעניצן״...

אט דא ניט ווייט איבערן הר־הזיתים שטייען די שטעכיקע דראטן, וואס טיילן אפ די גרעניצן. רחלס קינדער קאנען דורך זיי דערווייל ניט דורכגיין. איז דער נר־תמיד פארלאשן — זיינען דעם נביאס פייערדיקע ווערטער געשענדעט דורך וואנדאלן.

און די לעצטע זונען שטראלן פון פארגעסנדן טאל רייסן זיך דורך דעם פענסטערל איבערן צעבראכענעם ארון־קודש און באלויכטן נאך אלץ די אויסגעקריצטע אויפן בלעך אותיות פון דעם שם, אזוי ווי זיי וואלטן זאגן: „אט אזוי ווי איך לעב אין די הערצער פון אלע וואס גלויבן — אט אזוי ווי איך האב געהאלטן מיין צוזאג צו אברהם, יצחק און יעקב, צו ברענגען זייערע קינדער צוריק צום צוגעזאגטן לאנד, — וועל איך אויך מיין צוזאג האלטן, — אז די קינדער זאלן צו זייערע גרעניצן קומען״...

שוין פינסטער איז אין ירושלים, ווען מיר קומען צוריק. נאך ניט אנגעצונדן די עלעק־טרישע לאמפן, און א קארגער סערפ פון דער לבנה באלויכט די קאנטורן פון די טורמס, די מאסיווע שטיינערנע ווענט ארום דער אייביקער שטאט. אלץ קוקט אוים, ווי עפעס פאנטאס־טישע זילבערנע סילועטן וואלטן זיך געלייגט אויף שווארצן סאמעט.

פון ווייטן זעט מען אילומינירט צוליבן יום־טוב דאס יידישע ירושלים, די טורמס פון רעגירונגס־הויז, דעם „קינג דעיוויד האטעל״...

וועלן מיר טאקע מארגן האבן די זכיה צו שפאצירן אין דיינע גאסן, — א, שטאט פון אונדזער בענקשאפט און שטרעבונג?

ביין — ווי לאַנג איך וועל לעבן וועל איך נישט פאַרגעסן די לעצטע שעהן וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין אַלט־ירושלים. פילנדיק אַז איך געזעגן זיך אויף לאַנג מיט דער שכינה, וואָס זינגט אַזוי שטיל און איינזאַם צווישן די טורעמס און צווישן די מויערן.

אַזאַ פילונג האָט איר געוויס געהאַט ווען איר האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן דער מאַמעס שטוב און איבערוואַנדערן דעם ים אין נייע וועלטן: די איינגעזונקענע חורבה, דער ליימענער אויוון, דער וואַנט־זייגער מיט די שווערע מעשענע „אָדוואַגעס" — זיינען אייך פּלוצלינג אַזוי אייגן און ליב געוואָרן, פּשוט נישט אָפּצורייסן זיך. אָבער דאָס זיינען נישט געווען די טויטע קעגנשטאַנדן וועלכע איר האָט באַוויינט, דאָס האָט זיך אייער האַרץ צוזאַמענגעקוועטשט צוליב דער אַלטיטשקער מאַמען, מיט וועלכער איר וועט זיך באַלד שיידן און, ווער ווייס, אפשר אויף אייביק...

זייער אומרואיק זיינען מיר געשלאָפן די לעצטע נאַכט אין אַראַבישן ירושלים — און נישט נאָר מיר אַליין: אויך אַלע אַראַבישע איינוווינער פון דער שטאָט האָבן אַ שלעכטע נאַכט פאַר־בראַכט. די סיבה איז געווען אַ שטאַרקע שיסעריי, וואָס האָט געהילכט אין די שטיינערנע גאַסן, פאַרוואונדעטע זיינען געפאַלן און אויך אַ ביסל טויטע... איר וועט זיך אפשר דערמאָנען, דאָס אין יענער נאַכט, פון 20־סטן אויפן 21סטן אַפּריל, 1953, האָט זיך אָנגעהויבן פון אַלע זייטן אַ שיסעריי איןביידע ירושלימס, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן מעת־לעת און געבראַכט אַ סך קרבנות. און מיט איניקע טעג פריער זיינען אויף די גאַסן, ווו די ירושלימס צעטיילן זיך געטויט געוואָרן דורך אַן אַראַבער אַ יונגער רב מיט זיין פאַמיליע...

דער פאַרוואַלטער פון האָטעל, צו וועמען די באַאומרואיקטע געסט ווענדן זיך מיט פראַגעס, וואָס די שיסעריי באַדייט, ענטפערט אויפגערעגט:

— די יידן באַשיסן ירושלים, טויטן אַלטע און קינדער, זאָל אַללאַ זיין מיט אונדז...

דעם אָוונט פאַר דער דאָזיקער אומרואיקער נאַכט בין איך געזעסן אין „לאָבי" פון מיין „אָריענט האָטעל" און געזופּט קאַווע. מיין פרוי האָט עפּעס אָנגעהויבן פילן ווייטיקן און גע־גאַנגען צו זיך אין צימער.

צוויי בעלגישע אָפיצירן, מיט אויפשריפטן אויפן אַקסל, וואָס ווייזן, אַז זיי זיינען מיט־גלידער פון דער „געמישטער מיליטערישער קאָמיסיע" וואָס באַוואַכט די גרענעצן, האָבן פאַר־נומען אַ שכנותדיקן טיש. האָבן מיר זיך פאַנאַנדערגערעדט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ביידע זיינען פון דער בעלגישער שטאָט גענט, ווו איך האָב שטודירט, און נאָך מער: זיי האָבן געלערנט אין זעלבן אַלטן אוניווערסיטעט אויף רי דע פּולאָן, ווו איך האָב יונגע

און שיינע יאָרן פאַרבראַכט. פאַרשטייט איר דאָך שוין, די געמיינזאַמקייט פון שטודיר־פּלאַץ, פון דער „אַלמאַ מאַטער", האָט אונדז שנעל באַפריינדעט. אין האָטעלכל פון אַלט־ירושלים האָבן פּלוצלינג אויפגעלעבט די גאַסן פון דער בלומען־שטאָט גענט, איר טויזנט יאָר אַלטע „שאַטאָ דע פלאַנדר", איר וווּנדערבאַרער שפּאַציר־אָרט פאַר דער ברוויזנדיקער יוגנט „פּלאַס ד'אַרם" און אַפילו די מיידלעך, וואָס איך האָב דאַן געקענט און היינט זיינען זיי שוין באַבעס געוואָרן... אַנשטאָט קאַווע טרינקען מיר שוין רויטן וויין און מען זינגט אַפילו צו „וויוו לעז עטודיאַן מאַ מער". און אינמיטן דער דאַזיקער אימפּראָוויזירטער שמחה גייט אריין עפּעס אַן אַראַבער אין אַ רויטן פעז, קוקט זיך אַרום אומרואיק און רופט אָן אַ זייט איינעם פון די אָפיצירן. פון אַראַבערס קרומער נאָז שרייט פּשוט אַראָפּ דער פאַקט, אַז ער איז אַ פּאָליציי־אַגענט. עפּעס שעפּטשעט ער צו דעם בעלגיער, מאַכנדיק לעבהאַפטע מיט די הענט. יע־נער ווערט ערנסט און רופט צו דעם צווייטן. דערנאָך גייען צו ביידע צו מיר און אַנטשולדיקן זיך וואָס זיי מוזן מיך פאַרלאָזן:

— עפּעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי אויף די גרעניצן פון דער שטאָט און מיר מוזן גיין זען וואָס עס קומט פאָר. אַגב, האָט אונדז דער אַראַבער געפרעגט, ווער איר זענט. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז איר זענט אַן אייגענער, אַ געוועזענער סטודענט אין אונדזער היימאַטס־שטאָט... איר האָט נישט וואָס מורא צו האָבן.

בלייב איך אַליין. דורך די פענסטער הערט זיך פון צייט צו צייט אַ טויבער קנאַל, אַזוי ווי אַ בייטש וואָלט געקנאַקט איבער די שטיינערנע פאַרקאַנעס.

ניין, קלער איך, מאָרגן וועט זיין שווער דורכצוגיין די גרעניץ, דורכן „מאַנדלבוים־טויער". און ווער ווייס, צי וועלן מיר בכלל שוין אומשטאַנד זיין דאָס צו טאָן, ווען אַזאַ שיסעריי האָט זיך אָנגעהויבן.

די ווייטיקן פון מיין פרוי ווערן נאָך שטאַרקער. איך טרייסט זיך אַפילו, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט די צעטרייסלטע נערוון, אָבער קיין רו גיט דאָס מיר נישט צו.

איך דערוואַרט זיך קוים דעם פרימאָרגן און גיי אַריבער צום אַמעריקאַנער קאָנסולאַט, וואָס געפינט זיך נאָענט צום האָטעל. דער אָפיס עפנט זיך זיבן אין דער פרי. דאָרט טרעף איך דעם אַראַבישן סעקרעטאַר פון קאָנסול, וועמען איך דערצייל, מיט אַ ביסל גוזמאות, אַז מיין ווייב פילט זיך זייער שלעכט און מיר מוזן דעריבער נאָך היינט זען דעם באַרימטן יידישן מאָגן־דאָקטאָר אין יידישן ירושלים. דער באַאַמטער פילט האַרציק מיט, טעלעפאָנירט גלייך צום קאָנסול אַליין, מיסטער ראָבערט פילער. יענער הייסט אונדז באַרואיקן, צוזאָגנדיק, אַז כאָטש די יידן האָבן, צוליבן יום־טוב, נאָך נישט צוגעשיקט די דערלויבעניש מיר זאָלן קאָנען דורכ־גיין דעם „שער מאַנדעלבוים", וועט ער אָבער אַליין גלייך פאָרן קיין ניי־ירושלים, כדי די דער־לויבעניש צוצואיילן. אויב מיר ווילן, וועט ער אַפילו באַשטעלן פאַר אונדז אַ וויזיט ביים פּראָפעסאָר זאָנדעק, דעם באַרימטן מאָגן־ספּעציאַליסט... אַגב לייגט דער קאָנסול פאָר, אַז צו־ליב דער וואַקסנדיקער אומרואיקייט אין שטאָט זאָלן מיר אונדזערע זאַכן גלייך אַריבערפירן אין אַמעריקאַנישן קאָנסולאַט, וווּ מיר וועלן זיך פילן זיכערער...

קומט ווידער דער טייערער אַראַבישער מאַכמעד אוויידאַ מיט זיין אויטאָמאָביל, מיר זעצן דאָרט אַריין מיין ווייב, וואָס קרעכצט אַ ביסל צו, מיר לייגן אַרויף אונדזער באַגאַזש און אין אַ מינוט אַרום זיינען מיר שוין אונטערן שוץ פון מעכטיקן אַמעריקאַנישן אָדלער, וואָס צע־שפּרייט זיינע פּאַרביקע פליגלען איבערן טויער פון קאָנסולאַט.

ווארטן מיר אַ שעה־צוויי, דער קאָנסול מיט דער דערלויבעניש קומט נאָך אַלץ נישט צוריק. פאַלט מיר איין אַ גליקלעכער געדאַנק. „צו וואָס זאָל איך וואַרטן אויף דער ישראל־דערלויבעניש? — אפשר ווען איך וועל זיי דערציילן, אַז איך מוז גלייך מיין ווייב ברענגען צו אַ דאָקטאָר, וועלן זיי מיך אַליין דורכלאָזן?״.

לאָכן די אַראַבער פון מיין נאַאיוויטעט.

— יאָ, איר קענט נישט די יידן... טאָמער וועט ביי זיי פעלן אַ פּינטעלע אויף אַ שטעמפּל וועלן זיי אייך נישט דורכלאָזן. זייערע הערצער זיינען פון שטיין, אפילו אין אָנבליק פון אַ קראַנקער פרוי...

אָרעמע יידן, רחמנים בני רחמנים, וואָס פאַר אַ שלעכטע „פּובליסיטי״ די אַראַבער מאַכן אייער געבוירענער גוטהאַרציקייט...

בקיצור, איך דערשרעק זיך נישט פאַר דער מעגלעכער ברוטאַליטעט פון די ישראלים, וועלכע, ווי די אַראַבער מיינען, איך קען אַזוי ווייניק, און בעט מען זאָל אונדז דאָך פירן צום גרענעץ־טויער.

און דאָ אַנטדעק איך אַ זאַך, וואָס איך האָב פריער נישט געוווסט: דער גרענעץ־פּאַס געפינט זיך טאַקע גלייך לעבן פאַרקאַן פון אַמעריקאַנער קאָנסולאַט.

מיין געפּעק ווערט אַריינגעטראָגן אין הילצערנעם ביידל, ווו עס זיצט די אַראַבישע גרע־נעץ־וואַך. אַ דיקער אָפיציר, וואָס רויכערט „קאַליאַן״, און אַ סאַרזשענט וואָס שרייבט עפּעס אויף אַ בויגן־פּאַפּיר, באַטראַכט אויפמערקזאַם אונדזערע פּעסער, שטעלט פעסט אַז מיר האָבן די נויטיקע שטעמפּלען פון דער פּאָליציי, וואָס דערלויבט אונדז אַריבערצוגיין די גרע־ניץ. עס פעלט אונדז אָבער דער צעטל מיט דער „ישראל־דערלויבעניש״. אָט יענעם צעטל האַלט מיין ווייב טיף פאַרשטעקט אין איר האַנט־בייטל. מיר האָבן אים נאָך באַקומען אין ניו יאָרק — אָבער אַרויסנעמען אים איצטער און ווייזן וואָלט געווען לעבנס־געפערלעך.

לייגט מיר דער אַראַבישער אָפיציר פאָר: „צוליב דער קראַנקהייט פון אייער פרוי וועל איך מאַכן פאַר אייך אַן אויסנאַם. לאָזט איבער דאָ ביי אונדז אייער פרוי מיטן באַגאַזש און גייט אַריבער דאָרט אַנטקעגן צו די יידן. אויב איר וועט זיי קענען איבערצייגן זיי זאָלן אייך דורכ־לאָזן אָן אַ דערלויבעניש, וועט איר קומען צוריק און מיר וועלן אייך העלפן אַריבערגיין״.

איר פאַרשטייט? פאַר מיר ליגט אַ שמאָלער שטיינערנער וועג, באַגאָסן מיט דער פרי־מאָרגן־זון. אויך דאָרט שטייט אַזאַ הילצערן הייזל, ווי אויף דער אַראַבישער זייט, אָבער עס פלאַטערט אויף דעם אַ ווייס־בלויע פאָן מיט אַ מגן־דוד. דאַרף איך דאָס אויף אַ „פּראָבע״ גיין,

פּרובירן ווייך מאַכן דאָס האַרץ פון די „אַכזרים" דאָרטן און קומען צוריק צו די אַראַבער מיט דער תשובה....

איך גיי... אַנטקעגן דער זון און אַנטקעגן דער ישראל־פֿאָן. פון וווייטן שטייען אייניקע יידישע אוניפאָרמירטע באַאַמטע און באַטראַכטן די אומגעווייגלעכע דערשיינונג, ווי א ציווילער מענטש, אָן געפּעק, גייט צו זיי פון דער אַראַבישער זייט אריבער.

לכתחילה דערפריי איך זיך: דער פּאָליציייאישער אָפיציר פון ישראל, וואָס שטייט דאָרטן, איז דער זעלבער מיט וועלכן איך האָב גערעדט טאַקע דאָ אויפן פּלאַץ מיט זעקס וואָכן צוריק. ווי איך האָב שוין פריער איינמאָל דערמאָנט בין איך דאָ, זייענדיק אין יידישן ירושלים, צוגעפאָרן צום „שער מאַנדעלבוים" און גערעדט מיטן פּאָליציי־אָפיציר, אַז אין פאַל אויב איך וועל אין אייניקע וואָכן ארום קומען צו אים פון דער אַראַבישער זייט, זאָל ער מיך דערקענען און קיין שוועריקייטן נישט מאַכן. איך האָב אים אויך דאַן געוויזן די שריפטלעכע דערלויבעניש, וועלכע גיט מיר דאָס רעכט אריבערצוגיין די ישראל־גרענעץ צו יעדער צייט.

דער פּאָליציי־אָפיציר, א פיינער „יאַט", אָבער א טיפּישער „יעקע", האָט מיך דאַן פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און געזאָגט: „איר זייט מסתם משוגע. ביז איצט האָט זיך נאָך נישט געטראָפן דער פאַל, אַז א ייד זאָל אָנקומען פון יענער זייט!" בעט איך אים דאָך, ער זאָל מיר גוט אָנקוקן. זאָגט ער:

— איך זע שוין גאָר גוט מיט וועמען איך האָב צו טאָן. איך וואָלט אייך געראָטן נעמען א וואַקיישאַן.

און איצט: עס שטייט פאַר מיר דער זעלבער פּאָליציי־אָפיציר. עפּעס דערקענט ער מיך יאָ, אָבער געדענקט נישט, ווו ער האָט מיך געזען.

דערמאָן איך אונדזער געשפּרעך מיט אייניקע וואָכן צוריק. כאַפּט זיך ביי אים ארויס:

—אָ, דער משוגענער! ניין, אַנטשולדיקט מיר, איך האָב געמיינט צו זאָגן דער משוגעדרייסטער... אַלזאָ איר האָט דאָך אייערס אויסגעפירט.

דערציייל איך אים, אַז די אַראַבער האָבן מיר געשיקט פרעגן, צי די יידן וועלן מיך אריינלאָזן. פון זייער זייט איז קיין מניעה נישטאָ. אַלזאָ?

— ניין, איך קען אייך נישט אריינלאָזן דורך דעם „שער" אָן א ספּעציעלער דערלויבעניש פון גענעראַל־שטאַב. אייער געווײנלעכע קאָנסולאַט דערלויבעניש איז נישט גענוג.

צינד איך זיך אַזש אָן פאַר כעס: — וואָס הייסט איר וועט אונדז לאָזן וואַרטן ביי די אַראַבער, מיך און מיין קראַנקער פרוי, ביז די פאָרמאַליטעטן וועלן דערלעדיקט ווערן? דערווייל

קענען נאָך יענע עפּעס זיך דערוויסן און חרטה־האָבן. ניין, מיר קומען צו אייך דאָ אָן אייער דערלויבעניש — און טוט מיט אונדז וואָס איר ווילט!

— איך וועל אייך מוזן אַרעסטירן ביז די דערלויבעניש וועט אָנקומען — ענטפערט קאַלט דער „יעקע״.

— איז וועט איר אַרעסטירן. בעסער זיצן אין אייער תפיסה איידער טרינקען קאַווע מיט די אַראַבער.

גיי איך צוריק, בלאַס פון אויפרעגונג. אַנטקעגן, לעבן זייער גרענעץ־הייזקע שטייען די אַראַבער און — מיין ווייב... זיי אַלע לייענען אַראָפּ פון מיין פּנים מסתם, וואָס עס קומט אין מיר פאָר. דער אַראַבישער אָפיציר גיט אַפילו אַ זאָג: „נו, איצט ווייסט איר שוין, וואָס די יידן זיינען?״...

עס ווילט זיך מיר אים ענטפערן: „יאָ, איצט און אויך פריער האָב איך געוווסט וואָס די יידן זיינען. און געבענטשט זאָל זיין יענער שטייפער יידישער אָפיציר וואָס היט אַזוי אייפער־דיק די גרענעצן, — די מויערן פון ירושלים, קיין שונאים זאָלן זיך דאָרט ניט אריינכאַפּן. וואָס ווייס ער דען פון מיר? אפשר בין איך פון שונא אונטערגעשיקט״... אָבער איך זאָג גאָר־ניט. מיט פאַרביסענע ליפּן נעם איך מיין „טשעמאָדאַן״ אין איין האַנט און מיין ווייב ביי דער אַנדערער. די אַראַבער העלפן גאַלאַנט טראָגן די איבעריקע פּעקלעך. אַנטקעגן גייען אַרום די פּאָר יידישע באַאַמטע פון גרענעץ־וואַך און נעמען איבער אונדזער געפּעק ווען מיר דערגרייכן די ליניע. דעם שווערסטן פּאַק טראָגט דער אָפיציר יעקע, פּאַרט אַ יידישער גזלן. מיר דאַנ־קען די אַראַבער און געזעגענען זיך מיט זיי. מיר דערגרייכן דעם סלופּ פון וועלכן ס׳הענגט אַראָפּ די בלוי־ווייסע פאָן פון ישראל. גאָט איז מיין עדות, מער האָב איך זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן. איך האָב איינגעוויקלט מיין געזיכט אין דעם לייוונט פון פאָן און זיך צעוויינט... די איבערגע־לעבטע טעג פון אָנשטרענגונג, בענקשאַפט, דער צער פון זיין אין פאַרפרעמדטן ירושלים, די נאָר וואָס איבערגעלעבטע אַנגסטן און די אומגעהויערע שמחה, וואָס ענדלעך בין איך אין ישראל — דאָס אַלץ האָט מיר אַ שטיק געטאָן ביים האַלדז און מיט הייסע טרערן האָב איך אויס־געוויינט מיין שמחה...

און מיין פרוי? זי זאָגט צו מיר: „ווייסט, מיינע וויטיקן זיינען אינגאַנצן אַריבער״... זי איז צעשטראַלט, שמייכלט. זאָג איך צו איר: „דאָס איז די לופט פון לאַנד וואָס מאַכט אַ קלוג אַ געזונט״...

אָבער מיר זיינען נאָך אונטער אַרעסט. דער אָפיציר טעלעפאָנירט דעם גענעראַל־שטאַב: „אַן אַמעריקאַנער, וואָס זאָגט, אַז ער איז אַ ייד, איז געקומען און וויל אַריבערגיין די גרענעץ״. הייסט מען אים וואַרטן. עס קומט אַ ציוויל־געקליידטער קאַפּיטאַן פון ישראל־שטאַב. ער איז אַן ערנסטער געלער בחור׳ל מיט זומער־שפּרענקעלעך און מיט קלוגע דורכדרינגלעכע בלויע אויגן. ער פרעגט מיר נאָר איין פראַגע:

„זייט איר דער שאַשקעס, וואָס פלעגט אמאָל שרייבן רייזע־ארטיקלען אין ווארשעווער „היינט"?

„יאָ, דער זעלבער"...

„איז פארשטיי איך שוין, פארוואָס איר זייט דער ערשטער ייד וואָס קומט פון „יענער" זייט! איר זייט דאָך אויך געווען דער ערשטער צו פליען פון ווארשע קיין תל־אביב. איך געדענק נאָך אייערע באשרייבונגען, ווען איך בין א ייִנגל געווען אין מיין טאטנס שטוב אין ראדזימין. איך בין משה ר. דער זון פון מילנער".

און — אָט זיינען מיר פריי אין די טומלדיקע גאסן פון אונדזער ירושלים. יידן מיט שטריימלעך און יונגנט אין קורצע הויזן, פּאָליציאנטן מיט העברעאישע אויפשריפטן אויפן קראגן. יידן, יידן... אָ, — געזונט און לעבן זאָלט איר, ברידער טייערע!...

אויף מאָרגן — אן אומפארגעסלעכער מיטיק מיטן פרעזידענט פון ישראל, יצחק בן־צבי, אין זיין אָפּרו־פּלאַץ, „דניאל" אין זכרון־יעקב.

עס זיצן אויך ארום טיש זיין דינאמישע פרוי רחל ינאית, זלמן שז"ר, מיין אלטער חבר דער מאָסקווער געזאנדטער שמואל אלישב און נאָך, און אנדערע... איך רייד שוין צוויי שעה. מיין פרוי, ווי אלע פרויען, מיינט אז איר רייד צו לאנג, — ווענדעט זי זיך צום פרעזי־דענט: „מיין מאן וועט אייך דאָך פארמאטערן מיט זיינע דערציילונגען און איר דארפט נאָך רו"..

און בן־צבי ענטפערט: „אָ ניין, — די דאָזיקע אראבישע „טויזנט און איין נאכט" געשיכטע וואָלט איך געקענט הערן נאָך צוויי שעה אויך"...

און איך, — ווי יעדער מאן, דערלעב א נקמה אין מיין העלדישער פרוי, מיטן פרעזידענטס כח...

עס איז שוין געווען שפעט פארנאכט, ווען אונדזער „פליענדיקע שיף" האט זיך, פליוכענדיק און שפריצנדיק מיט פאנטאנען וואסער ארום, פארהאלטן אין פארט פון אלעקסאנדריע אין מצרים.

דאס איז געווען אן ענגלישער הידראפלאן, וועלכער הויבט זיך אויף און לאזט זיך אראפ נאר אויפן וואסער.

איך בין אינגאנצן פארכאפט פון געדאנק, אז אט־אט „וואסערן" מיר אין א מצרישן פארט — און כאטש אין מיין אמעריקאנישן פאספארט געפינט זיך א לעגיטימע עגיפטישע וויזע, ווייס איך נאך אלץ ניט, צי האב איך גוט געטאן, וואס איך האב אויף זיך גענומען צו זיין דער ערשטער יידישער רייזנדער, און נאך זשורנאליסט דערצו, וואס וואגט שטעלן זיינע פיס אויף דער טעריטאריע פון א שונא פון ישראל.

ווען דער עגיפטישער קאנסול אין ניו־יארק האט מיט אזא לייכטקייט געשטעלט זיין שטעמפל אויף מיין פאס, איז ער אפשר געווען אונטערן איינדרוק פון דעם רעקאמענדאציע־בריוו פון אונדזער שטאטס־דעפארטאמענט און פארגעסן פרעגן, צי בין איך א ייד, אדער ניט.

צוליב פארזיכטיקייטס־טעמים האב איך מיין ישראל וויזע געבעטן שטעלן ניט אין פאס־פארט־ביכל נאר אויף א באזונדער בלעטל פאפיר, — און דעם דאזיקן געפערלעכן אין עגיפטן „שיר־המעלות" האב איך טיף פארשטעקט אין א קעשענע. דאך, — ניט קוקנדיק אויף אזעל־בע פארזיכטס־מיטלען, בין איך אלץ געווען נערוועז ווען דער מצרישער אפיציר אין אלעקסאנדריע האט אנגעהויבן אויסצופרעגן מיינע „פערסאנאליעס" און אזוי ווי דרך־אגב אויך א פרעג געטאן מיין רעליגיע.

„מאדאגאסקאריש" — ענטפער איך רואיק, ווי איך האב דאס שוין אמאל געטאן אין ווענעזועלא, — ווען דער האלב־אינדיאנער באאמטער איז פארקראכן מיט א שטיוול אין מיין הארצן אריין.

דער עגיפטישער אפיציר קוקט מיך שארף אן און פרעגט איבער נאכאמאל:

„מאדאגאסקאריש? קיינמאל ניט געהערט פון אזא רעליגיע. אין וואס באשטייט זי?"

איך ענטפער פרום און הכנעה'דיק:

„גאט דער אלמעכטיקער העלפט די צדיקים און שטראפט די רשעים. איז שטענדיק מיט אונדז און היט אונדזערע געגנ".

דער מצרי איז ווייזט אוים איבערצייגט מיט דער ערנסטקייט פון מיין טאָן און תשובה און שרייבט אריין אין פראגע־בויגן:

— „רעליגיע — מאדאגאסקאריש"......

פרייער אפּגעאָטעמט, ווען מען נעמט זיך זוכן אין די זאכן און פרעגן, וויפל געלט מען האָט אריינגעבראכט מיט זיך. דאָ זיינען שוין אַלע רעליגיעס גלייך. די שטרענגקייט איז אויסער־געוויינלעך און איך מוז פעסטשטעלן, אז דער געוועזענער גענעראל־גובערנאטאָר פון אוגאנדא, לאָרד לעטהער, ווערט נאָך שטרענגער רעווידירט ווי אנדערע פאסאשירן, ווייל עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער פירט מיט זיך א גרויסע סומע מצרישע פונטן, וועלכע ער האָט לכתחילה ניט דעקלאַרירט און מען האָט זיי געפונען אין איינעם פון די וואליזעס.

מיט מער ווי צוואנציק יאָר צוריק האָב איך באזוכט די האפן־שטאָט אלעקסאנדריע. איך בין דעמאָלט געווען יונג און די וועלט איז געווען יינגער.

איך געדענק ווי פריידיק איך האָב איינגעזאפּט אין זיך די פארביקע איינדרוקן פון מצרים, פון טייך נילוס, פון די פיראמידן. אָבער איצט, ווען מען איז שוין אזוי איבערגעגעסן מיט שטעט און מיט מענטשן, — זעט אונדזער וועלטל אוים אין אונדזערע אויגן, א היפש־ביסל אָפּ־געבליאקעוועט: מען איז געוואָרן „בלוי" ווי דער פראנצויז רופט דאָס, — איבערגעזעטיקט אויף פּראָסט יידיש. און דאָך — אימפּאָנירט מיר נאָך שטארק דער אריינפאָר אין אלעקסאנ־דריע — אין דאָזיקן „טויער קיין אפריקע" וועלכן אלכסנדר מוקדון האָט מיט דריטהאלבן טויזנט יאָר צוריק געגרינדעט בעת זיין טריאומף־מארש איבער פעלקער און לענדער.

דער גרויסער זיגער האָט דעמאָלט ביים לייגן דעם פונדאמענט פון דער פעסטונג געגעבן איר זיין איינענעם נאָמען און צוגעזאָגט פאר איר א גליקלעכע צוקונפט. און אלעקסאנדריע האָט די ברכה געטראָגן טויזנטער יאָרן און ווי א באנאנען־בלום זיך פונאנדערגעוואָקסן אין פילפארבי־קע רינגען פון ארכיטעקטור, פילאָזאָפיע, שיינע קונסט און האנדל.

נאָך לאנג פארן חורבן פון צווייטן בית־המקדש האָבן טויזנטער יידן געוווינט אין אלעק־סאנדריע, געניסענדיק דאָרט פולע גלייכבארעכטיקונג. געמיינזאמע מיליטער־קברים, וועלכע מען גראָבט איצט אוים פון יענע אלטע צייטן, זאָגן עדות וועגן דעם פארגאָסענעם בלוט און שווערע קרבנות, וואָס די ספּעציעלע יידישע גארניזאָנען האָבן אוועקגעלייגט, פארטיידיקנדיק די שיינע אלעקסאנדריע פון די בארבארן־האָרדעס, וועלכע האָבן זיך אהין געריסן אין ווילדן מארש פון אזיע און פון די טיפעניש פון אפריקע.

אָבער איצט בין איך ברוגז מיט מצרים, — וויל ניט און קען ניט געדענקען די כלה־יאָרן פון אונדזער אמאָליקער געמיינזאמער געשיכטע. ווי פריש ברענט נאָך מיין וווּנד, וואָס די איצ־טיקע מצרים האָט דאָס אָנגעפירט דעם מארש קעגן יונגן מלכות־ישראל.

ערשט נעכטן איז דאָס געווען, ווען דער נגב האָט געבלוטיקט פון מצרישן פאררעטערישן אָנפאל און עס האָבן דאָרט אויפגעפלאקערט די העלדישע פייערן, וועלכע האָבן געפירט צו דער

עלפטער מכה: די הרפה פון פאַלודזשאַ און דאָס שענדלעכע אַנטלויפן פון מלך פארוקס גוואַר־דיע, געיאָגט פון יידישע מיידלעך און יינגלעך, באַוואָפנטע מיט גלויבן און מוט. און אפשר איז טאַקע דאָס דער מאָטיוו, צוליב וועלכן איך געפין זיך אויפן באָדן פון מצרים, וואָס האָט דוכט זיך גאָרניט געלערנט און שוין אַלץ פאַרגעסן....

---

איך בין שוין אין האָטעל און וויל אויסנוצן מיין קורצן וויזיט אין אַלעקסאַנדריע, כדי צו געפינען אַ קאָנטאַקט מיט די יידן דאָרטן.

אמאָל האָב איך געוווּסט די אדרעסן: דאָס איז געווען אַ רב, אַ ביוראָ פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע, אַ קהילה־פאַרוואַלטונג. היינט האָב איך פשוט מורא זיך אָנצוהויבן. די ביוראָ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז שוין לאַנג געשלאָסן און נאָך פאַרבערנט דערצו, — און אויך דעם רב וויל איך ניט אויסשטעלן אויפן נסיון צו טרעפן זיך מיט אַן „אינטער־נאַציאָנאַלן" יידן.

האָב איך אָבער נאָך אַביסל מזל: איידער איך האָב פאַרלאָזן אַמעריקע האָב איך זיך אויסגערעדט פאַר רעדאַקציע־חברים, אַז איך וועל מעגלעך באַזוכן מצרים. רופט זיך אָפּ אונ־דזער רעדאַקציע־קאָלעגע משה דוכאָווני:

„אַז איר וועט זיין אין אַלעקסאַנדריע, — באַזוכט דאָרטן מיין שוועסטער. זי איז די פרוי פון אַ באַרימטן פיאַניסט און מען וועט אייך דאָרטן פיין אויפנעמען".

מיטן כוח פון אַזאַ רעקאָמענדאַציע פיל איך זיך באַרעכטיקט אויסצוגעפינען אין טעלעפאָן־בוך דעם נאָמען אַלבערט עליאַ.

גאַנצע פינף טעלעפאָן נומערן געפינען זיך אונטערן זעלבן נאָמען און אַלע געהערן זיי־אונדזער פריינט עליאַ.

איך טעלעפאָניר. עס נעמט אַ געוויסע צייט ביז איך קאָן אים איבערצייגן, אַז איך בין טאַקע דער חבר פון זיין שוואָגער אין ניו־יאָרקער „מאָרגן־זשורנאַל" און ניט קיין אונטערגע־שיקטער מרגל.

און ווייטער גייט שוין אַלץ גלאַטיק: מען דערפרייט זיך מיט מיר אין דעם רייכן, פריצישן הויז. עס גייען מיר אַנטקעגן דער געוויקסיקער פאַרנעמער מצרישער פינאַנציסט, — אַליין אַ ספרדי, — זיין פרוי, די קליינע בלאָנדע לאַנאַ, און זיינע דריי דערוואַקסענע זין.

אַביסל זיינען זיי אַלע איבעראַשט, וואָס אַ ייד פון דרויסן האָט קיין מורא ניט געהאַט אַריינפאָרן איצט קיין מצרים. פאַרשטייט זיך אַז איך בין געניט צוריקגעהאַלטן אין שטעלן פראַ־געס, ניט וועלנדיק אויסשטעלן מיינע גאַסט־געבער אויף אַן אומאָנגענעמער לאַגע פון ניט קענען געבן קיין תשובות.

איך ווייס, אז אלבערט עליא איז זייער אנגעזען אין די קרייזן פון דער עגיפּטישער רעגירונג. איך זע פאטאגראפיעס פון איצטיקע מיניסטארן, וועלכע זיינען ניט לאנג געווען געסט אויף דער חתונה פון זיין טאכטער. אבער איך ווייס אויך, אז ער איז ניט נאר א לאיאלער עגיפּטישער בירגער, נאר א געטרייער איבערגעגעבענער ייד. נאך מיט א פאר יאר צוריק איז ער געווען דער פארזיצער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין מצרים. ניט איצט, חלילה... אזא ארגאניזאציע איז גארנישטא.

„יא, ווען די ישראלים האבן געיאגט די מצרים, איז טאקע געווען געפערלעך פאר אונדז ארויסגיין אין גאס. זיינען מיר געזעסן וואכנלאנג אינדערהיים, הינטער די אייזערנע שטאכעטן פון גארטן. אבער איצט איז שוין אינגאנצן רואיק. קיינער אין אלעקסאנדריע איז ניט ארעסטירט. יידן האנדלען, ווי געוויינלעך און פארקערן פריינטלעך מיט זייערע מצרישע שכנים.

איר וועט זען, אז די לאגע אין קאירא איז אויך ניט שלעכט. די וואלקנס איבער אונדזערע הימלען ווערן פונאנדערגעיאגט.

פונדעסטוועגן באמערק איך פארט די פארזיכטיקייט, מיט וועלכע מיר פירן אונדזער געשפרעך: פון צייט צו צייט עפנט מען די טירן, צי הערט עמעצער ניט אונטער...

און מ. דוכאוונים שוועסטער, — די פרעכטיקע בלאנדע לאנא, וועלכע זעט נאך אויס פריש און יונג כאטש זי איז שוין א באבע, — שטימט איין צו פירן מיר איבער די שמאלע גאסן פון אלעקסאנדריע וווּ די יידישע ארעמקייט וווינט.

זי קווענקלט זיך אפילו פון אנהייב. זי זאגט, אז שוין מער ווי צוואנציק יאר איז זי ניט געווען אין די ארעמע יידישע קווארטאלן און ווער ווייס, צ מען קאן דארט דורכפארן מיט איר נייעם „קאדילאק”. אבער דאך לאזט זי זיך איבערעדן און מיר פארן לאנגזאם איבער די שמוציקע געסלעך, ווו די אלעקסאנדריער ארעמקייט וווינט.

מען קען דא גארניט אונטערשיידן צווישן ייד און אראבער. אלע אין רויטע פעזן, אין שמוציקע לאנגע העמדער; מען זיצט אויף די טראטוארן און מען רויכערט די לאנגע „ציביקעס” פון נארגילן, וועלכער פארטויבט דעם שכל און טראגט אריבער אין וועלטן ווו עס איז ניטא קיין אונטערשייד צווישן ארעם און רייך.

קינדער וואלגערן זיך אינמיטן גאס און עס איז ווירקלעך פאראן א געפאר אז אונדזערע רעדער זאלן צעקוועטשן א מענטשן און דעמאלט פארשטייט זיך, וועלן מיר שוין קיין לעבעדיקע פון דאנען ניט ארויסגיין.

איך באמערק א גרופּע עלטערע מענטשן אין רויטע פעזן, וואס זיצן אין א קאפע — זייערע געזיכטער זיינען איידעלער, ווי פון ארומיקן המון. איך רוף זיי צו און פרעג: „על־יאהוד?” ענטפערט איינער פון זיי אין העברעאיש:

„כן, כן, יהודי, שלום לך!”

פרעג איך אים אויס וועגן די אַרומיקע, זאָגט ער: איצט זיינען דאָ מערסטנסטייל מצרים. די יידן פאַרלאָזן מאַסנווייז דאָס לאַנד.

„און דיינע קינדער?"

„כמובן (פאַרשטייט זיך) זיי זיינען שוין ב״ה אין ישראל".

פאַרשעמט זיך אביסל מיין בלאָנדע גביר׳טע לאַנאַ. זי האָט מיר פריער געזאָגט, אַז די אָרעמע יידן דאָ אינטערעסירן זיך גאָרניט מיט ישראל. הערט זי די תשובות פון די אַנדערע יידן אין רויטע פעזן און צעריסענע העמדער... הערט זי אויך מיין ביטערע באַמערקונג: „די יידישע גבירים זיינען גאָרניט ווערט צו געהערן צום זעלבן פאָלק מיט די דאָזיקע טייערע האַלב־הונגעריקע פאָלקס־מענטשן".

איז דען ניט אַזוי געווען די מעשה אין די צייטן, ווען עזרא און נחמיה האָבן געזאַמלט די שארית הפליטה צוריק פון גלות בבל?

די רייכע האָבן זיך באַהאַלטן הינטערן „שוץ" פון אייזערנע שטאַכעטן און שטאַבעס גאָלד.

און די אָרעמע האָבן עולה געווען און געבויט די „חומות ירושלים".

*  *

*

איך בין געפלויגן פון אַלעקסאַנדריע קיין קאַיראָ אין אַ קליינעם עראָפּלאַן, וועמענס פּילאָט איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי קאַפּיטאַן יוסף פאַהומי, וועלכער האָט באַקומען פון דער עגיפּטישער רעגירונג אַ מעדאַל פאַר באָמבאַרדירן די שטעט תל־אָביב און חיפה.

אָט אַזוי בין איך אומדערוואַרט צוזאַמענגעפירט געוואָרן מיט אַ בלוטיקן שונא פון מדינת ישראל. איצט פירט ער אָן דעם קליינעם „מיזרי־עראָפּלאַנדל" און איך בין זיין איינציקער פּאַ־סאַזשיר. דאָס הייסט, אויסער מיר זיצט אין דער קליינער קאַבינע אַ בלאָנדע „סטיואַרדעס" און מער קיינער ניט. און ווייל איך בין דאָ אַליין (דער עראָפּלאַן איז בכלל אויסגערעכנט נאָר פאַר פיר פּאַסאַזשירן), אַ מין טעקסי־קאָמוניקאַציע אין די עגיפּטישע הימלען), שאַפט זיך אַ נישט פאַרמאַלע היימישקייט צווישן די צוויי פליער, זייער סטיואַרדעס און מיר, דעם איינציקן פּאַ־סאַזשיר. די טיר פון דער פּילאָטן־קאַבינע איז אָפן: דאָרט זיצן דער קאַפּיטאַן פאַהומי און זיין געהילף.

די סטיואַרדעס שמועסט פריינטלעך מיט מיר און ענטפערט גערן אויף מיין פראַגע: „פון וואַנען נעמען זיך אין מצרים אַזעלכע פּלאַטין בלאָנדע מיידלעך?"

„מיין טאַטע איז געווען אַן ענגלענדער; ער האָט פאַרלאָזן מיין עגיפּטישער מאַמע נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן. עס ליבט זיך אין מיר אַ קריסטלעכער באַאַמטער פון דער

לופט־ליניע, אָבער איך וועל קיינמאָל ניט חתונה האָבן פאַר א קריסט... דער געדאַנק אליין שרעקט מיך — רעדט זי ווייטער — מיינע קינדער וועלן זיין קריסטן מיט צלמים?! ברר... דאָס ניט! ער וויל, אז איך זאָל בייטן מיין רעליגיע, אָבער א גאָט קאָן מען ניט בייטן און א חתן — זייער לייכט...״

מיר געפעלט שטאַרק דער דאָזיקער שלאָגנדיקער אַפאָריזם, ארויסגעזאָגט מיט אזוי פיל חן דורך דער ניינצן־יעריקער מוסולמענערין. אגב, גלויב איך איר אויפן וואָרט, אז זי וועט נאָך בייטן א סך חתנים אין איר לעבן און צו דעם איז דער צלם ניט נויטיק.

איך פיל זיך שוין אין דעם זוניקן פרימאָרגן אביסל זיכערער, ווי נעכטן, בעת איך בין אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדריע און קוים דורכגעגאַנגען אַלע פאַספאָרטן־פאָרמאַליטעטן. אגב, ווייס איך שוין, אז קיינער גייט מיר דאָ ניט נאָך — בין איך דאָך דער איינציקער פאַסאַזשיר. כאָטש ווער ווייס, אפשר איז גאָר דאָס מיידל א פאָליציי־אַגענט, און דעריבער האָט מען בכלל קיין אַנדערע פאַסאַזשירן ניט אריינגעלאָזן אין עראָפּלאַן? איר ווייסט דאָך מיט וואָסערע גרויסע אויגן דער שרעק קוקט ארויס.

דער פּילאָט גיט איבער דעם רודער זיין געהילף, גייט אריין אין דער קאַבינע און זעצט זיך נעבן מיר.

— זייט איר אַן אַמעריקאַנער?

— יאָ.

ער איז באַפרידיקט:

— אַך, אַמעריקע איז מעכטיק און גרויס. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט אַמעריקאַנער פליער בעתן וועלט־קריג. איך האָב אויך אָנטייל גענומען אין די קאַמפן קעגן די דייטשן איבער על־אַלאַמיין...

קוק איך אָן זיינע רויט־ווייסע אויסצייכענונגען אויפן פלי־מונדיר און גיב א פרעג:

— איז דאָס פאַר על־אַלאַמיין?

— ניין — ענטפערט דער פליער — דאָס איז דער העלדן־מעדאַל פאַר דער מלחמה אין פּאַלעסטינע.

עפּעס אזוי ווי א שטיק אייז וואָלט איינגעפרוירן מיין האַרץ, אזוי האָב איך זיך געפילט, ווען ער האָט שטאָלץ געטייטלט מיטן פינגער אויף זיין אויסצייכענונג.

איך פרעג פונדעסטוועגן רואיק:

— נו, און ווי האָט איר זיך געפילט אין די הימלען איבער פּאַלעסטינע?

דער פליער נידעריקט אַראָפּ זיין שטימע:

— אייך אַלס אַמעריקאַנער מעג איך דאָך זאָגן דעם אמת: ווען איך האָב באָמבאַרדירט היפה און תל־אביב, האָב איך זיך געפילט פיל ערגער ווי אין די קאַמפן פאַר על־אַלאַמיין. קיינעם פון אונדז האָט זיך ניט געוואָלט אַראָפּגעשאָסן ווערן. די יידן האָבן אונדז באַשאָסן און פאַר־פאָלגט מיט קוראַזש און פאַרביטערונג. פאַר די דייטשן האָבן מיר, עגיפּטישע פליער, אַזוי ניט מורא געהאַט...

איך באַהאַלט קוים מיין אינערלעכע צופרידנקייט. איך בעט דעם פליער איינשרייבן זיין נאָ־מען אויף אַראַביש ביי מיר אין נאָטיץ־ביכל. ער טוט עס גערן. איך באַלוין אים מיט א האַוואַ־נאַ־סיגאַר. יאָ, זיין תשובה האָט מיר פאַרשאַפט א סך פאַרגעניגן.

שנעל לויפט אַריבער די רייזע. אונדזער „טעקסי עראָפּלאַן" דרייט זיך שוין איבער די פּי־ראַמידן מיט די ספינקסן און גלייך פאַרוואַנדלט זיך דער מדבר אין דער קאָכיקער מאָדערנער שטאָט קאַירא מיט אירע פיינע געביידעס, שיינע אַלייען און גרינע פאַרקן.

מיט צוויי יאָר צוריק האָב איך פאַרלאָזן קאַירא אין א טאָג, ווען די וואָלקנס האָבן זיך דאָ געזאַמלט, כדי צו פאַרטונקלען שפּעטער די הימלען פון ארץ ישראל..

איך בין דאָ געווען גראַד מיט א טאָג פריער, ווען די פאַרייניקטע פעלקער האָבן אָנגענו־מען די „צעטיילונגס־רעזאָלוציע". אין יענעם טאָג איז פאָרגעקומען א שטורמישע דעמאָנסטראַ־ציע קעגן די מערב־מלוכות און יידן, אָנגעפירט דורך די מערדערישע „מאָסלעם־ברידער". די פּאָליציי פון פּרעמיער נחת־פּאַשאַ האָט זיך געשלאָגן מיט די דעמאָנסטראַנטן, אָבער אויך דער־ביי יידן ניט געשאָנעוועט. אויף מאָרגן נאָך מיין קורצן דעמאָלטדיקן וויזיט בין איך שוין געווען אינמיטן פון דער שטורמישער שמחה אין די גאַסן פון תל־אביב און געטאַנצט צוזאַמען מיט אַלע ברידער דעם חלום'דיק־שיכורן טאַנץ פון דער גאולה.

ווען איך פאָר אָבער איצט איבער די גאַסן פון קאַירא, ווייזט מען מיר שוין דעם מאַרמאָר־מאַוזאָלעאום, ווו עס ליגט באַגראָבן דער ניט־לאַנג דערמאָרדעטער, דעמאָלטדיקער פּרעמיער־מי־ניסטער מיט זיינע געהילפן, און טיף אין הארצן באַהאַלט איך די ציטעריקע שמחה פון דערוואַר־טונג, אַז אין א פּאָר טעג אַרום וועל איך דאָך זיך געפינען אין ישראל, כאָטש איך בלאָנדזשע דערווייל איבער די געפּלאַסטערטע גאַסן פון פיינטלעכן קאַירא. זאָל איך עס נאָר בשלום איבער־קומען.

איך באַקום מיט שוועריקייטן א צימער אין סאַוואָיא האָטעל, ווו עס ווינען גראָד א צאָל דעלעגאַטן פון די אַראַבישע לענדער, וועלכע זיינען זיך די טעג צונויפגעקומען צו די זיצונגען פון דער אַראַבישער ליגע.

ווידער אַמאָל טרעף איך זיך אונטער איין דאַך מיט די ביטערסטע שונאים: אָט גייט דורך דעם גרויסן, מיט דיוואַנען באַהאָנגענעם האָטעל־סאַלאָן, א הויכער, שלאַנקער אַראַבער אין ווייַ־סער קליידונג און א גרינעם טורבאַן אויפן קאָפּ, די העכסטע אויסצייכענונג פון דער הייליקער שטאָט מעקאַ; א טונקל־הויטיקער, שטאָלצער פּנים אין א ראַם פון א פּעך־שוואַרצער אַסירישער

באַרד. א רויטער שאַל שלעפּט זיך נאָך איבערן גאַנצן לענג פון קערפּער. דער פּאַרוואַלטער פון האָטעל פּאַרבויגט זיך נידעריק. דאַן דערקלערט ער מיר:

— דאָס איז פּרינץ יוסף יאסין, דער טראַנספּאָלגער פון תימן...

נאכהער שפּרייזט דורך מיט פעסטע שריט דער שווערלייביקער, באַברילטער פּרעמיער פון איראַק נורי סאַאיד פּאַשאַ. איך קען שוין דעם דאָזיקן פּאַרשוין כמעט 15 יאָר. געווען אַמאָל זיין גאַסט אין באַגדאַד. ער האָט דעמאָלט געטראָגן א שוואַרץ „קמץ"־בערדל, וואָס איז איצט פאַרשוונדן פון זיין פּעטן, תאוה'דיקן פּנים. שוין דעמאָלט האָבן מיר געוווסט, אַז נורי סאַאיד פּאַשאַ איז אייגנטלעך א „שטילער" אָנגעשטעלטער פון ענגלישן „פאָרעין־אָפּיס", מער ניט זיין „קאָנפידענציעלע סאלארי" איז פיל־פיל מאָל העכער ווי די, וועלכע עס באַקומט דער בריטישער פּרעמיער אַליין. און יאָ, ווייזט אויס, אַז ער איז ווערט געווען דאָס געלט...

און ווידער ציט זיך א פּראָצעסיע פון פּרינצן און פּרינצלעך, מיניסטאָרן און יוצר־משרתים. יעדע סעקונדע פאָרט צו א גלאַנצנדיקער „לימוזין" און א גרופּע דעלעגאַטן שטייגן איין. דאָס איילן זיי זיך צו דער מיטיק־זיצונג פון דער „אַראַבישער ליגע", וועלכע קומט פאָר אין פּאַלאַץ פון פּאַטימאַ, וווּ דאָס אויסערן־מיניסטעריום געפינט זיך.

די ליגע באַראַט זיך... אויפן צונג ליגן זיך אַליין אויס די ווערטער פון שמונה־עשרה: „כל הרשעה כרגע תאבד... וכל הזדים מהרה תעקר ותשבר ותמגר"... (זאָל די רשעה באַלד אונטערגיין... און די בייזוויליקע זאָלסטו פּאַרטיליקן, צעברעכן, צעמאָלן...)

אָבער אָנגענעם איז ניט ווען מען זעט א דעפּילאַדע פון שונאים גייט דורך פאַר דיר, און דו אַליין וואָס טוסטו דאָ אייגנטלעך?

איך האָב נאָך ניט באַוויזן זיך אַביסל אָפּצורוען, ווי דער אימפּעט טראָגט מיר שוין צו מיינע טייערע גוטע פריינט, די וויזענפעלדס, וואָס וווינען גראָד קעגנאיבער דעם האָטעל, אויף דער זעלבער איבראַהים־פּאַשאַ גאַס. דאָס איז א כשר'ע יידישע משפּחה, וווּ מען פלעגט אין די פריערדיקע יאָרן זיין א געוווּנטשענער גאַסט אויף שבת און וווּ ניט איין רב אָדער פרומער ייד האָט געפונען א היימיש ווינקל אין דער פרעמדער מצרישער אַטמאָספער.

אָבער צי וועל איך זיי געפינען אויפן פריערדיקן פּלאַץ, צי האָט זיי געשאַנעוועט דער שטורם, וואָס האָט זיך אין די לעצטע אַכצן מאָנאַטן דורכגעטראָגן איבער די יידישע קעפּ אין דאָזיקן לאַנד?

איך באַשליס ניט צו טעלעפאָנירן, נאָר גיכער אַריבערגיין צו זיי. עס עפנט מיר די טיר, די פרוי וויזענפעלד. זי איז פאַרנומען, ווייזט אויס, מיט אויפראַמען איר דירה אויף שבת; איר פאַרסאָפּעטקייט און קליידונג זאָגן עדות, אַז זי האָט איצט קיין געסט ניט דערוואַרט.

אָבער ווען זי דערזעט מיר שטייענדיק אין טיר, לאָזט זי אַרויס די באַרשט פון די הענט, קוקט מיך אָן מיט אן איבעראַשטן בליק און הייבט אָן אויסשרייען צו די אינערלעכע צימערן פון דער דירה:

— „משה, משה, קום נאָר אַריין. גיב נאָר אַ קוק, עס איז דאָך אוממעגלעך! דר. שאַשקעס, דוכט זיך איז דאָ!״

און דער מאַן, משה, דער דענטיסט, רייסט זיך אָפּ פון אַ פּאַציענט, לויפט ארויס אין ווייסן פאַרטוך מיט אַ מויל קינסטלעכע ציין אין האַנט און העלפט איר אונטער שרייען:

— ברוך הבא! טאַקע שאַשקעס — אָבער ווי קומט איר קיין מצרים? ווייסן זיי אַז איר זייט אַ ייד?

מילא, מיר צערייידן זיך, אַלץ ווערט אויפגעקלערט, אָבער ביי מיר אין האַרצן גנב׳עט זיך אַריין אַ ספק, צי האָב איך גוט געטאָן, וואָס איך האָב זיך אַריינגעלאָזן אין דער גאַנצער „אוואַנ־טורע של מצרים״... איך האָב אַפילו אביסל מורא באַקומען... באַשלים איך זיך אויף אַ שריט, וואָס האָט שפּעטער געהאַט גוטע פאָלגן: איך גיי צו צום טעלעפאָן, קלינג אָן אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע, פאַרייניק זיך מיט דעם פרעסע־אַטאַשע און בעט אים, ער זאָל מיר גלייך אויפנעמען אין אַ דרינגענדיקן ענין. איך זאָג אים דורכן טעלעפאָן, אַז איך בין אַ צייטונגס־מאַן און דאַרף זיין עצה.

און כאָטש די ביוראָען זיינען געווען שוין געשלאָסן האָט דער ליבנסווירדיקער אַטאַשע שאַנאָן אַלען פאַרשטאַנען, אַז אַ פרעסע־ברודער איז עפּעס ניט מיט אַלעמען... ער בעט מיר גלייך כאַפּן אַ „טעקסי״ און קומען צו אים אין דער אַמבאַסאַדע.

מיט די ווייזענפעלדס רעד איך אַזוי אָפּ: וועט מען מיר אין דער אַמבאַסאַדע זאָגן, אַז אַלץ איז כשורה, דאַן נעם איך אָן די איינלאַדונג צו זיין אייער אורח אויף שבת, וועל אַפילו גיין מיט ווייזענפעלדן נאָך היינט אין שול אויף „קבלת שבת״. אָבער טאָמער באַרעכטיקט זיך אייער אַלע־מענס מורא, אַז איך דאַרף זיך איצט אין מצרים ניט געפינען, וועל איך מאַכן אַ „ויברח״ מיטן ערשטן עראָפּלאַן אויפן אינדזל ציפּערן. יעדנפאַלס וועל איך נאָך טעלעפאָנירן.

ווען איך בין געזעסן אין רחבותדיקן קאַבינעט פון דער אַמבאַסאַדע, האָט מיר דייוויד שאַ־נאָן אַלען, דער פרעסע־דירעקטאָר, דערקלערט פריינטלעך: „נאָך מיט אַ וואָך צוריק וואָלט איך אַליין אייך געראָטן, איר זאָלט בעסער זיין אויף יענער זייט גרענעץ... אָבער גראָד די טעג איז פאָרגעקומען אַ שאַרפע ענדערונג אין שייכות צו יידישע טוריסטן פון אַמעריקע. די עגיפּטישע רעגירונג האָט זיך ארומגעזען, אַז זי פאַרלירט פיל מיליאָנען דאָלאַרן דורך דער מורא, וואָס איז באַפאַלן די אַמעריקאַנער — יידן און ניט יידן — און האַלט זיי אָפּ פון באַזוכן עגיפּטן. עס איז נאָך פריש אין זכרון פון אַ סך דער מאָרד איבער אַ יידישן טוריסט פון פילאַדעלפיע און פיל אַנדערע פאַנאַטישע אויסברוכן קעגן אייראָפּעער און אַמעריקאַנער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרלאָרענער מלחמה אין ישראל.

די פאַראַנטוואָרטלעכע רעגירונגס־קרייזן האַלטן דעריבער, אַז מען מוז ראַדיקאַל ענדערן די ליניע אין שייכות צו אויסלענדער, אַפילו צו יידן, און ווענן דעם מיטטיילן דער וועלט. עס איז דעריבער נאָך קיינמאָל ניט געווען קיין גינסטיקערע צייט פאַר אַ יידישן זשורנאַליסט פון אַמע־ריקע צו אָנקומען קיין עגיפּטן. איבעריקנס וועט איר זיך אַליין איבערצייגן״.

אין מיין אַנוועזנהייט טעלעפאָנירט ער אין אויסערן־מיניסטעריום און רעדט צום פּאָליטישן דירעקטאָר: „עס זיצט ביי מיר א יידיש־אמעריקאנער זשורנאַליסט. צי וואָלט איר אים גע־וואָלט מאָרגן זען?" לויטן שמייכל אויפן פּנים פון אמעריקאנער דיפּלאָמאַט פאַרשטיי איך, אַז דאָס געשפּרעך אנטוויקלט זיך צופרידנשטעלנדיק. כ'הער צום סוף, ווי ער זאָגט: „יאָ, און דעם אויטאָמאָביל שיקט אין האָטעל „סאַוואָיא" וווּ ער וועט וואַרטן אויפן באַלקאָן".

דערנאָך דערציילט מיר מר. שאַנאָן־אַלען, אַז דער עגיפּטישער רעגירונגס־פאַרשטייער, אין דעם פאַל דער געוועזענער אויסערן־מיניסטער סאַללאַה עדינע פּאַדעל בעי, וועט מיר גערן אויפ־נעמען אין פּרינצעסין פאַטימאַ פּאַלאַץ מאָרגן עלף אין דער פרי. אַזוי ווי אָבער אין זעלבן פּאַלאַץ קומען איצט פאָר די זיצונגען פון דער אַראַבישער ליגע, זיינען די גאַסן אַרום צוליב זיכערקייט־צוועקן אָפּגעשלאָסן און מען לאָזט נאָר דורך אָפיציעלע אויטאָמאָבילן, דעריבער וועט ער שיקן נאָך מיר זיין אייגענע קאַר...

צו די ווייזענפעלדס טעלעפאָניר איך, אַז איך בלייב... מען קען מיר קומען נעמען פינף אַזייגער און צוזאַמען גיין אין שול, מקבל שבת זיין. ווידער בין איך, נאָך אַן אַבוועזנהייט פון 2 יאָר אויף דער קעניג פואַד גאַס, וווּ די קהילה האָט איר נייע שול געבויט. אויפגעבויט א פּרעכ־טיקן בית הכנסת דוקא אין די לעצטע בלוטיקע חדשים און נאָכדעם ווי כוליגאַנעס האָבן אין זעלבן הויז געוואָרפן א באָמבע און אונטערגעצונדן דעם אַלטן בית־המדרשל. די יידישע תשובה איז דאָ געקומען ווי שטענדיק: „אף על פי כן ולמרות הכל" (און דוקא דערפאַר... און אַלעמען אויף צו להכעיס...)

צוויי עגיפּטישע פּאָליציאַנטן שטייען ביים אַריינגאַנג אין הויף: די רעגירונג וויל ניט מער קיין אומרועז. מיר האָבן אביסל פאַרשפּעטיקט און גייען אַריין אויף די שפּיץ פינגער אין שול, ווען א היימישער חזן „גאַרגלט" זיך אינמיטן „לכה דודי"; ער זינגט: „התנערי, מעפר קומי, לבשי בגדי תפארתך עמי". יאָ, ניט ווייט, אין שכנות האָט א פאָלק דעם רוף דערהערט, זיך אויפ־געכאַפּט, פון שטויב אויפגעשטאַנען און זיך יום־טובדיקע קליידער אָנגעטאָן... אָבער די גרענעץ צווישן די שכנים, מצרים און ישראל איז נאָך פאַרמאַכט. ניט קיין גרענעץ איז דאָס, נאָר א פראָנט דערווייל. אין שול געפינען זיך א פּאָר מנינים יידן: א טייל פון זיי אין קאַפּעליושן, א טייל אין רויטע פעזן. מען פרייט זיך נאָכן קבלת־שבת מיטן אורח פון אַמעריקע, מען איז אביסל דערשטוינט: פאַרט די ערשטע שוואַלב פון דער אויסערלעכער וועלט נאָכן קריג.

עס גיט מיר „שלום" משה זילבערשטיין, דער גבאי ראשון. ער איז ניט לאַנג באַפרייט גע־וואָרן פון א קאָנצענטראַציע־לאַגער, וווּ ער איז אָפּגעזעסן 14 חדשים אַלס ראש־הקהל פון די אשכנזים. עס דערפרייט זיך מיט מיר דער חזן שאַפּירמאַן, א ייד מיט א שיינער גרוילעכער באָרד, וועלכער באַרימט זיך, אַז ווען ער פלעגט זאָגן „כל נדרי" אין דער סיני־שול אין וואַרשע, איז דאָרט דער אומפאַרגעסלעכער מנגן מנחם קיפּניס געווען זיין שטענדיקער גאַסט... און דער אַל־טער רב ר' מאיר ראַבינאָוויטש, וועמענס יונגע טאָכטער ברוריה איז געווען אַזאַ טייערע „באַרמ־האַרציקע שוועסטער" פאַר אונדזערע געפאַנגענע העלדן, וועלכע האָבן געשמאַכט אין מצרים.... איר אַקציע איז געווען אי מסירת נפש, אי סכנת נפשות. מען טאָר גאָרניט צופיל איר עפנטלעך לויבן...

צוזאַמען מיט משה זילבערשטיין זיינען אין לאַגער געזעסן אַרום 450 מצרי׳שע, חשובע ייִדן; איצט זיינען זיי שוין כמעט אַלע פריי (אויסער אַ גרופּע קאָמוניסטן). איך האָב זיך וועגן זייער לאַגער־לעבן אָנגעהערט פיל מער, וויפל איך קען זיך היינט דערלויבן צו שרייבן. ווי שטענ־דיק איז געווען גרויסע העלדישקייט און אויך קריכערישקייט. אָבער איין עפּיזאָד וויל איך דאָ דערמאָנען: ווען איינער פון די אַרעסטירטע, דער אַלטער יהודה מאַרגאַלין פון אַדעס, האָט דורך דער געהיימער ראַדיאָ, וואָס איז געווען באַהאַלטן אין בעט, דערהערט, אַז בערנאַדאָטע וויל צונעמען ירושלים ביי ייִדן — האָט ער זיך צעהוסט, אויסגעזידלט זיך ברייט און פעט אין רוסיש און אויסגעשריען אויפן קול צו אַלע אינטערנירטע ייִדן:

„הערט ברידער, אַ קרענק וועל איך זיי אָוועקגעבן, ניט ירושלים! קיין שטיין פון אירע גאַסן קיין ציגל פון אירע הייזער! אונדזערס איז די שטאָט. מיין מאַמע איז זי!״

עס איז געווען אַזוי דראַמאַטיש און אַזוי קאָמיש־רירנדיק יענע שבועה פון אַן אַלטן אַרעס־טירטן ייִדן אין מצרישע הענט, וואָס איז נישט מסכים אָוועקגעבן ירושלים... אַלע אַרעס־טאַנטן אַרום האָבן געלאַכט און — געכליפּעט...

* *

*

ווען איך האָב אָנגעהויבן פּאַרעפּנטלעכן די איינדרוקן פון מיין באַזוך אין מצרים, האָב איך זיך אַליין ניט געריכט, אַז די עגיפּטישע רעגירונג וועט זיך אַריינמישן אויף אַ דראַמאַטישן אופן.

נאָך אַלעמען בין איך אַ באַשיידענער ייִדישער זשורנאַליסט, און עגיפּטן איז דאָך אַ מלוכה פון צוואַנציק מיליאָן מענטשן, מיט אַן אַרמיי, מיט טאַנקען, מיט פּאָליציי.

איז וואָס, אויב איך האָב ריזיקירט און פאַרבראַכט אייניקע טעג ביי די וואַסערן פון טייך נילוס?

איז וואָס, אויב לויטן מנהג פון קולטורעלע מלוכות האָבן אויך דאָ די פאָרשטייער פון אויסערן מיניסטעריום פיין אויפגענומען אַ גאַסט, געמאַכט פאַר אים זיסע דערקלערונגען און אפילו געגעבן אַן אַפּשידס־אַוונט, ווען ער האָט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס לאַנד?

איך מוז מודה זיין, אַז אויך פאַר מיר איז די העפלעכע אויפנאַמע אין עגיפּטן געווען אַ שטיקל איבערראַשונג. זיי האָבן דאָרטן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז איך פאַרטרעט דווקא די ייִדישע פּרעסע. ווען דער פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין קאַירא, מר. שאַנאָן אַלען, האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן שעף פון אויסערן מיניסטעריום, האָט ער אים בפירוש געזאָגט, אַז איך אַרבעט פאַרן „ייִדישן מאָרגן זשורנאַל״ אין ניו יאָרק.

אין מיינע שפּעטערדיקע געשפּרעכן מיט די רעגירונגס־פאָרשטייער איז די לאַגע נאָך בולטער אַרויסגעקומען דורך דעם, וואָס איך האָב אונטערגעשטראָכן, אַז ייִדן האָבן מורא צו קומען קיין מצרים צוליב די בלוטיקע פאַנאַטישע אויסברוכן פון המון מיט אַ קורצער צייט צו־ריק. דער שעף פון דעם אויסערן מיניסטעריום, סאַלאַדינע פּאַדעל־בעי, האָט געפרעגט מיט אַן עטוואָס אופגערעגטער שטימע:

„נו, זאָגט אליין, איז עס ניט קיין סקאנדאל, וואָס מען פארשווארצט אזוי עגיפּטנס פּנים אין דער גאנצער וועלט? אָט זעט איר דאָ! צי פילט איר זיך ניט פריי? צי גייט מען אייך נאָך? אדרבא, פרעגט אייערע באקאנטע יידן דאָ, צי זיצט נאָך איצט אימיצער ארעסטירט אלס רעזולטאַט פון קריג מיט ישראל? צי לאָזן מיר דען ניט ארויס אלע יידן, וואָס ווילן עמיגרירן? ביטע, טיילט מיט דער עפנטלעכקייט אין אמעריקע, אז מיר לאָדן איין טוריסטן, יידן און ניט־יידן, און אלע וועלן זיי געפינען שוץ און פארגעניגן אין אונדזער לאנד. מיר האָבן טאַקע געפירט א קריג מיט ישראל, אָבער מיר פירן דאָך ניט קיין קריג מיט די יידן פון דער וועלט...”

און אויף מאָרגן — ביי א געדעקטן טיש — האָב איך ארויסגענומען מיין נאָטיץ־ביכעלע און ווידער אמאָל איבערגעפרעגט, צי איך מעג פּובליקירן, אז די רעגירונג פון מצרים לאַדט איין יידישע טוריסטן, אז קיין שום ייד איז מער ניט ארעסטירט אין צוזאמענהאנג מיט דער ישראל־מלחמה און אז יעדע וואָך גייט אָפּ א שיף מיט עמיגראנטן וווהין זיי ווילן (אָפיציעל — קיין איטאליע און פראנקרייך).

ווידער אמאָל האָט דער „ספּאָקסמען” פאר דער רעגירונג, פאדעל־בעי, איבערגע׳חזר׳ט זיינע פריערדיקע דערקלערונגען.

ער האָט מיר אויך רעקאָמענדירט צו באזוכן דעם הויפּט־ראבּיי ר׳ חיים נחום עפענדי. „מצרים — האָט ער געזאָגט — איז דאָס איינציקע לאנד, ווו דער הויפּט־ראבּיי איז א מיטגליד פון סענאט, צוגלייך מיט די פאָרשטייער פון דער מוסולמענישער און קריסטלעכער רעליגיעס”.

בקיצור, מיינע פאר טעג אין אלעקסאנדריע און קאירא האָבן מיר געגעבן א שלל מיט אינטערעסאנטע איינדרוקן און איך האָב באשלאָסן צו טיילן די איינדרוקן מיט מיינע לייענער.

אָבער פון מצרים בין איך ניט געפאָרן דירעקט קיין אמעריקע, נאָר אויף אן אומוועג דורכן אינדזל ציפּערן, בין איך אריינגעפלויגן קיין ישראל. דאָרט האָב איך דערציילט אין ציטונגסשמועסן מיינע איינדרוקן פון עגיפּטן און, נאַטירלעך, זיי האָבן ארויסגערופן א גרויסן אינטערעס. איז דאָך מצרים באקאנט געווען פאר דעם ביטערסטן און פארביסנסטן קעגנער פון ישראל, און די מצרים קאָנען עד־היום ניט מוחל זיין די קלעפּ, וואָס זיי האָבן געכאפּט אין נגב. דער ענין פאלודזשא, די פעסטונג, ווו ישראל האָט פארשלאָסן די בעסטע גווארדיע־סאָלדאטן פון קעניג פארוק, ברענט נאָך איצטער ווי א שאנד־פלעק אויף זייערע פּנימער און אין זייערע הערצער.

און דאָ האָט מען אויפגענומען גאָר נישקשה׳דיק אן אמעריקאנער יידישן זשורנאליסט און געמאכט ליבעראלע דעקלאראציעס. איז דען א וווּנדער, וואָס אין דער ישראל פרעסע האָט מיין וויזיט אין מצרים געפונען א גאָר אנגעזעענעם אָפּקלאנג?

אָבער די רעגירונג אין מצרים האַלט זיך שטענדיק אויף הינערשע פיסלעך. אין לאנד בושעווען פאנאַטישע באנדעס פון די „מאָסלעם ברידער”, די טעראָריסטן, וואָס האָבן אין משך פון די לעצטע יאָרן געטויט צוויי פּרעמיער־מיניסטאָרן, איייניקע מיניסטאָרן און גענעראלן, ניט רע־

בענענדיק די קלענערע „שאר ירקות". דאָס פאָלק אין מצרים איז הונגעריק און אָפּגעריסן; די רייכקייט פון די אויבערשטע שיכטן רייסט די אויגן אין טומלדיקן קאירא, און די אָרעמקייט פון די מאַסן יאָמערט פשוט אין אַלע איבעריקע טיילן פון לאַנד.

זוכט דעריבער די אָפּאָזיציע יעדער געלעגנהייט, כדי צו קאָמפּראָמעטירן די איצטיקע רע־גירונג אין די אויגן פון פאָלק.

און דאָ האָבן זיי געפונען אַזאַ פיינע געלעגנהייט: די ישראל־ציטונגען, וואָס ווערן גע־לייענט אויך דורך די אָפּאָזיציע לידערס אין מצרים, האָבן געבראַכט די נייעס וועגן דעם, אַז מען האָט מיר, א יידישן זשורנאַליסט, געגעבן א פיינע אויפנאַמע אין מצרים און רעגירונגס־פאַר־שטייער האָבן זיך מיט מיר געטראָפן אין עקסקלוזיוון סעמיראַמיס קלוב, זיך פריינטלעך פאַר־ווײלט און געגעבן סימפּאַטישע דערקלערונגען. און צו דעם אַלעמען קומט נאָך אַן אמתע סענ־סאַציע. ביים צוויטן טישל אין זעלבן „סעמיראַמיס" איז געזעסן זיין מאַיעסטעט דער קעניג פאַרוק. אמת, דער מלך האָט זיך פאַרווײלט אין דער געזעלשאַפט פון א יונגער בלאָנדינקע, וועל־כע זעט ניט אויס צו זיין פון קעניגליכער אָפּשטאַמונג. גיכער איז זי געווען ענלעך אויף א פאַר־קויפערין אין א דעפּאַרטאַמענט סטאָר (די אמתע מלכה האָט פאַרוק גע'גט מיט א יאָר צוריק, אונטערן אויסרייד, אַז זי האָט אים געבוירן נאָר מיידלעך און ניט קיין יורש־עצר. האָט ער ניט געוואָלט, ווייזט אויס, נעמען נאָך א „שאַנס" און — וואַרטן...).

האָבן זיך באַוויזן אין די דאָזיקע ציטונגען אַטאַקעס אויף דער רעגירונג, וואָס זי האָט דעם יידן, מיר הייסט עס, ניט אַרעסטירט און אַנשטאָט דעם אַריינגעלאָזן אין פּלעצער, ווו דער קעניג אַליין קומט פאַרברענגען...

און דער רעזולטאַט: אייניקע טעג נאָכאַנאַנד האָט די רעגירונג דורך איר פּרעסע און ראַ־דיאָ געלייקנט שטיין און ביין: מיר האָבן שאַשקעסן גאָרניט געזאָגט; מיר האָבן אים אַפילו ניט אַרויסגעלאָזט פון פלי־פּאָרט און גלייך, ווי דער עראָפּלאַן קיין ציפּערן איז געווען פאַרטיק, האָבן מיר אים אַוועקגעשיקט. אין א צווייטער מעלדונג איז שוין געווען מיטגעטיילט, אַז „דר. שאַש־קעס, דער באַקאַנטער אַמעריקאַניש־יידישער זשורנאַליסט, איז גלייך געשטעלט געוואָרן אונטער א וואַך אין צימער פון זיין האָטעל און נאָך א פּאָר שעה אָפּזיין אין מצרים איז ער פון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן".

מיט איין וואָרט, א קאַטעגאָרישע הכחשה: ניט געשמועסט, ניט געפּלויגן־ מיר האָבן אַפילו דר. שאַשקעסן ניט געלאָזן אויף דער פריי, ניט נאָר פריינטלעך אויפגענומען און דערקלערונגען געגעבן.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז ווען איך האָב באַקומען צוגעשיקט די אויסשניטן פון די ציי־טונגען מיט די אַלאַרמירנדיקע הכחשות, בין איך געווען פון אָנהייב אַביסל דערשטוינט, נאָכ־דעם האָב איך זיך פשוט פאַנאַנדערגעלאַכט: וואָס פאַר א פּרימיטיווע מענטשן זיי זיינען נאָך אַלץ די מצרים: איך באַזיץ דאָך א פּאַס, אויף וועלכן עס שטייט א שטעמפּל, אַז איך בין אַריינ־

געקומען קיין מצרים דאָנערשטיק, דעם 27־טן אָקטאָבער און אַרויסגעפאָרן מאָנטיק, דעם 31־טן אָקטאָבער. אַלזאָ, געווען אין עגיפּטן גאַנצע פיר טעג, ניט איינציקע שעה, ווי זיי דאַרפן דערציילן.

אחוץ דעם האָב איך זיי אָפּגעטאָן א „קלייניקייט": איך האָב געבעטן פאָטאָגראַפירן דאָס טישל אין „סעמיראַמיס", ווו איך זיץ מיט די רעגירונגס־פאָרשטייער ביי א גלעזל משקה. די פאָטאָגראַפיע האָב איך מיט זיך מיטגענומען. אויסער דעם האָבן די רעגירונגס־מענטשן, וואָס האָבן מיך צוויי מאָל באַגעגנט אין משך פון צוויי טעג געגעבן זייערע וויזיט־קאַרטן, וועלכע איך האָב פאָרזיכטיק אריינגעלייגט אין קעשענע.

און צו אַלע צרות, האָב איך געבעטן דעם „ספּאָקמאַן" פון אויסערן־מיניסטעריום אריינצושרייבן צו מיר אין נאָטיץ־ביכל זיין אויטאָגראַף, וואָס ער האָט מיט פאַרגעניגן געטאָן.

קומען זיי נאָך די אַלע אומשטענדן און דערקלערן אין דער עפנטלעכקייט, אין דער פּרעסע און ראַדיאָ, אַז זיי האָבן שאַשקעסן געהאַלטן הינטער א וואָך איינציקע שעה און באַלד דעפּאָרטירט. דערצו דאַרף מען שוין זיין געשלאָגן מיט דער פּאָפּולערער מכה: „חושך מצרים".

אגב, נאָך אַלע מיינע געשפּרעכן מיט זייטיקע מענטשן אין מצרים, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די רעגירונג דאַרטן האַלט נאָך אַלץ דאָס פאָלק אין דער איבערצייגונג, אַז דאָס האָט זי — עגיפּטן — געוווּנען דעם קריג איבער ישראל און ניט פאַרקערט. די פּאָר טויזנט סאָלדאַטן וואָס ישראל האָט אין נגב, אין דער פעסטונג פאַלודזשאַ, פאַרשפּאַרט און דערנאָך מיט חסד אַרויסגעלאָזן, האָבן מאַרשירט איבער די גאַסן פון קאַיראָ מיט גרויס פּאַראַד און ווי זיגער.

איך האָב אויך מיט גרויסע שוועריקייטן באַקומען די פּאָסט־מאַרקע, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין טאָג, ווען די מצרים האָבן אַרויסגעמאַרשירט קעגן ישראל. זי פאַרמאָגט א צייכענונג, ווי דאָס עגיפּטישע מיליטער טרעט מיט די פיס אויף דער מאַפּע פון ישראל; און אויבן אין דער לינקער זייט געפינט זיך דאָס בילד פון מלך פאַרוק. אונטן איז פאַראַן אַן אויפשריפט: „צום אָנדענק פונעם 15־טן מאַי 1948". לויט ווי אונדז אַלעמען איז באַוווּסט, איז די זעלבע דאַטע גאָר א יום־טוב ביי יידן: אין יענעם טאָג איז דערקלערט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון מלכות ישראל...

אמת, איצטער פאַרשטייט מען שוין אין מצרים, אַז מען האָט זיך אביסל צוגעאיילט מיט אַרויסגעבן די „פּאָסט־מאַרקע פון נצחון" און אַז אויך די אָנגעגעבענע דאַטע איז טראַגיש פאַר זיי; איצטער איז שוין די דאָזיקע מאַרקע פאַרווערט צו געברויכן, אָבער גרויסע ליגנער זיינען זיי...

דעם אמת וועגן קריג אין ישראל וויסן נאָר די מצרישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געריסן קיין תל אביב, אָבער צעקלאַפּט געוואָרן ווי קרויט אין די זאַמדן פון נגב.

אין א גרויסן געשעפטס־הויז, וואָס געהערט צו א יידן, האָט מען מיר פאַרגעשטעלט א באַאַמטן, וואָס איז געווען אַן אָפיציר אין דער אַרמיי אין נגב. איך האָב אים אַזוי ווי כלאחר־יד א פרעג געטאָן: „ווי אַזוי איז אייך דאָרט געגאַנגען בעת דער מלחמה אין ישראל?"

דער חברה־מאַן, ניט וויסנדיק אַז איך בין אַ ייד, האָט געענטפערט:

„די יידן האָבן זיך געשלאָגן מיט אויסערגעוויינלעכער גבורה, אָבער מען וואָלט זיך נאָך אפשר מיט זיי אַן עצה געגעבן, ווען ניט די מיידלעך... דאָס זיינען דאָך אמת'ע „בעסטיעס". שטעלט זיך פאָר, אַז זיי האָבן אונדז געקלאַפּט איבער די קעפּ מיט אייזערנע שטאַנגען... מיינעם אַ חבר האָט אַ מיידל אַ קלאַפּ געטאָן אויפן געזיכט מיט אַ פלעשל גאַזאָלין, אים בלינד געמאַכט און צעקאַליעטשעט אויף אייביק דאָס פּנים... חיות זיינען זיי, זאָג איך, ניט קיין קולטורעלע סאָלדאַטן!"

אַ שטילע פרייד האָט זיך צעבליט אין מיין האַרצן: „געבענטשט זאָלן זיין אייערע הענט, איר העלדן פון נגב, וואָס האָבן פאַרהאַלטן די באַרבאַרן אויף די שוועלן פון ישראלס געצעלטן"...

---

איך האָב אַן אָוונט פאַרבראַכט אין הויז פון ר' חיים נחום עפענדי, דער הויפּט־רב פון עגיפּטן. ער איז גראָד דעם טאָג אַרויס פון שפּיטאָל, ווו מען האָט אים געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף די אויגן. דערווייל איז ער נאָך אַלץ בלינד, שוין זיבן יאָר, אַז ער קען ניט די ליכטיקע שיין.

פיל געדענקען דעם חכם־באשי, ווען ער האָט נאָך געדינט אונטער די טערקן. ער אַליין דער־מאָנט זיינע בעסטע יאָרן, ווען דער סולטאַן אַבדול־האַמיד (דער זעלבער, מיט וועלכן דר. הרצל האָט אונטערהאַנדלט) איז געזעסן אויפן טראָן.

דער בלינדער „חכם" זיצט אין אַ „פאָטער שטול" און האַלט מיין האַנט, אַזוי ווי ער וואָלט דורך איר געוואָלט זען מיר און מיינע געדאַנקען. מיט אונדז אין צימער זיצן אויך מר. ווידאַן, דער באַרימטער מצריש־יידישער פילאַנטראָפּ, זיין פרוי און אייניקע דאַמען פון דער סינאַגאָגע „איזמאַיל" קאָמיטעט.

ר' חיים נחום עפענדי, כאָטש שוין ווייט איבער זיבעציק, זעט נאָך אַלץ אויס רעפּרעזענ־טאַטיוו, פריש און מיט זיין ווייס בערדל קוקט ער אויס ווי אַן אַמאָליקער איירָאָפּעאישער דיפּ־לאָמאַט.

ער דערמאָנט זיך, ווי אין זיין יוגנט איז ער געווען ראַטגעבער ביים אַביסינישן קייסער מענעליק, דעם פאָרגייער פון היילאַ־סעלאַסי; ער דערציילט זכרונות וועגן דעם סולטאַן אַבדול־אַזיז (דעם צעקראָכענעם) און דעם „יונגן טערק", דעם רעוואָלוציאָנער ענוור־פּאַשאַ, וועלכער האָט געשטעלט טערקיי אויף די הינטערשטע און מאָדערנע פיס.

קיין פּאָליטיק רעדט מען ניט. זיי זיינען דאָך אַלע עגיפּטישע פּאַטריאָטן און מען איז מיר חושד, אַז איך בין אפשר אַ ציוניסט. „כמעט אַלע אַמעריקאַנער יידן זיינען ציוניסטן" — זאָג איך מיט שטאָלץ. מען ענטפערט מיר מיט אַ פיל־מיינענדיקן שווייגן.

ניט אלע מאָל זיינען מיר יידן געווען גליקלעך מיטן חכם־באשי, ר׳ חיים נחום עפענדי. די גאָלדענע מעדאַלן און דימענטענע שטערנס, וועלכע באצירן זיין ברוסט האָבן אָפטמאָל פאַר־דעקט דאָס יידישע האַרץ.

איצט ווייזט אויס, איז ער שוין מודה אַז א שטיק פון זיין לעבן איז ער בלינד געווען אין שייכות מיט אונדזערע לעבנס־פּראָבלעמען, כאָטש פיזיש בלינד איז ער נאָר זיבן יאָר. און ווער וויים, צי דוקא במשך פון די דאָזיקע פיינלעכע יאָרן איז ער טאַקע ניט געוואָרן זעעוודיק?...

מיר מיידן אָבער אויס, ווי ווייט מעגלעך, ישראל־פּראָגן, כאָטש פיל ווערט פאַרענט־פערט מיט א קרעכץ פון די האַרץ־טיפענישן.

דער שמועס ווערט געפירט אין פראַנצויזיש, לייכט און געמיטלעך. פּלוצלינג גיבן אַלע א דריי זייערע קעפּ אין דער ריכטונג פון צווייטן צימער, ווו עס באווייזט זיך א געוויקסיקער הער אין א רויטן פעז.

נאָך איצט שטייט פאַר מיינע אויגן זיין רשעות׳דיקער פּנים מיט א פינצטערן שלעכטן בליק, וועלכן ער האָט אריינגעוואָרפן אין דער ריכטונג צום זאַל, ווו מיר זיינען אַלע געזעסן.

דער חכם באשי האָט עפּעס א זאָג געטאָן אין אראַביש, ווען מען האָט אים אינפאָרמירט, ווער עס איז געקומען.

דער עלעגאַנטער מר. ווידאָן בויגט זיך איין צו מיין אויער און זאָגט שטיל אין פראַנצויזיש: „דער סענאַטאָר רענע קאַטוזי איז געקומען; עס וואָלט געווען ראַטזאַם איר זאָלט אונדז פאַרלאָזן”...

אָ! איך קען דעם נאָמען און וויים, אַז לענגער דאַרף איך דאָ ניט בלייבן. אויך דער בלינ־דער „חכם” געזעגנט זיך מיט מיר דאָס מאָל, טרוקן און שטייף.

דער אָנגעקומענער גאַסט איז נאָך אַלץ, ליידער, פון דעם יידישן גלויבן, אָבער ער איז א געפערלעכער שונא ישראל. זיין טאַטע איז שוין געווען א פינאַנץ מיניסטער ביים אַלטן כעדיוו פון מצרים; זיין מאַמע איז געווען א הויף־דאַמע און ער אַליין האָט געפירט א רעגימענט מצרים אין אָנגריף קעגן ישראל. אמת, ער איז געקומען צוריק כמעט אָן סאָלדאַטן, וועלכע מען האָט אין נגב צורעכט געמאַכט, אָבער א פאַרביסענער שונא איז ער אַלץ געבליבן. מיט אים איז זיך געפערלעך צו טרעפן, איבערהויפּט פאַר אַזא אורח ווי איך בין.

ניט ווילנדיק, גיט מיר א בליץ אין זכרון זיין פאָרגענגער, דער טרויעריק־באַרימטער יידי־שער גענעראַל, דער רענעגאַט, טיבעריוס יוליוס אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט צוזאַמען מיט טי־טוסן געפירט דעם אָנגריף קעגן ירושלים אין די צייטן פון חורבן שני... דער זעלבער גענעראַל האָט שפּעטער בלוטיק דערשטיקט א יידישן אויפשטאַנד אין אַלעקסאַנדריע...

איצט זע איך פאר מיינע אויגן זיין נידערטרעכטיקן נאכפאלגער. עס איז גוט, וואס מר. ווידאן פירט מיך דיסקרעט ארויס פון הויז אין דער אויסגעשטערנטער קאירער נאכט.

---

ניט אלץ וואס איך האב געזען און געהערט אין מצרים מעג מען באשרייבן, אבער מיט די אין ישראל, וועלכע דארפן דאס וויסן, האב איך גאנץ גענוי און לאנג גערעדט.

צווישן אנדערע האב איך אין תל־אביב, ווען מען דארף, דערציילט פאלגנדיקן עפיזאד אין מצרים:

אן אלטער ייד, א גרויסער למדן, וועלכן איך האב ערגעץ ווו געזען אין מצרים, האט מיר געזאגט, אז זיין גאנצן לעבן האט ער ניט געקאנט דערקלערן מיט גענוגנדיקער קלארקייט דעם ענין נענועים מיטן לולב ביז ער האט ניט צעקייט דעם פסוק אין קהלת א': „היהל בדרום וסובב לצפון" (מען הויבט אן אין דרום און שפעטער ווענדעט מען זיך צום צפון). די „נענועים" הויבן זיך טאקע אן צום דרום זייט און ווענדן זיך שפעטער צום צפון.

איצטער אבער, האט ער דעם סוד פון די נענועים פולשטענדיק פארשטאנען: די ישראלים מוזן פריער פאר אלץ ענדיקן מיט זייערע שונאים אין דרום און ערשט שפעטער זיך ווענדן צום צפון.

דער אלטער האט נאך צוגעגעבן: „ווען איר וועט באגעגענען א ישראלי־גענעראל, זאלט איר אים דערמאנען די סטראטעגישע עצה, וואס שלמה המלך האט אמאל געגעבן און אז עגיפטן גע־פינט זיך אין דרום".

איך האב די עצה ניט פארגעסן...

---

# אין אַן אײגנאַרטיקער שליחות
# קײן אַדיס־אַבעבאַ

ווען מ׳וואָלט מיך געפרעגט, וועלכע איז געווען די שטאַרקסטע און איבעראַשנדיקסטע איבערלעבעניש פון אַלע מיינע רייזעס, — וואָלט איך געענטפערט ניט טראַכטנדיק אַפילו, — אַז געווען איז דאָס אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב אין די טיפענישן פון עטיאָפּיע (אַביסיניע), — אויף דעם בארג הינטערן טייך סאַנבאַט (סמבטיון — לויט דער מסורה), — דערזען פּלוצלינג פאַר זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי שוואַרצהויטיקע כהנים־פאַלאַשן, אויסגעפּוצט אין פּלוש־זילבערנע קליידער, — זינגענדיק אין כאָר אַ קאַפּיטל תהילים אין אַ פרעמדער שפּראַך אונטערן קלאַנג פון פּויקן און גלאָקן...

און אַז איך וועל נאָך צוגעבן, אַז געקומען בין איך צו זיי רייטנדיק אויף אַ מויל־אייזל פון הינטער די הרי־חושך, אַז באַגלייט האָבן מיך באַוואָפנטע סאַלדאַטן פון זיין מאַיעסטעט הײלאַ־סעלאַסי׳ס אַרמיי, און באַגעגנט אינמיטן וועג בין איך געוואָרן פון שוואַרצע יונגע יידן מיט ביקסן אין די הענט, — וועט איר פאַרשטיין, אַז אַפילו אין חלום וואָלט אַזאַ בילד פאַרגעקומען פאַנטאַסטיש. און אַז אַלץ האָט געטראָפן מיט מיר אין פרילינג פון יאָר 1953, — איידער איך האָב זיך אַרויסגעלאָזן אויף מיין גורלדיקער רייזע אין די אַראַבישע לענדער.

נו, דאָס איז אַלץ ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט און ביז איך בין דערגאַנגען צו דעם נאָר וואָס באַשריבענעם הויך־פּונקט פון מיין באַגעגעניש מיט די שוואַרצע כהנים און מיט די אַלע איבעריקע פאַלאַשן אין די טיפענישן פון זייערע בערג — האָב איך געמוזט דורכמאַכן גאַנץ היפּשע צוגרייטונגען.

צום פּראָ־פאַלאַשאַ קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, וועלכער איז נאָך מיט דרייסיק יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן דורכן אומדערמידלעכן פאָרשער פון די שוואַרצע יידן, דר. זשאַק פייטלאָוויטש (היינט לעבט ער אין תל־אביב), — איז דערגאַנגען דער רוף פון די פאַלאַשן, וועלכן זיי האָבן איבערגעשיקט דורכן שליח פון דער „ברית עברית עולמית" אין ישראל, מיין ליבן פריינט דר. אַלעקסאַנדער ראָזנפעלד, אַז מיסיאָנערן שמדן זיי אויס; אַז די רעשטלעך פון מערקווירדיקן שוואַרצן שבט פון יידישן גלויבן (ער ציילט היינט אַרום צוואַנציק טויזנט נפשות) וועלן אינגאַנצן אַריבערגיין צום קריסטענטום, אויב מען וועט זיי ניט שיקן קיין לערער, — רעליגיעזע לערער ספּעציעל — און אויב מען וועט פאַרן יונגן דור ניט גרינדן ערגעץ זיו, דאָרט אויפן פּלאַץ, אַ שול — וועלכע זאָל זיי דערציען אין גייסט פון זייער אַלטן יידישן גלויבן.

די איינציקע טעטיקע מיטגלידער פון אַמעריקאַנער פּראָ־פּאַלאַשאַ־קאָמיטעט, — ספּעציעל מר. שאַרלס קרעמער און הרב דר. אליהו סאָלאָמאָן, האָבן מיר אויטאָריזירט, אַז בעת מיין איצטיקער

רייזע איבער אפריקע, — זאָל איך זיך באַמיען אַריינפאָרן קיין אביסיניע און דאָסמאָל טאַקע באַ־זוכן די פאַלאַשן אין זייערע בערג־וווין־ערטער. מיט צוויי יאָר צוריק, ווי איך האָב דאָס שוין באַשריבן, האָב איך דערוויזן צו דערפאָרן ביז אַדיס־אַבעבאַ, — די הויפּט־שטאָט פון עטיאָפּיע, וווּ איך האָב זיך געטראָפן נאָר מיט אייניקע געבילדעטע פאַלאַשן, וועלכע האָבן זייער בילדונג באַקומען אין אייראָפּעישע אוניווערסיטעטן (טאַקע אַ דאַנק דעם דר. פייטלאָ־וויטש) און וועלכע פאַרנעמען איצט אָנגעזעענע רעגירונגס־פּאָזיציעס. צו די שטעטלעך און דערפער, אָבער, וווּ די פאַלאַשן וווינען זינט די צייטן פון שלמה המלך, — ווי זיי זאָגן, — און לכל הדעות ניט ווייניקער ווי צוויי טויזנט מיט עטלעכע הונדערט יאָר, — ווי די געשיכטלעכע קוואַלן באַווייזן, — האָב איך אין יענער רייזע ניט דערגרייכט.

איצט, ווען דער פּראָ־פאַלאַשאַ קאָמיטעט אין ניו־יאָרק האָט אויף זיך גענומען די שווע־רע אויפגאַבע פון גרינדן אַ שולע טאַקע ערגעץ־ווו נענטער צום פּלאַץ, וווּ די שוואַרצע יידן ווווי־נען, איז רייף געוואָרן די צייט מען זאָל זען, וועלכער פּלאַץ איז באַקוועמער פאַר אַזאַ שולע, — די שטאָט גאָנדאַר אָדער אַסמאַראַ, — אין עריטרעאַ — ווי אויך צו פאַרייניקן די כוחות אין אַמעריקע מיט די עלעמענטן, וועלכע געפינען זיך אין ישראל און זיינען סימפּאַטיש צו די פאַלאַשן. צווישן די לעצטע געפינט זיך גליקלעכערווייז דער פּרעזידענט פון ישראל אַליין, יצחק בן־צבי, וועלכער האָט אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן געווידמעט דער פאָרשונגס־אַרבעט פון די פאַרוואָרפענע יידישע שבטים, פּובליקירט וועגן דעם אַ רייע ווערק (דאָס לעצטע בוך „נדחי ישראל” היינטיקס יאָר), און וועט מיר דעריבער געווים באַהילפיק זיין אין מיין מיסיע צו די פאַרגעסענע ברידער הינטער די „הרי חושך”.

אויף מיין וועג קיין אַפריקע האָב איך זיך פאַרהאַלטן אין ישראל, און מיין פריינט דר. אַלעקסאַנדער ראָזענפעלד האָט זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער קאַנצעלאַריע פון ישראלס פּרעזידענט. אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז בן־צבי איז ניט אינגאַנצן געזונט און געפינט זיך אין אַ פּריוואַטן האָטעלכל אין רמת־גן. מיר דערגרייכן אים דאָרטן דורכן טעלעפאָן און ווען דער פּרעזידענט דערוויסט זיך וועגן וואָס פאַר אַן ענין איך וויל אים באַזוכן, לאַדט ער אונדז באַלד איין צו זיך אין אַפּרו־פּלאַץ.

אין גאָרטנדיקן רמת־גן, ווייט פון שטאָטישן תל־אָביב'ער טומל, וווינט דער פּרעזידענט פון ישראל אין אַ באַשיידענער הייזקע, אין וועלכער אפילו אַ חזן אָדער אַ שמש פון אַ ניו־יאָרקער סינאַגאָגע וואָלט ניט געוואָלט אַריינקוקן, ווען מען לייגט דאָס אים פאָר, אין די קעטסקיל־בערג, למשל...

צוזאַמען מיט מיין פרוי און דר. ראָזנפעלד ווערן מיר אַריינגעפירט אין פּרעזידענטס צי־מערל דורכן אַלוף (קאָרנעל) י. כרמל און טרעפן ביים טיש זופנדיק טיי דעם געוויקסיקן הויפּט פון דער מדינה און זיין ענערגישער לעבנס־באַגלייטערין, באַוווסט אונטערן נאָמען רחל ינאית, וועלכע נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל און אינטערעס אין אונדזער געשפּרעך.

אויך מיר באַקומען טעפּעלעך טיי מיט קליינינקע קיכעלעך, און זיצנדיק אויף שטולן און אויפן בעט, — ווי אין די אַלטע צייטן אין אַ סטודענטישן צימער, — דעבאַטירן מיר די מיט־

לען, ווי אזוי מען קען ראַטעווען די שוואַרצע יידן פון אונטערגאַנג. פאַרשטייט זיך, ווילן פיל פון זיי פאָרן קיין ישראל; אַזעלכע גרופּן האָב איך געבראַכט מיט צוויי יאָר צוריק און דר. ראָזענפעלד — הײַנטיקס יאָר. ווייזט זיך אָבער אַרויס אַז די רעגירונגס־קרייזן ווילן פון דעם אפילו ניט הערן. זיי האַלטן, אַז עס פעלן שוין איצט ניט קיין „ראַסן־פּראָבלעמען" אין דער נייער מדינה, אַז די ברוינע תימנער און די טונקל־הויטיקע מאַראָקאַנער צוזאַמען מיט די געלבלעכע פּערסיאַנער בילדן שוין אַזוי אויך אַ גאַנץ פאַרביקן „בוקעט" און אַז עס פעלט ניט דערוויַיל צום רומל די שוואַרצקייט פון די פאַלאַשן. אַזוי קלערן זיי, די וואָס האַלטן די שליס־לען צו אימיגראַציע. מוז מען דעריבער האַנדלען פּראַקטיש. פאַרגעסט ניט, אַז צווישן אַ יידן, וואָס קומט פון בערלין ביז אַ שוואַרץ־הויטיקן יידן, וואָס זאָל קומען פון הינטער די בערג אין עטיאָפּיע, איז פאַראַן אַן אונטערשייד פון אַ צוויי טויזנט יאָר קולטור און ציוויליזאַציע... מוז מען דעריבער זוכן אַנדערע וועגן פון העלפן די פאַלאַשן, — טאַקע די וועלכע מיר האָבן פריער געפּלאַנירט דורך גרינדן פאַר זיי אַ שולע ניט ווייט פון זייערע וווין־פּלעצער און דעם פאָרשלאָג וואָס דער פּרעזידענט בן־צבי מאַכט: מ'זאָל ברענגען קיין ישראל אַ צען יונגע בחורימלעך פון דאָרטן, האַלטן זיי אייניקע יאָר אין אַ קיבוץ, אַ רעליגיעזן, פאַרשטייט זיך, ווייל די אמונה איז דאָך דער איינציקער בונד, וואָס האַלט די פאַלאַשן געשלאָסן מיט אונדז — און נאָכדעם שיקן זיי צוריק אין די ווייטע דערפער, כדי זיי זאָלן דאָרטן ווערן די מדריכים. דעם פּרעזידענטס פרוי, רחל ינאית, גיט צו: „פאַרוואָס עפּעס נאָר ייִנגלעך ברענגען? לאָמיר אויך נעמען אַ פּאָר מיידלעך". און אַזוי בלייבט עס: י. בן־צבי וועט זיך פאַרשטענדיקן טעלעפאָניש מיט דער פאַרוואַלטונג פון „עלית הנוער" אין ירושלים, מען וועט שיקן אַ ספּעציעלן שליח און ברענגען מיטן עראָפּלאַן די 12 קינדער. מען וועט זיך באַמיען צו שיקן באַלד אַ לערער אהינצו, נאָך איי־דער די שולע ווערט געגרינדעט. מיט איין וואָרט: מען וויל איך זאָל ברענגען אַ גרופּ די פאַר־פרעמדטע שוואַרצע יידן, צווישן וועלכע עס אַרבעטן איצט מיט דערפּאָלג די מעטאָדיסטישע מיסיאָנערן, אַז זייערע ברידער האָבן זיי ניט פאַרגעסן, אַז דער ערשטער בירגער פון ישראל, דער נשיא־המדינה, איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין זייער קיום.

דער דאָזיקער וויזיט ביים פּרעזידענט גיט מיר צו פיל מוט אין אויספילן מיין מיסיע אין דער שווערער רייזע, וואָס שטייט מיר פאָר צו מאַכן.

פריער פאָר איך גאָר קיין יאָהאַנעסבורג און דאָרט, צווישן דעם פולבלוטיקן יידישן קיבוץ און אין דעם הויז פון מיין ליבן פריינט אייבעל שאַבאַן, — פאַרברענגען מיר פּסח. נאָכדעם וווין איך גאַנצע דריי טעג אין אָפּגעצאַמטן שטח, אַ מין געטאָ, פאַר מענטשן, אינמיטן דער דזשאָנגגל, ווו חיות שפּאַצירן פריי, אָבער מענטשן באַוועגן זיך נאָר אין פאַרמאַכטע אויטאָ־מאָבילן און קוקן אָן ווי אַזוי לייבן, לעמפּערטן, זשיראַפן, עלפאַנטן, ווילדע מאַנקים און אַלע אַנדערע גאָטס־באַשעפענישן, לעבן זיך אויס אין שויס פון דער נאַטור אָן רעוואָלוציעס און אָן מלחמות.

יעדן פרימאָרגן, פּינקט פאַרטאָג, פלעגן צום פאַרקאָן אַרום אונדזער הייזל צוגיין לייבן און מיט זייער דונער־ברום אונדז אויפוועקן.

און אויך איז ווערט צו באשרייבן יענע טעג אין דער טעראַריזירטער מזרח־אפריקאַנישער שטאָט נייראָבי, — ווו די געהיימניספולע מאַו־מאַו האָבן געשאָסן און געברענט די ווייסע און ווו מיר זיינען גראָד געווען אין יענער צייט, ווען מען האָט געמשפּט די עלף טעראָריסטן־פירער און אַלע ווייסע זיינען געגאַנגען באוואָפנט. מיר האָבן געלעבט אין א האָטעל, וואָס איז געווען פאַרבאַריקאַדירט ביינאַכט...

אָבער דערווייל מוזן מיר פליען פון נייראָבי קיין אַדיס־אַבעבאַ, מיט דעם עראָפּלאַן אויף וועלכן עס איז אויסגעמאָלט א ריזיקער רויטער לייב מיטן אויפשריפט: „די ליניע פון קייסער איבער קיסרים, —דער מלך פון עטיאָפּיע”...

ווידער טראָגן מיר זיך איבער די בערג פון מצרים און כוש, וואָס טראָגן די נעמען פון נחס זון חם, — מיט וועלכן דער „אינטעלעקטועלער” ברודער שם האָט זיך ניט שטענדיק גע־קענט אזוי לייכט פאַרשטענדיקן. און ווידער פליען מיר איבער דעם עקוואַטאָר נעבן וועלכן עס האַלט וואַך דער גרויזאַמער בארג קילי מאַנדזשאַראָ מיט אָפענע שניי־אָפּגרונטן און שפּי־ציקע גאָפּלען. דוכט זיך, אז אָט־אָט פאַרטשעפּען זיי די פליגלען פון אונדזער עראָפּלאַן... און אַז מען פליט דאָ דורך דעם עקוואַטאָר באַקומט יעדער פּאַסאַזשיר א שיין געדרוקטע אין פאַרבן־צייגעניש מיטן נאָמען פון רייזנדיקן, אין וועלכן איר לייענט: „הערט, הערט, אַלע מענטשן, אַלע חיות, אַלע פיש, אַלע פייגל, — איר ווערט אינפאָרמירט, אַז דר. ח. שאָשקעס איז איצט באַוווסט אַלס קאָנוואַריקאַטור, שעלאַבאָק, סאַלאַביסאַן, עמפּירום (אַלץ ווערטער, וואָס האָבן צו טאָן מיט לעגענדאַרע לאַפּיטוטן, וועלכע איר דערמאָנט, להבדיל, בעתן דוכענען אונטערן פאַרדעקטן טלית...) — פאַר זיין העלדישער טאַט פון איבערפליען דעם עקוואַטאָר לעבן קילי מאַנדזשאַראָ”...

מוז איך אייך זאָגן, אז קיין שום העלדישקייט איז אין דעם נישט געווען, נאָר א ביסל מורא, אז א שטורם־ווינט וועט אייך פאַריאָגן אונטן צווישן די שניי־בערג און צוזאַמען שוין מיטן לייבישן עראָפּלאַן וועט פון אייך, חלילה, בלייבן א בארג שערבלעך.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אָט זיינען מיר שוין אין אַדיס־אַבעבאַ, די באַרגיקע הויפּט־שטאָט פון הייליִא־סעלאַסי. א שלל מיט מענטשן אין ליילעכער איינגעוויקלט, מיט שוואַרץ־בערדיקע פּנימער און מיט שטרוי־ענע שירמס אין די הענט. טויזנטער פרויען אין ווייסע גאַז־שאַלן ארומגעוויקלט מיט טורמדיקע האָר־פריזורן אויף די קעפּ. איך וואָלט געזאָגט, א שטאָט א גאַנצע שפּאַצירט ארום אין תכריכים.

עס איז א מאַרק־טאָג און פון אַלע זייטן נידערן אראָפּ פון די בערג אביסינישע פּויערים מיט קעלבלעך אויף די פּלייצעס, מיט קונציקע געשניצטע טעפּ אויף די קעפּ.

זיי בלייבן שטיין אינמיטן שלעכט־ברוקירטן מאַרק, ווו אַ קונצנמאַכער פאַרכישופט מיט אַ פּייפל אַ דיקע שלאַנג, וועלכע דרייט זיך פריער אין קאָנוואָלסיעס און נאָכדעם בלייבט זי שטיין אויסגעצויגן ווי אַ שטעקן און בויגט זיך אין טאַקט אונטער די טענער פון פּייפל.

און דאָ שמירט מען אַ קרעציקן מיט קרייטעכצער, — און וואָס פאַר אַ ווונדער! די געשווירן גייען אַראָפּ פון דער הויט אַזוי ווי דורך כישוף... אַלע וואַרפן זיך קויפן דעם קריי־טעכץ מיט די קופּערנע מטבעות, וואָס זעען אויס ווי רינגען.

און אָט איז דער רוסישער שפּיטאָל, וועלכן די סאָוועטישע רעגירונג האַלט דאָ אויס שוין צענדיליקער יאָרן און הונדערטער קראַנקע גייען דורך טעגלעך די מעדיצינישע אַמבולאַטאָריעס.

דאָ היילט מען טאַקע ניט מיט „כישוף־קרייטעכצער", אָבער דער ערשטער סאַניטאַר, וואָס באַגעגנט מיך ביים אַריינגאַנג רעדט גוט רוסיש, — כאָטש ער איז אַ שוואַרצער אַביסיניער, — און גיט מיר אין האַנט אַ פיין אילוסטרירטע בראָשור אונטערן נאָמען: „ווי אַזוי מען זאָרגט אין ראַטן־פאַרבאַנד פאַרן געזונט פון פּראָסטן מענטשן". די בראָשור איז אין דער אַמהאַרישער שפּראַך, אָבער די בילדער ווייזן דעם קאָמפאָרט פון די שפּיטעלער אין מאָסקווע און די אַר־בעטער־סאַנאַטאָריעס אין קרים און קאַווקאַז. איך גיי אויך אַרום אין גאָרטן, ווו איך באַ־געגן יונגע דאָקטוירים, וועלכע זיינען נאָר וואָס געקומען פון מאָסקווע, און כאָטש זיי זיינען אָנגענעם איבעראַשט, וואָס דער אומדערוואַרטעטער באַזוכער פון ווייטן אַמעריקע רעדט אַ גוטן רוסיש, זיינען זיי אָבער טויב און שטום, ווען איך שטעל זיי פראַגן וועגן דער צאָל פּאַ־ציענטן און די הוצאות, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן אויסהאַלטן פון אַזאַ ריזיקן שפּיטאָל.

און נאָכדעם, — ווי צוליב קאָנטראַסט, — באַזוך איך דעם אַמעריקאַנישן אינפאָרמאַציע צענטער, ווו עס זיצן פיל אַביסיניער יונגעלייט און לייענען אונדזערע ביכער און זשורנאַלן, און ווו מען פאַרטיילט אויך שיין־געדרוקטע ביכלעך און בראָשורן (אין ענגליש) וועגן אַג־ריקולטור און טעכנישע פראַגן. קום איך דאַן צום באַשלוס, אַז די „קרייטיכצער", וואָס די רוסן האָבן דאָ געבראַכט, פּאַסן זיך מער צו די ווונדן פון אָפּגעשטאַנענעם און קראַנקן אַביסי־ניער פאָלק... די דאָזיקע מיינונג מיינע האָבן שפּעטער אויך באַשטעטיקט די אַמעריקאַנישע און אייראָפּעאישע דיפּלאָמאַטן, מיט וועלכע איך האָב געשמועסט. מיר שיקן ראַטגעבער און ליטע־ראַטור, און זיי האָבן דאָ איינגעאָרדנט דעם גרעסטן היילונגס־צענטער אין לאַנד און טיילן אומזיסט אַספּירין געמישט מיטן זיסן פּראָפּאַגאַנדע־סם, — און עס העלפט — די רוסן, פאַרשטייט זיך...

איך וווין אין האָטעל „ראַס", ווו ס'קומט זיך צענויף די גאַנצע אייראָפּעאישע קאָלאָניע. ווי נאָר איך האָב זיך איינגעאָרדנט אין צימער, איז גלייך געקומען צולויפן מיין יונגער פריינט שלמה שעלעמיי, פון דער רייכער היגער תימנער יידישער פאַמיליע. ער טיילט מיר מיט, אַז מיין אַלטער באַקאַנטער, דר. נתן מאַריין, דער ראַטגעבער פון קיסר, — איז נאָר איצט אין באָסטאָן אויף וואַקאַציעס... פאַר מיר איז דאָס אַן אומאָנגענעמע אַנטוישונג: ער איז דאָך דאָס

אייניקל פון מיין גמרא־רבין אין ביאליסטאָק, ר׳ יצחק מאריין, — און האָפנדיק, אַז ער איז אין אדיס־אבעבא האָב איך אים געשיקט פון נייראָבי פאָלגנדיקע טעלעגראַמע:

„צום אטאָרני דזשענעראַל פון אביסיניע. מיר קומען זונטיק און איך בעט אָנגרייטן א צי־מער ווי אויך אַן אוידיענץ ביי זיין מאַיעסטעט דעם קייסער״....

האָב איך זיך געוווּנדערט, וואָס קיינער האָט אונדז ניט דערוואַרט און קיינער האָט אויך ניט צוגעגרייט סיי דעם צימער און סיי די אוידיענץ.

וועט מען, — הייסט דאָס, — מוזן אַרבעטן מיט אייגענע כוחות.

**א**יידער איך לאָז זיך ארויס אויף דער קאָמפּליצירטער רייזע אין די טיפעניש פון עטיאָפּיע (אַביסיניע), האָב איך נאָך אייניקע אָנגעלעגנהייטן צו דערליידיקן אין דער הויפּט־שטאָט אדיס־אַבעבאַ.

אָבער פון איין זאַך האָב איך זיך לכתחלה אָפּגעזאָגט. א גוט אינפאָרמירטע פּערזאָן האָט מיך געראָטן ניט זוכן קיין אוידיענץ מיטן קייסער היילאַ־סעלאַסי איידער איך באַזוך די פאַלאַשן אין די טיפענישן פון לאַנד. און מען האָט מיך מתרה געווען, אז דער קייסער איז לעצטנס קאַלט געוואָרן צו די פּערזאָנען, וועלכע ווילן באַהעפטן די שווארצע יידן מיט זייערע ברידער אין דער וועלט. מען האָט מיר אַפילו דערציילט, אז דער באַרימטער עטיאָפּיער דיפּלאָמאַט תמרת עמנואל, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דר. זשאַק פייטלאָוויטש אַזוי פיל מיטגעהאָלפן צו ברענגען דעם גרוס פון די פאַלאַשן צו דער וועלט, מוז איצט אָפּריכטן גלות אין דער שטאָט אַסמאַרא, אין דער אויטאָנאָמער פּראָווינץ עריטרעאַ, ווייל היילאַ־סעלאַסי וויל אים ניט גערן האָבן נעבן זיך אין אדיס אבעבא. און תמרת עמנואל איז דאָך אַליין געווען אמאָל א פאַר־וואָרפן פאַלאַשאַ־קינד אין די טיפענישן פון עטיאָפּיע, וועמען דר. פייטלאָוויטש האָט אוועקגע־נומען פון דאָרטן קיין אייראָפּע און געלאָזט שטודירן אין די אוניווערזיטעטן, און שפּעטער, אין די שווערע צייטן פאַרן קייסער, איז ער געשטאַנען ביי זיין זייט קעגן דער מעכטיקער אַגרע־סיע פון מוסאָליניז און קעגן דער גלייכגילטיקייט, וואָס די „נייטראַלע וועלט" האָט ארויסגע־וויזן בעתן פאַשיסטישן רויב פון אביסיניע.

איצט ווייזט אויס, דאַרף מען אים מער ניט האָבן, און אויך אויף אונדזערע פאַלאַשן, געבילדעטע אין די אייראָפּעישע אוניווערסיטעטן, קוקט מען מיט פאַרדאַכט. איך האָב דאָס געקענט זען, ווען איך האָב זיך געטראָפן מיט זיי אין אדיס אבעבא. נאָך מיט אייניקע יאָרן צוריק האָבן זיי דורך מיר און דורך אַנדערע יידן, ווי דר. פייטלאָוויטש, פּראָפ. לעסלאַו און דר. א. ראָזנפעלד, פּרובירט הויך און שטאָלץ שיקן זייער רוף צום וועלט־יידנטום, אז מען שמדט אויס מיט קונציק־מיסיאָנערישע מיטלען דעם מערקווירדיקן שווארצן יידן־שבט; אז עס וואָלט גוט געווען, ווען די ישראל־רעגירונג עפנט כאָטש א ווינקעלע פון לאַנד פאַר זייערע ברידער. אָבער איצט ריידן מיר מיט האַלבע טענער: דער קלימאַט אין אביסיניע, ווי אין דער גאַנצער וועלט, ווערט געדיכט נאַציאָנאַליסטיש, די אַלע פעלקער אין דאָזיקן לאַנד מיט זייערע זיבעציק לשונות און דיאַלעקטן (בוכשטעבלעך, כמעט זיבעציק) מוזן זיך צונויפגיסן אין איין עטיאָפּישער נאַציע, און ס'איז דעריבער ניטאָ קיין אָרט פאַרן פאַלאַשאַ־ראָמאַנטיזם, וועלכן דער זעלבער קייסער היילאַ סעלאַסי האָט ארויסגעוויזן אין אָנהייב פון אונדזער יאָר־הונדערט.

זיצט איך מיר אין רייך־דעקאָרירטן קאַבינעט פונעם הויכגעשטעלטן רעגירונגס־באַאַמטן אָטאָ טאַדעסע יעקב. ער איז דער שוואָגער פון שוין דערמאָנטן תמרת עמנואל און אויך אַ באַוווּסטזיניקער ייד, כאָטש שוואַרץ ווי יעדער אַביסיניער. מיט אונדז זיצט אויך דער באַאַמ־טער פון בילדונגס־מיניסטעריום יונה באַגאַלע, מיין אַלטער פריינט נאָך פון מיין פריערדיקן באַזוך אין אַדיס אַבעבאַ. ער איז אַזוי ענלעך צו דר. חיים ווייצמאַן מיט זיין שפּיציק בערדל און סאַרקאַסטישע יידישע אויגן, — מער ניט דאָס פּנים זיינס איז טונקל ווי מיט טינט אויס־געשמירט, אַ פאַרב פון יאָרטויזנטער געהיימניספולער געשיכטע און יחוס, וואָס ציט זיך פון יענעם גרויסן ראָמאַן אין וועלכן עס האָבן זיך פאַרוויקלט שלמה המלך און מלכת שבא...

איך ברענג זיי דעם לעצטן גרוס פון ישראל. איך דערצייל זיי וועגן מיין געשפּרעך מיטן פּרעזידענט פון ישראל יצחק בן־צבי, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג און ליבע צו די פאַרוואָרפענע שבטים אונדזערע, וואָס האָבן אַזויפיל אויסדויער אַרויסגעוויזן אין משך פון טויזנטער יאָרן סיי אין תימן, סיי אין די בערג פון קוזבעקסטאַן, סיי אין די דזשאָנגעלס פון אינדיע, ווי אויך אין די טיפענישן פון עטיאָפּיע. זיי זיינען ברוין אָדער געל, קופּער־רויט אָדער שוואַרץ. אָבער די צוגעבונדנקייט און ליבע, וואָס זיי ווייזן אַרויס צו זייער אַלטן שטאַם, רופט אַרויס זיין — בן־צבי'ס — באַוווּנדערונג, און ער שיקט דעריבער דורך מיר דעם האַרציקסטן גרוס ווי אויך די איינלאַדונג אַז אַ גרופּע פון צוועלף פעיקע יוגנטלעכע זייערע זאָלן קומען קיין ישראל און דאָרט דערצויגן ווערן אין אַ פּאַסיק־רעליגיעזן קיבוץ.

זיצן ביידע הויכע פאַלאַשן און זייערע אויגן לויכטן מחיה'דיק־יידיש, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעזונגען דעם פּסוק פון שיר־השירים: „אל תראוני שאני שחרחורת" — קוקט ניט אויף אונדז וואָס מיר זיינען שוואַרץ געוואָרן דורך די אַלע יאָר־טויזנטער; וואָס די קינ־דער פון אונדזערע געמיינזאַמע מאַמעס זיינען פאַרפרעמדעט געוואָרן, און איצט זיינען מיר דאָך ווידער צוזאַמען. ניט אמת?

און עס האָט זיך אַוועקגעזעצט דער מושלם יונה באַגאַלע, וואָס רעדט און שרייבט אייניקע אייראָפּעישע שפּראַכן אויסער די דיאַלעקטן פון זיין פאָטערלאַנד און האָט אָנגע־שריבן אייגנהענטיק, אין העברעאיש, דעם ווייטערדיקן בריוו צום נשיא פון ישראל, פון וועלכן איך ברענג דאָ אייניקע אויסצוגן:

„צו זיין עקסעלענץ דעם פּרעזידענט פון ישראל יצחק בן־צבי:

מיט גרויס שמחה האָבן מיר אויפגענומען דעם גרוס וואָס דו האָסט אונדז געשיקט דורך אונדזער ברודער דר. חיים שאַשקעס. יעדער וואָרט, וואָס קומט פון אונדזער טייער לאַנד ישראל פאַרבינדט אונדז ווידער מיט די פעדים פון גייסט און בלוט פון יענע טויזנטער יאָרן, ווען מיר אַלע זיינען געבונדן געווען מיט דעם אַלטן מוטער לאַנד.

טויזנטער פון אונדזערע ברידער, וואָס לעבן אויף די בערג און אין די טאָלן פון עטיאָפּיע וואַרטן אויף יענעם וואָרט פון ישראל'ס פּרעזידענט, וואָס וועט ניט נאָר אונדז וואַ־רעמען, נאָר אויך אַ רוף טאָן כדי זיך פאַראייניקן מיטן כלל־ישראל...

און זיי זיכער, — דו האָר אונדזוערער — אַז דיינע ווערטער וועלן ווי גלאָקן אָפּ־קלינגען אין יעדן דאָרף, אין יעדן סוכה־הייזל, וווּ עס לעבן אין אַזאַ איינזאַמקייט די ברידער אונדזערע שוין טויזנטער יאָרן״...

(אין ווייטערדיקן טייל פון בריוו דאַנקען די דאָזיקע פאַלאַשן פירער פאַר איינלאַדן זייער גרופּע יוגנט קיין ישראל און ווייזן אָן דעם פּלאַץ און דעם וועג, וווּ דער שליח פון ארץ דאָרף קומען אָפּנעמען די יוגנטלעכע).

נאָך אַ קורצער באַראַטונג ווערט באַשלאָסן, אַז מיך און מיין פרוי וועט באַגלייטן אין אונדזער עקספּעדיציע יונה באַגאַלע. אויב ער וועט מיט אונדז ניט זיין וועלן זיך די פאַלאַשן באַציִען צו אונדז מיט חשד, מורא האָבנדיק, אַז אויך מיר זיינען כיטרע מיסיאָנערן, וועל־כע האָבן שוין אַזאַ וויסטן חורבן אָנגעמאַכט צווישן די גלויביקע פאַלאַשן (ווען דר. פייטלאָוויטש איז צו זיי געקומען מיט פיל יאָרן צוריק, האָט מען געציילט איבער פופציק טויזנט נפשות, איצטער אָבער גלויבט מען ניט, אַז עס זיינען פאַראַן מער ווי צוואַנציק טויזנט פאַלאַשן).

מיינע פריינט, די פאַלאַשן־פירער, האָבן מיר מתרה געווען, אַז די רייזע צו די בערג הינטער דער שטאָט גאָנדאַר איז זייער אַ שווערע, אַז מיין פרוי וועט דאַרפן בלייבן אין שטאָט און איך וועל מוזן רייטן אויף אַ מויל־אייזל צען־צוועלף שעה דורך טייכן, בערג און שמאָלע דורכגאַנגען, איבער אָפּגרונטן, ביז איך וועל מיין רייזע־ציל דערגרייכן.

זיי האָבן מיר אויך גע׳עצה׳ט זיך צו באַזאָרגן מיט אַ פּערזענלעכן רעקאָמענדאַציע־בריוו צום גענעראַל־גובערנאַטאָר פון די אינערלעכע פּראָווינצן ער זאָל מיר געבן אַ דערלויַ־בעניש פאַר אַזאַ רייזע און אויך מיליטערישן שוץ, — ווייל רויבער און ווילדע חיות באַגע־גענען אָפט דעם וואַנדערער אין יענע געגנטן.

בין איך אַוועק צו דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע און דאָרט האָט מיר דער טייערער קאָנסולאָר זשאַנעלי, געוועזענער פּראָפעסאָר, געגעבן אַ בריוו צום גענעראַל־גובערנאַטאָר, פּרינץ אַסראַטע קאַססאַ, אַ מענטש פון אַ דאָפּלטן יחוס: ער איז דעם קייסערס איידעם און דער זון פון אַ גרויסן העלד ראַס קאַססאַ, וועלכער האָט זיך אַזוי באַרימט געמאַכט אין קאַמף מיט די איטאַליענער.

מיר רעדן אָפּ, אַז מאָרגן גאַנץ פרי נעמען מיר דעם פּראַכט־עראָפּלאַן, וואָס פירט סחורה און שפּייז קיין גאָנדאַר און הויבן אָן מיט מזל אונדזער רייזע צו די „רויטע יידעלעך הינטערן טייך סמבטיון״, — פונקט אַזוי, ווי אונדזערע באָבעס פון אומצאָליקע דורות צוריק, האָבן אונדז דערציילט.

מיר האָבן נאָך אַ גאַנצן טאָג פריי און נעמען דעריבער אָן די איינלאַדונג פון יונגן אַדענער ייד שעליימע, מאַכן מיט אים אַן אויטאָמאָביל שפּאַציר אין דער אומגעגנט פון אַדיס אַבעבאַ.

קיין סך גוטע וועגן זיינען אין דאָזיקן לאַנד ניטאָ, — פאָרן מיר דעריבער צו דער אָזערע קאָרטענדע, אין דער ריכטונג צום סודאַנישן מדבר. דאָרט וויל אונדז אונדזער באַגלייטער

ווייזן אייניקע שיינע נאטור־בילדער. אונדזער באגלייטער נעמט אויך מיט א יעגער־ביקס אין פאל ווען ער וועט טרעפן חיות און פייגל, וואס לוינט צו שיסן.

מיר פארן לאנגזאם אריין אין אזא געדיכטן עקאליפטוס־וואלד, ווו עס הערשט א פינצטערניש צוליב די איבערגעפלאכטענע צווייגן. דערפאר אבער ווערט די לופט פול מיט א פעטן פערפום־ריח און עס אטעמט זיך מיט אזא לייכטקייט, אז מיר פארשטייען שוין, פארוואס די צאלרייכע ארעמע לונגען־קראנקע אביסיניער בויען דא זייערע סוכות, כדי אין דער דער־קוויקנדיקער לופט א רפואה צו געפינען. עס גלוסט זיך פשוט ניט צו פארלאזן דעם וואלד.

דערנאך פארן מיר ארויף אויף א בערגל, ווו עס שטייט אן איינזאם הייזל צווישן א גערטנדל פון עקאליפטוס־ביימער. שעליימע ווייס, ווייזט אויס, צוליב וואס ער פירט אונדז דא ארויף. ער שרייט אויס הויך און מיט א קוויטש דריי מאל: „יעהאוואַ"! גייט ארויס פון הייזל א בלאנד פארוואקסענער מענטש אין א ווייסן קיטל און פארנויגט זיך פאר אונדז. ער מאכט דעם איינדרוק פון א נביא, אדער קריסטלעכן הייליקן, ווי מען מאלט זיי אויף די פרימיטיווע בילדער. זיינע לאנגע, בלאנדע לאקן פאלן אויף די פלייצעס און גיסן זיך ערגעץ־ווו צונויף מיט דער לאנגער העלער באָרד, וואס פאלט אויף זיין ברוסט. אבער א פאר קאלטע בלויע אויגן מאכן די גאנצע געשטאלט ענלעך גיכער צום טעווטאנישן אורמענטש אין בייערישן וואלד, און די דאזיקע ענלעכקייט ווערט נאך מער בולט, ווען מיר דערהערן פלוצלונג פון קלינגענדיקן דייטש די ווערטער: „איך האבע די ערע" אבערסט יעהאוואַ דער שטאלץ געדינט האט אין היטלערס בוכענוואלד קאנצענטראציע־לאגער"..... ער זעט, אז מיר פארשטייען זיין שפראך, און א שמייכל שלענגלט זיך איבער זיינע ליפן. שעליימע, וועלכער פארשטייט ניט קיין דייטש, דערקלערט אונדז, אז דער דאזיקער געהיימניספולער מענטש איז דא געקומען נאכן לעצטן וועלט־קריג; מען זאגט, אז ער איז געווען פון דער גרופע אפיצירן, וואס האבן געוואלט טויטן היטלערן אין זומער פון 1944. אבער זיין נאמען אנטדעקט ער ניט פאר קיינעם. ער ארבעט פלייסיק און איינזאם אויף זיין שטיקל ערד און די אביסיניער ארום האלטן אים פאר א הייליקן.

איך וויל פרווון אים עפעס צו פרעגן. איך זאג אים, אז זיין נאמען באדייט דאך דער „שם" אין העברעאיש; איז ער ניט קיין ייד?

זאגט ער, אז ער ווייסט, וואס יעהאוואַ באדייט, אז ער איז ניט קיין ייד, כאטש ער וואלט שטאלץ געווען צוליידן אזוי ווי די יידן און שטארבן אזוי ווי זיי; אבער ער איז אויך ניט מער קיין קריסט — ווייל:

„מיטן קרייץ, מיטן בייטש און מיט אלקאהאל זיינען די ווייסע קיין אפריקע גע־קומען און דאס לאנד באהערשט און צעשטערט.... זאל זיך דער גרויסער גאט דערבארעמען און צונעמען פון דאנען דעם ווייסן ווילדן מנטשן"....

זע איך שוין, אז דער מענטש איז אדער צו קלאר, אדער צו משוגע... טראגן מיר זיך שנעל אפ פון זיין בלאנדן געשטאלט.

ער באגלייט אונדז מיט די ווערטער: „טוט תפילה יעדן טאג צו יעהאוואַ, צום גאט אן א קערפער!...

דערנאָך פאָרן מיר אראָפּ אין טאָל וואָס פאַרבלענדט פּשוט מיט די פאַרבן פון זיינע געוויקסן. זיי געהערן צו קיינעם ניט די ווילדע אָראַנדזשעס, אַבאָקאַדאָס, מאַנגאָס, טשירי־מאָלאָס, וואָס וועגן שווער אויף די צווייגן פון גרינע, בלויע, רויטע ביימער.

און שעליימע פירט אונדז צו צו א בוים, אויף וועלכן עס הענגען אידעאַל־פאָר־מירטע, אָוואַלע געלבע אתרוגים.

„דאָ קום איך יעדעס יאָר, איינקע וואָכן פאַר סוכות, און קלייב אָפּ די שענסטע אתרו־גים, וועלכע איך שיק איבער דורך לופט־פּאָסט צום אדענער רב, רבי יחיה אברהם... און זעט נאָר וואָס פאַר א שיינע הדסה׳ס דאָ וואַקסן. אויך זיי שיק איך איבער קיין אדען מיט די אתרוגים".

איבער אונדזערע קעפּ דרייען זיך שוואַרצע פייגל. נעמט שעליימע זיין יעגער־ביקס, צי־לעוועט זיך אָן אויף איינעם אַזאַ פויגל און שיסט אויס. ער פאַלט אראָפּ מיט א טעמפּן קלאַפּ אויפן נאַסן געדיכטן גראָז.

שעליימע גיט צו אונדז א שעפּטשע: „קוקט גוט אָן, וואָס באַלד וועט פאָרקומען".

און מיר זעען: א כמאַרע פייגל וועמענס חבר׳טע מען האָט נאָר וואָס אראָפּ־געשאָסן, — אָנשטאָט צו אַנטלויפן, ווי עס קומט געוויינלעך פאָר בעת א שיסעריי, — לאָזן זיך לאַנגזאַם אראָפּ אויפן גראָז און רינגלען ארום דעם פּלאַץ, ווו דער געשאָסענער פויגל ליגט. זיי דעקן אים צו מיט זייערע סאַמעטענע פליגלען און בלייבן זיצן שטיל. זיי זיצן „שבעה" נאָך זייער חבר׳טע; נאָכדעם הייבן זיי זיך אַלע אויף און פליען לאַנגזאַם אַוועק.

זאָגט אונדז שעליימע: „אָט צוליב דעם דאָזיקן נאַטור־װוּנדער האָב איך אייך טאַקע דאָ געבראַכט און מיט מיר מיין ביקס מיטגענומען. ווי ווייט איך וויים, איז דער דאָזיקער פאַל פון פייגל, וואָס רינגלען אומדערשראָקן ארום דעם טויטן קערפּער פון א טויטן חבר, דער איינציקער, וואָס איז באַוווּסט אין דער נאַטור־געשיכטע.

מיר פאַרלאָזן מיט בענקשאַפט דעם דאָזיקן טאָל פון וווּנדערלעכער נאַטור און פון „נאַטור־וווּנדער". שטאַרקער ווי דער ריח פון עקאַליפּטוס־וואַלד, צאַרטער ווי די פאַרבן פון „פּרוכטן־טאָל" איז אונדז איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון די סצענע ווי די שוואַרץ־סאַמע־טענע פליגלען פון די פייגל האָבן אין טיפן טרויער זיך צעלייגט אויפן אומשולדיק־געטויטן קערפּער פון א חבר׳טע, אַזוי ווי אין שטילן פּראָטעסט קעגן ברוטאַלן אַקט פון אונדזער ציווי־ליזאַציע מיט ביקסן באַוואָפנט...

מיר פליען אין א פּראכט־עראָפּלאַן פון אַדיס־אַבעבאַ קיין גאָנדאַר. מיט אונדז צוזאמען זיצט דער געבילדעטער פאַלאַשאַ יונה באָגאַלע, וועלכער וועט דינען אַלס אונדזער איבער־זעצער און וועגווייזער.

יונה באָגאַלע שטאַמט אַליין פון איינער פון די צאָלרייכע שטעטלעך, וואָס ליגן צו צפון פון לעיק טאַנאַ, די ריזיקע אָזערע פון איניקע הונדערט מיילן די ברייט.

דאָרט, ווייט פאַרשטעקט אין די בערג, וווינט דער שוואַרצער שבט פון יידן, וואָס איז צעשאָטן אין דערפער, אָבער האַלט זיך צוזאמען מיטן קראַפט פון דער תורת־משה און געמיינזאַמער טראַדיציע. דער פאַלאַשאַ־שבט קומט כמעט ניט אין באַרירונג מיט דער אַרו־מיקער אַביסיניש־קאָפּטישער באַפעלקערונג און יענע רופן די שוואַרצע יידן „אַטענקון", וואָס באַדייט אין אַמהאָריש „ריר מיך ניט אָן".

נאָך יעדן קאָנטאַקט, — אפילו דורך האַנדלס־אויסטויש — מיט ניט־יידן, מוז זיך יעדער פאַלאַשאַ טובל זיין, און די קריסטלעכע עטיאָפּיער רופן זיי אויך דעריבער „מענטשן מיט וואַסער־ריח", ווייל פון די פאַלאַשן, וואָס טובל'ען זיך אין די פרישע קוואַלן איניקע מאָל טעגלעך, טראָגט זיך א ריח פון די שאַרפע מינעראַלן מיט וועלכע די וואַסערן אין אַביסיניע זיינען אָנגעזאַפּט.

יונה דערציילט מיר, אַז די פאַלאַשן געדענקען גוט די באַזוכן, וואָס איניקע ווייסע יידן, ווי דר. פּיטלאָוויטש, וויטערבאַ, לעסלאַו און דר. א. ראָזענפעלד, האָבן ביי זיי געמאַכט אין לעצטן יאָרהונדערט. אויך אונדזער באַזוך וועט דעריבער בלייבן א געשעעניש וועגן וועלכן מען וועט דערציילן קינדער און קינדס־קינדער. יונה, אָבער, האָט ספקות צי מיין פרוי וועט קאָנען דערגרייכן די פאַלאַשן־ישובים, וואָס ליגן טיף אין די בערג, ווייט פון דער שטאָט גאָנ־דאַר. צו זיי קען מען דערפאָרן נאָר רייטנדיק אויף אַן אייזל אָדער גיין צופוס, — ביידע טראַנס־פּאָרט מיטלען זיינען ניט פּאַסיק פאַר מיין פרוי. דאַקעגן איז פאַראַן איין דאָרף פון די פאַלאַשן ניט ווייט פון דער שטאָט גאָנדאַר, — דאָרט וועלן מיר שוין אַלע קאָנען דערפאָרן אין א דזשיפּ, אויב דער וועג איז ניט צופיל דורכגעווייקט מיט בלאָטע.

דערווייל טרייסלט אונדזער אַלטער עראָפּלאַן אָן אַן אויפהער. כאָטש מיר זיינען די גאַנצע צייט צוגעבונדן מיט שטריק צו די בענק, וואָס ציען זיך לעבן וואַנט, דוכט זיך יעדעס מאָל, אַז אָט רייסן זיי זיך איבער און מיר פאַלן אויף די פעסלעך גאַזאָלין און פּעק מיט רויע פעלן, מיט וועלכע עס איז אָנגעפילט אונזער פלי־מאַשין. עס איז נאָך א נס, וואָס מען פליט

אינגאנצן צוויי שעה. אָט פליען מיר שוין איבערן וואסער־שפיגל פון לעיק־טאנא, ארום וועלכן עס האָבן זיך בעת דער איטאליעניש־אביסינישער מלחמה אָפּגעשפּילט בלוטיקע שלאכטן צווישן מוסאָלינים פאשיסטישע אַנגרייפער און די העלדישע האַלב־נאַקעטע פּאַרטיזאַנער פון היילא־סעלאַסי. און אָט לאַנדעט אונדזער פליענדיקע „טראַנטע" אינמיטן פעלד און מען הייסט אונז ארויסגיין: דאָס איז שוין גאָנדאר. צו דער שטאָט גופא דארף מען צופאָרן ארום צוואנציק מייל. דינגען מיר די טאַקסי, וואָס וואַרט ביים פעלד, — די איינציקע טאַקסי אין שטאָט. מילא, איז דאָס געווען א „יאַזדע", — נעמענדיק אין באטראַכט, אַז דער דאָזיקער אַלטער „פאָרד" איז געבויט געוואָרן בעתן ערשטן וועלט־קריג.... מיר זיצן קוים זאַלבעפערט און אונדזערע וואליזעס און פעקלעך פאַלן די גאַנצע צייט אויף אונדזערע קעפּ, ווייל דער וועג איז מיט לעכער און די „קאר" שפרינגט אזוי ווי אַן אַלטע בויד. אָבער דערפאָרן זיינען מיר צום האָטעל, אויך דעם איינציקן אין שטאָט, ווו מען טרעט אונז אָפּ דעם בעסטן צימער מיט דער באָד. די באַקוועמלעכקייט באשטייט אין דעם, וואָס אינמיטן צימערל שטייט א הילצערנע „באַליע" ענלעך צו די, אין וועלכע מ'פלעגט וואַשן וועש אין די הייזער פון אונדזערע באָבעס. שווארצע נאַקעטע ייִנגלעך מיט ווייסע לאַכנדיקע ציינער טראָגן אריין עמערס הייסע וואסער און פילן אָן די „באַליע" און ס'ווערט א באָד.

ניט ווייט פון האָטעלכל שטייט דער אַלטער שלאָס, אין וועלכן עס וווינט דער גענעראַל־גו־בערנאַטאָר פון די פּראָווינצן גאָנדאר, בעטשעמעדער און סעמאָן, — דער פרינץ אַסטראַטע קאַסאַ, דער איידעם פון אימפּעראַטאָר היילא־סעלאַסי.

צו אים גיי איך מיט מיין רעקאָמענדאַציע־בריוו, וואָס עס האָט מיר מיטגעגעבן די אַמע־ריקאַנער אַמבאַסאַדע אין אַדיס־אַבעבא.

שוין דער גאַנצער פּלאַץ פארן ארייננגאַנג אין פּאַלאַץ, שטעלט פאָר מיט זיך א העכסט קאָלירפול בילד: טויזנטער אביסיניער פון אַלע פּראָווינצן אין זייער אייגנאַרטיקער קליידונג שטייען, ליגן אָדער זיצן אויף דער ערד, אין דערוואַרטונג, אַז מען וועט זיי צולאָזן צו די הויכע באַאַמטע, וועלכע אַמטירן אין פּאַלאַץ. זיי קומען דאָ מיט זייערע טענות, צרות, מיט זייערע לאָדונגען און סכסוכים. דאָ, צווישן די דיקע שטיינערנע ווענט, משפּטן געריכטן, געפינט זיך די פּאָליציי. שווער עפענען זיך די טויערן, לאָזן אריין קליינע גרופּקעס אין לייַלעכער איינגע־וויקלטע באַבערדלטע אַביסיניער, און פּאָליציי שטופּט אַוועק די איבעריקע.

איך אַליין שטופּ זיך קוים דורך, אָבער ווייל איך בין א ווייסער מענטש לאָזט מען מיך דורך אומגעשטערט (אין איצטיקן אינדיע איז די לאַגע גראָד פאַרקערט, דערפאַר וואָס איך בין א ווייסער האָט מען מיך שטענדיק באַהאַנדלט דעם לעצטן און ערגער ווי די קאָלירטע: די נקמה פון יאָרהונדערטער...) איך שטייג אויף די ברייטע, מאַרמאָרענע טרעפּ און גיב איבער מיין בריוו צו א פיין אוניפאָרמירטן אָפיציר. ער קומט גלייך צוריק און פירט מיך באַלד אריין אין קאַבינעט פון אַסטראַטע קאַסאַ.

איך געפין זיך פּנים אל פּנים מיט א געוויקסיקן, טונקל־הויטיקן דזשענטעלמאַן, וועל־כער רעדט א פּערפעקטן ענגליש מיט אַן אָקספאָרד־אַקצענט.

ער נעמט מיך אויף זייער הארציק. ווען איך דערקלער אים מיין בקשה, אז ער זאָל מיר העלפן מאכן די רייזע צו די פאַלאשן, ווערט ער א ביסל שטייפער אין דער באַנעמונג:

„איך ווייס ניט, פארוואָס די אַמעריקאנער אָדער אייראָפּעישע שרייבער און געלערנטע מיינען, אז די פאַלאשן זיינען עפּעס אנדערש, ווי אַלע אנדערע עטיאָפּיער. דער פאַקט, וואָס זיי זיינען ניט קיין קאָפּטישע קריסטן מיינט גאָרניט, — אָט האָבן מיר דאָך מוסולמענער און אַנהענגער פון פארשידענע הינדוסישע קולטן און אפילו געצנדינער.

מיר אַלע זיינען קינדער פון איין עטיאָפּיש פאָלק, און מיר זיינען זייער טאָלעראַנט צו די רעליגיעס, ביי וועלכע עס האַלטן זיך זיין מאַיעסטעטס אונטערטאַנען. אָבער פונדעסטוועגן וועל איך אייך יאָ העלפן אויספירן אייער מיסיע. קומט היינט אָוונט מיט אייער פרוי צו מיר אין פּאַלאַץ וועלן מיר האָבן דעם נאַכט־עסן צוזאַמען און וועלן באַהאַנדלען די איינצלהייטן פון אייער עקספּעדיציע.

איך שיק אייך איינצייטיק מיין אויטאָמאָביל, איר זאָלט זיך קאָנען מיט אים באַנוצן בעת איר פארברענגט אין גאָנדאר. אגב, וועט איר נאָך היינט מעגלעך באַזוכן דאָס פאַלאשן־דערפל וואָלעקאַ, צו וועלכן איר וועט קאָנען דערפאָרן מיט מיין „קאר".

אין א שעה ארום קומט צו אונדז אין האָטעל דער שעף פון מוניציפּאַליטעט יהושעיהו מאַלאַסע, וועלכער איז אויך א פאַלאשאַ און האָט פריער געהאָלפן מיינע פאָרגענגער פּראָפ. לעסלאו און דר. א. ראָזנפעלד בעת זייער באַזוך.

יהושעיהו קומט צופאָרן אין דער אָפיציעלער „קאר" פון פּרינץ קאַסאַ, אויף וועלכער עס פלאַטערט די פאָן פון עטיאָפּיע און עס גלאַנצט מיט גאָלד דער אימפּאָזאַנטער „לייב פון יהודה".

מיר דערפאָרן ביז צום סוף פון א גוטן גלייכן וועג, דערנאָך פארנעמען מיר זיך אין דער ריכטונג פון א באַרג און דערזעען אין טאָל א רייע צעשאָטענע הייזלעך, אָרעמע, געדעקטע מיט שטרוי. דאָס פייפן פון אונזער „סירענע" האָט אַלאַרמירט אַלע איינוווינער פון שטעטל וואָלעקאַ. עס שיטן זיך אַרויס פון די שטיבלעך אַלטע און קינדער. עס הערט אויף צו קלאַפּן מיטן האַמער דער שמיד און עס הערט אויף צו וועבן אויפן רעדל די פרוי, וואָס זיצט דערביי.

אַלע רינגלען אונדז ארום. צוזאַמען זיינען דאָ פאַראַן ארום זעקס צענדליק נפשות, — די פרויען אין ווייסע טוניקע־קליידלעך; די מענער אין ענגע הויזן, און אויף די פּלייצעס אַרויפּ־געוואָרפן דער ברייטער ווייסער ליילעך, וואָס דינט אַלס א „טאָגע". די מאָדע דאָ איז, ווייזט אויס, ניט געביטן געוואָרן במשך פון די לעצטע פאָר טויזנט יאָר: אויף די בילדער, וואָס איך האָב געזען אין דער סירישער דורא־אייראָפּעס סינאַגאָגע, — בילדער, וואָס מען האָט געמאָלן ארום צוויי טויזנט יאָר צוריק, — זיינען די יידן געקליידט אַקוראַט ווי די דאָזיקע פאַלאשן וואָס מיר זעען איצט פאַר זיך.

מאַלאַסע, פאַר וועלכן זיי בוקן זיך אַלע מיט גרויס יראת־הכבוד, דערקלערט זיי, אז מיר זיינען געקומען פון אַמעריקע און אַז מיר זיינען יידן. א מורמל פון באַוווּנדערונג גייט דורך די רייען און מאַלאַסע דערקלערט אונדז, אז זיי האָבן שוין געזען צוויי ווייסע יידן, אָבער זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט געזען א יידישע ווייסע פרוי. איז טאַקע דערפאַר זייער איבעראַשונג גרויס...

אן אַלטיטשקע פרוי, באהאנגען מיט שווערע זילבערנע קמיעות, — מאַלאַסע זאָגט אונדז, אַז זי איז אַלט איבער הונדערט יאָר, — בענטשט אונדז, עפּעס שעפּטשענדיק מיט פאַרוים אויס־געשטרעקטע הענט.

קינדערלעך אין צעריסענע העמדלעך לויפן אונדז נאָך, ווען מיר דערנענטערן זיך צו דער אָפענער שטרויענער סוכה, וואָס האַלט זיך מיט דער הילף פון פּלעקענער. דאָס איז דער „מסגיד״, דאָס שולכל, ווו זיי זאַמלען זיך צונויף שבת און יום־טוב, און שלמה באַגאַלע, דער ברודער פון אונזער באַגלייטער יונה, דאַוונט פאַר זיי די אייניקע תפילות, וואָס ער קאָן אויסווייניק, אין דער גיזישער (אַלט עטיאָפּישער) שפּראַך. צווישן אָט דעם שלמה און זיין דיפּלאָמירטן פון פּאַריזער אוניווערסיטעט ברודער יונה, ליגט א שטח פון צוויי טויזנט יאָר ציוויליזאַציע...

דאָס שטעטעלע וואָלעקאַ, — דערקלערט מען מיר, — איז צו אָרעם מען זאָל קענען אויסהאַלטן אן אייגענעם „כהן״. שפּעטער, אין די בערג, וועל איך זען די רייכערע פאַלאַשן, זייערע כהנים און די אַלטע מנהגים.

איך קוק אריין אין א פּאָר הייזקעס, ווו די פאַלאַשן וווינען, און איך דערזע ערדענע פּאָדלאָ־געס אויף וועלכע אַלע שלאָפן; אינמיטן ברענען קוילן אונטער א „דרייפוס״ אויף וועלכן מ׳קאָכט; איך זע גאָרניט קיין מעבל און אַלע סימנים זיינען פון א געפּייניקט אָרעם לעבן.

זאָגט מען מיר אָבער, אַז דאָרטן, אין די בערג, ווו די פאַלאַשן לעבן מאַסנווייז, זיינען די באַדינגונגען פיל בעסער, און אַז די פאַלאַשן אין דעם דאָזיקן דערפל לעבן אַזוי ווי אַנדערע איינוווינער פון דאָזיקן לאַנד.

בלאָזט ווידער דער שמיד זיין „בלאָזאַק״, קלאַפּט זיין געהילף מיטן האַמער אויף אַן אייזן, דרייט ווידער די שוואַרץ־חנ׳עוודיקע פאַלאַשיכע איר שפּינדל־ראָד. קיין שום סימנים, וואָס זאָלן עדות זאָגן וועגן יידישקייט — אויסער דער פאַקט, וואָס זיי זיינען ניט קיין קריסטן און ארבעטן ניט שבת, — האָב איך דאָ ניט געפונען.

* *
*

דעמזעלבן אָוונט ברענגט מען אונדז אין אַלטן שלאָס, ווו עס וואַרט אויף אונדז מיט נאַכט־עסן דער גענעראַל־גובערנאַטאָר ראַס קאַסאַ.

דאָס איז געווען א פאַנטאַסטישער אָוונט אין א שלאָס פון זעכצנטן יאָרהונדערט, ווו די־נער מיט שטוקאַרצן אין די הענט האָבן אונדז געפירט איבער די געהיימניספול־געדיכטע אַלייען און שפּעטער גאָטיש־געבויטע זאַלן, אין וועלכע אונדזערע שריט האָבן אָפּגעהילכט אין דער נאַכט־שטילקייט, ווי באַראַבאַנען.

אינמיטן דעם גרויסן זאַל מיט הונדערטער ליכט באַלויכטן, אריינגעשטעקטע אין שווערע מעטאַלענע קאַנדעלאַברעס, איז ווייס־געדעקט א לאַנגער טיש, — אויסגעשטעלט מיט כלים, ווײַנען און פרוכטן, ווי פאַר א באַנקעט.

שטייט ביי דער טיר דער ראָס, שמייכלט אויף אונדזערע אביסל איבעראַשטע בליקן און אַנטשולדיקט זיך:

„מיין ווייב האָט מיר געבוירן אַ זון מיט צוויי וואָכן צוריק, געפינט זי זיך איצט ביי איר פאָטער, דעם אימפּעראַטאָר. ווען מיר דאַ זיין נאָר זאַלבעדריט, און ניט, ווי איר מיינט, פון די אַנגעשטעלטע שפּיזן, אַז מיר דערוואַרטן צענדליקער געסט.. אַזוי איז שוין ביי אונדז דער מנהג.

און עס שלייכן זיך ווי שאָטנס, האַלב־נאַקעטע דינער, איינגעוויקלטע אין „תכריכים" און ברענגען גרינסן און געטראַנקען, וועלכע מיר האָבן קיינמאָל נאָך ביז איצט ניט געזען. מען סערווירט פראַנצויזישן שאַמפּאַניער, אָבער אויך דעם „נייטיוו"־געטראַנק טעדזשי, — אַ מין געלן בראָנפן, וועלכן, ווי דער ראָס דערקלערט אונז, — מען האָט נאָך געטרונקען אין שלמה המלכ'ס צייטן.

דער ראָס רעדט:

„איר זעט די קאַנדעלאַברעס? — זיי זיינען אַלע אין זעקס־קאַנטיקן געשטאַלט פון אַ מגן שלמה, וועלכן איר רופט „מגן דוד". איר זעט די אוראַלטע מיליטערישע סימבאָלן אויף די ווענט? — זיי זיינען אַלע באַצירט מיט די „לייבן פון יהודה", מיט די שטאָלצע איבערבלייבע־נישן פון די צייטן, ווען אונדזער גרויסע קעניגן האָט באַזוכט דעם מלך שלמה און אים גע־בוירן אַ זון מענעליק, וועלכער איז געוועזן אונדזער ערשטער קעניג.

„איר זוכט איבערגעבליבענע אַלטע יידישע מנהגים צווישן די פאַלאַשן, אָבער איר זעט גאָרניט, און אפשר ווייסט איר גאָרניט, אַז די עלטסטע און ריכטיקע יידן זיינען מיר. מער ניט די פאַלאַשן זיינען געבליבן געטריי משה'ס געזעצן און מיר האָבן געמאַכט אַ שריט ווייטער און אָנגענומען דאָס קריסטענטום אין זיין אוראַלטער קאָפּטישער פאָרם.

„פיל איך זיך שטענדיק אביסל באַליידיקט, ווען פראָמינענטע יידן, קומען זוכן דאָ די פאַלאַשן און דערזעען ניט אונדז אַליין, זייערע אמת'ע לייבלעכע ברידער... נאָר פאַרפאַלן, — איר ווילט דאָך דווקא פאָרן צו זיי אין די בערג, — האָב איך שוין היינט ארויסגעשיקט אַ שליח, וועלכער וועט זיי אָנזאָגן, אַז איר קומט מאָרגן בייטאָג. דאָס וועט זיין פאַר זיי אַ גרויסער יום־טוב; אַלע כהנים וועלן אייך באַגעגענען און איר וועט לערנען אַלץ, וואָס איר ווילט. מאָרגן גאַנץ פרי וועל איך אייך שיקן אין האָטעל אריין מיינע סאַלדאַטן מיט מויל־אייזלען און אויך וואָפן פאַר אייך. עס איז נאָך אַלץ אַ געפערלעכער וועג. איך וועל אייך אויך שיקן טרעגערס מיט שפּייז און פאַר'חתמ'עטע טערמאָסעס און פעקלעך. איך וויל דאָך ניט, אַז איר זאָלט קראַנק ווערן אויפן מאָגן. אויב אייער פרוי וויל קען זי מיטפאָרן, — איך גלויב אָבער ניט, אַז זי וועט אומשטאַנד זיין צו רייטן שעהן לאַנג אויף אַ מויל־אייזל"...

איך דאַנק הארציק דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פאַר זיין וואונדערבאַרער מיטהילף. פאַר־שטייט זיך, אַז מיין פרוי וועט ניט מיטפאָרן און זי וועט בלייבן אין האָטעלכל צו וואַרטן אויף מיין צוריקקומען.

בעת איך געזעגן זיך מיט ראַס קאַסאַ, גיט ער מיר א מתנה א מין קידוש־בעכער, אויס־געשניצט פון נאָז־האָרן פון א ווילדן רינאָ. און ווען מיין בליק פאַלט אויף איינעם פון די אַנטיק־טעלערס, וואָס הענגען אויף די ווענט, און פלעגן אמאָל דינען אַלס שויז קעגן פיילן, זאָגט מיר דער ראַס: „איך זע, אז דער דאָזיקער שויז־טעלער געפעלט אייך. ער איז געמאַכט פון העלפאַנט־הויט און באַדעקט מיט ריינעם גאָלד. איך וועל נאָכזוכן, אויב אין מיין קאָלעקציע געפינט זיך נאָך אזאַ טעלער, וועל איך אים אייך שיקן נאָך אייער צוריקקומען פון דער רייזע"...

און ווידעראַמאָל פירן אונדז די קנעכט מיט שטורקאַצן דורך די הילכיקע זאַלן פון שלאָס און די געדיכטע אלייען.

מאָרגן איז מיין גרויסער טאָג. איך פאָר זיך באַקענען מיט מיינע ברידער, וועלכע איך האָב ניט געזען שוין א קימאַ־לן פון דריטהאַלבן טויזנט יאָר.



דעם טאָג, ווען איך האָב געדאַרפט רייטן צו די פאַלאַשן, זיינען מיר אויפגעשטאַנען זייער פרי. די זון האָט זיך נאָר וואָס אויפגעהויבן איבער דער דרייפאַכיקער קייט מיט בערג, וואָס רינגלט ארום די שטאָט גאָנדאַר.

נעכטן זיינען מיר ארויף אויפן פלאַכן דאַך פון האָטעל און אונדזער געטרייער באַגלייטער, דער געבילדעטער פאַלאַש יונה באָגאַלע, האָט אונדז מיטן האַנט אָנגעוויזן פונוויטן דעם באַרג, אויף וועלכן עס שטייט דאָס שטעטל וואָזעבאַ, ווו איך וועל זיך באַגעגענען מיט דער פאַלאַשן־קהילה. מיט א העליקאָפּטער וואָלט מען דעם וועג געקאָנט מאַכן אין א פּאָר צענדליק מינוט, אָבער רייטנדיק אויף אַן אייזל וועט דאָס נעמען פון זעקס ביז אַכט שעה.

און אַז מיר זיינען ארוים אויפן הויף פון אונדזער האָטעלכל, האָבן שוין דאָרט אַלע געווואַרט: יונה באָגאַלע און יהושעיהו מאַלאַסע, דער שעף פון גאָנדאַרער מוניציפּאַליטעט, וועלכער איז אויך א פאַלאַש און וועמען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט באַשטימט מיך צו באַגלייטן אַלס זיין פאַרטרעטער; עס זיינען געווען פיר סאָלדאַטן אין פולער באַוואָפענונג און דריי טרעגער מיט שפּייז, — פאַרחתמעט אין א טערמאָס און אין צוויי פּעקלעך: ברויט, פּוטער, קעז, האָניק, פּרוכטן און א פלאַש איטאַליעניש ער ווייז „טשיאַנטי". עס האָט אויסגעזען א ביסל לעכערלעך, אַז דריי ריזיקע שוואַרצע אַביסיניער זאָלן טראָגן יעדער א קליין פּעקעלע פאַר דעם ווייסן גאַסט, אָבער אַזוי האָט געפאָדערט דער צערעמאָניאַל, וועלכן איך האָב זיך געדאַרפט אונטערוואַרפן.

צוויי מויל־אייזלען אויף וועלכע די זאָטלען האָבן אויסגעקוקט ווי קליינע שיפלעך באַצירט מיט רויטן פּליוש, זיינען געווען צוגעבונדן צום פּאַרקאַן.

לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז איין אייזל איז פאַר מיר און איינער פאַר מיינע באַגלייטער. דערקלערט מיר אָבער מאַלאַסע, אַז ביידע אייזלען זיינען באַשטימט פאַר מיין ווייניקייט: טאָמער פאַלט אָדער ווערט קראַנק איינער, זאָל דער אַנדערער קאָנען פאַרזעצן מיין וועג. אַלע אַנדערע באַגלייטער וועלן זיך בעסער פילן ווען זיי וועלן גיין צופוס. שפּעטער, בעת דער רייזע, האָב איך פיל מאָל פאַרגעלייגט יונהן אָדער מאַלאַסען זיך זעצן אויפן „רעזערוו־אייזל". זיי פלעגן דאָס טאָן זייער ניט גערן, — א ביסל אונטעררייטן און שפּעטער אַראָפּקריכן און פאָרזעצן די רייזע מיט באָרוועסע פיס. צו דעם זיינען זיי בעסער געוווינט פון דור־דורות.

אויך איך באַקום א ביקס און ווער אַרומגערינגלט מיט א פּאַס פול מיט שפּיציקע אַלטמאָדישע קוילן. און אַז איך טו נאָך אָן דעם רייט־מונדיר פון אַן אַביסינישן אָפיציר: לאַנגע

שטיוול, כאקי־הויזן באנייט מיט לעדער און גרינע בלוזע, און אז דער שווערער ביקס ווערט צוגעבונדן צו מיין פּלייצע און איך דראפּע זיך אַרויף אויפן רויטן זאָטל, — זאָגט מיין רעאַ־ליסטישע פרוי:

„דו ווייסט, דו קוקסט איצט אויס ווי דאָן־קיכאָט, ווען ער קלייבט זיך אין וועג צו קעמפן מיט די ווינטמילן... און — אַנטשולדיק מיר, ביטע, דיין דאָזיקע גאַנצע „יאַזדע" מיט אַט דער הברה צו די אומבאַוווּסטע פּלעצער, געפעלט מיר גאָרניט. זאָלסט כאָטש קומען בשלום צוריק א לעבעדיקער"...

דאָס לאָגישסטע וואָלט געווען, אַז אויך מיין פרוי זאָל אָנטאָן לעדערנע הויזן און זיך זעצן רייטנדיק אויפן צווייטן אייזל, — נאָר זי דריקט אויס די מורא, אַז ווייטער ווי פון האָטעל־הויף וועט זי קיין כח ניט האָבן ארויסצורייטן. בלייבט זי דעריבער וואַרטן אין גאַנדאַר, ביז דער כאָן מיט זיינע אייזלען און גאַנצן קאַראַוואַן וועלן זיך צוריק באַווייזן אויפן הויף פון האָטעל.

דער אמת איז, אַז אויף פערד בין איך שוין פיל מאָל געריטן, כאָטש ניט קיין לאַנגע שעהן — אָבער מיט א מויל־אייזל האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן. געוווּסט האָב איך אַז די דאָזיקע בהמה איז א געמיש פון א פערד מיט אַן אייזל און איז שטאַרקער ווי זיי ביידע ווי אויך בעסער צוגעפּאַסט צו די שמאָלע וועגן אין די בערג, אָבער נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעריטן אויף מיין מויל־אייזל א האַלבע שעה האָב איך גלייך דערפילט, אַז קיין גוט לעבן וועט צווישן אונדז ביידן ניט זיין. פלעג איך א ציִ טאָן די „לייצעס" און א זאָג טאָן „גיאַ", — גיין, — הייסט עס, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן; פלעג איך אָבער פאַרהאַלטן די „לייצעס" און א זאָג טאָן „טפּררו", — ווי אין דער אַלטער היים, — פלעגט מיין אייזל דווקא אָנהויבן רייטן פאָרויס. אין כעס זיין דאָ העלפט ניט; דערזעלבער מויל־אייזל קאָן דאָך מיר גאַנץ פיין אַראָפּוואַרפן פון זאָטל אָדער מיט מיר צוזאַמען זיך אַראָפּקייקלען אין אָפּגרונט צווישן די בערג.

בקיצור, — מען זעצט מיך איבער אויפן צווייטן אייזל און א וווּנדער איז געשען: איך האָב אָנגעטראָפן אויף א געטרייען חבר, אויף א געהאָרכזאַמען מיטרייזנדיקן, וועלכער האָט פשוט פאַרשטאַנען מיינע געדאַנקען און איך האָב אפילו גאָר ניט באַדאַרפט באַנוצן די „לייצעס": פאָרויס זיינען געגאַנגען צוויי סאָלדאַטן, — הינטער זיי האָט זיך געגליטשט ווי א נייאינקער קאַדילאַק־אויטאָמאָביל מיין טייערער אייזל. ביי מיין זייט זיינען געגאַנגען, — דאָרט ווו די „כטעזשקעס" זיינען געווען גענוג ברייט, — יונה און מאַלאַסע און הינטער אונדז די איבער־ריקע „כאַליאַסטרע" — ווי גענדז איינער הינטערן אַנדערן. זייערע באָרוועסע, לאַנגע, גוט־מוסקולירטע שוואַרצע פיס האָבן זיך גערירט איבער דעם שווערן וועג פלינק און לייכט. ווען איך האָב אָבער פּרובירט א פּאָר מאָל אַראָפּגיין פון אייזל און גיין צופוס, האָב איך קיין פּאָר שריט ניט געקאָנט מאַכן: די שפּיציקע שטיינער און שטיינדלעך האָבן אוממעגלעך געמאַכט פאַר מיר דאָס שפּרייזן איבער זיי.

דערווייל גייען מיר איבער א טאָל אויסגעבעט מיט שטיינער; פון די פיל מושלען, וואָס וואַלגערן זיך צווישן זיי קאָן מען זען, אַז דאָ איז אַמאָל געווען א טייך. נאָכדעם הויבן מיר

זיך אויף א בארג באוואַקסן מיט מאָדנע ביימער, — זייער גלייכן האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען: זייער האַלץ איז ווי באַמבוס, אָבער זייערע צווייגן זיינען באַדעקט מיט א ראָזן פליוש, — אַזוי ווי גרינער מאָך באַדעקט דעם באָדן פון א סאָסנע וואַלד. רירט איר זיך צו צו דער בלענדנדיקער שיינקייט פון ראָזן פליוש, — צעקריכט עס אין אייערע הענט ווי בלאָ־מיקער זאמד. איז בעסער שוין קוקן און זיך קוויקן מיט די פארבן. נאָך העכער: א וואַלד מיט נעלע צווייגן, — מען דאַרף איינבויגן דעם קאָפּ, כדי זייערע שאַרפע דערנער זאָלן ניט צעקראַצן דעם פּנים; שמאָלע וואַסער־ריטשקעס רייסן זיך פון בארג אין טאָל אַריין; מיינע באַגלייטער זופן גיריק און דורשטיק דעם קילן און פרישן געטראַנק, — מיר, אָבער, האָט מען אַנגעזאָגט איך זאָל גאָרניט עסן און טרינקען אין די דאָזיקע געגנטן: מיין מאָגן וועט ניט אויסהאַלטן און איך וועל קראַנק ווערן. ווען עס מאַטערט מיך דער דורשט, — דערלאַנגט מיר איינער פון מיינע טרעגער א זופּ פון טערמאָס־פלאַש אָדער פון רויטן וויין.

מיר פאָרן באַרג־אַראָפּ, — דער אַראָפּפאָר איז דאָ שאַרף און פלאַך, ווי א שטייענדיקע וואַנט. מיינע באַגלייטער שפּרינגען ווי אינדן, אָדער ווי אַקראָבאַטן. איך שעפּטשע שטיל צו מיין אייזל: „מיול טייערער, טראָג מיך ווי דו אַליין ווילסט, — איך וועל אַפילו פאַר די „ליי־צעס" דיר ניט ציען; דו ביסט דאָ פיל קליגער פאַר מיר; איך וויל לעבן מיט דיר בשלום, ניט ווי בלעם האָט געטאָן אין זיין צייט, ווען ער האָט געשלאָגן דעם אייזל און אַרויסגערופן דעם באַרימטן קאָנפליקט, ווען עס האָט זיך געפאָדערט אַזש די אינטערווענץ פון א מלאך מיט א שווערד"...

און מיין אייזל גייט לאַנגזאַם און מיט ווירדע; איך האַלט זיך ביים הויכן פלאָקן, וואָס סטאַרטשעט אַרויס פון אָריענטאַלישן זאָטל, — און אַזוי פאָרן מיר אַראָפּ בשלום ביז אונטן, ווען עס אַנטדעקט זיך פּלוצלינג א שטורמישער טייך. ער קאָכט מיט ווייסן שוים און מען זעט אַרויס יעדעס מאָל די גרויסע שטיינער, וועלכע דאָס וואַסער דעקט קוים צו. דאָ וועלן מיר דאַרפן רוען א ביסל, עפּעס צובייסן און זיך גרייטן צו אַרויפּרייטן אָט אויף דעם פּינס־טערן באַרג, וואָס שרעקט מיט זיינע גלאַטע ווענט און שפּאַלטן־אָפּגרונטן.

יונה גייט צו צו מיר מיט א באַהאַלטענעם שמייכל, אַזוי ווי ער האָט מיר עפּעס א סוד מיטצוטיילן:

„איר ווייסט ,אַז דאָס דאָזיקע טייכל איז אַן אָפּצווייג פון באַרימטן טייך סאַנבאַט, וועל־בער געפינט זיך צוואַנציק מייל צו צפון פון דאַנען?"

„ניין, איך ווייס ניט! און וואָס איז דער יחוס מיטן טייך סאַנבאַט?"

„סאַנבאַט הייסט „שבת" אויף אַמהאַריש און גיזיש — און דער טייך מיינט ניט אַנ־דערש, ווי דער לעגענדאַרער „סמבטיון" אָדער וואַסער, וואָס רוט אין שבת און א גאַנצע וואָך וואַרפט ער שטיינער"...

אַזוי הייסט דאָס: שטייען מיר איצטער ביים שטורמישן זונדל פון אָט־א יענעם טאַטע־טייך

סמבטיון, וועלכער האט אין משך פון טויזנטער יארן געצווינגן צו זיך מיט דער מאגנעטישער קראפט פון לעגענדע — פעלקער פון אלע רעליגיעס. מען האט אים געזוכט און געוואלט דורך אים טאקע קריגן די באשטעטיקונג, אז דער אויבערשטער אליין היילט דעם שבת דורך דעם, וואס ער דערלויבט ניט דעם סמבטיון ווארפן שטיינער אין הייליקן טאג...

יונה זאגט, אז ער איז געווען פיל מאל ביי די ברעגן פון יענעם גרויסן טייך, אז די שטור־מישע וואסערן ברויזן און קאכן מיט שטיינער אלע טעג פון דער וואך, — אז די מסורה אבער זאגט, אז אמאל האבן טאקע די וואסערן גערוט אין שבת. דאס איז אבער געווען אמאל.

און דאס דאזיקע טייכל סאנבאט פירט זיך אויך מעשה פריץ, ער וויל ניט אזוי לייכט דורכלאזן אונדז אויף יענער זייט, — יא, — אויפן וועג צו די שווארצע ברידער אויף יע־נער זייט סמבטיון.

אט איז זי די לעגענדע, — די וואונדערלעכע מעשה, וועלכע מיינע און אייערע באבעס האבן דערציילט וועגן די פארלארענע צען שבטים, וואס געפינען זיך ערגעץ ווו ווייט־ווייט הינטער די הרי־חושך און הינטערן טייך סמבטיון.

מיין אייזעלע טראגט מיך מיט שווערקייטן אריבער אויף דער צווייטער זייט; מיינע בא־גלייטער שפרינגען פון שטיין צו שטיין און דער וואסער־שוים פארנעצט זייערע קליידער.

מיר דראפען זיך אויף דער גלייכער וואנט פון בארג צווישן געדיכטע צווייגן, אויף וועלכע עס וואקסן ווילדע אראנזשן, גרויס ווי פלוימען, — פרוכטן, וועלכע זיינען פארוואָרלאָזט גע־ווארן אין משך פון פיל יארן, ווייל מענטשן האבן זיי מער נישט קולטיווירט.

דער וועג איז אזוי שמאל, אז אפטמאל טראכט איך, אז מיין אייזל האט מסתם געדינט אין א צירק. מיט אזויפיל קונציקייט שטעלט ער איבער זיינע פיס, אפהיטנדיק אז ער און איך אויך, — זאלן זיך ניט אראפגליטשן אין אפגרונט, וועלכער האלט אפן זיין ברייטן מויל, און איך האב אפילו מורא א קוק טאן דארט אונטן.

און אז מיר קריכן שוין אלע ארויף אויפן פלאכן פעלד אויפן שפיץ פון בארג, ווייזט יונה מיטן פינגער: „אט דארטן, אויפן צווייטן בארג, וועלן מיר זיך באגעגענען מיט די פאלאשן. נאך א צוויי שעה געדולד און מיר וועלן דארט זיין"...

און דא קומט פאר עפעס, וואס איך האב גארניט דערווארט און וואס האט מיך לכתחילה גאר שטארק אנגעשראקן: פון יענער זייט בארג, פון צווישן דיביימער, שפרינגען שווארצע מענטשן, אין ווייסן איינגעהילט. מיט ביקסן אין די הענט, שפרינגען זיי אונדז אנטקעגן פון אלע זייטן און שרייען ווילד.

מיין ערשטע רעאקציע איז געווען אראפצוכאפן דעם אנגעלאדענעם ביקס פון מיינע אקסלען און צילעווען קעגן שונא, — נאכמער, אז דאסזעלבע האבן מאמענטאל געטאן די פיר סאלדאטן, וועלכע האבן מיך באגלייט. נאטירלעכערווייז האט א בליץ געטאן דער גע־

דאַנק, אַז דאָס וועדן מיר באַפּאַלן פון רויבער, וועלכע זיינען גאָרניט קיין זעלטנקייט אויף די פּאַרלאָזענע וועגן פון עטיאָפּיע.

אָבער סיי יונה און סיי מאַלאַסע שרייען צו די סאָלדאַטן אויף אַמהאַריש און צו מיר אויף ענגליש, מען זאָל באַלד אַראָפּלאָזן די ביקסן; אַז דאָס זיינען יונגע פאַלאַשן, וועלכע זיינען געקומען אונדז באַגעגענען אַלס ערן־וואַך פון זייער שבט... און איצט הער איך שוין גאַנץ קלאָר, אַז די יונגע „אָנפאַלער" שרייען: „סמאַ איזראַעל", וואָס לאָזט זיך לייכט איבער־זעצן אין אַזאַ אייגענעם „שמע ישראל"...

אַלזאָ, מיר „פאַרברידערן" זיך שנעל. יונגע זיינען זיי און די שוואַרצע פּנימער שטראַלן מיט עקסטאַטישער שמחה און זיי אָטעמען שווער, — ווייזט אויס פון לויפן שנעל צום שפּיץ פון באַרג. גיי איך אַראָפּ פון אייזל, — באַגריס זיך מיט זיי. מער ווי „שלום", „שמע ישראל" און „אדוני" קענען זיי ניט קיין העברעאישע ווערטער, אָבער עס מאַכט ניט אויס: איך האָב דערפילט זייער נאָענטקייט, כאָטש די שפּראַך איז מיר פרעמד און די הויט זייערע איז שוואַרץ. איך ווייס דאָך: זיי האָבן פיל, פיל תפילות, וועלכע זיי קענען אין דער אוראַלטער שפּראַך גיז און דאָס זיינען דיזעלבע תפילות, וועלכע מיר קענען אין העברעאיש, און נאָך אַנדערע תפילות, — רירנדיקע און סענטימענטאַלע, באַזיצן זיי, וועלכע מיר קענען ניט, — אָבער איצט זיינען זיי צו אונדז דערגאַנגען אַ דאַנק אייניקע פאָרשער און פון זיי טראָגט זיך דער קרעכץ און דאָס געבעט פון אַלטיטשקן ישראל, — העט־העט פון די צייטן פון ערשטן בית־המקדש... גייען זיי אויסגעשטעלט מיליטעריש מיט די ביקסן אין די הענט, אַט די גבורים פון שלמה המלכס צייטן, אַלע געלערנטע, ווי צו באַנוצן געווער (געקעמפט קעגן פאַשיסטישן איטאַליע־נישן אריינדרינגער).

„כולם אחוזי חרב, מלומדי מלחמה" — ווי אין פּסוק שטייט.

און עפּעס פאַרט זיך מיר גאָר פרייליכער די לעצטע פּאָר שעה, ווען איך זע אַט די יונגע פאַלאַשן, וועלכע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך זייערע עלטסטע, באַגעגענען און באַ־גלייטן דעם גאַסט, — דעם ווייסן ברודער פון ווייטן אַמעריקע.

דערציילט מיר יונה, אַז דער שליח פון גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט דערגרייכט די פאַלאַשן אינמיטן דער נאַכט, זיי אַלאַרמירט וועגן אָנקומען פון גאַסט, — און איצט גרייט מען דאָרט צו, אויפן שפּיץ פון דריטן באַרג, אונדזער אויפנאַמע.

אייגנטלעך בין איך דאָך אַזוי מיד פון „האַפּקען" זיך אויפן מויל־אייזל שוין אַזויפיל שעה; איך בין דאָך גאָרניט געוווינט צו אַזאַ מין רייזע, — אָבער אַז איך פיל, ווי צו מיין ווייט דריקט זיך בוכשטעבלעך צו אַ יונגער יינגל, וועלכער הייסט תעמנה, — איז אַכצן יאָר אַלט און אַרבעט ביי זיין טאַטן דעם שמיד; און אַז איך קוק אויפן שוואַרצן געזיכט פון דעם דאָזיקן יינגל און דערזע גאָרניט די געוויינלעכע נעגער־שטריכן, — נאָר אַ סעמיטיש פּנים, אָפּגעשמירט מיט „סאַזשע", דוכט זיך מיר גאָר, — אין יענער שטימונג פון אומגעוויינלעכ־קייט, אין וועלכער איך בין אַריינגעפאַלן, — אַז דאָס שוואַרצע יינגל איז ענלעך צו מיין זון,

ווען יענער איז אַלט געווען אַכצן יאָר... לאַשטשע איך מיט מיינע הענט זיין געקרייזלטן קאָפּ און קוק מיט דיזעלבע פריידיקע אויגן אויף די אַלע אַנדערע יינגלעך, באַשמירטע מיט „סאַ־זשע" דורך דער מאָדנער פורים־שפּיל, וואָס דויערט שוין אַ קיימאַ־לן פון העכער צוויי טויזנט יאָר.

העכער, העכער, מיר דערנענטערן זיך צום שפּיץ פון דריטן באַרג. מאָדנע קלאַנגען דער־גייען צו אונדז פון דאָרטן. אַזוי ווי אַ שופר וואָלט געבלאָזן, אַזוי ווי גלאָקן וואָלטן געקלונגען. מיין האַרץ קלאַפּט ווי מיט האַמערס; איך זיץ קוים איין אויפן זאָטל. אַ פאַרביקע גרופּע מענטשן שטייט אויסגעשטעלט אין אַ ליניע, איינער פון זיי אונטער אַ גרויסן שירם, פונוואַנען עס טראָגן זיך די מאָדנע שופר־קלאַנגען. נענטער, נענטער, אויסער דער ליניע מיט די בונט־געקליידטע מענטשן זעען זיך פיל, פיל שוואַרצע עלטערן און קינדער, אַלע איינגעוויקלט אין ווייסע ליילעכער.

איך גיי אַראָפּ פון אייזל און גיי אַנטקעגן דער צענטראַלער גרופּע; עס פאַרשטאַרקט זיך דאָס קלינגען פון גלעקלעך און דאָס קלאַפּן פון פּויקן. און די גאַנצע גרופּע, אייניקע אין גרין־רויטן פּליוש געקליידעט, אַנדערע אין טליתים איינגעוויקלט, אָדער אין פּשוטע ווייסע „טאָגעס", — אַלע מיט הויכע ווייסע טורבאַנען אויף די קעפּ, — די גאַנצע גרופּע זינגט. יונה דערקלערט מיר: זיי זינגען אין דער אַלטער גיזישער שפּראַך דאָס קאַפּיטל תהילים:

„לאדוני הארץ ומלאה, תבל ויושבי בה... שאו שערים ראשיכם והנשאו פתחי עולם ויבוא מלך הכבוד"... אָט יענעם קאַפּיטל, וואָס עפנט מיט פּאַטאָס די טויערן פון הימל נאָר פאַרן האַר, וואָס האָט אַזוי וואונדערלעך באַשאַפן די וועלט....

דערביי קלאַפּן די פּויקן צום טאַקט און גלעקלעך באַגלייטן די מוזיק. אַ שופר, פיל מאָל לענגער ווי די, וועלכע מיר באַנוצן און פילפאַכיק געדרייטער, ענדיקט מיט אַ „תרועה" די דאָזיקע אומגעוויינלעכע צערעמאָניע.

דערנאָך פירט מיך צו יונה צו דער גרופּע אין פייערלעכע קליידער און שטעלט מיך פאָר, דערקלערנדיק דערביי: „דער מענטש אונטער דער חופּה איז דער כהן גדול פון די פאַלאַשן בראַהאַן ברוך, — די איבעריקע זיבן זיינען די רעגיאָנאַלע כהנים פון די באַזונדערע שטעט־לעך.

די געביידע לעבן וועלכער זיי שטייען, איז דער צענטראַלער „מסגיד" אָדער סינאַגאָגע פון ראַיאָן.

באַלד וועלן מיר האָבן די מעגלעכקייט זיך נענטער צו באַקענען מיט די כהנים און מיטן גאַנצן צערעמאָניאַל.



אַכדעם ווי די שורה פון כהנים אין בונטע קליידער, מיטן כהן־גדול אונטער דער חופּה בראש, האָבן אָפּגעזונגען דאָס קאַפּיטל תהילים אין דער גיזישער שפּראַך, איז אַרויסגעטראָטן פאָרויס מיין איבערזעצער יונה באַגאַלע און האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַרן פאַרזאַמלטן עולם. גערעדט האָט ער אַמהאַריש, — די מאָדערנע שפּראַך פון עטיאָפּיע, וועלכע באַציט זיך שפּראַכלעך צו גיזיש, ווי שפּאַניש, צום ביישפּיל, צו איר מאַמען די לאַטיינישע שפּראַך.

געענדיקט האָט ער זיין קורצע רעדע מיטן אויסגעשריי: „עדמע!" וואָס באַדייט „לעבן זאָל ער!"

און נאָכדעם, לויטן פריער איינגעשטעלטן צערעמאָניאַל מיט די צוויי געבילדעטע פאַלאַשן פון אַדיס־אַבעבאַ, האָב איך געדאַרפט האַלטן אַ קורצע באַגריסונג אין ענגליש פאַרן געזונט פון זיין מאַיעסטעט דעם קייסער היילאַ־סעלאַסיע און פאַרן לעבן פון אַמעריקאַנער פּרעזידענט אייזענהאַוער. בשום אופן האָב איך ניט געטאָרט בעת דעם אָפיציעלן טייל דערמאָנען דעם גרוס פון ישראל און פון פּרעזידענט בן־צבי, ווייל אַלס אַמעריקאַנער בירגער דאַרף איך גאָרניט אַריינפירן קיין „דריטע מלוכה" בעת דער פייערלעכער צערעמאָניע. אַזוי האָט מען מיר אָנגעזאָגט און אויך מיטגעטיילט, אַז צווישן די אַביסיניער מיליטער־לייט, וואָס האָבן מיך באַגלייט, איז פאַראַן איינער וואָס פאַרשטייט ענגליש (כאָטש איך האָב ניט געקענט פעסטשטעלן בעת דער „יאַזדע", וועלכער פון זיי איז דאָס...) און ער וועט דעם פאַרלויף פון מיין באַגעגעניש מיט די פאַלאַשן גענוי ראַפּאָרטירן דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר אין גאָנדאַר.

אַז איך האָב געענדיקט מיטן אויסגעשריי: „עדמע!" איז מיין באַגריסונג איבערזעצט געוואָרן אויף אַמהאַריש. און דערנאָך זיינען אַרויסגעטראָטן די קינדער, אַלע שוואַרצינקע, אין בלויזע ווייסע העמדלעך, און אונטער דער אָנפירונג פון אַ טונקל־הויטיקן לערער אין אַ כאַקי בלוזע און אַ טראָפּיק העלם אויפן קאָפּ, און אויך צוזאַמען מיט די כהנים, האָט מען געזונגען דעם הימן פון עטיאָפּיע. איך האָב שפּעטער געבעטן איבערזעצן פאַר מיר אַ פּאָר פערזן און געפונען זיי העכסט פּאָעטיש. („מיר דאַנקען גאָט פאַר געבן אונדז אַ קייסער, וואָס באַהערשט די בערג, די טאָלן, די שטורמישע טייכן, די ווילדע חיות און אויך די ווינטן, וואָס זינגען פאַר אים ווי מלאכים"...). נאָך דעם הימן האָב איך אויך שוין אויסגעשריען „עדמע", לכבוד דעם קייסער.

אַן אָנגענעמע איבעראַשונג איז פאַר מיר געווען, ווען עס האָט זיך צו מיר דערנענטערט דער כאַקי־געקליידעטער לערער און מיך באַגריסט אין אַ גוטן העברעאיש. זיין נאָמען איז ראובֿן. ער האָט אייניקע יאָר געלעבט אין ירושלים און געקומען צוריק צו זיין היימאַט

ווו ער לערנט מיט די קינדער פאר פופציק עטיאָפּישע דאָלאַר (אַרום פופצן אַמעריקאַנער) אַ חודש; ער לערנט מיט זיי די אַמהאַרישע שפּראַך, אַ ביסל חשבון און העברעאיש פון איינציקן לערביכל, וואָס עס האָט זיי צוגעשיקט מיט אַ יאָר צוריק פון תל אביב מיין פריינט דר. אַלעקסאַנדער ראָזנפעלד („מקראות חדשות", מאת ז. אריאל ולוי קיפּנים). און כדי צו ווייזן, אַז די קינדער האָבן עפּעס געלערנט פאַר דער צייט גיט אַ מאַך דער לערער ראובן מיט די הענט און איבער די בונטע בערג פון עטיאָפּיע צעקלינגט זיך אַ כאָר פון קינדער מיטן ליד: „גשם, גשם, מים"... קיינער פון די כהנים אָבער קען ניט קיין העברעאיש, אפילו זייערע נעמען שרייבן זיי אונטער נאָר אין אַמהאַריש. אָבער „שמע ישראל, ד' אלקינו, ד' אחד", און „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד", וועלכע איך זאָג אַרויס הילכיק מיט דער התלהבות פון „כל־נדרי"־דאַווענען, זאָגן נאָך הויך און קלאָר סיי די כהנים און סיי די קינדער אין העברעאיש. דאָס האָט זיי אַלעמען אויסגעלערנט דער לערער ראובן.

די גאַנצע אויבן־באַשריבענע סצענע קומט פאָר ביים אַריינגאַנג פון אַ קיילעכדיקן הויז, געדעקט מיט שטרוי, — דער „מסגיד", — סינאַגאָגע, אַרום וועלכער עס קאָנצענטרירט זיך דאָס גאַנצע רעליגיעזע לעבן פון די פאַלאַשן.

אין יעדן דערפל איז פאַראַן אַ „מסגיד": אַמאָל גאָר אַ קליינינקע, זייער אָרעמע כאַטקע, און אַמאָל — אַ גרעסערע געביידע, ווי דאָס איז דער פאַל אין שטעטל וווזעבאַ, ווו דער כהן־גדול וווינט.

מען פירט מיך אַריין אינעווייניק אין „מסגיד". ער איז צעטיילט מיט אַ פאָרהאַנג אויף צוויי צימערן: דער גרעסערער, ווו אַלע דאַווענען און דער קלענערער, דער קדשי־קדשים" („קעדעסטאַ־קעדעסאַן" אויף אַמהאַריש), ווו עס ליגט דער „ספר התורה" און עס ווערן באַהאַלטן די צערעמאָניאַלע קליידער פון די כהנים, ווי אויך די הייליקע כלים. די ערד אונטער אונדזערע פיס איז אויסגעשפּרייט מיט פרישע גראָז און פעלד־בלומען; פון שטרויענעם דאַך הענגט אַראָפּ אַ שמאָלער לאָמפּ אָנגעפילט מיט אויל, אין וועלכן עס ברענען לאַנגע קנויטן; אויף דער וואַנט אין „קדשי־קדשים" איז צוגעקלאַפּט אַ פאַליצע באַצירט מיט פאַרביקע לייוונטן, און אויף איר ליגט אַ גרויסער בוך, — דאָס איז די ספר־תורה. זי איז ניט אַזוי ווי ביי אונדז אַ קייַלעכדיקע, נאָר אַ פלאַכע מיט גרויסע פאַרמעטענע בלעטער, געשריבן מיט דער האַנט אין דער אַלטער גיזישער שפּראַך, וועלכע איז דאָ אַמאָל געווען לעבעדיק, — מיט טויזנט יאָר צוריק און מער. דאָרט, ווו די תורה ליגט איז דער מזרח. צום צפון זייט פון „מסגיד" שטייט אַ שטיינערנער געשטעל. דאָס איז דער מזבח, אויף וועלכן מען ברענגט די קרבנות, שטרענג לויט די פאַרשריפטן אין „ויקרא", אייניקע מאָל אַ יאָר. איז די קהלה אַ פאַרמעגלעכע, דאַן זיינען די קרבנות צאָלרייכער; אויב זי איז אַן אָרעמע — דאַן ברענגט מען נאָר דעם קרבן־פּסח דעם פערצנטן ניסן.

און אַזוי ווי איך שטיי און באַוואונדער די עקזאָטישע סצענעס וואָס אַנטוויקלען זיך פאַר מיר, זע איך ווי די כהנים וואַרפן פון זיך שנעל אַראָפּ די שווערע פּליושענע מאַנטלען און טוען זיך איבער אין לאַנגע ווייסע טאָגעס. דערביי גיסט מען וואַסער אויף זייערע הענט, ווי ביי

אונדז פאַרן דוכענען. ביים אַריינגאַנג ווערט אַ באַוועגונג. די מענטשן מאַכן אַ „וואָרע" און מ'פירט אַריין אַ מילך־ווייסע ציגעלע. נאָך איר גייט איינער פון די כהנים מיט אַ חלף און נאָך איינער טראָגט אַ גרויס שטיק קריסטאַליזירט זאַלץ.

מיין איבערזעצער, יונה, דערקלערט מיר גלייך, אַז מען וועט באַלד ברענגען אַ קרבן אויפן מזבח צוליב מיין כבוד ווענן, און דאָס זאַלץ טראָגט מען נאָך כדי מקיים זיין דעם פסוק: „וכל קרבן מנחתך במלח תמלח"... (ויקרא ב'. י"ג). (יעדער קרבן — דיין מנחה — זאָלסטו מיט זאַלץ באַזאַלצן). און דאָס ציגעלע איז אַזוי ווייס, אַזוי יונג און אומשולדיק, אַז עס דערוועקט אין מיין זכרון יענץ ווייסע ציגעלע וואָס איז געשטאַנען אונטער אונ־דזער בעטעלע, ווען די מאַמע האָט אונדז צום שלאָף פאַרוויגט... וויל איך ניט מען זאָל איר צוליב מיר שעכטן, מעג דאָס זיין אַפילו אַלס אַ קרבן מיט זאַלץ, ווי אין פסוק שטייט. הייב איך אָן בעטן יונהן ער זאָל זאָגן אין מיין נאָמען די כהנים, אַז פאַר מיר, — אַ יידן פון דער נאָך־תלמודישער עפּאָכע, — איז פאַרווערט צו אנטיילנעמען אין אַ קרבנות־צערע־מאָניע נאָכן חורבן פון בית־המקדש. איך ווייס, פאַרשטייט זיך, אַז די אור־עלטערן פון די פאַלאַשן האָבן פאַרלאָזן ארץ־ישראל נאָך פאַרן חורבן, — וואַרשיינלעך, אַפילו, פאַרן ערשטן חורבן, — אָבער איך בין געוויס פון די שפעטערדיקע, זיינען דעריבער פאַר מיר קרבנות פאַרווערט.

זע איך ווי יונה באַמיט זיך צו דערקלערן די כהנים פאַרוואָס מען זאָל דעם קרבן פאַר מיין וויניקייט ניט ברענגען, און דאָס ציגעלע ווערט אַרויסגעפירט צוריק פון „מסגיד", און שוין ביים סאַמע טיר דאַנקט עס מיר מיט אַ ריירנדיקן „מע־ע־ע!"

איצטער גייען מיר אַלע אַרויס פון „מסגיד". די כהנים זעצן זיך אויס אויף די בענק אַרום הויז. מ'טראָגט אַרויס די ספר־תורה און דער כהן יוסף־דוד מאַלעטאַ עפנט אויף אַ זייט און הייבט אָן פאַרצולייענען מיט אַ ניגון. ער לייענט די סדרה „וארא", כאָטש אין דער איבעריקער יידישער וועלט גייט איצט די סדרה „בהעלתך".

ער לייענט אַ פסוק אין דער גיזישער שפראַך און איבערזעצט אים גלייך אין אַמהאַריש. מער ווי די ערשטע 12 פסוקים לייענט ער ניט פאָר.

איך באַטראַכט דעם גרויסן דיקן פאַרמעטענעם ספר. דאָס איז דיזעלבע „תורת משה", כאָטש אין אַנאַנדער געשטאַלט, אַזוי ווי די פאַרזאַמלטע אַרום זיינען די זעלבע „בית ישראל", כאָטש אַנדערש באַפאַרבט.

די אויפשריפט אויף דער ערשטער זייט פון ספר איבערגערעכנט לויט אונדזער צייט־ציילונג ווייזט, אַז ער איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1690, אין דער שטאָט גאָנדאַר. אינ־טערעסאַנט איז, אַז דער פאַרמעט פון ספר און די צורה פון די אותיות איז אַבסאָלוט די־זעלבע ווי איך האָב זיי געזען אין קאָפטישן קלויסטער אין דער זעלבער שטאָט גאָנדאַר. מער ניט דאָרט — אין קריסטלעכן עקזעמפּלאַר, — זיינען די זייטן אילומינירט מיט פאַרביקע ביל־דער און מיט צלמים, און דאָ איז קיין שום אילוסטראַציע ניטאָ.

ווען מען האט געענדיקט דאס לייענען, האט מען געבראכט פון אונטן, ווו דאס שטעטל געפינט זיך, עסן און טרינקען פאר די כהנים און זייער גאסט. ס'האט ארויפגעטראגן א ריזיקן בעקן, אין וועלכן, אונטער א לייוונט, האט זיך נאך געקאכט פון היץ א מין „לעקאך", געבאקט מיט ציגן־פלייש. ער האט אויסגעזען ווי א היימישער „אולניק", וועלכן מען פלעגט פארקויפן שטיקלעכווייז אויפן מארק אין די ליטווישע שטעטלעך.

כאטש מען האט מיר פארגעלייגט איך זאל נעמען דאס ערשטע שטיקל, האב איך אבער דערקלערט דורך יונהן, אז מיין געזונט דערלויבט מיר ניט באנוצן אזא שווערן שפייז. האבן פריער די כהנים אפגעבראכן הייסע שטיקער „לעקאך", פון וועלכע עס איז געגאנגען א פארע, דערנאך האבן מיט די פינגער זיך געגראבלט אין בעקן די איבעריקע געמיינדע־מיט־גלידער, וועלכע האבן אונדז ארומגערינגלט.

דא האב איך זיך ארומגעזען אז מיינע אביסינישע סאלדאטן און די טרעגער זיינען מער נישטא מיט אונדז. עס האט זיך ארויסגעוויזן אז מען האט זיי איינגעלאדן עסן און טרינקען אונטן אין שטעטל, כמעט א מייל ווייט.

מיר האבן געקענט אומגעשטערט ריידן.

יונה באגאלע האט מיט הארץ און סענטימענט איבערגעזעצט דעם גרוס פון מיין לעצטן וויזיט אין מדינת ישראל און די ווערטער, וואס ס'האט צו זיי געשיקט דער פרעזידענט בן־צבי.

ווען יונה האט גערעדט פון ישראל האבן זיך אלע אויפגעשטעלט. דער כהן־גדול, וועמעס יחוס אלס רעליגיעזער פירער ציט זיך שוין ביז צען דורות — ווי מען געדענקט — ענטפערט מיט טרערן, וואס פליסן פון זיינע ברענענדיקע אויגן איבערן שווארצן געזיכט און איבער דער געקרייזלטער באָרד:

„טויזנטער יארן האבן מיר געווארט געדולדיק משיח זאל קומען און אונדז צוריק קיין ירושלים ברענגען. אט צוליב דעם האבן דאך אונדזערע טאטעס און זיידעס מלחמה געהאלטן. און איצטער, ווען די גאולה איז געקומען און מיר זיינען אזוי וויניק געבליבן זעט אונדז אויס די מינוט פון צוריקקער צום לאנד פון אונדזערע אבות, נאך אומענדלעך לאנג.

„מיר טוען אלץ, כדי אנצוהאלטן דעם פלאם פון אונדזער אמונה צווישן דעם איצטיקן דור, אבער עס ווערט אלץ שווערער: שטורמישע פיינטלעכע ווינטן רייסן ארויס די יונגע ביימלעך פון אונדזער גארטן"... און אז ער רעדט שאקלען אלע כהנים טרויעריק מיט די קעפ. און אז יונה איבערזעצט לאנגזאם די ווערטער און איך פארשרייב זיי, גיסן זיך נאך אלץ טרערן פון די אויגן פון כהן־גדול, אזוי ווי ער וואלט פארשטאנען די העברעאישע ווערטער, אין וועלכע די איבערזעצונג ווערט געמאכט.

איצט רייס איך אַרויס אַ שטיקל ווייסע פּאַפּיר פון מיין נאָטיץ־בוך און בעט, אַז אַלע כּהנים זאָלן אונטערשרייבן דעם גרוס צום פּרעזידענט פון ישׂראל און צום ראש־הממשלה בן־גוריון.

זיי שרייבן אַלע אונטער אין דער אַמהאַרישער שפּראַך און דער לערער ראובן שרייבט מיט העברעאישע אותיות די איבערזעצונג פון זייערע נעמען.

דאָס ערשטע מאָל אין טויזנטער יאָרן וועט דער אָריגינעלער בריוו פון די פֿאַלאַשן דורך מיר געטראָגן ווערן קיין ישׂראל.

דאָרט האָב איך דעם אָריגינאַל פּערזענלעך איבערגעגעבן צו בן־צבי און די קאָפּיע — צו בן־גוריון'ען.

אויף די הילצערנע בענק ארום דעם „מסגיד", די סינאַגאָגע מיטן שטרויענעם דאַך, זעצן זיך פונאַנדער די זיבן כהנים, דער לערער ראובן און מיינע צוויי באַגלייטער, די געבילדעטע פאַלאַשאַס יונה פון אדיס־אַבעבאַ און מאַלאַסע פון גאָנדאַר. דאָ האָט מען געלייענט די תורה, דאָ האָט מען אויך געגעסן מיט די הענט פון בעקן דעם הייסן שפּייז, — טייג מיט שעפּסן־פלייש, — און פאַרטרונקען מיטן געלבלעכן בראָנפן, — שכר, — דעם זעלבן, ווי זיי זאָגן, וואָס מען האָט „אימפּאָרטירט" אין די צייטן פון שלמה המלך.

דער כהן־גדול מיט דער אַסירישער באָרד איז דער זון פון ראַלאָן באַקאַנאָן ברוך, וועלבער איז אויך געווען א כהן־גדול און דערלעבט אן עלטער ביז 120 יאָר. אים טאַקע האָט דר. זשאַק פייטלאָוויטש באַגעגנט מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געקומען באַזוכן די פאַלאַשן. דער זון זעט אויס ווי א סירישער קעניג, אַזוי ווי עס איז אויסגעמאָלן אין די אַלטע פּאַפּירוסן.

זיינע שטריכן פון געזיכט זיינען צאַרט, — אינגאַנצן סעמיטיש, מער ניט טונקל באַפאַרבט. זיין שטימע אין אַמהאַריש קלינגט מעלאָדיש, און ווען ער רעדט וועגן די מיסיאָנערן, וואָס קומען צו די פאַלאַשן און שמדן זיי אויס, איז ער עמאָציאָנעל און טרערן שיינען אין זיינע אויגן.

אין זיין שפּראַך וואַרפן זיך אָפּט דורך די העברעאישע ווערטער „אדוני צבאות", אלוהי, תורה, אל שדי, און גוים...

דאָס האָט ער אָנגעפירט די דעלעגאַציע פון 15 כהנים, וועמען דער גענ. גובערנאַטאָר האָט איינגעלאַדן מיט א חודש צוריק צווישן די קרוב טויזנט עלטסטע אויף א סעודה אין זיין פּאַלאַץ אין גאָנדאַר.

דער ראָס האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט זיי אויסגעטיילט רויע שפּייזן, כדי זיי זאָלן זיי אַליין קאָכן און בראָטן לויט די פאָרשריפטן פון דער תורה, ווי אויך — זיי געזעצט ביי באַזונדערע טישן.

ווען איך האָב געפרעגט דעם כהן־גדול, צי זיי היטן זיך טאַקע אַזוי נישט צו קומען אין באַרירונג מיט די שכנים, די עטיאָפּיער, האָט ער געענטפערט:

„בעוונותינו הרבים קאָנען מיר שוין ניט זיין אזוי פרום, ווי עס זיינען געווען אונדזערע טאטעס, אָבער דאָ ניט וויט הינטערן בארג לעבט א גרופּע נזירים, וועלכע לאָזן ניט צו צו זיך אפילו זייערע ברידער די פאלאשן, ווייל זיי האלטן, אז מיר זיינען אומריין. דאָרט, אין דאָרף אטשארגע, געפינען זיך אבא ירמיהו, אבא דעדזשאן, אבא נעגא, וועלכע זיינען אָפּגע־טיילט פון דער וועלט מיט א פּאַרקאַן פון שטיינער און דאווענען גאנצע טעג, און זייערע דינער, וועלכע לערנען זיך צו זיין נזירים, גרייטן צו פאר זיי דאָס עסן. מיר אליין לעבן גוט מיט די אביסינישע שכנים, אָבער זיי ווייסן און מיר ווייסן, אז מיר זיינען אַן אנדער פאָלק, א באַזונדער פאָלק".

די ביז־איצטיקע אויספאָרשונגען האָבן באוויזן, אז די פאלאשן האָבן ניט אין זייער פּרימיטיווער פאָרם פון יידישער אמונה, קיין שום סימנים פון די משנה־און תלמוד־צייטן. און אויב אפילו מיר וועלן ניט אָננעמען זייער אייגענע מסורה, אז זיי שטאַמען פון די לעגיאָנערן וואָס שלמה המלך האָט מיטגעשיקט אלס ערנוואך מיט מלכת־שבא — זיינען דאָך אלע פאָרשער געקומען צו דער איבערצייגונג, אז די אָבות פון די פאלאשן זיינען אָנגעקומען אין דאָזיקן לאַנד ניט שפּעטער ווי אין פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג, ד. ה. מער־וויניקער בעתן גלות בבל. מעגלעך אז זיי שטאַמען פון די יידישע מיליטערלייט, וועלכע זיינען געדונגען געוואָרן דורך די עגיפּטער צו באַשיצן זייערע פעסטונגען אויפן גרעניץ צווישן מצרים און סודאַן. א רייכע ליטעראטור איז דאָך שוין אין היינטיקן יאָרהונדערט אנטדעקט געוואָרן וועגן לעבן פון די יידישע סאָלדאטן אין פעסטונג עלעפאנטין, וואָס באַציט זיך אָט צו יענער עפּאָכע, און געמישטע חתונות האָבן שוין מיטגעהאָלפן צו באַפאַרבן זייער הויט אויף שוואַרץ. אויך יידן פון תימן האָבן אין אַמאָליקע צייטן, וועלכע זיינען איינגעוויקלט אין נעפּל פון געשיכטע, איינציקווייז אריינגעדרונגען אין דער גאָנדאר געגנט פון היינטיקן עטאָפּיע. זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט די אַפּאָקריפישע און האלב־אַפּאָקריפישע ספרים („ספר היובל", „ספר אבא אליהו", „ספר השבת", „ספר המלאכים", דעם „אַפּאָקאַליפּסוס פון עזרא", די „צוואה פון אברהם" און די באַשרייבונג ווי משה רבנו איז געשטאָרבן). אויסער דעם — די פיל רירנדיקע תפילות, וועלכע פילן אויס זייערע שבתים און ימים־טובים און זיינען גאָר ניט ענלעך צו אונדזערע. דעם בעסטן זאַמלבוך וועגן דער ליטעראטור און הפילות פון די פאלאשן האָט צוזאַמענגעשטעלט פּראָפעסאָר וואָלף לעסלאו און ער איז פּובליקירט אין ענגליש דורכן „יעיל"־אוניווערסיטעט אונטערן נאָמען „פאלאשא אנטאָלאָדזשי".

* *

*

דער פויק קלאַפּט ווידער, די גלעקלעך קלינגען. אונטער א מבול פון ברכות פון די כהנים און פּראָסטן פאָלק זעץ איך זיך רייטן אויף מיין מויל־אייזל, כדי צו פאָרן צוריק דעם זעלבן שווערן וועג דורך בערג, טאָלן, טייכן, — צוריק צו דער שטאָט גאָנדאר, וווּ עס וואַרט אויף מיר מיין ווייב.

איך בין אזוי אָנגעלאָדן מיט נייע איינדרוקן, אז עס דוכט זיך מיר, אז די גאַנצע דורכ־געלעבטע באַגעגעניש מיט די שווארצע ברידער אויף „יענער זייט סמבטיון" איז ניט מער ווי א פאַנטאַסטישער חלום אין א הייסער זומער־נאַכט...

און מען גיט מיר מיט אויפן וועג לזכרון א קרבן־מעסער אין א פאַרמעטענער שייד. דאָס וועט מיר שוין דערמאָנען, אז היינטיקער טאָג איז קיין חלום ניט געווען.

און אַראָפּ פון באַרג באַגלייטן מיר די כהנים און די באַוואָפנטע פּאַלאַש־יוגנט. די לעצ־טע דערגייען מיט אונדז ביזן שטורמישן טייכל סאַמבאַט, וואָס איז דער גרעניץ צווישן זיי און דער אויסערלעכער וועלט.

אומעטיק רייט איך די לאַנגע שעהן צוריק און הינטער מיר ציט זיך די ליניע פון די עטיאָפּיער סאָלדאַטן און די טרעגער פון שפּייז.

דעם לעצטן טייל וועג מאַכן מיר דורך אין דער פינצטערניש. צוויי שטורקאַצן פלאַקערן באַלייכטנדיק אומהיימלעך די שמאָלע באַרג־סטעזשקעס, דורך וועלכע ס'שפּרייזט רוּאיק און זיכער מיין טרייער מויל־אייזל.

און כאָטש עס איז אזוי שפּעט און אזוי אומהיימלעך — פרעמד איז די גאַנצע סביבה אַרום, — זע איך ווי עס שאָטנט זיך אין הויף פון מיין האָטעלכל דער סילועט פון מיין פרוי.

זי באַגעגנט מיך מיט די איינפאַכע ווערטער:

„גאָט צו דאַנקען, וואָס מען זעט דיך כאָטש א לעבעדיקן צוריק"...

---

אויף מאָרגן פירט מען מיך ווייזן די מערקווירדיקייטן פון גאָנדאַר און ספּעציעל די נייע שולעס, וואָס זיינען דורך דער רעגירונג געבויט געוואָרן. איין שולע ווערט אָנגעפירט דורך אן אַמעריקאַנער לערער — מיסטער דיק, און א צווייטע שולע דורך אן ענגלישער לערערין — מיסעס דורעל.

די קינדערלעך אין שולע שטאַמען פון די פאַרשידנאַרטיקע שבטים, וואָס באַוווינען די געגנט: קינדער מיט געקרייזלטע האָר, אנדערע מיט לאַנגע שווארצע צעפּ און די מיידעלעך פון דער טיגער פּראָווינץ האָבן זייערע קעפּלעך באַדעקט מיט די כאַראַקטעריסטישע הונדערטער צעפּלעך, וואָס בילדן אזוי ווי א קרוין פון האָר. און אָט צווישן מער ווי הונדערט מיידעלעך, — אַלע שווארצע, — האָט זיך מיין בליק פאַרהאַלטן אויף א קינד פון א יאָר נייַן: אירע גע־זיכטס־שטריכן רעגלמעסיקע, אירע אויגעלעך בלישטשען ווי שווארצע דימענטן און פון גאַנצן טונקעלן פּנימ'ל שיינט אַראָפּ עפּעס א מלכותדיקע „אַנדערשקייט".

פרעג איך דער לערערין מיסעס דורעל:

— איז דאָס דאָזיקע מיידעלע אויך אן עטיאָפּערין?

קוקט מיך אָן פאַרוואונדערט די לערערין:

— ווי אַזוי זייט איר אין א פּאָר טעג געוואָרן א מבין אויף אונדזערע ראַסן־פאַרשידנ־קייטן? ניין, דער טאַטע פון דעם מיידעלע איז פון תימן און די מאַמע פון עטיאָפּיע. איך גלויבן אָבער איז מיר ניט באַוווסט, אַלנפאַלס ניט קיין קאָפּטישע און ניט קיין מוסולמענערין. איך בעט אייך אָבער דאָס קינד גאָרניט צו פרעגן, ווייל מיר אין שולע ווילן ניט אונטער־שטרייכן קיין גלויבנס־אונטערשידן.

שפּעטער איז מיר די זאַך געוואָרן גאַנץ קלאָר:

יונה באַגאַלע האָט מיך צונויפגעבראַכט מיט די עטלעכע תימנער יידן, וואָס וווינען אין גאָנדאַר, און דאָרט אין הויז פון א יידישן שניידער האָב איך געזען דאָס זעלבע מיידעלע, וועל־כע האָט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אין דער שולע. זי איז טאַקע זיין קינד, און די מוטער אירע איז ניט פון קליינעם יחוס. זי איז די טאָכטער פון ירמיהו גטה, דער געבילדע־טער פאַלאַש, וועמען דר. פייטלאָוויטש האָט מיט פיל יאָרן צוריק געבראַכט קיין אייראָפּע שטו־דירן אין ישיבות און אוניווערסיטעטן און ער איז צוריקגעקומען א היים א למדן אין יידיש־קייט און א מושלם אין וועלטלעכע לימודים. ליידער איז ער יונג געשטאָרבן. זיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט פאַרן תימנער בעל־מלאכה, וועלכער איז בעתן לעצטן קריג צוזאַמען מיט א גרופּע אַנדערע תימנער יידן דאָ פאַרהאַלטן געוואָרן אויף זייער לאַנגן וועג קיין ארץ ישראל. זיינען זיי שוין דאָ דרייצן יאָר — און די אַלע קליינינקע יידעלעך מיט די געקרייזלטע פאה'לעך, די שוסטערלעך און שניידערלעך, מיט קינדער מטופל'ע און דורך אָרעמקייט געפּייניקטע — זיי האָבן דאָ אַלע חתונה געהאַט מיט שוואַרצע פאַלאַשן־טעכטער, און איר זעט באַשיינפּערלעך ווי אַזוי די ראַסע אונדזערע ווערט גלייך „פאַרשוואַרצט" שוין אין ערשטן דור קינדער... און אַלע זיינען זיי אַזוי פרום און באַטראַכטן זייער זיין דאָ נאָר אַלס אַן איבערגאַנג אויפן וועג צו ישראל.

זאָגט צו מיר סעדיה בן זכריה, דאָס שוסטערל, וואָס לעבט שוין דאָ זינט 1939 (ער רעדט העברעאיש, ווי אַלע אַנדערע):

שוין דרייצן יאָר ווי איך און מיין פאַמיליע האָבן ניט פאַרזוכט דעם טעם פון פלייש משום חשש טריפה, ווען עס קוילעט דער פאַלאַשן שוחט...

זאָגט משומר שלום:

— איך בין א שניידער און אויך דער מוהל, אָבער איך האָב ניט ווער זאָל מיר געבן „קבלה" אויף שחיטה. עס איך אויך ניט קיין פלייש, אָבער תורה לערנען מיר און א מנין האָבן מיר שוין איצטער, ווען אונדזערע בחורימלעך זיינען בר־מצוה געוואָרן.

נעם איך אַרויס פון שאַפע מיט ספרים, וואָס דער פאַלאַש ירמיהו גטה האָט איבערגעלאָזן, די מסכתא „ברכות" געדרוקט אין זשיטאָמיר אין תרכ"ב, און עפן איר אויף.

דערהערט זיך גלייך דער קול פון יונה באַגאַלע, וועלכער זינגט אויס מיטן פולן ניגון:

„ומאימתי קורין את שמע בערבין עד סוף האשמורה"... און דער מוהל משומר שלום, דאָס תימנער שניידערל, באַהעפט אויך זיין קול צום ניגון און אויך ביי מיר רופט זיך אָפּ די „גרסא דינקתא" און אין ווייטן גאָנדאַר אין עטיאָפּיע לערנען דריי יידן, — א שוואַרצער, א תימנער און א ביאַליסטאָקער, — די ערשטע משנה פון ש"ס...

שפּעטער פירט מיך יונה באַגאַלע אין דער ריכטונג צו א דערפל, וואָס געפינט זיך איינ־גאַנצן א מייל ווייט פון גאָנדאַר, איינגאַנצן א האַלבע שעה גאַנג פון פאַלאַשן דערפל וואָלעקאַ, וועלכן מיר האָבן באַזוכט אין דעם ערשטן טאָג פון מיין אָנקומען דאָ.

מיר זעען פאַר זיך פונווייטן אויפן שפּיץ באַרג א צענדליק אָרימע „כאַטקעס" אויפגע־קלעפּט פון בלאָטע און צוגעדעקט מיט שטרוי. דאָס דאָזיקע דערפל הייסט צעמאַנעטע.

יונה באַגאַלע וואָלט זייער געוואָלט מיר זאָלן אַרויפקלעטערן אויפן שפּיץ פון באַרג, ווו די הייזלעך שטייען, אָבער איך האָב שוין פּשוט קיין כח ניט אַרויפצודראַפּען זיך צופוס אויף אַזא משופע'דיקער וואַנט. פרעג איך:

— וואָס איז דאָ צו זען?

זאָגט באַגאַלע:

— געצענדינער וווינען אין דעם דאָזיקן דערפל, כאָטש זיי האַלטן זיך אויך פאַר אָפּשטאַ־מיקע פון יידן. קיין שום סימנים פון משהס תורה זיינען ביי זיי ניטאָ. אדרבה, זיי זינגען תפילות צו דער לבנה, צו דער זון, צו די שטערן. ווען א פולע לבנה גייט אויף ברענגען זיי איינמאָל אין חודש א קרבן, אן אָקס, און ווען זיי ברענען אים אויף א האַלץ־שייטער טאַנצן זיי אַרום און זינגען תפילות. מיר, די פאַלאַשן, האָבן מיט זיי קיין שום מגע ומשא ניט. די קריסטן אַרום האַלטן זיי פאַר צעדרייטע. אָבער עס איז קיין שום ספק ניט, אַז די דאָזיקע געצענדינער, — און זיי לעבן אין צענדליקער דערפער, — זיינען פון די עלטסטע שבטים אין אביסיניע.

א שאַד, וואָס מיין מידקייט האָט מיך געשטערט זיך טרעפן מיט די עובדי־כוכבים, וועל־כע האַלטן זיך ביי די מנהגים פון די צייטן, ווען תרח האָט געהאַנדלט מיט „געטשקעס" וואָס אברהם האָט שפּעטער צעשמעטערט.

אין אָוונט, ווען מיר פּאַקן זיך שוין צו פאַרלאָזן גאָנדאַר און אָנהויבן אונדזער שפּע־טערדיקע אַזוי אינטערעסאַנטע און געפערלעכע רייזע דורך די אַראַבישע לענדער, באַווייזט זיך אין האָטעל א פּאָליציי־אָפיציר און נאָך אים צוויי שוואַרצע האַלב־נאַקעטע דינער. די דינער טראָגן אַן אַנטיקן שילד קעגן פיילן, אויסגעשניטן פון דיקן העלפאַנט־הויט און געדעקט, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, מיט א ראַם פון ריינעם גאָלד.

דער אָפיציר גיט מיר איבער א בריוו געשריבן אייגנהענטיק פון גענעראַל־גובערנאַטאָר אַסטראַטע קאַסאַ. אין דעם בריוו געזעגנט ער זיך מיט אונדז און ווינטשט אונדז א גליקלעכע רייזע, בעטנדיק צו נעמען אַלס אָנדענק די מתנה, וועלכע איז מיר געפעלן געוואָרן, ווען איך האָב זי דערזען הענגען אין זיין פּאַלאַץ.

דער עטיאָפּיער פּרינץ, וועלכער האַלט זיך מיט שטאָלץ פאַר א ווייטן אייניקל פון שלמה המלך, האָט באַוויזן, אַז ער קאָן אויך געבן קעניגלעכע מתנות.

דער ריזיקער אַל־על קאָנסטעליישאָן האָט אונדז געבראַכט פאַרטאָג אין דער הויפּטשטאָט פון קעניאַ־אוגאַנדע, ניירּאָבי.

אין עראָפּלאַן האָב איך געלאָזן פיל פריינט און באַקאַנטע פון זיד־אַפריקע, וועלכע זיינען געפלויגן דירעקט קיין ישראל.

זאָגט צו מיר פריינט זרובבל, — גלעטנדיק דערביי מיט ליבשאַפט זיין צעפלאַטערטע ווייסע באָרד: „איז וואָס, האָט איר טאַקע דאָך זיך באַשלאָסן אויף דער ניט זיכערער רייזע דורך ניירּאָבי און עטיאָפּיע און ווייטער אין די אַראַבישע לענדער? לאָזט כאָטש איבער דאָ, אין עראָפּלאַן, אייער פרוי, — וועט זי קומען אין אייניקע שעה אַרום קיין תל־אביב, — אָנשטאָט מיטמאַכן אייערע געפערלעכע פּלענער".

ענטפערט אים מיין פרוי:

„אוי, פריינט זרובבל, צי מיינט איר ניט, אַז רעוואָלוציעס אין רייזעס זיינען ניט קיין קלענערע אַטראַקציעס ווי רעוואָלוציעס אין פּאָליטיק?"

געטראָפן אין פּינטל, — געזעגענען מיר זיך גאָר פריינטלעך, מיטנעמענדיק דעם וואַרעמען „להתראות בארץ" פון די פריינט וואָס פליען ווייטער, איבערלאָזנדיק אונדז ביידע אין דער איצט אזוי־אומרואיקער מזרח־אַפריקאַנישער שטאָט.

און ס'איז טאַקע היינט געווען אַ „שוואַרצער פרייטיק" פאַר די ווייסע מענטשן אין ניירּאָבי און אין דער גאַנצער קעניגלעכער קאָלאָניע: מען האָט ווידער אויסגעקוילעט די פאַריקע נאַכט אייניקע פאַמיליעס פון די ווייסע פאַרמערס, און אויסער דעם האָט מען געבראַכט אין שטאָט אַ פּאָר טויזנט מאַאו־מאַאו, וועלכע זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין דערמאָרדן אין דערבייאיקן שטעטל לאַרי, הונדערטער שוואַרצע פון קיקויו שבט, וועלכער האַלט מיט די ענגלענדער.

דער בריטישער אָפיציר, וואָס האָט קאָנטראָלירט אונדזערע פּעסער אויפן לופט־פּאָרט, האָט אויסגעדריקט זיין פאַרוואונדערונג, וואָס אין אזא טאָג קומען בכלל טוריסטן אין דער קאָלאָניע און דערביי געשטעלט די אומגעוויינלעכע פראַגע:

„און צי קאָנט איר שיסן פון אַן אויטאָמאַטישן ביקס?"

באַקומענדיק אַ צופרידנשטעלנדיקע תשובה האָט ער מיר מיטגעטיילט אַז דער קאָמאַנדיר פון דעם פּאָליציי־פּאָסט אין האָטעל וועט מיר אזא ביקס געבן, ווייל אַלע ווייסע מוזן זיין באַוואָפנט און וואַכזאַם טאָג און נאַכט.

ארום גרויסן מאָדערנעם האָטעל, ווו מיר האָבן באַקומען א צימער, שטייט א געדיכטע וואַך פון פאַלק פון „אפריקאַנער שיסער", וועלכע מען האָט געבראַכט פון איזמאַאילאַ ביים סועץ־קאַנאַל.

די געשעפטן ווערן ניט געעפנט, ווייל באַלד וועט מען דורכפירן די אַרעסטירטע מאַאו־מאַאו און מען האָט מורא פאַר אומרוען. יעדער שוואַרצער דאָ איז אונטערן חשד, אַז ער גע־הערט צו דער געהיימער טעראָר־אָרגאַניזאַציע. מען ווייס ניט צי די דינער, די קעכינס, די „ווייטערס" אין די האָטעלן געהערן אויך ניט צו דער חברה און וועלן פלוצלינג אינמיטן דער נאַכט אַלע ווייסע געסט אויסקוילענען... געפינען זיך טאַקע אין לאָבי פון האָטעל באַוואָפנטע סאָלדאַטן צוזאַמען מיט פרייוויליקע יינגלעך, אָנהויבנדיק מיטן עלטער פון 15 יאָר, וועלכע מען האָט באַפרייט פון די שולן.

פאַרגעסט ניט, אַז אין גאַנץ קעניאַ, וועלכע איז דריי מאָל אַזוי גרויס ווי ענגלאַנד, ווױ־נען נאָר אַרום דרייסיק טויזנט ווייסע צווישן פינף מיליאָן שוואַרצע. עס זיינען דאָ אויך פאַ־ראַן אַרום הונדערט טויזנט הינדוסן, צו וועמען עס געהערן כמעט אַלע געשעפטן, זיינען זיי ביי די מאַאו־מאַאו „גלייכבאַרעכטיקט" מיט די ווייסע, דאָס הייסט מען האַסט זיי און מען קוילעט זיי אויפן זעלבן אופן.

ערגעץ ווו אין די בערג זיצט פאַרשטעקט דער פירער פון די גערילאָס דעדאַן קימאַטי, א געוועזענער לערער, וועלכער רופט זיך איצט „גענעראַל רוסלאַנד".

מען האָט אים שוין איינמאָל געכאַפּט, באַוויזן אָפּשניידן די אויערן און די נאָז — איז ער אָבער אַנטלאָפן און פירט אָן מיט דער שחיטה פון די ווייסע אָן דער הילף פון די דאָזיקע אברים...

פון האָטעל־פענצטער זע איך ווי מען פירט, געשמידטע אין קייטן, דורך די ליידיק גע־וואָרענע בולוואַרן, די עלף געכאַפּטע פירער. א געדיכטע וואַך פון קעניגלעכע שיסער רינגלט אַרום די שטאָלץ שפּרייזנדיקע אַרעסטאַנטן. פאָרויס גייט דער אָנערקענטער הויפּט פון דער אָפּאָ־זיציע קעגן ענגלאַנדס הערשאַפט — כאָמאָ קענאַיאַטאַ. זיין קערפּער איז האַלב־נאַקעט און גלאַנצט, ווי פּאָלירט העבאַן־האָלץ. זיין קאָפּ מיט די געקרייזלטע האָר און מיטן שיין־צוגעפּוצטן בערדל האַלט ער פאַררייסן. און די קייטן אויף זיינע פיס קלינגען ווי שפּאָרן אויף די שטיוול פון א שטאָלצן גוואַרדיע־אָפיציר. כאָמאָ האָט געשטודירט אין לאָנדאָן און אין מאָסקווע און פון דאָרט איז ער געקומען און אָנגעצונדן דאָס פייער פון טעראָר אין דער קרוין־קאָלאָניע, כאָטש ער אַליין לייקנט, אַז די מאַאו־מאַאו־מערדער זיינען אונטער זיין קאָמאַנדע.

און אַז מען האָט די באַשולדיקטע דורכגעפירט דורך די גאַסן און פאַרשפּאַרט אין תפיסה, — און די טויזנטער פאַרדעכטיקטע קיקויו, אַרומגעצאַמט אויף אַן אָפענעם פּלאַץ דורך שטע־כיקע דראָטן און אפריקאַנער שיסער, — האָט זיך נייראָבי אויף א ווײַלע באַרואיקט, — די קראָמען האָט מען געעפנט און אויף די גאַסן האָט זיך ווידער באַוויזן דער פאַרביקער המון: די בערדיקע סיקס אין רויטע טורבאַנען, די הינדוסן אין זייערע גרינע „קעפּס" און די מו־סולמענער אין פאַרוויקלטע טאַרבושן אַרום זייערע קעפּ.

אָבער די ווייסע וואָס לויפן צו זייערע אָפיסעס, טראָגן מיט זיך די קורצע אויטאָמאַטישע ביקסן, און ביי די דאַמען זעען זיך ארויס די רעוואָלווערן פון זייערע אָפענע האַנט־בייטלען.

א פּאָר הונדערט יידן וווינען אין נייראָבי, — א צונויפמיש פון אַנגליזירטע איינגעזע־סענע מיט אָנגעקומענע בעת דער לעצטער מלחמה — פּוילישע, רוסישע, דייטשע. אויך צוועלף ישראל־פאַמיליעס וווינען דאָ.

דער אָנערקענטער פירער זייערער איז דער ערן־קאָנסול פון ישראל, ב. זאָמער — א פּאָר־מעגלעכער אַנגליזירטער ייד, וועלכער לעבט אין א שיין פּאַלאַצל אין די בערג ארום נייראָבי, און שמאָליע פּלאַטערט די ישראל־פאָן אויפן דאַך אַלס א קאָנטראַסט צו די ווילדע חיות, וועל־כע דערגייען דאָ אַזש ביז די פאַרצאַמונגען ארום זיין געדיכטן גאָרטן פון שכנותדיקן דזשאַנגל. מיט צוויי יאָר צוריק האָט א הונגעריקער לעמפּערט פאַרבלאָנדזשעט ביזן סאַמן הויז און איז געכאַפּט געוואָרן דורך דער ספּעציעלער „פּאַסטקע", וואָס שטייט אָנגעגרייט אויף אַזא פאַל. היינט, אָבער, זיץ איך אין גאָרטן מיטן קאָנסול זאָמערס פאַמיליע: זיין שאַרמאַנטע פרוי סער־ווירט דעם ענגלישן נאָכמיטיק־טיי און זיין שוויגער, וועלכע שטאַמט פון באַראַנאָוויטש, — זיצט און לייענט א יידישע צייטונג פון ניו יאָרק. מיטן קאָנסול רעדט מען ענגליש, אַזוי אויך מיט זיין ווייב. עס איז פּרייוואַט פאַרנאַכט און מיר וועלן באַלד פאָרן אין שול „מקבל־שבת" זיין. אָבער אָט דערהער איך פון דעם באַלקאָן, ניט ווייט, א גרילצנדיקע שטימע: „שבת שלום", און גלייך נאָכדעם אַן אויסגעשריי „מזל־טוב", — דריי איך זיך אום פאַרוווּנדערט און זע קיינעם ניט.

לאָכן זיך מיינע געסטגעבער פונאַנדער:

„דאָס באַגריסט אייך אונדזער פּאַפּוגיי — דאָרט פאַרשטעקט צווישן די ביימער. ער רעדט נאָך עטלעכע העברעאישע ווערטער"...

גייען מיר שוין אַלע צו און איך באַקען זיך מיטן קאָלירטן פויגל, מיטן רויטן וויידל און געלן שנאָבל, וועלכער פּאָנפּעט ארויס: „שלום, רבי".

בין איך צופרידן, וואָס ביים קאָנסול פון ישראל אין שטוב קלינגט אַזוי פריי און נאַטיר־לעך העברעאיש, כאָטש מיט א פאַרנעפּלטער פּאַפּוגיי־אויסשפּראַך.

אין א פּרעכטיקן אויטאָמאָביל פון ישראל־פאַבריקאַציע פאָרן מיר צום שולכל, וועלכע איז גלייכצייטיק אויך דער קלוב פון דער קליינער יידישער קאָלאָניע.

א מנין יידן נעמען אויף די מלכה שבת. מען דערקלערט מיר, אַז מען גייט דאָ גיך אין אָוונט אין די גאַסן, דעריבער זיינען פאַראַן אַזוי ווייניק מתפּללים.

דער חזן, א ניי געקומענער אימיגראַנט, גייט ארויף אויף דער בימה מיט זיין ביקס אויפן פּלייצע און ציט ארויף אויף זיך דעם טלית. און אין אַזא שטימונג זינגט מען „לכו נרננה".

דערמאָן איך זיך אז א טייל פון דער דאָזיקער קאָלאָניע קעניא איז דאָך אוגאנדע, — יענע טעריטאָריע, וועגן וועלכער די ענגלישע רעגירונג האָט מיט פופציק יאָר צוריק אונטער־האַנדלט מיט דר. הערצלען, אז יידן זאָלן זיך דאָ באַזעצן און קאָלאָניזירן.

שטעלט איר זיך פאָר, וואָס פאַר א תכלית עס וואָלט ארויס אָט פון דער קאָלאָניזאַציע אויף אַזאַ ראַסן־וווּלקאַן? רייך און פעט און שיין איז דאָס לאַנד, פול מיט נאַטירלעכע רייכטי־מער, מיט פּאַשע און עקזאָטישע פרוכטן. די טיי־פּלאַנטאַציעס געהערן צו די פרוכטבארסטע; גאָלד, קופּער, פעל און פארם־פּראָדוקטן — כיד המלך. מער ניט: מען קוילעט די ווייסע פארמערס, זיי אנטלויפן אין די שטעט, לאָזנדיק זייער גוטס אויף גאָטס באַראָט, — און ווייבער מוזן טראָגן זייערע רעוואָלווערן צוזאמען מיטן פּארב צו די ליפּן אין איין האַנט־בייטל, און דער הזן איז מקבל שבת מיט א ביקס אונטערן טלית.

ניין, — אויב שוין יאָ א ביקס איז אַזוי נויטיק, טאָ זאָל מען אים טראָגן דאָרטן, ווו מ׳פּארטיידיקט אן אייגענע היים און ניט קיין ענגלישע קרוין־קאָלאָניע.

דעם אָוונט זיצן מיר אין האָטעל, ווייל עס איז „באַלאַגערונגס־צושטאַנד" און מען טאָר זיך אין די גאַסן ניט דרייען.

צוליב דעם טאָקע האָבן מיר געמוזט באַגרעניצן די וויזיטן ביי מיינע פריינט, וועלכע איך האָב געמאַכט בעת די פריערדיקע באַזוכן אין נייראָבי. איך האָב נאָך באַוויזן זיך צו טרעפן פריער, ווען עס איז געווען ליכטיק, מיט יודל מארדיקס, פון ווארשע, און זיין ענערגי־שער פרוי, וועלכע האָט דאָ אויפגעבויט אַזאַ שיינע קאָנפעקציע אינדוסטריע און אַזאַ פיינע יידישע פאַמיליע. אָבער ווען ר׳ יודל איז מיט מיר געגאַנגען קויפן העמדער, האָט ער מיטגע־נומען זיין ביקס...

ברור... נים גוט צו זיין א טוריסט בעת אַזאַ פּאַניק־שטימונג. אָבער עפּעס אַנגענעמעס איז פאַראַן אין געפיל, אז אויך די אריסטאָקראַטישע ענגלענדער און די שטענדיק נייטראַלע שווייצארער זיינען אין איין שיפל מיט יידן, הינדוסן און אראַבער אין דער דאָזיקער מורא־שטימונג! ניטאָ, — הייסט דאָס, — קיין מאָנאָפּאָל אויף פּאָגראָמען...

מיין ווייב מאָנט ביי מיר — און מיט רעכט — איך זאָל איר ווייזן די צוגעזאָגטע לייבן אין דעם דזשאָנגל, וועלכער געפינט זיך א פּאָר מייל פון דער שטאָט נייראָבי.

עס איז אפילו ניט זייער קלוג גראָד איצט ארויספאָרן פון שטאָט, אָבער די אַמביציע פון רייזנדן באַקומט אין מיר די אויבערהאַנט איבער דער פאָרזיכטיקייט:

„אויב דו האָסט ניט קיין מורא, וועלן מיר דינגען א קאַר און פאָרן זוכן לייבן"...

ענטפערט מיין ווייב גאַנץ גלייכגילטיק:

„פאַרשטייט זיך, איך האָב ניט קיין מורא, — נאָר אפשר האָסטו?...

אַזאַ באַליידיקונג קאָן איך גאָר ניט איבערטראָגן! אין אַ האַלבער שעה אַרום זיינען מיר שוין אויף אונדזער וועג צום דזשאָנגל, נעבן שטאָט, ווו חיות פון אַלע מינים לעבן אויף דער פריי.

ניט ווייט פון דזשאָנגל איז פאַראַן אַ וואָך־פּאָסט, ווו מען קען אויך דינגען אַ וועג־ווייזער מיט אַ ביקס, וועלכער וועט אייך פירן איבער דער חיות־מלוכה. דער וועג־ווייזער איז, פאַרשטייט זיך, אַ שוואַרצער. אָבער מיר דערלאָזן גאָר ניט דעם געדאַנק, אַז ער קען אויך זיין אַ מיטגליד פון דער מאַאו־מאַאו טעראָריסטן אָרגאַניזאַציע. פון דער אַנדער זייט קאָן דאָך אויך זיין, אַז ער איז יאָ...

לויפן פאַרביי טויזנטער ווילדע בעק, — דרייט זיך ביי די רעדער פון אונדזער קאַר אַ געפלעקטע היענע — דער אָנזאָג, אַז ערגעץ ווו געפינען זיך לייבן. שוואַרצע בופאַלאָס מיט פאַרדרייטע הערנער קייען פילאָזאָפיש דעם הויכן שטעכעדיקן גראָז; אָט לויפן דורך צוויי לעמפּערטן, — זיי יאָגן זיך נאָך אַ סטאַדע הירשן.

און קיין לייבן זעט מען נאָך אַלץ ניט. פאַרשטייט זיך, איך בין אין דעם גאָרניט שולדיק, אָבער — פאָרט ניט יוצא געווען פאַר מיין פרוי: אַלע באַזוכער געפינען לייבן פאַר זייערע ווייבער, נאָר ניט איך... און דאָ קאָן איך דאָך זיך ניט צונויפריידן מיט דעם שוואַרצן וועכטער, ניט מיטן טעקסי־דרייווער. איך ווייס נאָר איין וואָרט אויף זולוסיש: „סימבאַ!״ וואָס מיינט טאָקע אַ לייב. הער איך ניט אויף צו ווידערהאָלן אים, אָבער מיינע ביידע שוואַרצע „שטשירען״ מיט זייערע ווייסע ציינער און ריידן, ריידן. — אָבער מיר פאַרשטייען גאָרניט.

ענדלעך דערפאָרט מען צו אַ וועג, וואָס פירט אינעווייניק אין געדיכטע ביימער. דער וועג איז פאַרצוימט מיט אַ „שלאַגבוים״ — אַ סימן, אַז מ׳טאָר נישט אַריינפאָרן. שטעלן מיר זיך דאָ אָפּ. די ביידע שוואַרצע זיינען זיך מישב, גייען אַרויס פון קאַר, רוקן אָפּ די פאַרצוימונג — און מיר פאָרן אַריין אין דער פינצטערניש פון געפלאָכטענע צווייגן. מיר רירן זיך קוים, אָבער מיר ווייסן אויף געוויס, אַז מיר טאָרן דאָ נישט פאָרן. דער האַזאַרד איז אַזוי גרויס ווי בעת אַ קאָרטן־שפּיל: מען שטעלט איין, ווייל מען וויל געווינען.

און אָט בלייבט דער מאָטאָר שטיל און דער וועכטער גיט אַ זאָג: „סימבאַ!״ קוקן מיר אויף דעם אויסגעהאַקטן שטיקל פעלד צווישן די ביימער און דערזעען פלוצלינג — אַ לייבן־קאָפּ קוקט אויף אונדז מיט געלע אָנגעשטרענגטע אויגן. ער באַוועגט גאָרנישט זיין האָריקן קרוין; ער קוקט דירעקט און גלייך אויף די „אינוואַזאָרן״ פון זיין מלוכה. לעבן אים ליגט אַ גרויסע „קאַלב״. אויך ס׳קאַלב רירט זיך נישט פון אָרט, הויבט אָבער אויף דעם גלאַטן קאָפּ און שטעלט אויף אונדז אָן די אויגן. דאָס איז די לייביכע.

מיר פאַרשטייען, אַז מיר האָבן געשטערט דעם פאַרדינטן נאָכמיטיק־אָפּרו פון אַ קעניגלעכער פּאָר. געוויינלעך שטייען זיי אויף פינף פאַרטאָג און גייען צום טייך זיך אָנטרינקען. נאָכדעם לויפט מען איבערן דזשאָנגל און מען טרעפט זיך מיט באַקאַנטע חיות. אין אַ פּאָר שעה אַרום איז מיטיק־צייט — וועט דער לייב אַליין אַרויסגיין זוכן עפּעס אַ ווילדן אָקס אָדער

ס'איז געגוג אפילו א ספרינג־באַק אויף איבערבייסן פאַר זיך און זיין מלכה. אָבער איצט איז דאָך די רו־צייט — פאַרוואָס שטערט מען זיי? זיי זיינען שוין געוווינט צו זען אויטאָמאָבילן מיט מענטשן אינעווייניק און זיי וויסן, אַז מיר וועלן זיי קיין שלעכטס ניט טאָן... עפּנט דער לייב אויף ברייט און טיף זיין מאַיעסטעטיש מויל, גיט א דונער מיט א ברום, וואָס קלינגט אָפּ אין וואַלד ארום. פאַרשטייען מיר, אַז מען דאַרף זיך שנעל אָפּטראָגן — און דאָס ווערט געטאָן תיכף ומיד...

מיין פרוי זעט שוין איצט, אַז איך האָב איר צוגעשטעלט דעם לעבעדיקן לייב וואָס איך האָב איר צוגעזאָגט נאָך אין ניו יאָרק.

א נס־זאַך, וואָס ביידע שווארצע, וועלכע האָבן אונדז אהער דערפירט, האָבן זיך ארויס־געוויזן פאַר אָרנטלעכע קי־קו־יו מענטשן און נישט קיין מאַו־מאַו באַנדיטן... מיר זיינען בשלום דערפאָרן צו אונדזער האָטעל.

* *

*

אונדזער יידישע געשיכטע איז פאַרבונדן זייער ענג מיט אָט דער ענגלישער קאָלאָניע קעניא, אין וועלכער מיר ווײַלן איצט. נישט נאָר דער אוגאַנדע־עפּיזאָד וואָס איז פאַרגעקומען מיט פופציק יאָר צוריק, נאָר די עפּאָכע, ווען שלמה המלך האָט געבויט זיין אימפּעריע. אין תנ"ך ווערט דאָס דאָזיקע שטיקל לאַנד באַצייכנט מיטן נאָמען אופיר און אין מלכים א' (קאַ־פּיטל ט') לייענען מיר: „א פלאָט האָט שלמה המלך געבויט אין עציון־גבר, וואָס לעבן אילת אויפן ברעג פון ים־סוף, אין אדומס לאַנד. און חירם (מלך צור) האָט געשיקט צום דאָזיקן פלאָט זיינע מאַטראָזן — ים־עקספּערטן — זיי זאָלן אַרבעטן מיט שלמהס קנעכט. זיינען זיי געפאָרן קיין אופיר און גענומען פון דאָרט גאָלד (420 כיכרים) און געבראַכט עס צום מלך שלמה. דער מלך (שלמה) האָט געהאַט זיין פלאָט ביים ים אין תרשיש צוזאַמען מיט מלך חירמס פלאָט, און איין מאָל אין דריי יאָר פלעגן די שיפן קומען (קיין אופיר) און צוריקברענגען גאָלד און זילבער, העלפאַנט־ביין, מאַלפּעס און פּאָפּוגייען".

דער פּאָרט, וווּ שלמה המלכ'ס שיפן זיינען פאַרפאָרן, הייסט היינט מאָמבאַסאַ (לויט א רייע שפּעטערדיקע קוועלן) און געפינט זיך טאַקע דאָ נישט ווייט פון נייראָבי.

דאָרט ווינען אַפילו, און האָבן אַן אייגענעם האָטעל מיינע פריינט, די שליאַפּאַק־פאַמיליע פון ביאַליסטאָק. און אַלץ שטימט ווי אין פסוק שטייט: גאָלד איז דאָ פאַראַן און העלפאַנטן שפּאַצירן אין די וועלדלעך און אויף די בערגלעך צווישן נייראָבי און מאָמבאַסאַ. אויך מאַלפּעס און פּאָפּוגייען זיינען דאָ פאַראַן לרוב. זיי פּלאָנטערן זיך ממש צווישן די פיס און פליען איבער אונדזערע קעפּ. איינער פון די פּאָפּוגייען — ווי איך האָבן פריער דערציילט — רעדט אפילו העברעאיש אין הויז פון דעם ישראל־קאָנסול.

איין זאַך אָבער, פעלט ביים היינטיקן טאָג: דער פּלאַץ פון חירם מלך צור (היינט רעפּובליק פון לבנון) איז מער נישט פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיטן פּלאַץ פון שלמה המלך (היינט יצחק בן־צבי אין ישראל)...

איך וואָלט נאָך וועלן דערלעבן צו מאַכן א ים־רייזע פון מאַמבאַסאַ (אופיר) קיין אילת ביים נגב מיט א שיף, אויף וועלכער עס וועלן ווידער ברידערלעך ארבעטן מאַטראָזן פון חיפה און פון צור....

אזא רונד־רייזע דויערט היינט ווייניקער ווי די ביבלישע דריי יאָר (אינגאַנצן דריי וואָכן), אָבער וויפל יאָר וועט נעמען, איידער זי וועט קאָנען רעאַליזירט ווערן?

ווען מ׳קומט צום ערשטן מאָל קיין דרום אַפריקע, לויפט מען זען ווי עס לעבן די ווילדע שבטים אין זולו־לאַנד, בעטשולו־לאַנד אָדער סוואַזי־לאַנד; ווי עס לעבן די ווילדע חיות אין קרוגער רעזערוו אָדער נעבן קייפּטאָון און ווי מען גראָבט אויס גאָלד און דימענטן.

געדענקען מיינע ליבע לייענער, אַז איך האָב דאָס אַלץ געטריי באַשריבן בעת מיינע פריערדיקע אַפריקאַנער וויזיטן, כאָטש עס איז נאָך געבליבן א סך ניט דערזאָגטעס, וואָס איך וועל, אַבי געזונט, דערציילן בסדר.

אָבער אין גרויסן טומל פון עקזאָטישע איינדרוקן האָב איך נישט געגנוג אַכט געלייגט אויפן מענטשן און ספּעציעל אויף זיין אַפריקאַנער אינקאַרנאַציע, — דעם ליטווישן ייד. און צווישן זיי האָב איך דאָך געלעבט מערער, ווי צווישן די זולוסן און די לייבן, להבדיל.

אָט בין איך ווידער אין יאָהאַנעסבורג די טעג פאַר פסח און נעם באַצייטנס אָן די איינלאַדונגען אויף די ערשטע צוויי סדרים, אויפן שבת נאָכדעם, אויף די נאָכמיטיקן און די אָוונטן ביזן סוף פון יום־טוב.

אָבער דערווייל כאַפּ איך זיך אריין אָפּשערן מיינע האָר (עס רעדט זיך אַזוי: איך האָב זיי שוין לאַנג פאַרלאָרן מיטן לויף פון די יאָרן...) צו ניט קיין אַנדערן ווי צו מיין פריינט הירש שישלער, וועלכן די גאַנצע יידישע לייענער־וועלט קען אַלס דעם „קאָרעספּאָנדענט פון יאָהאַנעסבורג״, און דאָ האַלט ער זיין „באַרבער־שאַפּ״, פון וועלכן ער ציט חיונה. אָבער נחת ציט ער פון דעם פאַקט, אַז דורך אים ווייסט כאָטש די וועלט, וואָס עס טוט זיך אין דרום־אַפריקע; דאָס איז דער גרויסער ביישטראַג פון א באַשיידענעם פאַרבינדונגס־אָפיציר פון אונדזער אַנאָנימער מלוכה.

ווען איך זיץ אויף זיין פריזירער בראָך־שטול איינגעוויקלט אין ווייסן ליילעך, און לאָז די קאַלטע שער שפּאַצירן איבער דעם כמעט גלאַטן שאַרבן, דערציילט מיר דערווייל הערש שישלער וועגן די חשובע אורחים, וועמעס האָר ער האָט באַאַרבעט צוזאַמען מיט זייערע שמועסן. די האָר וואַרפט ער טאַקע אריין אין מיסט־קאַסטן, אָבער זייערע ווערטער און געדאַנקען ווערן אריינגעוואָרפן אין פּאָסט־קעסטל און שפּעטער געלייענט אין די יידישע צייטונגען פון קאַכיקן ניו יאָרק ביז סאַנטיאַגאָ אין שאָטן פון די שנייאיקע אַנדן־בערג. אָט נאָר־וואָס, טאַקע איידער איך בין געקומען, איז אויפן זעלבן שטול געזעסן דער שליח פון ישראל זרובבל; מיט אים האָט שישלער געהאַט א סך מער אַרבעט ווי מיט יעדן אַנדערן מאָדערנעם יידן: זרובבל באַזיצט ברוך־השם א ווייסע „קוטשמענע״ האָר אויפן קאָפּ און א לאַנגע, ווייסע

באָרד, וואָס איז זיין „טרייד־מאַרק״ אין דער יידישער וועלט. מוז אזא קינסטלער אין זיין פאַך, ווי שישלער, אכטונג געבן, אז די באָרד זאָל ארווים אָן א פגם, חלילה, אז זי זאָל „אָנרייסן״ אויך אין אפריקע, ווי עס איז געווען דער פאַל פריער בכל תפוצות ישראל. און בעת מעשה פרעגט זיך שישלער נאָך וועגן די לעצטע שטרעמונגען אין „לינקן ציוניזם״, וועגן ווירקונג פון מאַרק־סיזם אויף דער פראָדוקציע פון ים־המלח... מיט יאָרן פריער איז אין זעלבן „בראָד־שטול״ געזעסן דער גייסטרייכער ראובן בריינין, אויך א ייד מיט א הערצל־באָרד, און זיך געלאָזן אינטערוויוּאירן כאָטש עס האָט אויף אים די הויט געברענט, און דר. נחום גאָלדמאַן האָט אויך געוואָלט, אז זיין לאָק אויפן שטערן זאָל אויסזען אזוי קאָקעטיש, ווי אמאָל אין דער יוגנט, האָט ער באַצאָלט מיט צייט און מיט אינטערעסאַנטע תשובות.... רייך איז די גאַלעריע פון ליטעראַרישע קליענטן, וועלכע גייען דורך שישלערס שער.

איך אייל זיך אוועקצוגיין. ביי מיר אין האָטעל דאַרף באַלד פאָרקומען די פרעסע־קאָנפע־רענץ, דורך וועלכער עס מוז דורכגיין יעדער „חשובער אורח״, וועלכער קומט דאָ צום באזוך. איינגעלאַדן די קאָלעגן־זשורנאַליסטן האָט מיין געטרייער פריינט שאַבאַן, אָבער ער אַליין האָט עפּעס שטאַרק פאַרשפּעטיקט און אז ער איז שפּעטער געקומען א פאַרסאַפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט די סיבה: אין איינער פון די גאָלד־מינעס, וווּ ער איז א וויכטיקער „מיט־אינהאַבער״ איז פאָרגעקומען א פּלוצימדיקער שטרייק צוליב א סכסוך פון די שוואַרצע אַר־בעטער מיטן ווייסן מענעדזשער. אזא זאַך, ווי א שטרייק פון שוואַרצע אין ראַסן־באַוווּסטזי־ניקן דרום־אפריקע איז א גרויסער פאַרברעכן, האָט דער ריכטער פאַרמשפּט 3 פון די „העצער״ צו שמייץ. איז שאַבאַן געלאָפן ראַטעווען די זולוסן פון דער מיאוסער עקזעקוציע און דאָס האָט זיך אים איינגעגעבן. ער דערציילט דערביי, אז דאָס שמייסן דאָ איז א גרינטלעכע „אונטער־נעמונג״ — ניט קיין „מאָנקי־ביזנעס״. דער דיקער בייטש דאַרף ארומנעמען דעם גאַנצן „גע־זעס״ — אז ניט, איז מען ניט יוצא; די 25 שמייץ און מער לאָזן אָפּט זייער קרבן אָן באַוווּסט־זיין, אָבער א דאָקטאָר האַלט דעם פּולס (דאָס איז דער לעצטער אויסדרוק פון אונדזער „באַר־באַרישער ציוויליזאַציע״) און כל זמן דאָס האַרץ קלאַפּט, שמייסט דער קאַנטשיק...

* *

*

אויף דער דאָזיקער פּרעסע־קאָנפערענץ האָט נאָך אויך אָנטייל גענומען דער טייערער באַ־ריס גערשמאַן, — דער רעדאַקטאָר פון „אפריקאַנער וואָכנבלאַט״. זיין דינאַמישקייט און פריי־לעכקייט איז געווען א מחיה צו באַאָבאַכטן. אזויפיל פּלענער און אידייען ווי אזוי אָנצוהאַלטן ס׳יידישע וואָרט אין זיד־אפריקע האָבן פון אים ארויסגעשפּרודלט, אָבער אויף מאָרגן איז ער פּלוצלינג געשטאָרבן, — אין די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן. און איך האָב נאָך געהאַט דעם טרויעריקן כבוד צו זאָגן א פּאָר ווערטער אויפן קבר פון דעם דאָזיקן פּיאָנער פון געדרוקטן יידישן וואָרט אין ווייטן אפריקע.

נאָכדעם האָבן זיך אָנגעהויבן די ימים טובים און די צוויי אומפאַרגעסלעכע סדרים: דער ערשטער ביי אַבעל שאַבאַן און דער צווייטער ביים הויפּט־רב פון יאָהאַנעסבורג, פּראָ־פעסאָר ר׳ אביגדור ראַבינאָוויטש.

דאָס פּאַלאַצל פון די שאַבאַנס, וואָס שטייט אויף אַ באַרג פון וועלכן מ׳זעט אַרום די מייל־ווייטע פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע פון וועלדער,בערג און טאָלן, — איז געווען איל־מינירט מיט די קרישטאָלענע זשיראַנדאָלן, וואָס האָבן באַגאָסן מיט ליכט די בראָקאַטענע אַנטיק־מעבל פון נאַפּאָלעאָנס־צייטן, — די ריזיקע פּאָרצעלאַן־וואַזן, וועלכע האָבן באַצירט די בעלער פון דער פראַנצויזישער קייסערין עווגעניע און אַלס אַ קאָנטראַסט: די פּערסישע ספר־תורה אין דער זילבערנער שייד; די פּרוכתן פון מיטלאַלטער און די בילדער פון מאַרק שאַגאַל און פון מאַנע קאַץ. ספּעציעל שרייט אַראָפּ פון דער וואַנט דער ריזיקער „מיוראַל" פון דעם קינסטלער מאַנע קאַץ אויפן סיוזשעט: „רחל באַוויינט אירע קינדער". אַזויפיל קאָנ־צענטרירטער פּיין, וויטיק, פּראָטעסט פון אַלע יידישע מאַמעס, וואָס האָבן זייערע קינדער פאַרלאָרן בעתן היטלער־חורבן, — האָט נאָך די יידישע מאַלער־קונסט ניט אויסגעדריקט. צו ענג זיינען פאַרן דאָזיקן בילד, אפילו די געראַומע צימערן פון שאַבאַנס פּאַלאַצל. זאָגט מיר מאַקע שאַבאַן צו, אַז דער „מיוראַל" וועט זיין ריכטיקן תיקון געפינען אין די זאַלן פון תל־אַביבער נאַציאָנאַלן מוזיי, צו וועלכן ער וועט אים שענקען.

אַרום טיש זיצן זרובבל (שישלערס „פאַריינגערונגס אָפּעראַציע" האָט זיך פיין איינ־געגעבן...), — ריטשאַרד פעלדמאַן — דער מוטיקער יידישער פּאָליטיקער און אַמבאַסאַדאָר פון יידיש מיט זיין פּרעכטיקער ווייב פרידע, — פון אַלוועלטלעכן „אָרט"; דער פּאָעט דוד פּראָם מיט זיין פרוי (זי וועט שוין זיינע לירישע יידישע לידער ניט לייענען, ווייל זי איז, לא עליכם, אַ פראַנצויזקע...) און דער גאַסט פון שווייצאַריע, דער באַרימטער „פּאַבריקאַנט" פון עקזאָ־טישע רעטונגס־פּעסער פאַר יידן אונטער היטלערן — געאָרג מאַנטעלאָ.

דער פּאָעט דוד פּראָם איז איצט אַ פּאַרמער ערגעץ ווו אין די טיפעניש פון טראַנסוואַל. ער האָדעוועט ראַסן־חזירים (יאָ!). דערציילט ער, אַז דער הויפּט־חזיר זיינער הייסט ראַספּוטין, צוליב די „סעקסועלע רעקאָרדן" זיינע, וועלכע זיינען באַרימט געוואָרן צווישן די פּאַרמערס אין דער גאַנצער אומגעגנט.

דער סדר־טיש ברעכט זיך פשוט פון די פינקלדיקע קריסטאַלן און שווערע זילבער־כלים. עס דערמאָנט אַ ביסל אָן אַ באַרימטן סעודה־טיש פון מלך אחשורוש, ווי ער איז באַשריבן אין דער מגילה.

אַ רייע שוואַרצע דינער אין ווייסע קליידער מיט רויטע שאַרפּעס איבער די ברוסטן, ווי גענעראַלן, — להבדיל, — באַדינען די געסט. און איבער אָט דער גאַנצער פייערלעכקייט און לוקסוס פון אַ פּרינצלעכער סביבה, — קעניגט שטיל און באַשיידן די פרוי סע־אַ שאַבאַן, אָט די זעלבע, וועלכע האָט מיט אים אָנגעהויבן דער שווערן לאַנגן וועג אין דער איינציקער סי־צענער חתונה־קליידל פון שטעטעלע פּרענסק ביז העט־העט צווישן ראָזן־גאָרטן, אָט דאָ אויפן באַרג. וועגן דעם געדענקען ניט די צוויי ליכטיקע יינגלעך זייערע, וואָס באַשיינען דעם סדר־טיש, — אַזוי ווי עס געדענקען ניט און ווייסן ניט וועגן די ליטווישע שטעטלעך, פון וועלכע זיי שטאַמען, די אַנדערע טויזנטער קינדערלעך פון די קאָוונער, שאַוולער, פּאָניעוועזשער אי־מיגראַנטן, וועלכע זיינען דאָ באַשאָטן געוואָרן מיטן גאָלדענעם שטויב פון זיד־אַפריקע.

און אויף מאָרגן — דער סדר ביים פּראָפעסאָר אביגדור ראַבינאָוויטש, דער הויפּט־רב פון יאָהאַנעסבורג.

ער זעט נאָך אַלץ אויס מיט זיין פעסטער הויכער פיגור און מיט דער שוואַרצער באָרד, ווי א מלך פון אסיריע, אויסגעהאַקט פון שטיין. זיין טעמפּעראַמענט ברויזט און קאָכט און באַהערשט דעם צוהערער. ווען איך האָב איצט באַזוכט אינדיע און סינגאַפּור, איז מען נאָך דאָרט אַלץ געווען אונטערן איינדרוק פון דאָמינירנדיקן שליח פאַר ישראל־פאָנדן — טאַקע דעמזעלבן רבין א. ראַבינאָוויטש, — ווען ירושלים האָט דעלעגירט ער זאָל אויסלערנען די א ביסל פאַרפרעמדטע און פוילע אָריענטאַלע יידישע פּאַטריציער, צו געבן געלט פאַר בנין ארץ־ישראל.

און ער האָט זיי געלערנט... אָנגעצונדן דאָס פייער פון געלט־מאָביליזאַציע אין די היי־מען פון די מייערס, סאַסונס, פאַר וועמען ביז גאָר ניט לאַנג צוריק איז „פּאַלעסטינע" געווען אַן ענין פאַר אָסט־יודן ,וואָס קעמפן קעגן „זייער" ענגלאַנד. ער האָט געדרשנט אין זייערע קאַלטע שולן, באַצירט מיט גאָלד, — ער האָט דאָמינירנדיק געוועקט די סטיליזירטע היימען אין קאַלקוטאַ און באָמביי, ווו מ'האָט מיר שפּעטער דערציילט די געשיכטע האַלב־שטוינענדיק און האַלב ספּאָרטמעסיק, אָבער געלט האָט ער באַקומען און די קאַלטע וואַנט פון אַנגליזירטער פאַרגלייווערטקייט איז דורכגעבראָכן געוואָרן.

האָט ער דעריבער דאָס גאַנצע רעכט צו זיצן מיט נצחון ביי זיין סדר און דערציילן די נסים סיי פון מצרים און סיי פון אינדיע.

ער זינגט די הגדה מיט די פאַרשידענע ניגונים פון אַלע גלותן, דורך וועלכע זי איז דורכ־געגאַנגען .אויך דאָ באַדינען שוואַרצע זולוסן אין ווייסע קליידער מיט רויטע שאַרפן אויפן ברוסט.

אויך דאָ הערשט באַשיידן, אָבער פעסט, די רביצן, — די טאָכטער פון פאַרשטאָרבענעם גאון הרב עמיאל פון תל־אָביב. אונדזערע ביידנס טאַטנס, זכרונם לברכה, זיינען געווען יוגנט־פריינט, און דאָס גיט נאָך צו דעם אונטערטאָן פון פערזענלעכן סענטימענט און זכרונות...

און עס זינגט די הגדה מיט התלהבות דער מעיאָר פון יאָהאַנעסבורג, ל. מיללער, — אויך א געטרייער ליטווישער ייד, ניט קוקנדיק אויף זיין גאָר הויכן אַמט. און זיין פרוי — די מאַ־יאָריכע, — צעגיסט זיך שפּעטער מיט א פּאָפּולער־ן יידישן ניגון, מיט א געניטקייט, וועלכע זאָגט עדות, אַז די סצענע־ברעטלעך פון יידישן טעאַטער זיינען איר אַמאָל, ווייזט אויס, ניט פרעמד געווען.

עס רעציטירט מיט התלהבות דער אייביקער „קאַוואַליר" רעדאַקטאָר פון העברעאישן „ברקאי", — ש. רוביק, — דער פאַנאַטיקער פון „עברית" אויף דער דאָזיקער ערד, ווו קוים־קוים האַלט זיך „יידיש" קעגן דעם שטורם־ווינט פון ענגליש. און ועל כולם קומט דער שטילער פּליסטער פון ישראל־קאָנסול היימאַן, וועלכן עס באַגלייט מיט א מזרח־ניגון זיין יונגע תימנער פרוי, וואָס שיינט ווי א בונטער עקזאָטישער בלום צווישן „ליטווישן" בוקעט ארום טיש.

ווער קאָן דאָס אַלץ אויסרעכענען די פּריינט אונדזערע אין יענע יום־טובדיקע טעג, ווען יעדער בייטאָג און יעדער אָוונט איז געווען אַ דערשיינונג; ווי אַזוי אין משך פון די 60־50 יאָר האָבן זיי זיך איינגעפּעדעמט אין דער גאָלד־טראָגנדיקער ערד פון זיד־אַפריקע און גע־בויט אויף איר די בבל־טורעמס פון רייכטום, באַקוועמלעכקייט און מאַטעריעלער מאַכט.

אָבער אומעטיק ווערט אויפן הארצן, ווען איר גייט אַרויס אין גאַס, — נאָך יעדער אַזאַ סעודה — און איר זעט, ווי אַזוי עס לויפן פאַרביי די גרויע טראַמווייען, וועלכע זיינען באַ־שטימט אויסשליסלעך פאַר שוואַרצע, ווי אַזוי מען שלאָגט זיך איינער מיטן צווייטן פאַר דער מענגלעכקייט זיך אַנצוכאַפּן כאָטש פאַר אַ לייסט פון וואַגאָן און אַזוי בלייבן הענגען, כדי צו דערפאָרן צו די פאָרשטעט־געטאָס, וווּ זיי איז דערלויבט צו לעבן אין שמוץ, ענגשאַפט און אָרעמקייט.

און אַלץ דיקער ווערט די וואַנט וואָס דאַרף אָפּטיילן די צען מיליאָן שוואַרצע פון די צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן ווייסע אין דאָזיקן לאַנד.

אָבער די שוואַרצע זיינען שוין מער ניט נאַקעט און צוזאַמען מיט די הויזן האָבן זיי אַרויפגעצויגן אויף זיך זעלבסט־ווירדע. אין זייערע געטאָס און קראַאַלן (דערפער) ברויזט און קאָכט יענער פייער פון פּראָטעסט, וועלכער קאָן זיך פלוצלינג פאַרוואַנדלען אין אַ ווילדער שחיטה, ניט ווייניקער אינטענסיוו, ווי די איזאָלירטע פאַראַכטונג אין וועלכער מען האַלט זיי.

שאָקלט זיך טאַקע דער פונדאַמענט פון בבל־טורם אויפן זאַמדיקן אַפריקאַנער באָדן; דוכט זיך מיר, אַז איך זע דעם אָנקומענדיקן שטורם פון קינפטיקן דור אָדער דורות, — ווי עס זעען אים אַלע ליכטיקע קעפּ אין פּאַלאַץ פון די „פאַראייניקטע פעלקער". די מאַאו־מאַאו אין קעניאַ זיינען ניט מער ווי אַ קאַצן־קוויטש אין פאַרגלייך מיטן דערשטיקטן לייבן־ברום, וועל־כער טראָגט זיך פון די געשמיסענע מיליאָנען אין זיד־אַפריקע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין ליכטיקער עלטערער חבר, — די „גייענדע ענציקלאָפּעדיע" פון יאָהאַנעסבורג, — דער געענדיקטער אינזשיניער י. יודעלאָוויטש, זאָגט נאָך אַלץ אַ בלאַט גמרא פאַר ליטווישע לומדים, וועלכע „בענקען אויף צוריק", אָבער ער זאָגט אויך גוטע וויצן.

איז ווען איך דערצייל אים, אַז איך האָב געטראָפן אין סוואַזילאַנד אַ ליטווישן יידן, וועל־כער האָט חתונה געהאַט מיט אַ זולוסער מיידל, גיט ער אַ זאָג:

„גם זולו טובה!" אויך אַ זולוסערין, — הייסט דאָס, — איז גוט. און דערווייל דער־ציילט ער וועגן דער עם־הארצות, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן צווייטן דור עמיגראַנטן, — פון וועלכן איינער האָט אים, דאָ ניט לאַנג, אַ זאָג געטאָן:

„איר האָט דאָך נאָך געקאָנט מיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער, — „זכר ליציאת מצרים"...

די רבנים באמיען זיך מיט אלע כוחות אנצוהאלטן יידישקייט אין זייערע קהילות. דאס מערקווירדיקסטע איז אבער, די רעפארם־סינאגאגע אין זיד־אפריקע, וועלכע ווערט מיט ענערגיע און אינטעליגענץ אנגעפירט דורך ראביי דר. משה ווײַלער, א קורלענדער ייד, וואס האט שטו־דירט אין אמעריקע.

און כאטש איך בין ניט קיין אנהענגער פון „רעפארם", מוז איך אבער אנערקענען, אז די יום־טוב תפילות, וועלכע איך האב בייגעוווינט, ווען יונגע קינדער האבן געדאוונט פארן עמוד און געלייענט די סדרה, — האבן אויף מיר גאר א גוטע ווירקונג געמאכט. אגב, דאוונט מען אין דר. ווײַלערס סינאגאגע אין היטלען און אלע תפילות זאגט מען שבת און ניט זונטיק. זייער נוסח איז לויטן היימישן סידור, פון וועלכן „ציון און ירושלים" און אפילו „להחיות מתים" זיינען נישט אויסגעמעקט...

---

לעבן אונדזער האטעל ווארטן אויטאמאבילן, מיט וועלכע מיר וועלן זיך באלד ארויס־לאזן אין נאציאנאלן קרוגער פארק, ווו מיר ווילן זיך אפרוען א פאר טעג צווישן חיות, אין די קליינע „נעטא־הייזלעך", אפגעצוימט פאר מענטשן.

עס פארט מיט אונדז די בכבודיקע פאמיליע פון ישראל יאפע. יאפע איז א גרויסער אינדוסטריעלער און פארזיצער פון „פאריניקטן קאמפיין". אויך ער איז דורכגעגאנגען דעם לאנגן וועג פון ליטווישן שטעטעלע, — דורך די ערשטע יארן אין נויט און דחקות אין יאָ־האנעסבורג, — ווען מען האט געטראגן אן „איבערגעניצעוועטן" אנצוג אין די ימים־טובים, ביז דעם איצטיקן רחבותדיקן־הויז און זעלטענעם בלומען־גארטן. אבער געבליבן איז זיין גאלדן הארץ, און דאס ווערט אזוי ברייט אויסגענוצט לטובת יידן אין דער גאנצער וועלט.

פארוואס ציט מיך שטענדיק אזוי שטארק צו לעבן, כאטש א פאר טעג, צווישן די חיות און זיי באטראכטן אין זייער נאטירלעכער היים — אין דזשאנגל?

אפשר איז דאס דעריבער, ווײַל איך בין געקומען צום באשלוס נאכן ערשטן קאנטאקט מיטן דזשאנגל — מיט יארן צוריק — אז דער בורא־עולם האט זיך א ביסל צוגעאײַלט מיטן באשאפן אדם מיט חוהן און מאכן זיי פארן קרוין פון זיין שאפונג?

אפשר, פארקערט, זינט אונדזער עלטסטער עלטער־זיידע, דער אויבער־מענטש, האט זיך אוועקגעשטעלט אויף די הינטערשטע לאפעס און באקומען א שטעקן צו שלאגן — און גע־שלאגן האט ער צוערשט דער באבען — דארף מען רעדן וועגן ווילדע מענטשן און מילדע חיות?...

„פיר לייבן, — פיר קעניגן״ פון דער אַפריקאַנער ווּיסטעניש אין זיד־ראָדעזיע, — האָבן אָנגעוואָרפן אַ טויט שרעק אויף אַלע פאַרמערס אין דער אומגעגנט פון אייניקע הונדערט קוואַדראַט מייל: אין אַ געשלאָסענער גרופּע פלעגן זיי קומען אין די בין־השמשותדיקע שעהן, — ווען די לעצטע שטראַלן פון דער זון האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די ריזיקע ווענט פון די וויקטאָריע וואַסער־פאַלן, — און פאַרצוקט שפּעלעך, אויפגעפרעסן די ווערטפולע האָלענדישע קי, געשטיקט און צעריסן די פּרוכטבאַרע אָקסן.

די ענגלישע פאַרמערס האָבן פּרובירט אָנשטעלן די אייזערנע שטייגן, וועלכע די רעגי־רונג לייט־אויס אין אַזעלכע פאַלן, כדי צו כאַפּן די חיות, אָבער שוין זעקס וואָכן — אַז קיינער פון די לייבן לאָזט זיך ניט כאַפּן. גראָד פאַרקערט: די גרופּע לייבן האָט, ווייזט אויס, צעטיילט צווישן זיך די פונקציעס, און ווען אַ טייל פון זיי האַלט צו די שווערע טירן פון דער „פאַסטקע״, זיי זאָלן זיך ניט פאַרמאַכן, — נעמט ארויס די צווייטע טייל דאָס צוגעגרייטע שעפּ־סעלע, וואָס איז צוגעבונדן צו דער געפּע־לעכער פאַר זיי טיר: דאָס בהמהלע ווערט פאַרצוקט, די ריזיקע „פאַסטקע״ בלייבט אָפן... יעדן טאָג, ווען די פאַרמערס זיצן ארום זייערע טישן, ביים פאַרנאַכטיקן „דינער״ טיש, דערהערט זיך ביי איינעם פון זיי דער אַזוי באַקאַנטער אַנגסט־גע־שריי פון צעריסענעם שאָף און דאָס ברומען פון די לייבן, וואָס אַנטלויפן מיט זייער רויב. מען לויפט ארויס, מען שיסט נאָך; אָבער גיי יאָג נאָך דעם ווינט! היינט ביי איין פאַרמער, מאָרגן ביים צווייטן פופציק מייל ווייטער, איבערמאָרגן אין אַן אַנדער געגנט.

מען ווענדעט זיך נאָך הילף צום אַלטן הערבסט, — צום אַכציק יאָריקן גרעסטן יאַגד־עקספּערט אין ראָדעזיע.

— „דזשאַפּי״, רופט מען אים מיט ליבשאַפט; ער איז איינער פון די לעגענדאַרע טאַטעס פון ראָדעזיער „ווייסן״ ישוב; פון די ערשטע יאָרן פון געבורט פון דער דאָזיקער יונגער ענג־לישער קאָלאָניע איז ער אָנגעשטעלט געוואָרן דורך דער רעגירונג אַלס שיסער פון די ווילדע חיות, וועלכע האָבן אין די אַמאָליקע יאָרן נישט דערלאָזן צו אַ רעגולערער פּיצוכט ווירטשאַפט.

„דזשאַפּי״ איז איצט אויך דער ארויסהעלפער פון די האָליוווּדער עקספּעדיציעס, וועלכע פילמירן די נאַטור סצענעס אין דער „דזשאַנגל״.

לעצטנס האָט ער באַגלייט און אָנגעפירט מיט די שטוינענדיקע אויפנאַמעס פון חיות־לעבן, וועלכע מיר האָבן אַלע באַוווּנדערט אין פּרעמירטן בילד „די גאָלד־מינעס פון שלמה המלך״.

און נאָכדעם ווי די פאַרמערס האָבן גערופן צו הילף דעם גרויסן „יאַגד־דאָקטאָר״ דזשאַפּ־פּי, האָט ער גוט באַטראַכט די אָפּצייכענונגען פון די טריט וואָס די לייבן האָבן נאָך זיך גע־

לאַזן, בעסטגעשטעלט אַז זיי זיינען זייער פלינק און קלוג, אָבער דאָך שוין אָפּגעשוואַכט פון די פאַרפאָלגונגען, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין טאָג־טעגלעך.

איינמאָל האָט אים דער מזל, צו זיין אויסערגעוויינלעכן אויסשפּירער־געפיל, גאָר צו־געשפּילט: די פיר לייבן האָבן זיך דערנענטערט צו א שטייג, ווו ער דזשאַפּפּי, איז געלעגן פאַר־שטעקט און א מעקעדיקער באָק איז געשטאַנען גרייט אריינצונאַרן די לייבן.

בקיצור, דריי פון זיי האָט ער אַוועקגעלייגט טויט מיט חריי טרעפלעכע שאָסן. דער פער־טער אָבער האָט זיך פאַרדרייט אין דער אייזערנער טיר פון דער פאַסטקע, וועלכע האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזן אויף זיינער א „לאַפּע". ברומענדיק פון גרויס ווייטיק האָט דער לייב אי־בערגעלאָזט אונטער דער טיר דעם גראָבן פינגער פון א פוס און אליין פאַרשוואונדן אין דיקן „בוש" (גראָז) פון דער וויסטעניש.

און כאָטש דזשאַפּפּי און די פאַרמערס האָבן געהאַט צו פאַרצייכענען א גרויסן נצחון אין זייער קאַמף מיט די לייבן, איז אָבער די געפאַר פאַר זייערע שאָף און רינדער ניט פאַרמי־נערט געוואָרן: יעדן אָוונט פלעגט ווידעראַמאָל ערגעץ־ווו אין זעלבן הונדערט מייליקן ראַדיאוס, זיך יאָוועןן דער הינקענדיקער לייב (מען האָט זיינע טריט דערקאָנט דורך די צייכנס אויפן זאַמד, ווו עס האָט געפעלט דער גראָבער פינגער פון דער פאָדערשטער פוס) און אויפגע־פרעסן אויף „מיטיק" א שטיקל שאָף.

דזשאַפּפּי האָט געזאָגט, אַז דער דאָזיקער לייב איז אומגעוויינלעך קלוג, פאַרביטערט און קאָן אַלע כיטרע שטיק, וואָס די ווייסע מענטשן גרייטן אָן פאַר אים. דזשאַפּפּי האָט געהאַלטן, אַז ענדלעך אויף דער עלטער האָט ער באַגעגנט א קעגנער, וועלכער איז שטאַרקער פאַר אים, אן אמתער קעניג פון דזשאָנגל.

די פאַרמערס אָבער, האָבן געקרעכצט און זייער קאַמף קעגן הינקענדיקן „טשאַמפּיאָן" און ניט געוואָלט אויפגעבן.

אָט אין דער דאָזיקער קריטישער פּאַזע פון לייבן־געיעג זיינען אין דער געשיכטע אריינ־געצויגן געוואָרן צוויי יידן:

איינער פון זיי איז אונדזער פריינט אבעל שאַבאַן פון יאָהאַנעסבורג; דער צווייטער איז זיין גאַסט, — דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות...

וועט דאָך דער לייענער פרעגן: ווי קומען אַזעלכע שטאָטישע יידן, — פרידלעכע „קנעכט" פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע, געוועזענע „סטודענטן" פון חדר און לייענער פון דער שבתדיקער סדרה — צו אַזאַ גויאישן „ביזנעס" ווי לייבן־יאַכט?

איז די תשובה ביז גאָר פּשוט: דער אַמאָליקער יינגל אין ליטווישן שטעטעלע קראַקינאָווע איז היינט, — צווישן אַנדערע געשעפטן, — אויך דער אייגנטימער פון א ריזיקן גוט אין זיד־ראָדעזיע, א גוט אַזוי גרויס ווי א גאַנצער „אויעזד" (דיסטריקט) אין אַמאָליקן רוס־לאַנד: גאַנצע דריי הונדערט טויזנט אַקער „דזשאָנגל", מיט מער ווי טויזנט שוואַרצע און

ווייסע ארבעטער וואָס זיינען באַשעפטיקט אויף צוויי עלעקטרישע זעג־מילן; מיט אַן אייגע־נער באַן, אַפילו מיט אַן אייגענעם פלי־פּאָרט, אויף וועלכן עס לאַנדן פּריוואַטע און רעגירונגס־עראָפּלאַנען.

אַט אויפן ראַנד פון דאָזיקן „מאַיאַנטעק" האָט זיך דאָס אָפּגעשפּילט די באַשריבענע דראַמע מיט די לייבן און די גנעליטענע פּאַרמערס, זיינע שכנים פון אַרומיקן געגנט.

דער זון פון אַלטן דזשאַפּי אַרבעט טאַקע ביי שאַבאַנען אַלס אויפזעער איבער די וועל־דער דאָרטן און פון אים קומען די באַריכטן וועלכע איך האָב נאָר וואָס דערציילט.

הויב איך אָן מאַטערן שאַבאַנען:

„פאַרוואָס זאָלן מיר ביידע ניט אַראָפּפאָרן קיין זיד־ראָדעזיע צו דיר אין הויף און אויך אָנטייל נעמען אין יאַגד אויפן הינקענדיקן לייב? לאָמיר נעמען די ביקסן אין די הענט און אַרויסגיין אין פעלד און פּרובירן ס'מזל. איך האָב געזען, ווי דו שיסט אין ציל אין יאָהאַנעס־בורגער „קוני־איילאַנד"; דו האָסט כמעט אַלע מאָל געטראָפן. אויך איך בין אין משך פון לעבן דורכגעגאַנגען אַ געוויסע שולע מיט ביקסן. לאָמיר פאָרן...

און שאַבאַן לאָזט זיך ניט לאַנג בעטן. דערווייל איז צוגעקומען נאָך אַ גוטע געלעגנהייט! די יידן אין דער שטאָט בולאַוואַיאָ האָבן מיר איינגעלאַדן האַלטן אַ פאָרטראַג פאַר זיי. איך האָב געוווּסט, אַז אַ הונדערט משפחות לעבן און פראָספּערירן אין בולאַוואַיאָ. איך האָב אויך געוווּסט, אַז נאָך אַ קהילה פון זעלבן גרויס און כאַראַקטער עקזיסטירט אין סאַליסבורי, — די הויפּטשטאָט פון זיד־ראָדעזיע. אָבער איך האָב נאָך ביז איצט ניט געהאַט די געלעגנהייט צו באַזוכן די דאָזיקע שטעט.

בעת דער איצטיקער רייזע האָט זיך מיין פאַרלאַנג פאַרווירקלעכט.

---

מיר פליען דריי שעה, פון יאָהאַנעסבורג קיין בולאַוואַיאָ, צוזאַמען מיט שאַבאַנען. לויטן פּראָגראַם, דאַרפן מיר זיך באַגעגענען מיט די דאָזיקע יידן גלייך ביים אָנקומען. דורכן טעלע־פאָן האָט מען אונדז שוין מיטגעטיילט, אַז ס'וועט פאָרקומען אַן אָפיציעלער קבלת־פּנים פאַר שאַבאַנען און פאַר מיר אין דער קהילה; נאָך שפּעטער, אין דער נאַכט, פאָרן מיר אַרויס פופציק מייל וויים — דאָרט וווּ עס ליגן „מלך שאַבאַנס גיטער" — אויף אַ לייבן־יאַגד.

אין האָטעל פּאַלאַס אין בולאַוואַיאָ האָט שוין נאָך אַ האַלבער נאַכט אויף אונדז גע־וואַרט דער בלאָנדער געוויקסיקער באַזאַרעטי, דער פאַרוואַלטער פון שאַבאַנס גוט איגוסי. בעתן קריג איז מאַזאַרעטי געווען אַ סקוואַדראָן־פירער אין ענגלישן לופט־פלאָט. איצט איז אים פון יענער צייט געבליבן אַ קליינער עראָפּלאַנדל, מיט וועלכן ער פליט צו זיין אַרבעטס־פּלאַץ יעדן פרימאָרגן.

ער האָט אונדז געבראַכט די לעדערנע קליידונג, וואָס איז נויטיק פאַרן יאַגד. די ביקסן וועלן מיר שוין געפינען אין גוט גופא.

מיר פאָרן ארויס אין דער פינסטערער פראָסטיקער נאַכט פון בולאַוואַיאָ (עס איז אינ־מיטן יולי, ווען דער אַפריקאַנער ווינטער איז אין פולן ברען).

נאָך א שעה טרייסלען זיך אויף זייטיקע וועגן פאָרן מיר אַריין אין געביט, וואָס געהערט שוין צו שאַבאַנען. וועלדער ציען זיך ביים זייט וועג, דערנאָך הויבט זיך אָן די אומענדלעכ־קייט פון דזשאָנגל, נאכהער דערהערן מיר דאָס פייפן פון א לאָקאָמאָטיוו; ער ציט מיט זיך א לאַנגע קייט מיט וואַגאָנען, וועלכע שטעלן צו די קלעצער, וואָס מען וועט מאָרגן זעגן אין די עלעקטרישע מילן. די זעלבע וואַגאָנען וועלן שפּעטער צוריקגיין מיט ברעטער צו דער באַן־סטאַנציע, וועלכע איז אויך א טייל פון דער דאָזיקער אימפּאָזאַנטער „אימפּעריע".

איך טראַכט מיר: געקומען א ייד, ווי שאַבאַן, פון א קליינעם שטעטעלע אין דער ליטע; געקומען באַלאָדן מיט זיין פעקל ייִדיש־העברעאישע און אייראָפּעאישע קולטור; פאַר־דינט שווער זיין שטיקל ברויט אַלס גראָשנדיקער אָנגשטעלטער אין א גראָסערי־געשעפט; אַוועקגעוואָרפן דאָס און געוואָרן א רעדאַקטאָר פון א ייִדישער טעגלעכער צייטונג ביי יע־נעם; שפּעטער פּובליקירט זיין אייגענע צייטונג; אַוועקגעוואָרפן דאָס און אָנגעהויבן ציען די דראָטן פון דער מעכטיקער יאָהאַנעסבורגער בערזע; אָפּגעקויפט האָטעלן ביים ים; אויסגע־ביטן זיי אויף גרובן פון גאָלד און קוילן; געגרינדעט א לופט־ליניע צווישן יאָהאַנעסבורג־ישראל־לאָנדאָן; פאַרקויפט די ליניע; געקויפט אָט דעם דאָזיקן פאַמיליע־גוט, דורך וועלכן מיר רייזן איצט, ווו ער האָט די אַמביציע צו פאַרוואַנדלען א שטיק ערד פון דער אַראַלטער ווים־טעניש, אין א קולטיווירטן שטח פון מאָדערניזירטן געהילץ־עקספּאָרט און פאַרמעריי. עפּעס זוכט ער אין דער ערד און האָפט צו געפינען מעטאַלן און מינעראַלן, וועגן וועלכע מען רעדט ניט אין אונדזער אַטאָמישער עפּאָכע ביז מען געפינט זיי טאַקע.

און ביי דעם אַלעמען — אזוי פאַלקסטימלעך, פּשוט, היימיש, אזוי אויסגערעכנט ליטוויש און דאָך — וואַרעם.

מיר קומען אָן צו דעם גרויסן הילצערנעם הויז, ווו עס געפינט זיך די הויפּט־פאַרוואַל־טונג פון שאַבאַנס גוט.

זיין געטרייער וואַלד־אויפזעער, — וועמען ער געדענקט נאָך אַלס קינד, — נעמט אונדז ארויס כמעט געפרוירענע פון אויטאָמאָביל און פירט אונדז אריין אין די ליכטיקע צימערן פון עלעקטריש־באַלויכטענעם הויז, ווו כיבוד וואַרט שוין אויף אונדז.

מיר זיצן אזוי ביז עס הויבט אָן טאָגן. דערנאָך קומט אַריין דער יונגער הערבסט, דער זון פון אַלטן דזשאַפּי. ער וועט אונדז פירן צו דער טעריטאָריע, ווו דער הינקענדיקער לייב באַ־וויַיזט זיך.

מיר זעצן זיך אריין אין פאָדערשטן טייל פון א טראָק. הינטער אונדז, — אין דעם אָפּגע־נעם טייל, — קריכן אריין פינף שווארצע, — וועלכע זיינען באַשטימט אונדז צו העלפן אין א נויט־פאַל. זיי זיינען עס אויך די, וועלכע שלעפּן די קערפּערס פון די חיות, אויב אזעל־כע ווערן געשאָסן.

אונדזער טראָק פאָרט אָפּ א פּאָר שעה אין דער ריכטונג צו די וואַסערן, ווו עס איז צו דערוואַרטן, אז די חיות זאָלן קומען טרינקען פאַרטאָג. אָבער היינט איז אַזוי קאַלט, אז דער יונגער הערבסט דריקט אויס זיינע ספיקות, אויב די חיות וועלן אין אַזאַ פרימאָרגן ארויס־שטעקן זייערע נעזער פון די נאָרעס.

נאָר אָט שטעלט זיך דער טראָק אָפּ. מיר באַקומען די ביקסן און שטייגן אויס. איצט מוזן מיר אַראָפּגיין פון וועג און גיין דרייסט דורך די הויכע גראָזן פון „בוש" אַנטקעגן א „שונא" וועלכער האָט אונדז אייגנטלעך גאָרניט געטאָן. ער איז אין זיין אייגענעם לאַנד, ער וויל עסן; מען רייסט אים דעם ביסן פון מויל; פאַרוואָס? — און איצט זיינען נאָך צוגעקומען צוויי יידן; זיי רופן זיך קולטור־מענטשן... טאָ פאַרוואָס שפּרייזן זיי מיט ביקסן, באַגלייט דורך שווארצע וועכטער? פאַרוואָס יאָגן זיי זיך נאָך א יונגן פאַרקריפּלטן לייב?

אונדז ביידע האָט מען אין דער קינדהייט פאַרוויגט מיט די זיסע טענער פון „שולמית".

„דער לייב דער יונגער<br>
שלאָפט ניט...<br>
פון גרויס הונגער<br>
שלאָפט ניט...<br>
די ציגעלע די ווייסע<br>
שלאָפט שוין, —<br>
טאָ שלאָף־זשע קינדעלע, —<br>
שלאָף!..."

„דאָס גייען מיר, — כלומרשט פאַרטיידיקן דאָס ווייסע ציגעלע פון הונגעריקן לייב; מיר זיינען שוין ניט מער די קינדערלעך, וואָס לאָזן זיך פאַרוויגן מיט סענטימענטאַלע גאָלד־פאַדן מוזיק"...

אָט מיט אַזאַ אינטערפּרעטאַציע באַדעכטיקט מען, געוויינלעך, אַלע אומגערעכטע מל־המות...

דאָס גראָז איז דאָ זייער הויך; אפשר האָט זיך די חיה פאַרטייעט ערגעץ־ווו אין דער נאָענט. ווער ווייס — אפשר וועט זי אפילו באַלד א שפּרונג טאָן אויף שאַבאַנס קאַרק, אָדער גאָר אויף מיין אייגענעם... אוי־ווי!

און פונדעסטוועגן קריכט מען ווייטער אַנטקעגן דער מעגלעכער געפאַר. פונדערווייטנס אין טיפן גראָז באַווייזט זיך א ברוינער באַוועגלעכער פלעק. מיר פאַרהאַלטן דעם אָטעם. העכבסט ווייזט אָן מיט א שטומער באַוועגונג. שאַבאַן שטעלט אָן די ביקס און איך — די פאָטאָגראַפישע קאַמערא: ער איז דאָ דער בעל־הבית, איז מען אים מכבד מיטן ערשטן שאָס.

א קנאַל צעגיסט זיך מיט צענדליקער עכאָס: דער ברוינער באַוועגלעכער פלעק איז פאַר־שוואונדן אין גראָז. שאַבאַן האָט , — ווייזט אויס, — געטראָפן.

די שוואַרצע לויפן געשווינד זוכן דעם קרבן און מיר אַלע, מיט קלאַפנדיקע הערצער, וואַרטן אויפן רעזולטאַט.

פון דערווייטנס דערהערן מיר די קולות פון די שוואַרצע. עפּעס שלעפּן זיי ארויס פון די גראָזן און הויבן אויף אין דער לופטן: יאָ, א געשאָסענע חיה, אָבער ניט קיין לייב. כאָטש גרויס און מיט א ברוינער פעל, — אָבער בפירוש ניט קיין לייב.

פיר שוואַרצע ברענגען די חיה, א ספרינג־באָק, א ווילדע דזשאַנגל באַשעפעניש מיט הערנער, מיט א גרויסן קיילעכדיקן פלעק אויפן זייט.

א באָק איז דאָס, ניט קיין לייב!

אָבער סיי העכבסט און סיי איך גראַטולירן שאַבאַנען: מיט איין שאָס און דאָך געטראָפן דער דאָזיקער פלינק־באַוועגלעכער חיה; א גרויסער מאָדים איז אָט דערדאָזיקער אַמאַליקער ליטווישער משכיל: אָט טרעפט ער מיט איין שאָס אויף דער ערזע און אָט טרעפט ער אַזוי פלינק אין זייט פון א ווילדן באָק.... מען דאַרף אומעטום האָבן מזל.

בקיצור, מיר האָבן זיך נאָכגעשלעפּט א שיינע פּאָר שעה און קיין לייבן ניט געטראָפן. אפילו קיין באָק איז מער ניט געקומען אויף אונדזער וועג, כדי איך זאָל כאָטש קענען פייר־ערן אָן „ערן שאָס" און זיך אויסגלייכן מיט שאַבאַנען.

ווייזט אויס, אז א קלאַנג האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן איבער דעם דזשאַנגל, אז געפער־לעכע יידן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן דאָ מיט ביקסן. האָבן די חיות זיך פאַרשטעקט עד יעבור זעם. אָדער אפשר איז אין דעם שולדיק געוועזן דער אומגעוויינלעכער פראָסט, בעת וועלכן חיות באַווייזן זיך ניט אויף דער פריי? ווער ווייס...

---

אויב אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין מזל צו זען דעם לייב וואָס קומט צו מיטיק אין ראַדעזיע, — האָב איך אים אָבער געזען מיט אייניקע וואָכן שפּעטער אין ניירָאבי, קעניאַ־אוגאַנדע.

און אזוי איז געווען די מעשה:

עס זיינען געקומען צו מיר אין האָטעל מיך באַזוכן לאַנדסלייט, וואָס ווינען שוין א פּאָר צענדליק יאָר אין מזרח־אפריקע, דערגאַנגען דאָ צו א באַדייטנדיקן פאַרמעגן און אויפ־געבויט א שיינע היים: ער איז אברהם שלאַפּאַק פון שטעטל מיכאַלאָווע, נעבן ביאַליסטאָק; זי איז פון סטאַנציע לאַפּי (געבוירן רחל גארפּילד).

זיך דערוווסט אז איך בין אויף א קורצן באַזוך אין נייראָבי, זיינען זיי געקומען מיט זייער קאַר, פאַרגעלייגט מיך נעמען אויף א שפּאַציר אין נאָענטן חיות־רעזערוו — וועלט־באַרימט אין דער גאַנצער וועלט.

מיר זיינען געקומען אין ווילדן בוש נעבן נייראָבי נאָר א קוק־טאָן אויף די זעברעס, זשיראַפן און ביענעס. די לייבן האָבן מיר גאַרניט געהאָפט צו טרעפן. די שלאַפּאַקס האָבן מיר געזאָגט, אז אין משך פון די צוואַנציק יאָר וואָס זיי ווינען דאָ האָבן זיי נאָך ניט געהאַט דעם זכות צו טרעפן זיך אין בוש מיטן מלך פון די חיות.

אָבער, ווען דער זייגער איז געוואָרן זעקס פאַרנאַכט און מיר זיינען שוין געווען גרייט צוריקפאָרן, — האָט שלאַפּאַקס אכט־יאָריקע מיידעלע פּלוצלינג אויסגעשריען:

„מאַמע, — א לייב!״

מיט אירע שאַרפע אויגעלעך האָט זי באַמערקט, ווי א לייב גנבעט זיך צווישן הויכן גראָז.

מיר האָבן באַלד פאַרמאַכט די פענצטער פון קאַר, — אָפּגעשטעלט די באַוועגונג און אָבסערווירט מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם די סצענע וואָס האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן אַנט־פּלעקן.

פריער האָט זיך דער לייב באַהאַלטן אין גראָז, קוים־קוים האָט מען געזען א טייל פון זיין „גריווע״.

פונדערווייטנס האָט זיך באַוויזן א גיגאַנטישער האָרבאַטער שוואַרצער אָקס, — א „ווילד־ביעסט״, ווי מען רופט אים דאָ.

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם אַנטקעגן לייב, — ניט שמעקנדיק קיין געפאַר און קייענדיק.

דערנאָך האָט ער זיך פאַרהאַלטן, אויפגעהויבן זיין קאָפּ באַצירט מיט ווילד צעוואַק־סענע הערנער און זיך אָנגעהויבן צוהערן. נאָכהער האָבן מיר דערזען, ווי דער לייב פון צווישן די גראָזן האָט זיך אויפגעהויבן מיט א שפּרונג פון א פייל, זיך געוואָרפן אויפן קאַרק פון אָקס און אים איבערגעדרייט... לאַנג האָבן געפּאַכעט אין דער לופטן צוויי ווידלען: דער שוואַרצער פון אָקס און דער געלער מיט דער בולאַווע פון לייב. מער ווי פופצן מינוט האָט

דער אָקס זיך געווערט, ביז ענדלעך, — דער שווארצער ווידל איז אַפּגעפאַלן... דער טריאומ־פירנדיקער לייב האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן ברוסט פון אָקס און א ברום געטאָן... די קינ־דערלעך איין אונדזער קאר האָבן זיך צעוויינט.

מיר האָבן פארלאָזן דעם מדבר, ווען די זון איז פארגאנגען און דער לייב, — דער זיגער — האָט לאנגזאם געגעסן זיין „מיטיק". פונדערווייטנס זיינען געשטאנען גרויסע, גרוי־געפלעקטע כיענעס און געווארט, ווען דער „קעניג" וועט האָבן גענוג און זיי וועלן געניסן פון די „שיריים"...

דער פאָרהאנג פון דער נאכט האָט זיך אראָפּגעלאָזן איבער דער עפישער דראמע פון דזשאַנגל.

דורך גלאַנציק־געפּלאַסטערטע וועגן, דורך שטעטלעך מיט פיין געמויערטע הייזער און קראָמען פול מיט סחורות פאָרן מיר צו דער „נאַציאָנאַלער היים" פאַר חיות, צום גרעסטן אין דער וועלט געבליבענעם רעזערוו, וועלכער איז ניין טויזנט קוואדראט מייל גרויס, אביסל גרע־סער, הייסט דאָס, ווי די שטאַט ניו דזשוירזי און א ביסל קלענער ווי, להבדיל, גאַנץ ישראל.

איך בין שוין דאָ אַמאָל געוועזן אין דעם דאָזיקן דזשאַנגל־וואלד — מיט דריי יאָר צוריק, גראָד נעטראָפן אויף א קריזיס אין וואסער, ווען די חיות האָבן צענדליקער מיילן געמוזט וואַנ־דערן, כדי צו כאַפּן א טרונק, ווען מער ווי הונדערט טויזנט פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבן פון דורשט.

מען האָט דעמאָלט, אין גאַנץ זיד־אפריקע, געקליבן געלט מיטן צוועק צו גראָבן נייע ברונ־נימער, נייע קאנאלן, — אזוי אז א חיה זאָל ניט דארפן וואַנדערן מיט אירע קליינע קינדערלעך מער ווי 30 מייל ביזן נאָענטסטן וואסער־קוואַל און דאָס האָט זיך איינגעגעבן; איצט איז א יאָר פון „פּראָספּעריטי" פאַר די חיות; יעדע צען־צוועלף מייל געפינט מען וואסער, און גראָז איז פאַראַן לרוב פאַר די בהמות מיט א וועגעטאריאַנער „געשמאַק"; פאַר א לייב אָדער א לעמפּערט איז אויך לייכטער געוואָרן „איבערבייסן" מיט א שטיקל אָקסן־פלייש אָדער גאָר מיט א יונגער אַנטילאָפּע, — זיי פאַשען זיך דאָך טאַקע לעבן די טייכלעך מאַסנווייז, פּאַרצוקט מען זיי אָן איבעריקע אויפטרייסלונגען, ווי די מאַמע־נאַטור האָט די אינסטינקטן אַנטוויקלט אין משך פון מיליאָנען יאָרן.

הערשט איצט אָן אידילישע שטימונג אין דעמדאָזיקן אייגנאַרטיקן קעניגרייך פון חיות: זיי זיינען פריי זיך אויסלעבן מיט זייערע אינסטינקטן און נייגונגען, ניטאָ פאַר זיי קיין צוימען און באַגרעניצונגען. דערפאַר אָבער זיינען שוין יאָ פאַראַן רעגולאַציעס און פאָר־שריפטן פאַר מענטשן, וואָס פאָרן דורך אָדער ווילן דאָ בלייבן א געוויסע צייט. פאַראַן אפילו אייניקע „געטאָס", — אָפּגעצאַמטע, באַקוועם איינגעאָרדנטע דערפלעך, ווו מענטשן קאָנען לעבן. זעקס פאַרטאָג ווערן זייערע טויערן געעפנט — זיבן פאַרנאַכט ווערן זיי געשלאָסן. אויב מען געפינט דעמאָלט א מענטשן אויסער די ווענט פון אזא „געטאָ", פאַלט די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט אויף אים אַליין און אויב אפילו ער גייט ארויס א לעבעדיקער, — ווערט ער נאָך אויך פאַליציייאיש הארב באַשטראָפט.

ווען עס איז נאָך ליכטיק מעג מען די גאַנצע שטרעקע פון וואלד דורכפאָרן אין א פאַר־מאַכטן אויטאָמאָביל, אבער אויף קיין מינוט טאָר מען פון אים ניט ארויסגיין, ווייל מען איז קיינמאָל ניט זיכער, אז פון הויכן גראָז וועט אויף אייך ניט ארויפשפּרינגען פון הינטן א ווילדע געפלעקטע אָדער קעניגלעכע קאַץ און מאַכן „שהחינו" אויף אייער ווארעם בלוט...

שוין פון פריער האָבן מיר באַשטעלט א הייזל אין קעמפּ סקוקוזא, איינס פון יענע „לוקסוס" הייזלעך, געדעקט טאַקע מיט שטרוי, אָבער אויסגעשטאַט מיט הייסן און קאַלטן וואַסער, מיט עלעקטריק און מיט א קליינער וואַראַנדע פון וועלכער מען זעט איבערן פלויט די ווייטקייטן פון דזשאַנגל, מיט אירע וועלדלעך און ביימער.

אַזעלכע הייזלעך שטייען אין א קרייז ארום א גרויסן אויוון אינמיטן פּלאַץ. אויף דעם אויוון קאָכט מען עסן צוזאַמען מיט די שכנים, פון וועלכע יעדערער האָט געבראַכט מיט זיך פאַרשידענע רויע שפּייזן.

אז מען וויל קאָן מען אויך עסן אין רעסטאָראַן, וואָס געפינט זיך אין קעמפּ, נאָר דאָס שוואַכט שוין אָפּ די „פּרימיטיווקייט" אין וועלכער מען וויל לעבן אייניקע טעג.

גאַנץ פרי, ווען עס איז נאָך האַלב פינסטער, גייען צו צום פלויט לייבן און ברומען. מען זעט זיי נישט ארויס צווישן געדיכטן גראָז, אָבער זייער ברום קלינגט מיט א ווידער־קול אין די בערג און אין וועלדלעך און וועקט אַלעמען אויף.

נאָכן פרימאָרגן־טיי, פאָרן מיר ארום איבערן וואַלד. ער איז באַנאַסן מיט א דיסקרעטער אויפגייענדיקער זון און זעט אויס דורכזיכטיק גרין. אומגעווויינלעך זיינען די ערשטע איינדרוקן, ווען עס באַווייזן זיך מאַסנווייז די פעטע שוואַרץ־ווייסע זעברעס, ווי ריזיקע פערד, — ארומ־געדינגלט מיט שפּרינגענדיקע אַנטילאָפּעס און צאַרטע יונגע הירשן.

און פּלוצלונג שרייט ארויס מיין פרוי:

„זע נאָר, וואָס איז דאָס?"

מיינע אויגן, וואָס זיינען געוווינט צו קוקן נישט העכער ווי די האָריזאָנט־ליניע זעען פון אָנהויב גאָרנישט, נאָר א פּאָר אומגעוויינלעך הויכע פיס ווי שטעקנס. הויב איך אויף די אויגן העכער אויף א ליניע, וואָס דאַרף זיין דער צווייטער שטאָק אין א בנין, און דערזע דעם „בעל הבית" פון די פיס, די לאַנגע געפלעקטע האַלדז און די שעפּסענע קאָפּ פון זשיראַף, וואָס קוקט אויף דער גאַנצער וועלט פון אויבן אַראָפּ. א יונג זשיראַפעלע, אָבער שוין אַזוי הויך ווי אַן עלעפאַנט, זויגט זיין מאַמען.

און אָט פּאַשען זיך די באָפאַלאָס — די שוואַרצע אָקסן מיט בייזע פּנימער און פאַר־דרייטע הערנער, — וועמענס אור־אייניקלעך זיינען דאָס די אָקסן, וועלכע לעבן אין אונ־דזערע געגנטן. זיי זיינען שטאַרקער ווי די לייבן, וועלכע באַפאַלן זיי פון הינטן, ווייל אין א קאַמף „אויג אויף אויג" וועט דער לייב פאַרשפּילן.

און ווער לאַכט דאָס אַזוי חוצפה'דיק און שפּאַטיש, האַלטנדיק אָפן א מויל מיט שאַרפע ציינער? ער זעט אויס ווי א לייב, און זאָגאָר פון דעמזעלבן ווּקס, דרייט אפילו מיט א כמעט „לייבישן" ווידל, אָבער איר פאָרט צו א ביסל נעענטער און איר דערקענט דעם אורח! דאָס איז גאָר א באַבון, — א „מאַלפּע", וועלכע האָט ליב צו שפּילן דעם „קעניג" פון די חיות, אָבער איז באַקאַנט אַלס א נידעריקע באַשעפעניש.

די אַנאַלאָגיע מיט געווּיסע מענטשן איז איבעראַשנדיק...

הונדערטער קלענערע באַבונעס שלעפּן זיך נאָך נאָך זייער „פירער", שטעלן זיך אויף די הינטערשטע לאַפּעס און טאַנצן פאַר אייך.

זע איך, ווי פון אַן אַנדער אויטאָמאָביל פענסטער שטעקט זיך אַרויס אַ האַנט און נאַרט צו גאָר נאָענט דעם גרויסן „באַבון" מיט אַ לאַנגן מערן.

דאָס איז שטרענג פאַרווערט, אָבער די מענטשן רעכענען זיך ניט מיט דעם, — כאַפּט דער באַבון דעם מערן, גיט אַ ביס די האַנט פון מענטשן, וואָס האָט דאָס צו אים אויסגעשטרעקט. יענער צעשרייט זיך פון ווייטיק און די מאַלפּע לאַכט הילכיק...

לעאָפּאַרדן, געפלעקטע, מיט אויגן וואָס זוכן רויב, לויפן מיט שנעלע טריט אויפן צווייטן זייט פון וועג, ערגעץ ווו וועלן זיי זיך טרעפן מיט די יונגע אַנטעלאָפּן; אייניקע פון די לעצטע וועלן שוין צוריק ניט קומען מיט די מאַמעס, צו טרינקען וואַסער אין וועלדל, ביים טייכל.

איך אַליין קאָן זיך ניט איינהאַלטן און באַגיי אַ פאַרברעכן קעגן די דזשאָנגל־געזעצן: אויפן מיטן וועג באַוועגט זיך קוים אַ גרויסע שוואַרץ־ווייס געקראַטעטע טשערעפּאַכע. איך ווייס, אַז דאָס געראַטענע יינגעלע — דאָס אייניקל פון ישראל יאַפּע, וואָס פאָרט אין קאַר פאָרויס, — וועט הנאה האָבן זיך שפּילן מיט אַזאַ זעלטענעם טווירטל־עקזעמפּלאַר.

שטעל איך אָפּ די קאַר, — טראָג די וואָרענונגען פון מיין פרוי, און הויב אויף פון וועג דעם געגנוג שווערן קערפּער פון אָט דער חיה, וואָס האָט געדינט אַלס פּראָטאָטיפּ פון די מענטש־לעבע געפּאַנצערטע טאַנקען. זי באַהאַלט איר קאָפּ אונטערן שויץ פון האַרטן פּאַנצער און איך לייג אַריין די טשערעפּאַכע אין „טראָנק" פון אויטאָמאָביל. שפּעטער האָב איך חרטה געהאַט אויף דער דאָזיקער האַנדלונג און אַרויסגעלאָזן מיין „אַרעסטאַנט" פריי צוריק אין גראָז פון דזשאָנגל. אָבער צוליב וואָס האָב איך ריזיקירט און אַרויס פון קאַר? דאָס איז שוין דער סוד פון די חיה'שע אינסטינקטן אינעווייניק אין אונדז...

און אַזוי האָבן מיר געלעבט אין חיות־רעזערוו דריי טעג און דריי נעכט. גאַנצענע טעג פלעגן מיר דורכקרייצן די וועגן אין דעם „פּאַקאַרד" וואָס פריינט אייבעל שאַבאַן האָט אונדז אויסגעבאָרגט צוליב דעם צוועק און ביינאַכט אין אָפּגעצאַמטן „געטאָ־הייזל" האָבן מיר געהאַט גענוג צייט צו טראַכטן וועגן שטילן, רואיקן און ביאָלאָגיש־נאָרמאַליזירטן לעבן אין דער היים פאַר חיות, — אַ לעבן געפירט שטרענג לויט די געזעצן, וועלכע זיינען איינגעשטעלט מקדמונים דורכן וועלט־באַשאַפער, און וועלכער איז געווים רואיקער, מאָראַלישער און שענער — ווי דער, וועלכן עס פירט דער פּראָגרעסיווער, קולטיווירטער און ציוויליזירטער טיפּ פון דער חיות־וועלט — דער מענטש.

* *
*

פון דאָרטן פאָרן מיר קיין סוואַזילאַנד, — צו דער מלוכה פון שוואַרצע מענטשן אונטערן ענגלישן פּראָטעקטאָראַט, וואָס געפינט זיך צווישן מאַלאַנס דרום־אַפריקע און דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע מאָזאַמביק.

אויך דאָ בין איך שוין געווען, אָבער דאָס מאָל האָב איך אויסגעקליבן א נייעם וועג דורך בערג פון אזא סצענישער שיינקייט, וואָס אפילו אין קאַליפאָרניע אָדער אין דער שווייץ זעט מען דאָס זעלטן. אין דאָזיקן געגנט האָט מען ניט לאַנג צוריק אַנטדעקט זייער רייכע אזבעסט־בערג און ענגלאַנד צוזאמען מיט דרום־אַפריקאַנער קאַפּיטאַל עקספּלואַטירן די דאָזיקע רייכטימער מיט אַן אומדערהערטער אינטענסיוויטעט.

צענדליקער טויזנטער שוואַרצע אַרבעטער זיינען מאָביליזירט; אינזשעניערן און טעכניקער זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון אייראָפּע און פאַראייניקט די אַזבעסט־בערג מיט דיקע דראָטן; אויף די דראָטן גליטשן זיך טויזנטער וואַגאָנעטקעס צו די אַזבעסט־גרובן און צו די לאַדונגס־סטאַנציעס.

די עלעקטרישע דראָטן זיינען אין שרייענדיקן קאָנטראַסט מיט דער שיינקייט פון די אָנגעוואָרפענע גרינע בערג, וועלכע זעען אויס פון דער הויך, אויף וועלכער מיר פאָרן, ווי טויזנטער קיפּאָלן פון טעמפּלען אין זילבערנע ראַמען פון וואָלקנס, לייכט באַגילדעט מיט זונען שטראַלן.

און שטורמישע טייכן, וועלכע שיסן מיט שטיינער באַגעגענען מיר. שטייען דאָרט טויזנטער כמעט נאַקעטע אַרבעטער, וועלכע גראָבן און גראָבן, זינגענדיק ריטמיש אַן איינטאָניק ליד; די באַוועגונגען, ווען זיי הויבן די קעפּ, לאָזן אַראָפּ די שווערע „רידאַלעס", וואַרפן אַרויס די שטיינער, זיינען אזוי ווי פון א באַלעט, ספּעציעל אויסגעמוישטרירט אויף א סצענע. נאָר דאָס איז די נאַטירלעכע אייגנשאַפט פון פּרימיטיוון טאַנצנדיקן סוואַזילאַנד־נעגראַ.

עס הויבט אָן ווערן טונקל. אויף די הויכן, אויף וועלכע מיר פאָרן, שיינט נאָך א ביסל די זון, — אָבער אונטער אונדז צינדן זיך אָן שטורקאַצן וועלכע באַלויכטן די אַרבעטנדיקע קייט; עס זעט אויס אזוי פאַנטאַסטיש, די דאָזיקע ריטמיק אונטער די שטורקאַצן, אַז עס גלויבט זיך גאָרניט דאָס עס איז א ווירקלעכקייט, א קאָנצענטרירטע אַרבעט פון שקלאַפן איינגעפּאַסט אין דער מאָדערנער אַרבעטס־מאַשין.

* *
*

מיר קלעטערן שוין אַרויף אויף די ליים־בלאָטיקע בערג, וואָס פירן צו דער הויפּט־שטאָט פון סוואַזילאַנד — צו מבאַבאַנאַ.

זיצן אין בין־השמשותדיקן ליכט שוואַרצע פיגורן, — די פרויען „דעקאָלטירט" ביזן פּאַס, די ווייניקע מענער אין לייכטע הויזן. שטייען געפּלאָכטענע שטרויענע „באַטקעס" אָן פענצטער מיט פאָרהאַנגען פון פעל ביים אַריינגאַנג. דורכן שפּיץ פון „דאַך" שלענגלט זיך א רויך. וויים איך שוין פון פריער, אַז יעדע גרופּע באַטקעס באַדייט א פאַמיליע. אין יעדער פון זיי וווינט א פרוי מיט קינדער; צען־פופצן פרויען געהערן צו איין מאַן, אויב ער איז נאָך בכח צו באַצאָלן דעם „פּאָל־טאַקס", — דאָס הייסט די צוויי ענגלישע פונט א יאָר פאַר יעדן פלאַקן אַרום וועלכן מען פלעכט אַרום די שטרוי, וואָס בילדעט א הייזל. דער מאַן אַרבעט, אָדער אין די בערג ביים אַזבעסט, אָדער אין די גאָלד־גרובן לעבן יאָהאַנעסבורג...

ר'האָט אונטערגעשריבן א קאָנטראַקט אויף צוויי־דריי יאָר און אויב ער וועט קומען צוריק א לעבעדיקער וועט ער קאָנען „נחת" האָבן פון זיינע ווייבער מיט דער אַנטשפּרעכנדיקער צאָל קינדער, וועלכע זיינען צוגעקומען בעת זיין אַפּוועזנהייט.

אַלזאָ, — ווו הייסט א ייד זיין שאָפער פאַרפאָרן אין א פרעמד שוואַרץ לאַנד, און וועלכן ער איז אַריינגעפאָרן אָן א וויזע אַפילו? — דירעקט צום קעניגלעכן פּאַלאַץ!

אין א פּאָר מינוט זיינען מיר שוין אויף דעם פּלאַץ, פון וואַנען עס פירן צוויי טויערן: איינס צו דער גאַס, וווּ דעם קעניגס ווייבער וווינען. דאָס צווייטע צום שטרויענעם פּאַלאַץ, ווו זיין מאַמע רעגירט.

ווי נאָר אונדזער אויטאָמאָביל באַווייזט זיך אין דער פינצטערניש פון פּאַלאַץ, הויבן אָן אַרויסצוקריכן פון די שאָטנס שוואַרצע מענער אין בונטע קליידער און א ביסל ווייבער אין פּאַרטעכער אָן בלוזעס. איינער פון די מענער — א ריז מיט א שוואַרצער געקרייזלטער באָרד — ווערט אונדז גלייך פאָרגעשטעלט. ער איז דער פּרינץ האַראַטיאַטאַ — א הויף־זיצער מיטן ראַנג פון א פּרעמיער־מיניסטער. עפּעס איז ער נישט צופרידן — רעדט צו אונדז מיט א ביי־זער שטימע. דער איבערזעצער זאָגט אונדז, אַז דער פּרינץ איז קעגן דעם, אַז די ענגלענדער זאָלן קומען אַהער אָן א דערלויבעניש; און אַזאַ דערלויבעניש קאָן געבן נאָר דער הויך־קאָ־מישאָנער אַרטשיבאַלד, וועלכער וווינט לעבן מבאַבאַנע...

זאָגן מיר, אַז מיר זיינען אַמעריקאַנער. שרייט דער פּרינץ, אַז אים איז אַלץ־איינס, נאָר אויב מיר ווילן זיך פאָטאָגראַפירן, וועט דאָס קאָסטן זיבן שילינג. בין איך גרייט צו געבן אַפילו צען. כ'שטעל אַוועק מיין פרוי לעבן דעם באַבערדלטן פּרינץ אין קליידל און וויל שוין פאַראייביקן די סצענע, באַווייזן זיך פּלוצלונג, ווי פון אונטער דער ערד, א צענדליק אַנדערע מאַנסבילן. איניקע פון זיי האַלטן דראָענדיקע שטעקנס מיט אייזערנע שפּיצן. זע איך, אַז מיין קעניגלעכער איבערזעצער ווערט אליין א ביסל צעטומלט. זיי שרייען צו אים אין זולוסיש, און ער „איבערזעצט", ווייזט אויס, נישט דאָס וואָס זיי זאָגן. עפּעס שטאַמלט ער, אַז זיי ווילן נישט מ'זאָל נעמען פאָטאָגראַפיעס און זיי ווייזן אין ענגלאַנד, ווו מען וועט פון זיי אָפּלאַכן. בכל אופן וועט דאָס קאָסטן צוואַנציק שילינג, ווייל זיי זיינען אויך פּרינצן...

אָבער איך הויב זיך שוין אָן צו שרעקן פאַר די שטעקנס מיט די שפּיציקע אייזנס... ווייל איך הייסן דעם שאָפער ער זאָל אָפּפאָרן וואָס שנעלער פון דאַנען, אָבער דער אורח איז נישטאָ. ער איז גאָר אַריינגעגאַנגען אויף א „מינוטקעלע" אין געסל, ווו די קעניגלעכע ווייבער וווינען... עס ווערט שלעכט, אָבער מיין פרוי פאַלט פּלוצלינג איין אַרויסצונעמען א פּעקל שאָקאָלאַד און דאָס ווייזן א שוואַרצן יינגל, דערקלערנדיק מיט צייכנס ער זאָל לויפן ברענגען דעם שאָפער צוריק. איך פיר דערווייל אונטערהאַנדלונגען מיט די „פּרינצן" וועגן פּרייז פון א געמיינזאַמער פאָטאָגראַפיע, וועלכע איך האָב שוין גאָר נישט קיין חשק צו נעמען, — אַבי וואָס שנעלער אַוועק פון דאַנען. דערווייל לויפט צו אונדז פאַרסאָפּעט אונדזער שאָפער. ער אָריענטירט זיך שנעל אין דער לאַגע. מיר נעמען אריין אינעווייניק אין קאַר אונדזער איבער־

זעצער, כלומרשט אים עפּעס צו ווייזן, און צוזאַמען מיט אים טראָגן מיר זיך אָפּ ווי אַמ־שנעלסטן. מיין פרוי באַווייזט נאָך צו געבן דעם זולוסער יינגל זיין גוט פאַרדינט פּעקל שאָ־קאָלאַד.

א דאנק דעם אויבערשטן, אונדזער קאַר קייקלט זיך שנעל איבערן בלאָטיקן וועג אַרונ־טער צום שטעטל.

דערפאַר אָבער, ווערן מיר שפּעטער באַלוינט מיט דער האַרציקער באַגעגעניש מיט איי־ניקע יידן אין מבאַבאַנע, וואָס זיינען אַהער פאַרוואָגלט געוואָרן פון דייטשלאַנד.



עס איז שוין געווען שטאָק־פינצטער, ווען מיר זיינען אַראָפּגעפֿאָרן אײַליק פֿון באַרג, אויף וועלכן עס וווינט די פֿאַמיליע פֿון שוואַרצן מלך סאָבוזאַ דער צווייטער, מיט זיינע אומ־צייליקע ווייבער, מיט זיין מאַמען „די גרויסע עלעפֿאַנטיכע" און מיט די ווילדע „פּרינצן" אין געבלומטע סיצענע קליידלעך, וועלכע האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אויף אונדז מיט שפּיציקע שטעקנס.

דעם דאָלמעטשער מיטן ליגנערישן צינגל האָבן מיר באַצאָלט זיינע פֿינף שילינג, כּאָטש פֿון דער פּראָיעקטירטער געמיינזאַמער פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון מיין ווייב מיטן באַבערדלטן פּרינץ איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

אין דער אמתן זיינען מיר ביידע געווען אַביסל אויפגערעגט אויף אונדזער שאָפֿער וואָס האָט אונדז אין אַ קריטישן מאָמענט געלאָזן אַליין מיט דער ווילדער הויף־כּאַפּטע און פֿאַרקראָכן אין געסל, ווו דעם מלך סאָבוזאָס ווייבער וווינען (דער מלך אַליין, ווי געזאָגט, איז געפֿאָרן קיין לאָנדאָן אויף דער קעניגין עליזאַבעטס קאָראָנאַציע). דאָס קליגסטע וואָלט דאָך געווען, ווען מיר פֿאַרפֿאָרן איצט אין באַקוועמען האָטעלעכל, וואָס ווערט אָנגעפֿירט אין מבאַ־באַנע, דורך אַ שווייצאַרישער פֿאַמיליע. האָב איך אָבער מורא געהאַט טאָמער פֿאַרלירן מיר דעם אָוונט, ווייל דער האָטעל ליגט אַ ביסל ווייטלעך אויף אַן אָפּגעלעגענעם בערגל. זאָג איך צו מיין ווייב:

„ווייסטו וואָס, לאָמיר דאָ אַ זוך־טאָן יידן"...

זאָגט מיין ווייב:

„שוין ווידער יידן... און ווו וועסטו זיי דאָ געפֿינען אין דער דאָזיקער ווילדער הויפּט־שטאָט וואָס דערמאָנט מיר אַ פּוילישן דאָרף אין אַ רעגנדיקן טאָג?"

זאָג איך:

„אָט וועסטו זען: איך בין אַן עקספּערט אויף אויסצוגעפֿינען לייבן און — להבדיל אחינו בני ישראל".

„יאָ, — אין בראָנסקער זאָאָלאָגישן גאָרטן", ענטפֿערט מיט אַ שטאָך מיין מיד ווייב, וואָס וויל וואָס שנעלער אָפּרוען זיך אין אַ האָטעל צימער.

בקיצור, מיר זיינען אויפֿן מאַרק. אַן איינזאַמער עלעקטרישער לאָמפּ באַלויכט אַ צענדליק מיט שטרוי געדעקטע הייזער. האַלב נאַקעטע שוואַרצע מענטשן בלאָנדזשען ווי אָן אַ ציל. דאָס

ליכט פאַלט אויף א מעשענעם שילדל, צוגעקלאַפּט צום טיר אויף איינער פון די הייזלעך. מיר זיינען ארויס פון „קאַר" און לייענען די אויפשריפט: „אַלבערט מיללין, סאָליסיטאָר".

איך גיב א צי פאַרן גלעקל און אין דער שמאָלער נידעריקער טיר באַווייזט זיך א ריזיקער ווייסער מענטש מיט צוגעשווירענע בלאָנדע וואָנצעס און מיט א לולקע צווישן די ציין, אַן ענגלענדער מיט אַלע פּיטשעווקעס.

שטעל איך זיך פאָר: אַן אמעריקאַנער שרייבער, וואָס שלעפּט זיך איבער דער וועלט, — דערזעען א מעשענעם שילדל פון א לאַיער אין אַט דעם ווילדן ווינקל האָב איך געוואָלט זאָגן „האַללאָ"...

דער ריז שמייכלט, באַגריסט אונדז גאָר פריינטלעך און שטעלט זיך פאָר: איך בין אַלבערט מיללין, וואָס פאַרטרעט די זיד־אפריקאַנער מאַין־אינדוסטריע אין סוואַזילאַנד. אפשר איז מיר באַקאַנט געוועזן דער נאָמען פון זיין ברודער פיליפּ מיללין, דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער ריכטער פון העכסטן געריכט אין זיד־אפריקע, און געוויס האָבן מיר געהערט פון זיין שוועגערין שרה־גערטרודע מיללין, די באַרימטע שרייבערין?"

„געוויס, געוויס, נישט נאָר געהערט, נאָר אויך אירע ביכער געלייענט און מיט צוויי טעג צוריק בעת דער לויה פון רעדאַקטאָר באָריס גערשמאַן, האָב איך אַפילו געזען דעם פרישן קבר פון זיין ברודער, דעם ריכטער, מיט בלומען באַשאָטן".

איך וואַרף א נצחונדיקן בליק אויף מיין ווייב:

„אַלזאָ דו זעסט! געפּאַקט א יידן, בעת דער ערשטער באַגעגעניש. אמת, אַלבערט מיללין קומט דאָ נאָר צייטווייליק, — אָבער א ייד איז ער און ער וועט שוין א צי טאָן פאַר אונדז דעם גאָלדענעם פאָדים".

און דער אָנגעצויגענער קאַלטער אַריסטאָקראַט מיללין, פירט אונדז טאַקע דורך די פינצ־טערע געסלעך ביז עס באַווייזן זיך דריי הייזלעך, וואָס פון זייערע פענצטער שיינט ארויס עלעקטרישע ליכט. נעבן יעדן הויז שטייט א „קאַר".

„דאָ וווינען דריי יידישע פאַמיליעס; גייט אַריין אין איינער פון די הייזלעך און שטעלט זיך פאָר, — וועט איר גלייך זיך פילן אין דער היים.

און כאָטש א גרויסער הונט האָט געבילט און זיך געריסן פון קייט פאַרשפּאַרנדיק דעם וועג צו דעם איינגאַנגס־טירל, — האָבן מיר אים געהערט ווי דעם כלב. ווער האָט דען מורא פאַר א הונט אָט אין דאָזיקן לאַנד, ווו בשכנות שפּאַצירן לייבן און לעמפּערטן?

אָבער דערווייל האָט זיך אויפן בריקל באַוויזן א קליינע פרויען־פיגור און דערזען, אַז ווייסע מענטשן שטייען, — איז זי אונדז געלאָפן אַנטקעגן.

מיר ווערן אַריינגעפירט אין א פיין מעבלירטן ליכטיקן צימער. מיר זיינען די געסט פון דער פאַמיליע האַמבורגער — פּליטים פון דער שטאָט קאַסעל אין דייטשלאַנד. ווען מיר שטעלן

זיך פּאַר — ווייסן זיי גאָרנישט וואָס צו טאָן מיט אונדז. אַ סימפּאַטיש בר־מצוה בחוּרל לויפט אַנטקעגן די שכנים, אַז אַמעריקאַנער יידן זיינען געקומען. אין איינעם מינוט אַרום ווערט די שטוב אָנגעפּילט מיט צען־צוועלף מענער, פרויען און קינדער, וועלכע ווייזן אַרויס אַ פריידיקע אויפרעגונג און נייגעריקייט. מען סערווירט טיי און צובייסן. מען שטעלט אונדז פאָר די איבע־ריקע געסט, מיסטער און מיסעס גרעשאַם, דאָס פּאָרל ראַטסוועלט,, ווו צוזאַמען מיט די האַמ־בורגערס בילדן זיי די „דייטשע מאַיאָריטעט״ אין סוואַזילאַנד. און אויסער זיי, מיסטער ק. גאָלדבלאַט און ש. רובין, ביידע פון פּאָניעוועזשער געגנט אין ליטע.

די פאַמיליע האַמבורגער, — אונדזערע גאַסטגעבער, — זיינען, ווי די אַלע אַנדערע, גע־קומען קיין סוואַזילאַנד בעת די היטלער פאַרפאָלגונגען, ווייל קיין שום אַנדער לאַנד פון דער „קולטורעלער״ וועלט האָט דעמאָלט יידן צו זיך נישט אַריינגעלאָזט. האָבן זיי זיך באַזעצט צווישן אַ האַלב־ווילדער באַפעלקערונג און אָנגעהויבן בויען אויפסניי זייער נעסט.

אויפן טיש ליגט נאָך אַן אָפענער „קרבן־מנחה״, — דאָס האָט מיסטער האַמבורגער נאָר־וואָס געענדיקט דאַוונען מעריב. אין דער גלעזערנער שאַפע אין ווינקלצימער, שטייט די ספר־תורה אין זעלבן בלויען מענטעלע, אין וועלכן מען האָט די הייליקייט געבראַכט מיט זיך פון דער שטאָט קאַסעל.

כשר־פלייש (און די פאַמיליע האַמבורגער, ווי די פאַמיליע גרעשאַם־גערשענזינגער, זיינען רעליגיעז אויף דעם אַלט־פראַנקפורטער שטייגער) ברענגט מען פון יאָהאַנעסבורג — איינמאָל אַ וואָך. דאָס יינגעלע זייערס לערנט אין דער יידישער גימנאַזיע „קעניג דוד״ אין יאָהאַנעסבורג.

לכתחילה בעת דער היטלער־פּאַניק זיינען דאָ אין סוואַזילאַנד אָנגעלאָפן אַרום הונדערט יידישע נפשות פון אייראָפּע; איצט זיינען נאָר געבליבן זעקס משפּחות. מען קלייבט קוים צונויף אַ מנין בעת ימים־טובים און יאָרצייטן. דעמאָלט קומען אויך אַרויס פון בוש (דזשאַנגל) די פאַר־איינזאַמטע יידן, וואָס לעבן דאָרטן מיט שוואַרצע פרויען פאַרזונקען אין שמוץ, — יידן דער־ווייטערטע און מגושמ׳דיקע, וואָס ווילנען זיך אויס צו „כל נדרי״ און ווערן ווידער פאַרשווונדן אין וויסטן וואַלד צווישן די שוואַרצע חיות.

די דייטשע יידן האָבן דאָ געעפנט קראָמען, — די ערשטע קראָמען אין סוואַזילאַנד; די פּאָר „ליטוואַקעס״ קויפן אויף פעל און בהמות. אַלעמען לעבט זיך גאַנץ גוט, כאָטש קיין פאַר־מעגנס מאַכט מען נישט, אָבער מ׳גיט די קינדער אַ יידישע דערציִאונג אין שכנות׳דיקן זיד־אַפ־ריקע און אַליין כאַפּט מען זיך דאָרט אויך אַריבער פון צייט צו צייט.

„און גלויבט מיר״, — זאָגט דער געוועזענער דיפּלאָמירטער אינזשיניער האַנס גרעשאַם, — „די דאָזיקע האַלב־ציווילי־זירטע סוואַזילאַנד־מענטשן, — זיינען אָרענטלעכער, פיינער און מיט בעסערע הערצער ווי די פּאָר טויזנט ווייסע אייראָפּעער, וואָס לעבן דאָ.

ער עפנט פאַר אונדז זיין קראָם, אין וועלכער עס ווערן פאַרקויפט פאַרשידענע מעטאַלענע כלים און אַנדערע הויז־מכשירים, ווי אויך האַנט־אויסאַרבעטונגען פון דער אָרטיקער באַפעלקע־

דונג: גארטלען, וואָס זיינען צונויפגעשטעלט פון טויזנטער קאָלירטע פּאַטשערקעס, לעדערנע „אמולעטן" מיט שרעקנדיקע בילדער, וועלכע מ'הענגט אויף אין די אָרעמע כאַטקעס פון די שוואַרצע, כדי טייוואָלים און בייזע אַנשיקעניש זאָלן זיך דאָרטן נישט אריינכאַפּן. די דאָזיקע אַרטיקלען ווערן שוין איצטער דורך די יידישע פּיאָנערן עקספּאָרטירט אין אַנדערע לענדער אַלס קוריאָזן און אַנטיקן. איך באַקום אַלס מתנה א שאַרפן שפּיז אין א הילצערנעם שייד, — דער לעגאַלער וואָפן פון שוואַרצן מענטשן אין זיין קאַמף קעגן דער נאַטור און חיות. מיט אַזעלכע מעסערס באַנוצט זיך אָפט דער כישוף־רופא, ווען ער לאָזט בלוט. און אַמאָל טאַקע לאָזט מען ארויס דאָס גאַנצע בלוט פון שונא און מ'טרינקט עס אויס, ווי עס איז באַוויזן געוואָרן בעת די „ריטועלע פּראָצעסן", וועלכע זיינען געפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער אָביעקטיוויטעט דורך ענגלישע ריכטער.

האַנס גרעשאַם זאָגט, אַז קיינמאָל נישט, קומען דאָ ניט פּאָר קיין גנבות: ער אַליין לייגט אויס יעדן פרימאָרגן פאַר זיין קראָם די ענגלישע ציטונגען פאַר די ווייסע מענטשן, און עס קו־מען שוואַרצע דינסטן, וואַרפן אַריין אין קעסטעלע דאָס געלט. שטענדיק שטימט אַלץ, די צייַ־טונגען און דאָס געלט.

נאָכדעם ווי מיר פאַרפאָרן ענדלעך אין האָטעל, קומט צו אונדז אין א שעה ארום דער זעלבער גרעשאַם, כדי דאָס מאָל זאָלן מיר זיין די געסט ביי אים אין הויז, וווּ אַלע יידן וואַרטן שוין אויף אונדז. זיי ווילן איך זאָל זאָגן פאַר זיי א פּאָר ווערטער: אַזאַ געלעגנהייט, אַז א יידישער שרייבער זאָל פאַרפאָרן אַזש קיין מבאַבאַנע, טרעפט דאָך במעט קיינמאָל ניט. מיין פרוי איז שוין מיד, נייִ איך אַליין דערפילן א חוב, וועלכן איך ווייס, אַז יעדער פון אונדז קומט די פאַרוואָגלטע ברידער, ווו זיי געפינען זיך.

ארום מיר זעצן זיך ארום דאָס ביסל יידן. פון די ווענט קוקן אַראָפּ צוויי בילדער: איינער פון כותל־מערבי און דער צווייטער פון אַן אַלטן ריטער־שלאָס ביים טייך רהיין אין דייטשלאַנד. די בילדער דריקן אויס די צעטיילטע בענקשאַפט פון גאַסטגעבער: צווישן ירושלים און — להבדיל — צו זיינע יאָרן אין דער אַמאָליקער דייטשער „היימאַטס־לאַנד". גרעשאַם איז שטאָלץ, וואָס ער איז א קרוב פון דער אַלטער רבנים־פאַמיליע קאַרלעבאַך און וואָס טאַקע ער האָט געעפנט די ערשטע קראָם אין סוואַזילאַנד. אויך די אַנדערע יידן פילן זייער פּיאָנערן־ראָלע, אָבער אַלע ווייסן זיי, אַז לאַנג וועט דאָס ניט דויערן; קינדער וועלן אונטערוואַקסן, מען וועט ווידער אויסוואַנדערן דאָרטן, ווו ציוויליזאַציע רופט און ווו יידן וווינען. אָבער דערווייל וויל מען וויסן, וואָס עס רעדט זיך אין דער יידישער וועלט. דערצייל איך אינטים און מיט א קרובים־געפיל, וואָס איך ווייס, וואָס זיי ווילן וויסן.

ס'ווערט שוין שפּעט, גייען אַלע מיך באַגלייטן צוריק, צו מיין האָטעל. גאַנץ פרי וועל איך דאָך אַוועקפאָרן, וועלן זיי ווידער בלייבן אַליין און דער איינדרוק איז, אַז אין משך פון די פּאָר שעה זיינען מיר גאָר בלוט־קרובים געוואָרן און איצט טוט ווי דאָס צעשיידן זיך.

דאָרט אויבן אויפן באַרג, האָבן מיר ניט לאַנג זיך באַגעגנט מיט דער ווילדקייט פון קעניג־לעכן הויף; דאָ אַרום אונדז שלאָפט שוין א פאָלק פון 150 טויזנט מענטשן, וועמענס טאַטעס און

זיידעס זיינען נאַקעט אַרומגעגאַנגען און זיי אַליין גלויבן נאָך אין געצנדינערייי, מאַכנדיק שווער די אַרבעט פון די קריסטלעכע מיסיאָנערן.

דער מלך סאָבוזאַ דער צווייטער האָט מיט צען יאָר צוריק אויסגעטאָן זיין פעל און אָנגע־טאָן א פּאָר הויזן.

און דאָ גייט מיט מיר א מיקראָסקאָפּישע עדה פון יידן, וועלכע האָבן געבראַכט מיט זיך די ספר־תורה פון דער פאַרברענטער סינאַגאָגע אין קאַסעל. א מהלך פון די צייטן פון אָדם הראשון ביז די העכסטע געטלעכע און מענטשלעכע ווערטן, ליגט צווישן מיינע באַגלייטער און זייער נייעם פאָטערלאַנד"...

ווען מיר זיינען אין העלן פרימאָרגן, געפאָרן איבער די וועגן פון סוואַזילאַנד צוריק קיין יאָהאַנעסבורג האָבן מיינע אויגן געטרונקען אויף דער וווּנדערלעכער גרינער פּאַנאָראַמע פון בערג־לעך און טאָלן, וועלכע האָט זיך כוואַליענדיק געגאָסן אונדז אַנטקעגן. א שפע פון גראָז, פון קי און שעפסן, וואָס פּאַשען זיך אויף די פעטע לאָנקעס; פרייליכע, טאַנצנדיקע, זאָרגלאָזע שוואַרצע פרויען מיט בלויזע ברוסטן — לאַכן אַנטקעגן מיט ווייסע ציינער. מענער מיט געזונטע קערפּערס, האַלב נאַקעטע, אַרבעטן אויף די פעלדער, אָדער גייען מיט א פויק ווי סאָלדאַטן מושטירט צו די צין־גרובן, וווּ זיי גראָבן ווי שקלאַפן פאַר צען סענט א טאָג. די הייזלעך ביים וועג זיינען געפּלאַכטן פון דיקע גראָזן, באַפּעסטיקט מיט טרוקענעם מיסט און באַדעקט מיט שטרוי, אָבער א געזאַנג טראָגט זיך פון דאָרטן. מאַמעס פאַרוויגן קינדער הוידנדיק זיי אין הענגענדיקע גראָזענע מולטערס. דערמאָן איך זיך, וואָס מיין פריינט אַבעל שאַבאַן האָט מיר דערציילט, איידער איך בין אַרויסגעפאָרן קיין סוואַזילאַנד. אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד פון דער יידישער געשיכטע אין די היטלער־יאָרן:

דאָס איז געווען א פּאָר יאָר פאַר דער וועלט־מלחמה, ווען יידן זיינען געלאָפן פון דייטש־לאַנד, ווו די אויגן האָבן געטראָגן און געפונען א רשעות'דיקע גלייכגילטיקע, פאַרשלאָסענע וועלט. שיפן האָבן געבלאָנדזשעט איבער ימים חדשים־לאַנג און מ'האָט די וואַנדערער אין ערגעץ ניט אַריינגעלאָזט. אויף אומבאַקאַנטע אינדזלען איז מען געבליבן זיצן יאָרנלאַנג. אויף א שמאָלן פּאַס צווישן דייטשלאַנד און פּוילן, אין זבאָנזשין, — האָבן זיך טויזנטער געיאָגטע אין הילצער־נע באַראַקן געשטיקט. און ווען די פעלקער האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דער שווייצאַרישער שטאָט עוויאַן, כדי צו געפינען א לייזונג צו דער פּליטים פּראָגע, איז דורך דעם קיין שום יידישער פּליט, בוכשטעבלעך אַפילו איינער, ניט געראַטעוועט געוואָרן — אַזוי ווי שפּעטער מיט א פּאָר יאָר האָט מען קיין איינציקן יידן ניט געראַטעוועט פון די גאַז־קאַמערן דורך דער קאָנפערענץ אין בערמיודאַ, וועלכע האָט זיך אַזוי ווי סימבאָליש אָנגעהויבן אין זעלבן טאָג, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ...

אָט אין יענע גורלדיקע יאָרן האָט דער דעמאָלטדיקער רעדאַקטאָר פון „אידישן עקספּרעס" אין יאָהאַנעסבורג, אַבעל שאַבאַן, און מיט אים א גרופּע פריינט, באַשלאָסן מען זאָל זוכן א מעגלעכקייט און באַזעצן טויזנט יידישע פאַמיליעס אָט אין דעם דאָזיקן סוואַזילאַנד, וועלכן

איך באַרייז איצטער. אמת, די מענטשן זיינען נאָך ווילד און „דער קעניג גייט נאַקעט״, — אַזוי ווי ער וואָלט מיט דעם אונטערגעשטראָכן דעם כאַראַקטער פון יענע יאָרן, ווען די גאַנצע אַזוי־גערופענע „קריסטלעכע ציוויליזאַציע״ איז געגאַנגען נאַקעט... אָבער שיין איז דאָס לאַנד, גרין זיינען אירע בערג און פעט אירע פעלדער. האָט שאַבאַן און זיינע פריינט באַקומען די „ברכה״ פון נאַקעטן מלך סאָבוזאַ דעם צווייטן און פון איינציקע איינפלוסרייכע זיד־אַפריקאַנישע פאָליטישע פירער. האָט מען אָפּגעדרוקט אַפילו אַ ביכל אין דריי שפּראַכן וועגן די מעלות פון סוואַזילאַנד מיט פּלענער פון הייזער אַפילו, ווו די איינגעוואַנדערטע זאָלן זיך באַזעצן. און שאַבאַן איז קיין לאָנדאָן געפאָרן...

מילא, אויך פון דעם האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, כאָטש עס האָט נישט געפעלט קיין גוּ־טער ווילן: אין ענגלישן קאָלאָניאַל־אַמט זיינען נאָך דעמאָלט געזעסן דיזעלבע באַאַמטע, וועלכע האָבן שפּעטער געהייסן שיסן אויף שיפן מיט יידישע וואַנדערער, וועלכע זיינען קוים דערשוווּ־מען צו ארץ־ישראל; איז אַפילו אַ פּראָיעקט צו באַזעצן טויזנט פאַמיליעס אין זייער פּראָטעק־טאָראַט אין סוואַזילאַנד — גרוים געוועזן אין די אויגן.

און איצט, ווען איך זיץ צווישן די זעקס יידישע פאַמיליעס אונטן אין טאָל, ווען אויף די בערג פון יהודה און גליל בויט זיך די יידישע מלוכה, — אַרט מיך גאָרניט, וואָס פון פּראָ־יעקט איז גאָרניט געוואָרן. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס דער אַנטוישטער ליבער פריינט מיינער אבעל שאַבאַן, האָט דעמאָלט אַוועקגעוואָרפן זיין שרייבערישע מלאכה און באַשלאָסן צו ווערן אַ גביר, וואָס עס האָט זיך אים גאָר פיין איינגעגעבן.

מעגלעך, אַז אין איניקע יאָר שפּעטער וועט שוין פון יידישן ישובֿ אין מבאַבאַנע קיינער נישט בלייבן, — זאָלן כאָטש מיינע פּאָר שורות דינען פאַר אַ מצבֿה־שטיין מיט אַ פּאָר אויסגעקריצטע פאַקטן, וועגן אונדזערע משונה׳דיקע צייטן אין די יאָרן פון אַ שוואַרצן זועלט־געוויסן.

---

איך גלויב נישט, אַז אַ יידישער זשורנאַליסט האָט ווען עס איז באַזוכט ליבעריאַ. יעדנפֿאַלס, האָב איך וועגן דעם קיינמאָל ניט געהערט.

אויך ניט־יידישע שרייבער שטעלן זיך זעלטן אָפּ אין דער דאָזיקער מערקווירדיקער נע־גערישער רעפּובליק, וועלכע געפֿינט זיך אין מערב־אַפֿריקע, צווישן פֿראַנצויזישן קאָלאָניאַל געביט גווינעאַ, צווישן בעלגישן קאָנגאָ און דעם ענגלישן קאָלאָניאַל באַזיץ: גאָלד־קאָאַסט.

אַלס פֿאַרשטייער פֿון „האַיאַס" האָב איך געוויס ניט געהאַט וואָס צו זוכן אין ליבעריאַ. איך האָב פֿון פֿריער געוווסט, אַז דריי יידישע דאָקטוירים און אַ יידישער סוחר פֿון דייטש־לאַנד האָבן זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט אין די דרייסיקער יאָרן. דער סוחר נעבעך, איז געשטאָרבן פֿון געלן פֿיבער און די דריי דאָקטוירים זיינען גאָר גע׳שמד׳ט, און טוען תּפֿילה אין דער מעטאָדיסטישער קירכע.

איז וואָס זשע פֿאָרט האָט מיך פֿאַרשלעפּט צו דער דאָזיקער נעגערישער רעפּובליק אין סאַמע הארץ פֿון דער „טונקעלער אַפֿריקע?"

אַ צופֿאַל האָט דאָ געשפּילט אַ ראָלע. דער עראָפּלאַן, מיט וועלכן איך בין „אַריבערגע־פֿלויגן" דעם אָקעאַן צווישן בראַזיליע און אַפֿריקע — האָט זיך פֿאַרהאַלטן אין דער פֿראַנצוי־זישער קאָלאָניאַל שטאָט דאַקאַר צוליב אַ מעכאַנישן דעפֿעקט. מיר האָבן געמוזט וואַרטן איי־ניקע טעג אויף אַן אַנדער עראָפּלאַן.

די שמוציקע, שטויביקע, אַראַביש־שוואַרצע שטאָט דאַקאַר האָב איך נאָך געקענט פֿון מיינע וויזיטן אין אַפֿריקע מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק. די פּערספּעקטיוו דאָ בלייבן שטעקן איינער אַליין אָן פֿריינט און באַקאַנטע, האָט מיר גאָרניט געשמייכלט.

און דאָ פֿאַלט אַריין אין מיינע הענט אַ נומער פֿון „ניו יאָרק טאַימס" אין וועלכן איך לייען „אַ בריוו אין רעדאַקציע" אונטערגעשריבן דורך דר. מאַקס באָנד, פּרעזידענט פֿון אוני־ווערזיטעט אין מאָנראָוויאַ, די הויפּט־שטאָט פֿון ליבעריאַ. פֿון אינהאַלט פֿון בריוו זעט מען, אַז דער שרייבער איז אַ נעגער און ער איז אין כעס אויף אַן אַרטיקל, וועלכן דער „טאַימס" האָט פֿאַרעפֿנטלעכט מיט אַ שטאַרקער קריטיק קעגן רעזשים פֿון איצטיקן ליבעריער פּרעזידענט, וויליאַם טובמאַן.

דר. מאַקס באָנד, דערציילט אָבער דעם היפּוך: דער פּרעזידענט טובמאַן איז אַ פּראָגרע־סיווער מענטש. ער האָט געגעבן גלייכע רעכט די אַמאָל ווילדע שבֿטים אָנטיילצונעמען אין וואַלן; ער האָט געבויט שפּיטאָלן און שולן; ער האָט אַנטוויקלט די גומי־אינדוסטריע און די

אַנדערע נאַטירלעכע רייכטימער פון לאַנד. די פירער פון ליבעריאַ זיינען דאָך אַליין די אור־אייניקלעך פון די שקלאַפן, וואָס האָבן מיט מער ווי הונדערט און צוואַנציק יאָר צוריק פאַרלאָזט אַמעריקע, כדי בויען אַ פרייע רעפובליק. ווי אַזוי זשע קען מען זיי באַשולדיקן, ווי די „טאַימס" טוט עס, מסתם אויפן סמך פון פאַלשער אינפאָרמאַציע, אַז זיי, די קינדער פון אַמאָליקע קנעכט, פאַרשקלאַפן די „נייטיווס" אויף אַן אומדערהערטן אופן?

אַלזאָ, — פאַרוואָס זאָל איך זיך ניט אַראָפּכאַפּן אויף די פּאָר טעג קיין ליבעריאַ און פון דאָרט שוין נעמען דעם גרויסן עראָפּלאַן, וואָס שטעלט זיך דאָ סיי ווי אָפּ אויפן וועג קיין יאָהאַנעסבורג, וואָס איז מיין ענד־ציל?

אגב, דערמאָן איך זיך, אַז ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, האָט דער דעמאָלט באַוווסטער טעריטאָריאַליסט לעאָן פּאַפּערין אָפּגעדרוקט אין ביאַליסטאָק אַ בראָשור „ליבעריאַ", אין וועלכער ער ווייזט אויף, אַז אויך מיר יידן קאָנען נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון די פאַרשקלאַפטע נעגערס אין אַמעריקע, אויסגעפינען עפּעס אַ ווייסט לאַנד, זיך זעצן אויף שיפן און אויסבויען אַן אייגענע רעפובליק. אויב דאָס האָבן געקענט טאָן די נעגערס, פאַרוואָס זאָלן עס ניט מאַכן די יידן?

בקיצור, מיין אינטערעס צו זען ליבעריאַ האָט זיך פּלוצים צעוואַקסן. קלער איך ניט לאַנג און „קלאַפּ"־אַוועק אַ טעלעגראַמע צו דעם שוין דערמאָנטן פּרעזידענט פון אוניווערסיטעט אין מאָנראָוויאַ: „באשר־בכן איך האָב געלייענט אייער פיינעם בריוו אין „טאַימס" און אַליין בין איך אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט (דאָ וויל איך אַנטדעקן מיינע לייענער אַ „סוד": זינט מיינע אַרטיקלען האָבן זיך באַוויזן אין ענגלישע מאַגאַזינען, צווישן זיי אין דער גוואַלדיק פאַרשפּרייטער „סאַטורדען איוונינג פּאָסט", איז מיר געוואָרן פיל לייכטער צו אָפּערירן מיט מיין נאָמען...), וויל איך טאַקע זען, וואָס אַזוינס איז ליבעריאַ און שפּעטער עס באַשרייבן. איך קום צו אייך מאָרגן, איינס בייטאָג, מיט אַ פּראָנצוויזישן פראַכט־עראָפּלאַן. ביטע שיקט אימיצן מיך באַגעגענען".

און אויף מאָרגן האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין אַ קליינעם פראַנצויזישן פראַכט־עראָפּלאַן, וועלכער שלעפּט זיך אַלטמאָדיש איבערן גאָלדענעם ברעג פון אַפריקע, און דורכגעפאָרן ביז ליבעריאַ'ס לופט־פעלד ראָבערטספּיעלד, וואָס געפינט זיך אָבער גאַנצע זעכציק מייל פון דער הויפּט־שטאָט מאָנראָוויאַ (אגב איז דאָס אַ נאָמען נאָכן אַמעריקאַנער פרעזידענט מאָנראָ, אין וועמענס צייט ליבעריאַ איז געגרינדעט געוואָרן).

אין קליינעם פראַכט־עראָפּלאַן בין איך געווען דער איינציקער פּאַסאַזשיר. איך גיי אַרויס אויפן לופט־פעלד. מען זעט ניט קיין לעבעדיקן נפש. פון דער געביידע אַנטקעגן, גייט עפּעס אַרויס אַ האַלב־פאַרשלאָפענע טונקעלע „בריאה", וואָס רעדט קוים ענגליש.

„ניין, קיינער וואַרט ניט אויף אייך", — שטאַמלט אַרויס מיין נעבעכדיקער „רעספּשאָן קאָמיטעט".

— א שיינע מעשה — קלער איך מיר, — וואס וועל איך איצט טאן איינער אליין אין דער דאזיקער ווילדעניש? נייע איינדרוקן האבן זיך מיר פארגלוסט, קריג איך פאר דעם איצט באצאלט!

און מען לאזט מיך אריין אין לאנד. קיינער פרעגט נים וועגן מיין פאס, מיין וויזע. קיינער עפנט נים מיין באגאזש.

אזא זאך האט שוין מיט מיר לאנגע יארן נים געטראפן. סטייטש, טאמער וויל איך גאר אריינשמוגלען סחורות, אדער חלילה, אליין זיך באזעצן אלס אימיגראנט אין שווארצן לאנד? . . .

שטאמלט עפעס א דערקלערונג די שווארצע „בריאה״:

— „היינט, זונטיק, באאמטע אין קירכע. מעגסט גיין ווו דו ווילסט.״ געפעלט מיר טאקע דער געדאנק. טאקע אזוי, פארוואס זאל מען למשל נים באפרייען אויפן זונטיק׳דיקן דאוונען די עמיגראציע און צאל־באאמטע אין געוויסע אנדערע לענדער? איך האב גראד איניקע „קליענטן״, וואס דארפן דאס נויטיק האבן. אבער ווהין זאל איך גיין, אפשר די 60 מייל צופוס ביז מאנראוויא, ווו קיינער ווארט מיר נים אפ?

אבער פלוצלינג פליט אריין האסטיק אויפן פלי־פלאץ א נייער „קאדילאק״. עס שפרינגען פון אים ארויס צוויי שווארצע, ווי פעך, דזשענטעלמענער. זיי קוקן זיך ארום, דערזעען מיך און א ברייטער שמייכל אנטפלעקט זייערע ווייסע ציין.

— „אייך טאקע זיינען מיר געקומען באגעגענען״.

זיי שטעלן זיך פאר: „מעזערווע טאמאס, דער שעף פון דיפלאמאטישן פראטאקאל אין אויסערן־מיניסטעריום; אלווין אלדער, — פרעסע־שעף״.

איך האב לייכטער אפגעאטעמט. די טעלעגראמע האט דאך געהאט א פעולה. ארויסגעוויזן האט זיך, אז דר. באנד האט מיין טעלעגראמע איבערגעגעבן אין אויסערן מיניסטעריום, וועלכער האט ארויסגעשיקט א דעלעגאציע צו באגעגענען דעם אויסלענדישן גאסט.

פארן מיר אין דער ריכטונג צו דער הויפט־שטאט מאנראוויא. מיר שניידן דורך דעם בארימטן וואלד מיט הונדערטער טויזנטער גומי־ביימער, וועלכן דער מעכטיקער אמעריקאנער ראבער־סינדיקאט „פייערסטאן״ האט דא פארפלאנצט.

איך באטראכט מיט גרויס אינטערעס, ווי צו יעדן בוים, אזוי ענלעך אויף די היימישע „בעריאזעס״, איז צוגעבונדן א טעפעלע; אין טעפעלע טריפט אריין מיט לאנגזאמע טראפנס א ווייסע, דיקע מילך. דאס איז דאס „ווייסע גאלד״ פון אונדזער צייט: דא זאמלט מען די גומי. פון די אלע טראפנס ווערט א טייך פון דיקער מילך; פון דאזיקן „טייך״ ווערט — טאקע דא, אין די טיפענישן פון וואלד — אויסגעארבעט די נאטירלעכע גומי.

שפּעטער האָב איך אויך געזען די פיירסטאָן פאַבריק, די גרעסטע גומי־פאַבריק אין דער וועלט, מיט צענדליקער טויזנטער שווארצע ארבעטער, מיט א ווייסער אדמיניסטראַציע, וואָס דיריגירט די דאָזיקע גיגאַנטישע מאַשין; אָבער איצט בין איך פאַרנומען מיט מיינע גאַסט־געבער, וועלכע ווייזן ארויס אַן אומגעוויינלעכע אויפמערקזאַמקייט צו זייער גאַסט. מען וועט מיט פאַקטן אָפּלייקענען די פאַרלוימדונגען קעגן פּרעזידענט וויליאַם טובמאַן און זיין רעגירונג.

ענדלעך פאָרן מיר אריין אין דער הויפּט־שטאָט... עס רעדט זיך אַזוי: דאָס שטעטל אָטוואָצק, לעבן ווארשע, האָט שענער אויסגעזען אין א רעגנדיקן טאָג, ווי מאָנראָוויאַ אין זונען־שיין...

הייזלעך געדעקט מיט שטרוי; א צופעליקע איינשטאָקיקע ווילע געדעקט מיט בלעך. גאַסן געגראָבענע, ניט ברוקירטע.

אָבער אָט איז א שיינער האָטעל; דער איינציקער אין שטאָט, ווו איך וועל וווינען. און אָט פאָר איך פאַרביי די אַמעריקאַנער אמבאַסאַדע, וועלכע איז פאַנאַנדערגעבויט ווי א שטעטל מיט צענדליקער געמויערטע הייזלעך.

און אָט זיינען אויך קראָמען אין פּרימיטיווע געביידעס, אָבער אָנגעשטופּט מיט מאַסן אימפּאָרטירטן גוטס.

און די מענטשן אין גאַס אינטערעסירן מיך: מענער מיט טורבאַנעס, אין לאַנגע געשטרייפּטע קאַפּאָטעס, אָדער איינגעוויקלט אין געפלעקטע לעפּאַרדן פעלן; פרויען דראַפּירט אין פאַרביק־שרייענדיקע ליילעכער מיט אומגעוויינלעכע שטרויענע היט אויף די קעפּ, באַצירט מיט באַנאַנעס, אָדער פויגלען...

א חסידישן „אָפּגעהיטן" מענטשן וואָלט איך גאָרניט געראָטן צופּיל קוקן, ווייל עס זיינען פאַראַן פרויען, וואָס האָבן מסתם זיך אינגאַנצן „פאַרגעסן" אָנצוטאָן, כאָטש זיי טראָגן שטאָלץ היט אויף די קעפּ, א קאָמבינאַציע פון פאַנטאַסטישע פעדערן.

ווייזט אויס, אַז איך בין געקומען אין א לאַנד, פון וואַנען עס שעפּן אינספּיראַציע די מאָדע־קעניגן פון פּאַריז: עפּעס ווערט די קליידונג פון אונדזערע דאַמען אַלץ מער ענלעך אויף דער „עלעגאַנץ" פון ליבעריאַ...

אינגאַנצן פאַרמאָגט ליבעריאַ מער ווי אנדערטהאַלבן מיליאָן מענטשן; אָבער נאָר א צוואַנציק טויזנט פון זיי שטאַמען פון די אַמאָליקע שקלאַפן, וועלכע זיינען אַוועק פון אַמעריקע. אָט דאָס דאָזיקע קליינע הייפעלע, אַלע פאַרשטייט זיך שווארצע, שטעלט מיט זיך פאָר די פירנדע אריסטאָקראַטיע פון לאַנד. פון זיי שטאַמט דער פּרעזידענט, זיינע מיניסטאָרן, דער גאַנצער רעגירונגס־אַפּאַראַט און די סוחרים. אַלע איבעריקע זיינען די שבטים, די „גייטיווס", וואָס וווינען דאָ פון אומבאַוווסטע צייטן, רעדן פאַרשידענע דיאַלעקטן, וועלכע אַפילו דער פּרעזידענט פאַרשטייט נישט.

די שבטים וווינען טיף אין לאנד, האָבן זייערע עלטסטע, לעבן לויט די כללים פון אור־שטאַם, שיסן חיות, האָדעווען רייז, זוכן גאָלד פאַר די ווייסע... זיי שפּאַנט מען דאָס איין אין דער אַרבעט אין די גומי פּלאַנטאַציעס; זיי שיקט מען גראָבן די נאָר־וואָס אַנטדעקטע „אַטאָמישע״ מעטאַלן.

קיין טוריסטן פאָרן זיי ניט זען, ווייל מען דאַרף זיין א גאָר מוטיקער מענטש זיך אַריינצולאָזן אין די טיפענישן פון לאַנד. געוויסע קריסטלעכע מיסיאָנערן טוען עס יאָ און זיי קומען צוזאַרט מיט רפואות, „פּאַרקויפנדיק״ דערביי גאַנץ פיין רעליגיע. יעדנפאַלס, איז עס א נאָבעלער און העלדישער טאַט.

---

נאָך דעם ווי איך רו זיך א ביסל אָפּ, ברענגט מיך דער פּראָטאָקאָל־שעף, טאָמאַס, צום פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, וויליאַם טובמאַן.

א ווייסער פּאַלאַץ, אַרומגערינגלט מיט א געדיכטן גאָרטן.

אויף דער מאַרמאָר טעראַסע קומט איצט פאָר א „קאָקטייל־פּאַרטי״ פאַר דער רעגירונג און פאַר די מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט.

דער פּרעזידענט אַליין, דערוויסנדיק זיך, אַז א שרייבער איז געקומען אין זיין לאַנד, האָט געבעטן מיך ברענגען אַלס גאַסט צו דער „פּאַרטי.״

איך געפין זיך גלייך צווישן א לעבהאַפטער גרופּע פון טונקל־הויטיקע הערן און דאַמען. אַלע אייראָפּעאיש געקליידעט. עס טילט זיך אויס פון איר א מיטלוווקסיקער, שוואַרצער דזשענטלמען, מיט אַן אָנגענעם געזיכט און א דיקן ציגאַר אין מויל. ער גייט צו מיר צו און שטעלט זיך פאָר אַזוי פשוט, ווי עס וואָלט געווען א זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט: „איך בין טובמאַן, דער פּרעזידענט פון ליבעריע. איך באַגריס אייך אין נאָמען פון מיין לאַנד״.

ער נעמט מיך אונטערן אָרעם און פירט מיך צו, פריער פאַר אַלץ, צו א גרופּע פרויען און שטעלט זיי פאָר:

„דאָס איז מיין פרוי, אַנטוּאַנעט״.

א יונגע לאַכענדיקע דאַמע פאַרנייגט זיך.

„און דאָס איז מרס. דזשאָנס, פרוי פון קריגס־מיניסטער; און דאָס איז מרס. קינג, פרוי פון יוסטיץ מיניסטער״...

א לאַנגע צערעמאָניע פון פאָרשטעלונגען; און נאָכהער די מענער: מיניסטאָרן, סענאַטאָרן, גענעראַלן...

ווייל איך בין דער איינציקער „ווייסער״ מוז איך די גאַנצע צייט האַלטן קאָפּ, ווייל די אַלע הערן און דאַמען דאָ, זיינען זייער פּילבאַר אויפן פּונקט פון ראַסן־באַהאַנדלונג. מיט מיר

איז עס ניט שווער, ווייל איך פיל פשוט ניט דעם אונטערשיד, אָבער מיין פריינט טאָמאַס דערציילט מיר, אז ניט אַלע אמעריקאַנער הויכגעשטעלטע געסט ווייסן, ווי זיך צו פאַרהאַלטן בעת אַזעלכע „פּאַרטים"; זייער אָפט קומט אַרויס א פיינלעכער „ברוגז" פון אַזאַ וויזיט.

---

און איצט הויבן זיך אָן פאַר מיר די פאַנטאַסטישע טעג, ווען איך ווער דעם פּרעזידענטס גאַסט און פאָר מיט אים אין די טיפענישן פון לאַנד.

* *

*

קיין בעסערע געלעגנהייט צו זען די ווייטע און אומבאַקאַנטע פּלעצער אין דער ווייטער אַפריקאַנישער רעפּובליק ליבעריאַ האָב איך זיך גאַרניט געקענט פאָרשטעלן! דער פּרעזידענט אַליין וועט מיך פירן אין זיין קאַר און זיין מיין וועגווייזער.

די סצענע, וואָס איך האָב געטראָפן גאַנץ פרי אין גאָרטן אַרום דעם „ווייסן הויז" אין מאָנראָוויאַ (ליבעריעס הויפּט־שטאָט) איז געווען מאָלעריש און אינטערעסאַנט: נעגערישע סאָל־דאַטן אין ווייסע העמדער און רויטע פעזן זיינען אויסגעשטעלט באוואָפנטע מיט אַלט־מאָדישע ביקסן אין מיליטערישער אָרדענונג; הויך־געוויקסיקע, באַבערדלטע פירערס פון די שבטים, וואָס באַוווינען ליבעריאַ, אָנגעטאָן אין רויטע און ווייסע לאַנגע קיטלעך, מיט געזיכטס־שטריכן ווי שאַרפע עקזאָטישע סקולפּטורן אויף געצנדינערישע טעמפּלען, זאַמלען זיך אַרום אַריינגאַנג צום פּאַלאַץ; דאָס זיינען זיי אַלע געקומען בענטשן דעם פּרעזידענט צו זיין אַרויספאָר אין די טיפענישן פון לאַנד.

באַלד הויבן אָן אָנצוקומען נייע לימוזינען, מיט די מיניסטאָרן און גענעראַלן.

אַלע זאַמלען מיר זיך צונויף אויף דער גרויסער וועראַנדע, וואָס פירט אין די אינערלעכע צימערן פון פּרעזידענטס אַפּאַרטאַמענט.

דער שעף פון פּראָטאָקאָל טאָמאַס, ווען די רעגירונג האָט צוגעטיילט צו מיר אַלס באַגלייטער, רוימט מיר איין א סוד אין אויער: דער פּרעזידענט וויל, אַז מיר זאָלן צוזאַמען פרישטיקן.

ווידער אַמאָל באַגעגנט מיך וויליאַם טובמאַן א שמייכלדיקער און פריינדלעכער. עס באַ־דינען אונדז אייניקע לאַקייען. מיר טרינקען אונדזער קאַווע מיט „פּאַרידזש", מיט אייער און „טאָוסטס", שמועסנדיק וועגן דער פאָרשטייענדיקער לאַנגער רייזע.

אין צימער איז פאַראַן א טעלעפאָן, אָבער זיינע קאָמוניקאַציע מעגלעכקייטן זיינען זייער באַגרענעצטע. די דראָטן ציען זיך נאָר ביז דער מיליטערישער קאָמאַנדע, וואָס היט דעם פּאַלאַץ.

מער קיין טעלעפאָנען זיינען אין דער הויפּט־שטאָט ניטאָ.

א נייער „קאדילאק" ווארט אונטן אויף אונדז און צוויי פאנען פלאטערן אויף אים: די פאן פון ליבעריא (א קאפיע פון דער אמעריקאנער, אבער נאר מיט איין שטערן) און די בלויע פערזענלעכע פאן פון פרעזידענט.

ארום אונדז גרופירן זיך די פירער פון דער מלוכה און די עקזאטישע פיגורן פון די שבטים־הויפטן. פויקן, קלאפן פייערלעך, דער פרעזידענט בעט מיך איינשטייגן אין זיין אויטאמאביל. ער אליין שטעלט אונטער דעם קאפ צו דער ברכה פון א הויכן גייסטלעכן.

ביים רודער זיצט א קאפיטאן פון דער גווארדיע. הינטער אונדז הענגען צוויי אויטאמאטישע ביקסן. עס שטייגן אויך איין דער שעף טאמאס און א דינער: זיי זיצן פון פארנט.

זוען דער אויטאמאביל רירט זיך פון ארט אונטער די קלאנגען פון טרומייטן באמערקט דער פרעזידענט:

„איר זעט, — אט פאר איך ארום אין די טיפענישן פון לאנד כמעט אומבאוואפנט — אבי שונאים זאגן, אז מיך באגלייט שטענדיק א מיליטערישע וואך, ווייל איך האב מורא פאר אן אטענטאט".

עפעס האב איך שוין פון פריער געוווסט, אז ניט אלץ איז אזוי אידיליש־פרידלעך אין דער דאזיקער נעגערישער רעפובליק.

איך האב שוין דערמאנט, אז די לערך צוואנציק טויזנט נעגערס וועלכע שטאמען פון די אמאליקע שקלאפן, וואס זיינען אנטלאפן פון אמעריקע (מיט 120 יאר צוריק) זיינען אייגנטלעך די בעלי־בתים איבער אנדערטהאלבן מיליאן „גייטיווס", פרימיטיווע שבטים, וואס ווינען שוין אין דעם דאזיקן לאנד מקדמונים. ביז ניט לאנג האבן זיי אפילו קיין וואל־רעכט ניט געהאט; די אייניקע שולן און שפיטאלן האבן אמעריקאנער און ענגלישע מיסיאנערן געגרינדעט; אין מלוכה־אפאראט האבן זיי קיין שום אנטייל ניט גענומען.

איז אויפגעשטאנען צווישן די שבטים א „בונטאר", א רעוואלוציאנערער פירער מיטן נאמען טווע און אויפגעהויבן דעם פאן פון אויפשטאנד קעגן דעם רעזשים.

דער איצטיקער פרעזידענט וויליאם טובמאן — אליין אן אור־אייניקל פון אמאליקע אמעריקאנער שקלאפן, — האט געמוזט נאכגעבן; וואל־רעכט איז געגעבן געווארן צו די „גייטיווס"; אייניקע דיסטריקט־גאווערנאנטן זיינען באשטימט געווארן פון זייערע מענטשן. אבער טווע האט געוואלט ווערן פרעזידענט... נו, — האט ער זיך געקויפט „מפטיר": אין דעם טאג, ווען ער האט ארויסגעשטעלט זיין קאנדידאטור איז ער פארמשפט געווארן צום טויט... איצט באהאלט ער זיך ערגעץ אויס אין א דארף אין דזשאנגל און מען זוכט אים גאר וואשנע ארום.

דער איינציקער קאנדידאט איז געבליבן אט טאקע מיין גאסט־געבער טובמאן, וועלכער איז מיט אייניקע חדשים צוריק ווידער אויסגעקליבן געווארן אלס פרעזידענט פון דער רעפובליק.

און איצט פאָרט ער אַרויס אויף זיין ערשטן וויזיט דורך די ביז נישט־לאַנג, אומרואיקע געגנטן. און ער ווייזט מיר טאַקע, אַז ער האָט ניט מורא, כאָטש איך אַליין גיב פלוצלינג אַ קלער:

„און וואָס וועט זיין אַז אַ ווילדער שבט וועט דאָך אָנפאַלן אויף אונדזער אויטאָמאָביל? מילא, מען וועט שוין מוזן גע׳הרג׳עט ווערן, אָבער די חרפה, ווען מען וועט אויסגעפינען, אַז איך איך בין געווען ביים זייט פון פּרעזידענט! — ווער וועט עס שפּעטער מיין נאָמען פאַר־טיידיקן?”...

דער וועג איז נאָר וואָס דורכגעהאַקט אין ווילדן „בוש”. נאָך גאָרניט לאַנג פלעגט מען אַזעלכע רייזנדע, ווי מיר דאָ, טראָגן אויף „האַמאַקעס”, ווייל פאָרן האָט מען ניט געקענט. דאָס האָט גערויערט טעג און וואָכן. איצט אָבער וועלן מיר די דריי הונדערט מייל ביז דער שטאָט גאַנטאַ, אין די טיפענישן פון ליבעריאַ, דורכמאַכן אין אַ שעה צען.

אָט פאָרן מיר אַריין אין אַ קליין שטעטל מיטן נאָמען אַלט־קאַנגאַ; זי איז געגרינדעט גע־וואָרן מיט אַ הונדערט יאָר צוריק דורך איינוואַנדערער פון קאַנגאָ, וואָס זיינען געקומען דאָ זוכן רייז. אַרום הילצערנע הייזלעך, געדעקט מיט שטרוי, אין דער פאָרעם פון צוקער־קעפּ, ליגן אַלטע נעגערס אויפן גראָז און וואַרעמען זיך אויפן זון. מוטער־נאַקעטע פרויען מישן קעסלען, פון וועלכע עס גייט אַ פאַרע מיט שאַרפע געווירצן.

ווייזט אויס אַז דידאָזיקע שוואַרצע, אַזוי ווייט פון ציוויליזאַציע, ווערן גאָרניט איבעראַשט פון דעם אויטאָמאָביל מיטן פערזענלעכן פאָן פון פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

דערפאַר אָבער, צעלויפט זיך פאַר אונדז עפּעס אַ מאָדנע סטאַדע היימישע חיות, וועלכע פּאַשען זיך געמיטלעך אויפן וועג. הינט, ניט הינט? שעפּסן, ניט שעפּסן?

וואָס זיינען זיי דאָך?

דערקלערט מיר דער פּרעזידענט: „דאָס איז איינע פון גאָטס וואונדער”. דאָס זיינען טאַקע שעפּסן, וועמענס הויט איז ניט באַדעקט מיט וואָל. די נאַטור האָט אין משך פון אומצייליקע יאָרן אַנטוויקלט דעם דאָזיקן שוץ פון דער שרעקלעכער היץ, צונעמענדיק ביי אונדזערע שעפּסן די „פוטערלעך” אין וועלכע זיי נויטיקן זיך ניט, דעריבער טאַקע קוקן זיי אויס ווי הינט”.

פלוצלינג ווערט אונדזער אויטאָמאָביל פאַרהאַלטן דורך אַ טראַק, וועלכער פירט גומי־מאַטעריאַלן פאַרן אַמעריקאַנער „פייערסטאָן”. דער שאָפער פון טראַק איז אָדער טויב אָדער שכור, יעדנפאַלס באַמערקט ער ניט, אַז הינטער אים פאָרט דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

אונדזער גוואַרדיע־קאַפּיטאַן פייפט, אָבער דער טראַק רירט זיך ניט פון־אָרט און אויך מיר מוזן בלייבן שטיין אינמיטן וועג.

זע איך, ווי דער פּרעזידענט הויבט אָן פאַרלירן זיין רואיקייט, די אויגן שיסן מיט פייער:

„גיב דעם רעוואָלווער!” פאַראָרדנט ער זיין דינער.

יענער נעמט ארויס פון פּאס א שווערן רעוואָלווער און דערלאנגט עס דעם פּרעזידענט.

דער הויפּט פון דער מלוכה ציט אויס זיין האנט דורכן פענצטער און שיסט אויס אין דער לופטן . . .

נו, — האָט איר געמעגט זען דעם עפעקט: דער צעשראָקענער שווארצער טראַק־שאָפער שפּרינגט אראָפּ, באַמערקט די פאָנען אויף אונדזער אויטאָמאָביל, אָריענטירט זיך אין דער לאַגע, און גיט זיך א וואָרף אויף זיין פּנים אין שטויב פון וועג. ער וואַיעט עפּעס אומפאַרשטענד־לעכע ווערטער... דער פּרעזידענט באַפעלט אים אויפשטיין און אַראָפּפירן דעם טראַק פון וועג, ער גיט דערביי צו אין א האַלבן שפּאַס:

„דאַנק גאָט, וואָס דו האָסט מיך געטראָפן, אז אָך־און־וויי וואָלט געווען צו דיר, ווען עס כאַפּט דיר א „טראַפיק־אינספעקטאָר״...

מיר פאָרן ווייטער דורך א קאַקאָאָ־פּלאַנטאַציע, וועלכע געהערט צום פּרעזידענט. די אַר־בעטער שטייען צונויפגעקוטשעט, דערשראָקענע! ווייזט אויס מען האָט זיי מיטגעטיילט, אַז דער „בעל הבית״ פאָרט.

איינער פון זיי, מסתם דער אויפזעער, דערנענטערט זיך צום קאַר. דער פּרעזידענט שמועסט מיט אים אביסל און דערנאָך גיט ער אים א באַנקנאָט פון צוואַנציק אַמעריקאַנער דאָלאַר (אונדזער דאָלאַר איז דער אָפיציעלער געלט־מיטל אין ליבעריאַ). און כאָטש דער אויפזעער קאָן ניט לייענען און שרייבן, זעט מען, לויט זיין בוקן זיך, אַז ער פאַרשטייט דעם אונטערשייד צווישן איין דאָלאַר־פּאַפּירל צו א צוואַנציקער.

דערווייל הויבט אָן פאַלן א טראָפּישער רעגן, וועלכער פאַרוואַנדלט זיך אין מינוטן אין אן אמתן מבול. אזוי ווי די פענצטער פון הימל וואָלטן זיך געעפנט און אַראָפּגעלאָזן א גאַנצן וואַסער־פאַל.

אונדזער מאַשין קאָן ווייטער ניט פאָרן... מען נעמט ארויס סאַנדוויטשן מיט קעז און קאַוויאַר, מען דערוואַרעמט זיך מיט „ברענדי״ און דערווייל דערציילט מיר דער פּרעזידענט וועגן די פּלענער ווי אזוי נאָך מער דאָ אַנטוויקלען די גומי־פּראָדוקציע אין זיין לאַנד, וועגן גראָבן גאָלד, וועגן עקספּאָרט פון קאַקאָאָ און עלעפאַנט־ביין.

פון אונדזערע געשפּרעכן ווייסט ער שוין וועגן מיין דערפאַרונג אַלס באַנק־ספּעציאַליסט, — פרעגט ער טאַקע, פאַרוואָס זאָל איך ניט קומען אין זיין לאַנד, — איינאָרדענען די מלוכה־באַנק, די פינאַנצן.

מילא, — מען וועט שוין זען...

נאָך א שעה און דער מבול הערט אויף. מיר פאָרן אַריין אין שטעטל קאַקאַטאָ. דאָ וואַרט מען שוין אויף אונדז. די „נייטיווס״ זיינען איינגעוויקלט אין פאַרביקע ליילעכער; די פרויען באַוועגן ריטמיש די הענט און וויגן זיך צום טאַקט פון פויקן. דערנאָך נעמען זיי זיך ארום ביי די טאַליעס, בילדן א לאַנגע קייט און טאַנצן אין עקסטאַז, מיט פאַרגלאָצטע אויגן.

אָט איז ער, — דער טאַנץ, וואָס ווערט דאָ געבוירן, — די דומבאַ, אָדער די סאַמבאַ, וועלכע זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן אין אונדזערע סאַלאָנען אָדער נאַכט־לאָקאַלן און האָבן זייער ריכטיקן תּיקון ביי אונדז ניט געפונען.

מען האָט געדאַרפט די אַלע טענצער־קאַליקעס ברענגען דאָ, ווו דער פּויק ווײנט און לאַכט און ווו די גלידער באַוועגן זיך און זינגען „שירה" מיט דער קראַפט פון נאַטירלעכן אַטאַוויסטישן ריטם, וואָס קייטלט זיך דאָ פון דורות...

עס איז שוין פאַרנאַכט, ווען אונדזער קאַר קומט אָן צו דער וויכטיקסטער שטאָט אין די טיפענישן פון ליבעריאַ — קיין גאַנטאַ.

עס זאָגט זיך אַזוי א שטאָט... הונדערטער ליימענע קיילעכדיקע הייזלעך, אַלע אָפן צו דער גאַס, אָן גלעזערנע פענצטער, געדעקט מיט „צוקער־קעפּ" שטרויענע דעכער. אינמיטן א פיר־קאַנטיקער גרויסער מאַרק, מיט דעם הויז פון גאָווערנאָר, די — „פּאַלאַוועור" — באַצירט מיט א באַלקאָן.

אָבער א בילד עפּנט זיך פאַר אונדזערע אויגן, וואָס אפילו די כשוף־מאַכער פון האָ־ליוווד וואָלטן ניט אויסגערעזשיסירט מיט אַזא נאַטירלעכן פּראַכט:

די הויפּטן פון די פאַרשידענע שבטים, אויסגעצויגן ווי שוואַרצע סטאַטועס, דראַפּירט אין לאַנגע פאַרביקע וואָלענע קליידער מיט אויפגעהויבענע הענט ווי צו א ברכה, שטייען ווי פאַר־גליווערט, ווען דער פּרעזידענט גייט אַרויס פון קאַר.

פון ביידע זייטן מאַרק וויגן זיך, — ווי זיי וואָלטן זיך גרייטן צום טאַנץ, — הונדערטער פרויען אין פולן „דעקאָלטע" מיט גלעקלעך אין די הענט, אַזוי ווי א ווינט וואָלט זיי באַוועגט.

הינטער זיי א מחנה מיט געקרייזלטע, שוואַרצע קעפּ, מיט קינדער און זעקלעך אויף די פּלייצעס, — הויפּטן פון פאַרשידענע שבטים; פון דער טיפעניש אין „בוש" זיינען זיי געקומען באַגריסן דעם מעכטיקן הערשער פון דער רעפּובליק.

דער פּרעזידענט וועלכער רעדט נאָר ענגליש, פאַרשטייט אפילו ניט די שפּראַכן און דיאַלעקטן פון זיינע אונטערטאַנען, — דעריבער קומט יעדער הויפּט פון א שבט מיט אַן איבערזעצער.

דער פּרעזידענט לאָזט מיך ניט אָפּ פון זיך, האַלט מיך אפילו ביים האַנט, וואָרנענדיק, אַז באַלד וועט זיך אָנהויבן דער באַגריסונגס־טאַנץ און איך זאָל זען ניט פאַרלאָרן גיין צווישן עולם...

אָבער איך בין אַזוי פאַרגאַפט מיטן אומגעוויינלעכן בילד, אַז איך פאַרגעס אפילו, אַז איך בין דער איינציקער ווייסער צווישן די פיל טויזנטער שוואַרצע, און אַז די גרויסע מערהייט פון זיי האָט נאָך איבערהויפּט קיין ווייסע מענטשן דאָ ניט געזען.

א טעמפּער קלאַפּ אין א פּויק גיט דעם סיגנאַל צום טאַנץ. פון הינטער דער ליניע מיט די שבטים־עלטסטע שפּרינגען ארויס מאָדנע באַשעפענישן: אַלע איינגעוויקלט אין לעאָפּאַרדן־פעלן, די פּנימער פון טיגערס; זיי טאַנצן אויף אַלע פיר; פון אָנהויב האָב איך זיך אביסל דערשראָקן, — געמיינט טאַקע חיות, — אָבער אין א ווײַלע ארום האָב איך פאַרשטאַנען, אז דאָס זיינען פאַרמאַסקירטע טענצער.

נאָך א פּויק רופט זיך אָפּ... נאָך א פּויק... מאָדנע: זיי טאַנצן, ברומען, לאַכן, וויינען, יובל'ען, אזוי ווי די גרעסטע „דזשעז־באַנד'יסטן" פון אונדזער צייט.

און באַלד גיבן זיך א נעם די פרויען ביי די טאַליעס, בילדן א קייט מיט ריטמישע באַוועגונגען, און די אויסגעצויגענע הענט מאַכן קלינגען צום טאַקט, די גלעקלעך.

איך האָב באַמערקט, אז פיל פון די פרויען האָבן די ליפּן דיק פאַרשמירט מיט בלויען ליפּסטיק. ווער ווייס, אפשר וועט דאָס אין א פּאָר יאָר ארום ווערן די מאָדע אין פּאַריז און ניו־יאָרק? האָבן מיר דאָך אימפּאָרטירט פון זיי דעם „סאַמבאַ" און „קאָנגאַ"־טאַנץ, דעם „דזשעז", — טיילווייז די דעקאָלטע...

די פּויקן וועקן, מאַכן די בלוטן צירקולירן שנעלער, טראָגן אריבער אין צייטן, ווען מיר אַלע זיינען נאַקעט געגאַנגען און ווילד געווען, אין די צייטן פון ערדישן גן־עדן.

אפילו דער פּרעזידענט, אין זיין אייראָפּעאישער קליידונג, הויבט אָן באַוועגן די פיס, קלאַפּט מיט די הענט און העלפט שרייען „האָ!"... נאָך א מאָמענט און די באַריערן וועלן פּלאַצן אין ווילדן ווירוואַר פון דזשאַנגל־טאַנץ.

אָבער ער באַהערשט זיך, מאַכט א סיגנאַל מיט די הענט די פּויקן זאָלן אויפהערן און אַלע ווערט פאַרגליווערט אין דעמדאָזיקן פאַנטאַסטישן בילד.

די הויפּטן פון די שבטים, הויבן אָן באַגריסן דעם פּרעזידענט אין זייערע דיאַלעקטן: עס רעדט דער פירער זאַ, נאָך אים יאַלוד, נאָך אים גוואַי... דער פּרעזידענט ענטפערט. דערנאָך בעט ער מיך זאָגן א פּאָר ווערטער. — איך באַגריס אַלס אַמעריקאַנער די פריידיקע געפילן, וואָס די אונטערטאַנען ווייזן ארויס צו זייער מלוכה־הויפּט. מיינע ווערטער ווערן איבערגעזעצט דורך דריי יונגען, וואָס האָבן שוין באַזוכט שולן אין מאָנראָוויאַ.

און דערנאָך ווידער א טאַנץ, — דאָס מאָל אין ליכט פון אָנגעצונדענע פאַקעלן, — א סימפאָניע פון קלאַנג, פאַרב און ליכט...

די צערעמאָניע פון באַגריסונגען איז געענדיקט שפּעט ביינאַכט, אָבער איצט הויבט זיך אָן די צייט, ווען דער פּרעזידענט צוזאַמען מיטן גאָווערנאָר און די עלטסטע זעצן זיך אוועק אויסגלייכן די סכסוכים, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען צווישן די באַזונדערע שבטים און וועלכע האָבן געוואַרט זייער אָנטשיידונג.

עפּעס דוכט זיך מיר, אז איך לעב אין די צייטן פון די שופטים, ווען אין טויער פון שטאָט אונטער א בוים האָט מען דאָס פאָלק גע'משפּט.

אָבער דער פאַרגלייך איז ניט גוט: אין יענע גרויע צייטן מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָבן שוין יידן אַ גאַט געהאַט און אויך פאַרמאָגט אַ מאַראַלישן קאָדעקס מיט די עשרת הדברות. דאָ האַלט מען נאָך ביי „בראשית" און די קריסטלעכע מיסיאָנערן פרובירן פאַרקויפן די געבאָטן פון נייעם טעסטאַמענט פאַר אַ פיל ביליקערן פּרייז, ווי עס האָבן באַצאָלט אונדזערע אָבות בימי שפוט השופטים...

---

אויפן באַלקאָן פון „ווייסן הויז" אין מאָנראָוויאַ קומט פאַר אַ צערעמאָניע: אין נאָמען פון פּרעזידענט פון דער רעפובליק, באַקום איך אַלס אויסצייכענונג און מתנה — אַ צאָן פון אַ ליי־בעריער העלפאַנט, וועלכער וועגט מער ווי פופציק פונט. צוויי נאַקעטע דינער ברענגען אריין דעם שווערן און ווערטפולן צאָן. און כאָטש איך בין זייער צופרידן פון דאָזיקן געשאַנק, — בין איך אָבער פול מיט זאָרג, ווי אַזוי וועל איך זיך מיט אים שלעפּן אין מיין רייזע ארום דער וועלט?

ביז יאָהאַנעסבורג האָט דער דאָזיקער העלפאַנט בוין אַמוזירט מיינע מיטרייזנדיקע, — אָבער פון דאָרטן פאָרט ער שוין מיט אַ שיף און איז נאָך אַלץ קיין ניו־יאָרק ניט דערפאָרן.

---

ווען מיין עראָפּלאַן האָט זיך געדארפט אויפהויבן פון לוד'ער פלי־פעלד אין ישראל, אויף זיין וועג קיין זיד־אפריקע, האָט מען אין דער גרויסער שול פון תל־אביב געזאָגט די ערשטע סליחות. . .

אין דער טונקל־סאַמעטענער נאַכט פון ישראלס גרעסטן לופט־פּאָרט האָבן געהילכט דורך דער ראַדיאָ, די אומעטיק־וויינענדיקע טענער פון די ייִרנדיקע סליחות־געבעטן.

עס זיינען אָפּן געווען די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן סיי אין באַקוועמען רעסטאָראַן, ווו די פּאַסאַזשירן האָבן איילענדיק געזופּט די גלאָז קאַווע צווישן נאַכט און פאַרטאָג, — און סיי אין גרוימען „האָל", ווו עס פאָרען זיך ארום דעם באַגאַזש די יונגע אוניפאָרמירטע יידישע צאָל־באַאמטע.

די שיינע טענאָר שטימע פון חזן אויף רחוב אלענבי האָט זיך געוויקלט אין דער תפילה „אל תשליכנו לעת זקנה" מיט דעם כאַראַקטעריסטישן, אין מוזיקאַלישע טרערן אויסגעוויקסן, קרעכץ און די קעלנערס אין רעסטאָראַן, וואָס סערווירן די קאַווע, און די באַאמטע וואָס קאָנטראָלירן דעם געפּעק און די פּאַסאַזשירן, וואָס דאַרפן זיך באַלד אריינזעצן אין די עראָ־פּלאַנען — אויף אַלעמענס פּנימער האָט איר געקענט זען, ווי די אוראַלטע קלאַנגען דרינגען אריין טיף אין זייערע הערצער און באַהויכן מיט עפּעס אַ ניט ערדישער הייליקייט די וואָכעדיקע ארבעט, וואָס ווערט דאָ געטאָן.

דאָס איז אַ סליחות־נאַכט אין ישראל, אַזוי אַנדערש, אַזוי ניט ענלעך אויף די נעכט אויף אַלע לופט־פּאָרטן איבער דער גאַנצער וועלט.

אָט טאַקע צוליב דעם דאָזיקן ציטער, וואָס פאַרכאַפּט אייך אין אַלע ווינקעלעך פון ישר־אל, — פרייַלעכע, טאָג־טעגלעכע, צי טראַגישע, — האָב איך מיין רייזע קיין זיד־אַפריקע גע־מאַכט דוקא דורכן לודער פלי־פעלד, כאָטש איך האָב געהאַט די ברירה פליען מיט די ריזיקע אַמעריקאַנער, בעלגישע אָדער האָלענדישע עראָפּלאַנען, וואָס מאַכן דורך דעם וועג שנעלער און מיט גרוים לוקסוס, — אָבער מיידן דערוויַיל אוים ארץ ישראל.

אָנשטאָט די פיר־מאָטאָרדיקע, מאָדערנע פליענדיקע שיפן, ווערט די קאָמוניקאַציע פון ישר־ראל קיין זיד־אפריקע דורכגעמאַכט מיט געטשאַרטערטע (גערדונגענע רעגולערע) צוויי מאָטאָר־דיקע, אביסל פאַרעלטערטע עראָפּלאַן־טיפּן, מיט וועלכע איך וואָלט הייַנטיקן טאָג אפילו קיין וואַשינגטאָן פון ניו יאָרק ניט געפלויגן... אַמאָל דויערט די רייזע מיט אַזאַ מאַשין צוויי טעג און צוויי נעכט, אַמאָל אַ נאַכט וויניקער און אַמאָל מיט אייניקע טעג מערער. עס ווענדעט זיך ווי

די מאָטאָרן ארבעטן, אָדער צי ערגעץ ווו אויפן וועג ווערט עפּעס א שרויף ניט קאַליע, וואָס פאָדערט א לאַנגע רעפּאַראַציע. דער אמת איז, אז דערווייל, — א טאָג קירצער אָדער א טאָג לענגער, — זיינען אפילו די דאָזיקע אַפּאַראַטן אַלע אָנגעקומען בשלום קיין יאָהאַנעסבורג אָדער צוריק קיין תל־אביב, אָבער נאָך אַמאָל אויף אַזאַ אופן מאַך איך דעם וועג דורך דעם לאַנגן־לאַנגן אַפריקאַנער קאָנטינענט, — ניט גערן דורך.

און דאָ קומען נאָך די הארבסט־מאָטיוון פון סליחות, — געטראָגן אויף די כוואַליעס פון דער לופט, — און באַגלייטן אייך מיט א קרעכץ און געוויין און דאָ צעשפּילט זיך מיט א פייערבעזים דער רעפלעקטאָר אויפן טורם און וואַרפט זיין שיין אויפן עראָפּלאַנדל, וועמען איר דאַרפט עס אָנגעטרויען אייער זינדיקן גוף און ליכטיקע מיסיע.

איז טרעפט ווי דער עראָפּלאַן הייסט? מיט רויטע בוכשטאַבן אויף די גרויע ווענט לייכט אַרויס אַן אויפשריפט: „יונהס פיש". אַן און פאַר זיך איז דאָס גאָר ניט קיין שלעכטער נאָמען. ווי מיר געדענקען, האָט יענער פיש זיין אויפגאַבע גלענצנדיק אויסגעפירט: איינגעשלונגען יונה'ן, ווען ער האָט זיך געטרונקען און אויסגעשפּיגן אים, ווען ער האָט געדאַרפט אָנהויבן זיין נבואה־מיסיע אין ננוה.

טאָ דאָס דאַרף איך דאָך טאַקע... און ווי אַן ענטפער אויף מיין פאַרקלעמט געמיט זינגט די ראַדיאָ די לעצטע אַקאָרדן פון סליחות, — און צווישן זיי:

„מי שענה ליונה במעי הדגה, — הוא יעננו". (דער, וואָס האָט געענטפערט יונה'ן אין די געדערים פון פיש, דער וועט אונדז אויך ענטפערן).

און גאָט איז דאָך דער „אל הרחמים והסליחות", אין זכות טאַקע פון די סליחות וועט מען שוין געטראָגן ווערן אָט אויף דעם צעבליאַפּעטן עראָפּלאַן, ווי „על כנפי נשרים" ווי אויף די פליגלען פון אַן אָדלער.

אדיע תל אביב! להתראות!

---

אַלע ניינצן פּלעצער זיינען פאַרפולט, צוועלף פון זיי מיט קינדער, וואָס פאָרן מיט צוויי מאַמעס, וועלכע פליען נאָר ביז חרטום, די הויפּט־שטאָט פון סודאַן. דאָרט וועלן מיר זיין אין זיבן שעה אַרום. און שפּעטער וועט מען שוין פליען געררוים.

די צוויי מאַמעס, וואָס פאָרן מיט די קינדער, זיינען די שוועסטער סעריסי, וועלכע האָבן געוויילט מיט זייערע פאַמיליעס כמעט א יאָר אין ישראל, כדי די מיידעלעך און ייִנגעלעך זאָלן זיך אָנזאַפּן מיט אביסל תורה און בילדונג אין די תל אביב'ער שולעס. די מענער זיינען געבליבן אין הייסן סודאַן, ווו זיי פירן עקספּאָרט געשעפטן מיטן מזרח.

די קינדער און זייערע מאַמעס רעדן שוין א גוטן העברעאיש, כאָטש ווען די מאַמעס שלאָגן איבער די הענטלעך, אָדער שרייען אַן אויף די קינדער, ווערט דאָס געמאַכט אין א נערוועזן אַראַביש. אויך די קינדער וויינען און מאַכן „געוואַלדן" אין אַראַביש.

מיר פליען איבערן נגב און האַלטן זיך זייער נידעריק איבער די זאַמדן. דאָ און דאָרטן זעט מען די איינזאַמע ישובים פון אונדזערע נגב־פּיאָנערן; ווער וואָלט עס געגלויבט, אַז דאָ, אין דער געל־טויטער זאַמדיקייט, האָט אויפגעברויזט צום לעבן דער נייעסטער עפּאָס פון מאָדערנעם דוד'ל, וועלכער האָט מיט א שטיין פון א וואָרפער דעם מאַרך צעשפּאָלטן דעם זיבן־קעפּיקן גלית... און דער זאַמד איז דאָ דורכגעזאַפּט מיטן הייסן, יונגן בלוט; וויפל פון די בעסטע, פון די העלדישסטע, זיינען דאָ געפאַלן און מיט די גאָלדענע זאַמדן צוגעדעקט גע־וואָרן — דאָס ווייסן נאָר די מאַמעס, וועמען עס פעלן זייערע קינדער, דורכן ווילדן מדבר אוועק־געצוקטע.

באַלד וועלן מיר דערגרייכן דעם ווייטסטן עק פון ישראל, דעם קליינעם פּאָרט אילת ביים רויטן ים. מיר פליען די קנאַפּע 200 מייל כמעט אָנדערטהאַלבן שעה, אָבער מיר איילן זיך ניט; מיר ווילן, אַז דער שטח אונטן זאָל מיט מזל־ברכה געבענטשט ווערן און זיך ציען ווי א גומענער כישוף־טעפּיך.

אָט דרייען מיר זיך איבער אילת, מען זעט אייניקע הייזלעך, אייניקע בריקלעך אין רויטן ים ארויסגעשטאַרצט. דאָס איז דער צווייטער לונג, מיט וועמען מלכות ישראל וועט אין דער צוקונפט אָטעמען; דער ערשטער לונג, — דאָס זיינען די פּאָרטן אויפן מיטללענדישן ים, — מיטן פּנים צום מערב; אילת קוקט ארויס מיטן פּנים צום מזרח, — צו אינדיע, צו אפריקע, צום געדיכט־באַפעלקערטן ים פון א ביליאָן פאַרביקע מענטשן צווישן די הימאַ־לאַיִשע בערג און מאַלאַיִשן ארכיפּעלאַג.

מצרים האָט אונדז געוואָלט דעם לונג פאַרשטאָפּן דורך איר סועץ־קאַנאַל, בויערן מיר אונדזער אָטעם־וועג דורכן פינף־מייליקן אילת, וועמענס טראַדיציע אין אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל מיר ציען פון די צייטן פון שלמה המלך מיט זיין פאַרבינדעטן חירום מלך צור... עס איז א גוטער יחוס־בריוו צו דעם דאַזיקן וויכטיקסטן פּאָר אונדז פענצטער אין דער אַזיע־אפריקאַנער וועלט אריין.

אין נאָענטן אַקאַבאַ, זעען מיר די ענגלישע סאָלדאַטן־לאַגערן, — די לעצטע אָנגע־שאַרפּטע וואָרצלען אין מויל פון בריטישן לייב, וואָס האָט אַזויפיל ציינער לעצטנס פאַר־לוירן... די וואַסערן פון אַקאַבאַ־גאָלף זיינען אַזוי בלוי־דורכזיכטיק, — אַזוי קלאָר קאָן מען זען, — ווער עס וועט דאָ מיט א נייעם גלאַנץ אויפבליען...

און ווייטער פליען מיר שוין איבער מדבריות פון סודאַן, וועלכע ווערן פאַרוואַלטעט דורך א „קאָנדאָמיניום" (שותפות) פון ענגלאַנד און עגיפּטן.

טויזנטער מיילן טויטע זאַמדן. סודאַן פאַרמאָגט א מיליאָן קוואַדראַט מייל שטח און איבער זעקס מיליאָן מענטשן. קיינער האָט זיי קיינמאָל ניט באַזונגען, באַוויינט אָדער נאָך זיי קדיש געזאָגט, — ניט אַזוי, ווי פריער ביי אונדז אין נגב.

ענדלעך זעען מיר בלעכענע דעכער־שפּיצן פון מאָכמעדאַנישע געבעט־הייזער און דעם טייך נילוס מיט וואַסער אָנגעפילט. דאָס איז די הויפּט־שטאָט פון סודאַן, חרטום.

אין עראָפּלאַן ווערט א טומל, די סודאַנער מאַמעס ציילן זייערע קינדערלעך, ווישן זיי די נעזלעך; די עלטערע חזרן איבער די ישראל לידער, צו ווייזן די טאַטעס אז מען האָט ניט אומזיסט פארטאַכלעוועט זייער געלט. די יונגע מאַמעס מאַכן די לעצטע פיבערישע שיינקייטס־הכנות, כדי צו געפעלן זייערע מענער, וואָס האָבן זיי שוין מער ווי א יאָר ניט געזען.

די יינגערע, צפורה סערוסי, ווינטשט איך זאָל פארברענגען די פּאָר שעה, וואָס מיר דאַרפן וואַרטן אין חרטום אין זייער הויז, ווייל זי וויל זיך איבערצייגן, צי מיין פריינד אין מאָנטעווידעאָ, אורוגווייַ, — אויך סערוסי, איז א קרוב פון איר מאַן.

די הייסע לופט אויפן פלי־פּאָרט אין חרטום, ווערט נאָך הייסער, ווען די מענער, אין רייטע פעזן, אָבער אייראָפּעאיש געקליידעט, באַגעגענען זיך מיט זייערע ווייבער און קינדער. געלעכטער, אויסגעמישט מיט געוויין, קושערייען און ברכות, אַלץ אזוי מענטשלעך, ווי אומעטום אין דער וועלט. אָבער ענדלעך באַמערקט מען אויך מיך. עס ווייזט זיך ארויס, אז סעניאָר סערוסי, דער בכבודיקער און געבילדעטער פּאַרזיצער פון אַלע יידישע קהילות אין וויטן אורוגווייַ, אין וועמענס הויז איך האָב אין מאָנטעווידעאָ פאַרבראַכט, — איז טאַקע פון דער זעלבער פאַמיליע סערוסי דאָ אין וויטן סודאַן. — ווערט די שמחה מיט מיר גאָר גרויס, מען לאָזט מיך שוין ניט אָפּ און מיר פאָרן צוזאַמען אין דער ברענענדיקער היץ צו דעם קילן גאָרטן־הויז פון די סערוסים אין חרטום. דאָרט טרעף איך זיך מיט א טונקל־הויטיקן מיטליערן פאַרשוין, מיט א מאָדנעם פּנים. כאָטש שוואַרץ איז די הויט, אָבער יידיש און גוט זיינען די אויגן און געזיכטס־שטריכן. מען שטעלט אים פאָר. דאָס איז דער מעדיצין־דאָקטאָר סולימאַן באסיני, פארשטייט זיך א ייד, אָבער די מאַמע איז געווען אמאָל א כושית, א געצנדינערישע נעגערטע, און דער טאַטע איז געווען ניט קיין אנדערער ווי דער רב פון סודאַן, ר' יהודה באסיני, וועלכער איז געשטאָרבן מיט א פינף און דרייסיק יאָר צוריק.

און ווי אזוי קומט צו א רב א ווייב א כושית? (דער לעצטער אַזאַ פאַל, וואָס איך געדענק, איז געווען מיט משה רבינו). ווערט דאָ די געשיכטע גאָר אינטערעסאַנט. דער קאַליף פון סודאַן, וועלכער איז געווען אַן אבסאָלוטער הערשער אין לאַנד, איידער דער ענגלישער באַרימטער גענעראַל (שפּעטער לאָרד און פעלד־מאַרשאַל) קיטשענער, האָט מיט זיין קעמעל־קאָרפּוס סודאַן איינגענומען, האָט ארויסגעגעבן א דעקרעט, אז יעדער ווייסער מענטש אין לאַנד, אראבער אָדער ייד, מוז נעמען נאָך א ווייב, א נעגערטע. דער שכל פון דעם איז קלאָר: די נעגערישע פרויען האָבן ניט געהאַט מיט וועמען חתונה צו האָבן און זיינען געבליבן פאַרזעסן און דאָס פאַרמינערט דאָך די צאָל פון דער איינגעבוירענער קאָלירטער באַפעלקערונג.

די „גזירה" האָט געהאַט א פּעולה, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסכאַפּעניש אויף יונגע נעגערטעס. פאַר די יידן, וואָס האָבן זיך ניט געאיילט, איז שוין געבליבן דאָס ביסל „פּסולת".
(דער „חרם דרבנו גרשם" איז ניט חל אויף די אראבישע יידן עד היום הזה).

דער אַלטער רב, וועלכער האָט שוין געהאַט א יידישע ווייב פון פריער, האָט חתונה געהאַט מיט דער כושית מנה, מיט וועלכער ער האָט געפירט אַן אָנשטענדיקן לעבן. זי האָט

אים געבוירן א זון, — שווארץ ווי פעך, — טאקע דעם יידישן דר. סולימאן. דאס ערשטע יידישע ווייב איז גיך געשטארבן און די כושית מנה איז געווארן די הויפט־רבי'צין פון די קנאפע טויזנט יידישע נפשות אין סודאן. דער אלטער רב האט דער כושית אויסגע־לערנט יידישקייט, געלערנט מיט איר דינים און מנה האט אלץ לייכט איבערגענומען. זי איז געווארן די פרומסטע פרוי אין לאנד. זי לעבט נאך איצטער און איז אלט איבער ניינציק יאר, אבער ביי איר אין שטוב אין פאראן א מקוה, א מנין, און אין ארטאדאקסישער יידישקייט האט זי אויך דערצויגן איר טונקל־הויטיקן בן־יחיד, דר. סולימאן. ער האט שוין חתונה גע־האט מיט א בילד־שיינער יידישער טאכטער פון זיד־אראביע. קיין שווארצע צוגאבס־פרוי איז ער איצט ניט מחויב צו נעמען, ווייל די גזירה איז שוין לאנג בטל געווארן. דער דאקטאר איז פרום, דאוונט יעדן טאג, שעכט אליין לויטן דין און אז א גוטער פריינט בעט אים אמאל באנוצן זיין חלף, העלפט ער אים אויך ארויס.

אבער אלע אנדערע יידישע פאמיליעס שעכטן אליין מיט אן אייגענעם חלף, — חכל שוחטים, — אפילו פרויען און זיי זיינען זיכער דערביי, אז די שחיטה איז כשר כדין...

די איינציקע הונדערט יידן אין חרטום געהערן אייגנטלעך צום מיטל־קלאס: אביסל עקס־פארטירן זיי לעדער־אויסארבעטונגען, — אביסל האנדלט מען אויפן אינטערנאציאנאלן מארק מיט די שיינע פאסט־מארקן, וועלכע האבן א גרויסע נאכפראגע.

די סודאנער סאלדאטן זיינען „געקליידעט" אין בלויע העמדער, טראגן רויטע פעזן אויפן קאפ און גייען בארוועס.

לכתחילה פירט אייך אריין אין א טעות דער זילבערנער מגן־דוד, וואס איז אויסגענייט אויף די היטלען און אויפן ברוסט פון די העמדער: איר מיינט, אז עס האט צו טאן מיט ישראל. שפעטער אבער דערוויסט איר זיך, אז דער מגן־דוד איז נאר א מיליטערישער מלוכה־צייכן אין סודאן. ניט ווילנדיק גיט איר א קלער וועגן שלמה המלך'ס האנדלס־רעפרעזענ־טאנטן, וועלכע האבן זיך אין דעם נעגנט „געדרייט" מיט איינקע טויזנט יארן צוריק: איינ־געקויפט עלפאנט־ביין און אפשר פארקויפט דעם „מגן דוד"...

אגב העננט א ריזיקער זילבערנער „מגן דוד" ביים ארייננאנג אין פאלאץ פון דעם אלטן „מאכדי" פון סודאן (א מין סולטאן דארטן). דאס איז טאקע דער זון פון יענעם „מאכדי", וואס האט ארויסגעגעבן די גזירה, אז יעדער ווייסער מוז נעמען א נעגערישע צוגאבס־ווייב. איך האב צוליב נייגעריקייט א פרעג געטאן מיין באגלייטער שלום סערוסי:

— נו, און ער אליין, דער אלטער „מאכדי", איז ער כאטש באזארגט מיט ווייבער אויף דער עלטער?...

— א, יא, ער האט „פלענטי" ווייבער: שווארצע, ווייסע און אפילו געלע, אימפארטירטע פון כינע. וויפל געווי, ווייסן נאר די סריסים. די ווייבער ווערן געהאלטן אט אין יענער גע־ביידע מיט קראטעס אינמיטן גארטן.

מילא, ווער עס איז דאָ דעם „מאַכדי” מקנא, — זאָל אליין ניט האָבן!...

נאָר עס ווערט שוין שפּעט. אונדזער עראָפּלאַן „יונהס פיש”, פליט נאָך מיט אונדז ביז אָוונט, ווען מיר בלייבן נעכטיקן אין ענבי, אוגאַנדע, אויפן ברעג פון דער באַרימטער וויקטאָריאַ אָזיערע.

א שמוציקער האָטעל מיט אָפענע צימערן, כדי ניט דערשטיקט צו ווערן פון היץ. עס באַדינען אייך לאַכנדיקע האַלב־ווילדע ברואים מיט ליפּן גרויס ווי א קליינער טעלער און מיט אומשולדיקע אויגן, וועלכע ס׳דוכט זיך, איר קענט אָנטרויען א פאַרמעגן.

און — פונדעסטוועגן — אַז איך האָב אין גרויען אַפריקאַנישן פרימאָרגן געזוכט מיין באָד־האַנטוך, האָב איך אים ניט געפונען מער און גיי געטרוי די אומשולדיקע אויגן פון א ווילדער בריאה...



# ס׳ברענט נאָך דער נר־תמיד
# אין פאַקיסטאַנער בית־מדרש

אין א ליכטיקן ישראל־פּאַרטאָג פליען מיר אָפּ מיט א פּיליפּינער עראָפּלאַן פון לוד אין דער ריכטונג צו פּאַקיסטאַן און אינדיע.

מיינע לייענער באַמערקן געוויס, אַז כאָטש אין דער איצטיקער וועלט־רייזע בין איך דריי מאָל דורכגעפאָרן דורך ישראל, האָב איך כמעט גאָרניט געשריבן וועגן מיינע איינדרוקן אין לאַנד. און ניט נאָר בין איך דורכגעפאָרן ישראל, נאָר כ'בין יעדעס מאָל געבליבן א וואָך אָדער מער, דורכגעשניטן אונדזער לענדעלע פון צפת ביזן נגב, פּרובירט אָנצינדן (און מיט דערפאָלג) אין מיין פּרוים הארץ יענעם פייערל פון ליבע צו די הייליקע און פאַרשריטלעך־מאָדערנע פלע־צער, נאָך וועלכע איך גיי פּשוט אויס אין בענקשאַפט דעם גאַנצן באַוווּסטזיניקן טייל פון מיין לעבן.

אויב איר געדענקט ניט די שטעלע אין האָמערס הערקולעס אוואַנטורעס, ווו ער דער־ציילט וועגן אַנטעאוס, וועל איך זי אייך דערמאָנען:

אַנטעאוס איז געווען א פאַרוואָגלטער זון פון זיין מאַמען געאַ (דער סימבאָל פון דער גריכישער ערד) און געפלויגן איז ער מיט פליגלען איבער דער גאַנצער אויבערפלאַך פון דער וועלט, און בעתן פלי געקעמפט מיט די אייגאוויגיקע טייוולאַנישע באַשעפענישן, די ציקלאָפּן, וועלכע האָבן אַזוי פיל צרות פאַרשאַפט זיין פאָטערלאַנד. אָבער ווען ער פלעגט מיד ווערן קעמפנדיק און די כוחות האָבן אים אָנגעהויבן פאַרלאָזן, פלעגט זיך אַנטעאוס אראָפּלאָזן אויף א ווײַלע און באַרירן מיט זיינע פיס־טריט זיין מאַמע געאַ, זיין מוטער ערד. נייע כוחות האָבן דאַן אריינגעשטראָמט אין אַנטעאוס. זיינע פליגלען האָבן ווידער באַקומען זייער קראַפט און א דערפרישטער פון דער באַרירונג מיט זיין מוטערלאַנד, האָט ער ווידער כוח באַקומען צו פליען און קעמפן מיט די ציקלאָפּן.

אָט אַזוי בין איך אויך, דער וואָגלדיקער זון, אָפּגעריסן פון זיין מאַמע־באָדן; יעדע באַ־רירונג, כאָטש א קורצע, מיט ישראלס ערד, לופט, מענטשן, שטראָמט אריין אין מיר נייע כוחות, לאָדעוועט אָן די אויסגעלאָשענע באַטעריע.

און אַזוי שוין באַלד דרייסיק יאָר, דורך מיינע פופצן באַזוכן אין ישראל. פאַרוואָס באַ־שרייב איך ניט לעצטנס מיינע איבערלעבענישן, ווי איך פלעג דאָס טאָן מיט אַזוי פיל יוגנט־ברען אין די פריערדיקע יאָרן נאָך פאַרן חורבן?

ווייל באַשרייבן ארץ ישראל איז געוואָרן עפּעס א וואָכעדיקער ענין; ווייל יעדער שרייב־בער־טוריסט, אָנשטאָט זען און לערנען און איבערלעבן, כאַפּט ער זיך באַלד פאַר דער פּען און קריטיקירט, און לערנט ווי אַזוי מען דאַרף פירן א מלוכה, זאָל מען נאָר אים צולאָזן צום

בענקל. און „מיט וואָס מען האנדלט, דאָס שלעפּט זיך נאָך", — ווי עס זאָגט דאָס שפּריכוואָרט. דער שונד־שרייבער זעט נאָר שונד אין ישראל, דער פארבלענדטער פאנאטיקער רעדפּארטירט, ווי מען כאפּט מיידלעך פון „מאה שערים" און מען שענקט זיי דער אַרמיי פאר זנות־צוועקן. און פארן פעליעטאָניסטישן הומאָריסט איז ישראל דאָס שטעטעלע קאַסרילעווקע פון שלום עליכם...

מענלעך, אַז דאָס איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, אָבער ביים רייזע־שרייבער פאַלט שוין אָפּ דער חשק צו טיילן זיך מיט זיינע איינדרוקן: צו גרויס איז די קאָנקורענץ, אַז מען זאָל איר קאָנען איבערשרייען.

און דאָך, יעדעס מאָל, ווען איך רייס זיך אָפּ פון ישראלס ערד, איז אַזוי ווי עפּעס וואָלט זיך פון הארצן אָפּגעריסן, און יעדעס מאָל, ווען איך באַריר זי ווידער מיט מיינע פיס, — זי, די מאַמע־ערד — קלאַפּט האַסטיק דאָס האַרץ מיט פרייד און דערוואַרטונג.

פליט דער פיליפּינער עראָפּלאַן איבער אומענדלעכע מדבריות, פליט ער שעה'ן לאַנג איבער דער ערד פון סאַאודי־אַראַביע. וויים איך, אַז מען דאַרף שטאַרק תפילה טאָן, אַז די מאָטאָרן זאָלן גוט אַרבעטן און מיר זאָלן חלילה ניט זיין געצוווּנגען זיך אַראָפּצולאָזן אין דער דאָזיקער פיינטלעכער מלוכה — ספּעציעל נאָכדעם, ווי אין די ישראל־צייטונגען זיינען שוין געווען באַשרייבונגען און די בילדער פון מיינע וויזיטן „הינטערן אַראַבישן פאָרהאַנג", נאָך וועלכע איך מאָר אַפילו מיין נאָז ניט ווייזן מער אין איינער פון יענע לענדער... סיידן דער משיח פון שלום זאָל קומען און דער „פּראָנט" מיט וועלכן ישראל איז איצט אַרומגערינגלט זאָל אין אַ פריידלעכן גרענעץ פאַרוואַנדלט ווערן.

אָבער אָט זיינען מיר שוין אַרויסגעפלויגן פון די הימלען איבער אַראַביע און פליען איצט איבער פּערסיע. נאָך אַ פּאָר שעה און מיר לאַנדן אין קאַראַטשי — די הויפּט־שטאָט פון פּאַקיסטאַן. מיר דאַרפן דאָ וואַרטן ביז אינמיטן דער נאַכט, ווען דער ענגלישער עראָפּלאַן וועט אונדז טראָגן ביז קאַלקוטאַ אין אינדיע, דערנאָך קיין סינגאַפּור אין די מאַלאַיעס, שפּעטער צו די אינדזלען פון אינדאָנעזיע און פון דאָרט אין דעם ווייטן־ווייטן וועג קיין אויסטראַליע.

קיין פּאַקיסטאַנער וויזע האָבן מיר ניט געהאַט, אָבער אַזוי ווי מיר דאַרפן פאַרברענגען אין קאַראַטשי אַרום אַכט שעה, אָרדנט אונדז די ענגלישע לופט־ליניע איין אין איר האָטעל, וואָס געפינט זיך לעבן לאַנדונגס־פּאָרט. מען זאָגט אונדז אָבער שטרענג אָן: „איר טאָרט בשום אופן ניט פאַרן אָנקוקן די שטאָט, ווייל איר האָט קיין וויזע ניט. רוט זיך אויס וועלן מיר ביינאַכט ווייטער פליען".

פאַרשטייט איר דאָך מסתם, אַז עס האָט ניט געדויערט קיין 10 מינוט נאָכדעם ווי מ'האָט אונדז געבראַכט אין האָטעל — האָב איך שוין געדונגען אַן אויטאָמאָביל ער זאָל אונדז פירן קיין קאַראַטשי, — אַ מהלך פון אַ פופצן מייל. מיט אַ וויזע קאָנען דאָך אַלע פאָרן — אַ קונץ איז דאָך צו הערן זיי ווי דעם קאָטער און אַריינפאָרן אין דער פאַרבאָטענער שטאָט אָן אַ וויזע.

אגב האָט איך טאַקע געוואָלט זען די ענדערונגען, וואָס זיינען דאָ פאָרגעקומען במשך פון די לעצטע פינף יאָר, ספּעציעל אין דער עקזאָטיש־יידישער קהילה, וועלכע איך האָב דעמאָלט

באַזוכט. און געוואָלט האָב איך אויך, אַז מיין פרוי זאָל אָנקוקן דעם דאָזיקן ריזיקן פישער־דאָרף, וועלכער איז אין משך פון אַ פּאָר צענדליק יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליאָניקן ישוב און הויפּט־שטאָט פון אַ מלוכה מיט איבער הונדערט מיליאָן איינוווינער.

ביז איצט האָבן מיר אַלץ געררייזט איבער לענדערלעך פון מיטל־אַזיע און אַפריקע מיט אַ צאָל איינוווינער פון אַ מיליאָן ביז העכסטנס פופצן מיליאָן. איצט אָבער, אין פּאַקיסטאַן, שטייען מיר ביים טויער פון אַ ריזיקן סוב־קאָנטינענט מיט מער ווי אַ ביליאָן מענטשן: קרוב פיר הונדערט מיליאָן אין אינדיע אַליין און אַרום הונדערט מיליאָן אין אינדאָנעזיע. פונוויטן בלוטיקן אין ברידערלעכע קאַמפן אינדאָ־כינע און די מאַלאַיען. ביי דער זייט קומט פּאַר אַ נאָך ניט אויסגעפאָרשטער אומוואַנדלונגס־פּראָצעס אויפן ריזיקן שטח פון כינע, איבער וועלכן עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן דער „אייזערנער פאָרהאַנג״. געהיימניספול פלעקט זיך אויף דער מאַפּע דער אַלץ פאַרשלאָסענער באַרגיקער טיבעט און בשכנות צום צפון אַזוי ווי דורך אַ שווערן וואָלקן ווערן די אַלע לענדער גערעקט מיט מאַנדזשוריע, מאָנגאָליע און פאַרפּאַנצערטן פויסט פון ראַטן־פאַרבאַנד.

וואונדערט זיך ניט דעריבער, וואָס אפילו ביי מיר, וועלכער האָט שוין איינמאָל דורכגערייזט אָט די אַלע אויסגערעכנטע לענדער, דרייט זיך דער קאָפּ, ווי אַזוי וועל איך זיין אומשטאַנד צו אַרומכאַפּן און באַשרייבן די טיפע און עפּאָכע־מאַכנדיקע ענדערונגען, וואָס קומען איצט פאָר אין דעם דאָזיקן שטח פאַר אונדזערע אויגן. יאָרן לאַנג זיינען די ריזן געשלאָפן געשמידטע אין קייטן הינטער די אימפּעריאַליסטישע אָדלערס, און פּלוצלונג אין וואָס פאַר אַ פינף־צען יאָר האָט זיך אַלץ אַזוי ראַדיקאַל געביטן; אַ ביליאָן מענטשן האָבן זייער פּאָליטישע זעלבסטשטענדיקייט באַקומען. נייע רעפּובליקן האָבן זיך באַוויזן; אַרעסטאַנטן פון די ענגלישע תפיסות: גאַנדי, נעהרו, דזשינאַ, זיינען געוואָרן די פירערס, און נייע נביאים וואַקסן אויס גלייך אויפן אָרט פון די מידע און געשטאַרבענע, און גרעסערע אַמביציעס ווערן געבאָרן אַנשטאָט די קלענערע באַפרידיקטע.

פונדערוויטנס זעט אַלץ אויס ווי אַ צעטומלטער עקזאָטישער צייטונגס־מאַטעריאַל. פון דער נאָענט, אָבער, זעט איר שוין פאַר אייערע אויגן, ווי אַ נייע וועלט פון פאַרביקע מענטשן ווערט געבוירן אין קראַמפּן און בלוט. ניט פאַר אונדזערע צייטן וועט אַן אָרדענונג קומען, ניט די איצטיקע פירער וועלן די פרוכטן עסן, וואָס זיי האָבן מיט טרערן פאַרזייט. ווי זאָגט גאַנדי:

„וואָס מער מען ליידט אַלץ גרעסער איז דער פּראָגרעס. ווייל מען בעסער לעבן מוז מען טיפער ליידן. דער נאַטור־געזעץ פון וואַקסנדיקן ווייץ איז אַזאַ, אַז די פאַרזייטע קערנער ווערן דאָך פאַרניכטעט און אָנשטאָט זיי וואַקסט הונדערטפאַכיק אַרויס דאָס ברויט. און די מאַמע ליידט ביים געבורט, כדי דאָס קינד זאָל לעבן״.

יאָ, פאַרן מיר, הייסט דאָס קיין קאַראַטשי, און באַגעגענען אויפן וועג די שווערע האַלץ־וועגענער, אין וועלכע ס׳זיינען איינגעשפּאַנט קעמלען. אָפּגעריסענע, באָרוועסע אַרבעטער גייען צוריק פון שטאָט אין די דערפער. זיי זיינען מוסולמענער און זייערע קעפּ זיינען צוגעדעקט

מיט קליינע יארמעלקעס אָדער באַראשקענע היטעלעך. וואָלקנס מיט שטויב באַגעגענען אונדז ביים ארייגפאָר אין שטאָט און אויך א מיאוסער ריח פון געפרעגלטע פישלעך, וועלכן מען פּרעגלט, מ'פּארקויפט, און מען עסט אין די גאַסן מיט שמוציקע הענט. אַמאָל הויבט זיך אויף פון צווישן די ליימענע הייזלעך א שיין־געמויערטע געביידע, אפילו צוויי נייע האָטעלן זיי־נען שוין פאַראַן אין מיליאָן־קעפּיקן פישער־דאָרף, אָבער דאָס אָרעמקייט און דער שמוץ זע־ען זיך אַזוי בולט, אַז עס רופט ארויס צוויי געפילן: רחמנות און אַן עקל. אָבער איר קאָנט זען: מען בויט, מען שאַפט, און אין א דור־צוויי ארום וועט אַלץ געווים זיין בעסער. דערווייל זעט מען קאָמפּאָרט־ווילעס און גרינע אַלייען נאָר אין דעם קוואַרטאַל, ווו די אויסלענדער און די אָרטיקע ספּעקולאַנטן וווינען; אינמיטן שטייט אויף א ריזיקן מאַרמאָר־פּאָסטומענט דער דענקמאָל פון גרינדער און שעפער פון אומאָפּהענגיקן פּאַקיסטאַן — גיזאַם־דזשינאַ; אויפן זעלבן מאַרמאָר־שטיין איז ביז מיט פינף יאָר צוריק געשטאַנען די סטאַטוע פון דער קעניגן וויקטאָריע...

אַז עס איז נאָך ניט אַלץ אין אָרדענונג, קען מען זען פון דעם, וואָס בעת איך וויל אָנגעבן א טעלעגראַמע קיין ניו יאָרק אויפן טעלעגראַף־אַמט, — בעט מען ביי מיר 3 רופּיס פאַר א וואָרט; אָבער ווען איך הויב זיך אָן צו דינגען, לאָזט מען מיר אַראָפּ דעם פּרייז ביז איין רופּי. דער באַאַמטער פאַרענטפערט זיך דערביי מיט אן אַנטשולדיקונגס־שמייכל: „מיר באַקומען דאָ זייער ווייניק באַצאָלט, — מוז מען מאַכן א זייטיקע פאַר רופּיס".

און גאַסן גאַנצע מיט נייע קליינע הייזלעך זיינען דאָ אויסגעבויט פאַר די „רעפיודזשים", פאַר די אַנטלאָפענע אין אינדיע. עס איז גוט איצט, — ווען די גאַנצע וועלט האָט זיך נאָכ־אַמאָל א נעם געטאָן צו ישראל וועגן די אַראַבישע פּליטים — מען זאָל דערמאָנען, ווי אַזוי אַזאַ מין ענין איז באַהאַנדלט געוואָרן צווישן אינדיע און פּאַקיסטאַן, אַט דאָ טאַקע אין די לעצטע יאָרן.

אין זעלבן יאָר, ווען עס איז באַשלאָסן געוואָרן די „פּאַרטישאָן", די צעטיילונג פון פּאַ־לעסטינע, — איז אויך פאָרגעקומען די צעטיילונג פון אינדיע און פּאַקיסטאַן. זי איז באַזירט אויפן גרונט פון רעליגיעזער אָנגעהעריקייט: צו פּאַקיסטאַן זיינען אוועק די געביטן מיט א מוסולמענישער באַפעלקערונג און צו אינדיע מיט דער הינדוסטאַנישער. האָט זיך דעריבער באַקומען די מאָדנע דערשיינונג, אַז א גרויס שטיק פון פּאַקיסטאַן ליגט אין הארץ פון אינ־דיע, ווייל דאָרט וווינען מוסולמענער. דאָס דאָזיקע שטיק לאַנד איז טויזנט מייל ווייט פון דער מוטערלאַנד און אָפּגעטיילט פון איר מיט א טעריטאָריע געדיכט באַזעצט פון הינדוסן. אָבער איידער מ'האָט דאָס דערגרייכט, זיינען טייכן בלוט פאַרגאָסן געוואָרן אין ברודער־קאַמף. מען האָט זיך אין די יאָרן 1943־1945 געשאָכטן אין די גאַסן פון קאַלקוטאַ און באָמביי און אויסגעקוילעט מער ווי א מיליאָן מוסולמענער און עטוואָס ווייניקער הינדוסן. ווען דאָס מער־הייט־פּאָלק, אָנגעפירט פון נעהרו און זיין קאָנגרעס, האָבן געיאָגט די מוסולמענער ארויס פון זייער היימלאַנד, זיינען געלאָפן איבער פופצן מיליאָן מענטשן און עס זיינען דאַן געשטאָרבן פון פּאַגראָמען און קראַנקהייטן מער מענטשן, ווי בעת דעם שרעקלעכן הונגער אין בענגאַל (ארום צוויי מיליאָן). איך ברענג נאָר די פּאָר פאַקטן, כדי צו באַלויכטן די היפּאָקריטישקייט פון אונ־דזער היינטיקער וועלט: דער פאַרשטייער פון פּאַקיסטאַן איז עס דער, וואָס וואַרפט פאַר

ישראל בלוטדורשטיקייט און די פֿאַרשטייער פֿון אינדיע, — אייניקע פֿון זיי דירעקטע אָנפֿי־רער אין דער מאַסן־פֿאַרניכטונג פֿון די מוסולמענער, — ווילן ניט אָנערקענען דיפּלאָמאַטיש ישראל, ווייל די לעצטע האָט „געגוויט" אירע אַראַבער צו פֿליען. און דאָס קומט פֿאָר דאַן, ווען די זעלבע פּאַקיסטאַן קוילעט נאָך איצט הינדוסן אין קאַשמיר, און אינדיע „לאָזט" בלוט אין דעם קעניגרייך פֿון נעפּאַל.

דאָס געזאָגטע איז נאָר אַ ווונק ווענן דער לאַגע אין צעיושעטן גיהנום פֿון נאַציאָנאַליס־טישן און ראַסיסטישן פֿייער, וואָס הערשט אין די נײַ־געבוירענע מלוכות פֿון מזרח־אַזיאַטישן קאָנטינענט־טייל.

יאָ, — און ביידע פֿעלקער זיינען הונגעריק, — סיי אין אינדיע און סיי אין פּאַקיסטאַן. און זיי וועלן נאָך הונגערן יאָרן לאַנג, ביז דער אומנאַטירלעך גרויסער אָנוווּקס פֿון דער באַ־פֿעלקערונג וועט רעגולירט ווערן דורך מאָדערניזאַציע פֿון לעבן און ביז מען וועט זיך קאָנען דערלויבן צו זייען ווייץ אָנשטאָט, ווי ביז איצט, זשוטע און קאַטאָן. דורך די לעצטע ווערט באַ־רייכערט נאָר דער קלענסטער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג און צוליב דעם בלייבט שוין מער ניט קיין פּלאַץ, וווּ צו זייען ווייץ.

בעטלט מען ביי אַמעריקע. באַקומט מען טאַקע אַ מיליאָן טאָן אַלס געשאַנק אָבער אַפֿילו ניט פֿאַר קיין דאָלאַר סימפּאַטיע, ווייל מען וויל מער און מער, און הונדערטער טויזנטער שטאַרבן אויס יעדן יאָר פֿון הונגער.

און ווידעראַמאָל: דאָרט ווו מען הונגערט קלעפּן זיך ניט צו די פּראָפּאַגאַנדע לאָזונגען וועגן דעמאָקראַטיע. אין אַלע פֿריער אויסגערעכנטע לענדער זאָגן גאָרניט די ווערטער: פֿער־זענלעכע פֿרייהייט, רעכט פֿון זעלבסטפֿאַרוואַלטונג אא״וו. פֿריער ווילן זיי ברויט און נאָכ־דעם שטימען אין דעמאָקראַטישע וואַלן.

לאַנג וועלן נאָך דויערן די געבורט־ווייען פֿון די גיגאַנטן, וואָס ווערן געבוירן מיט לײַמע־נע פֿיס.

---

ווען איך בין געווען אין קאַראַטשי מיט פֿינף יאָר צוריק בין איך אויפֿגענומען געוואָרן דורכן פּרעמיער־מיניסטער ליאַקוואַט־אַלי־כאַן. דער געשפּרעך וועגן דעם, אַז ער וויל ניט, אַז זיין ביסל יידן, — די ברוינע „בני ישראל" — זאָלן אַוועק קיין ישראל, נאָך טויזנטער יאָרן לעבן דאָ אין לאַנד, — איז דאַן פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אַלע צייטונגען.

דעם דאָזיקן הויפּט פֿון מלוכה האָבן פֿאַנאַטישע מוסולמענער דערמאָרדעט, כאָטש ער אַליין איז געווען אַן איבערגעגעבענער מאַכמעדאַנער און גראַד דאַן, ווען איך האָב אים באַ־זוכט, איז אויסגעפֿאַלן דער לאַנגער „תענית" ראַמאַדאַן און ער האָט שוין געפֿאַסט דעם צוואַנציקסטן טאָג. (ביינאַכט מעג מען עסן).

ווייל איך טעלעפֿאָנירן צו מיין דאַמאָלסטדיקן גאַסט־געבער מאַרסעל לעווי, — אַ מעבל־פֿאַבריקאַנט, וועמענס פּאַלאַץ און גאָרטן איך האָב דעמאָלט באַשריבן, — דערקלערט מען מיר,

אז ער האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד און לעבט שוין איצט ערגעץ־ווו אין קאַליפאָרניע. טעלעפאָניר איך צום דאָקטאָר ריינערט, א דייטשער פּליט, וואָס האָט פּראַקטיצירט אין קאַראַטשי נאָכן אנטלויפן פון היטלערן — ענטפערט מען מיר פון שטוב, אז ריינערט איז געשטאָרבן.

איך וויל מיך הייסן פירן צו דעם יידישן קוואַרטאַל און צו דער אַלטער שול פון די „בני ישראל", וואָס איך האָב שוין באַזוכט, ווייס איך אָבער ניט, ווי אַזוי מען דערקלערט דאָס מיין שאָפער. ער רעדט א פּאָר ווערטער ענגליש, אָבער ניט גענוג מיר זאָלן זיך פאַרשטיין. די שפּראַך אין לאַנד איז אורודיש, ענלעך אויף הינדוסטאַניש, אָבער איך קען דאָך ביידע ניט.

ברענגט מיך מיין „דראַיוועער" צו אַן אַפּטייק, ווו מען רעדט, זאָגט ער, אַלע שפּראַכן. דאָס איז טאַקע אמת, אָבער די שפּראַכן זיינען בענגאַליש, קורדיש און פּערסיש. ווידער שלעכט! הייס איך מיך פירן צום גרויסן האָטעל, ווו דער פּאָרטער רעדט שוין ענגליש און ער קלערט אויף מיין „דראַיוועער", ווי ער דאַרף אונדז ברענגען צו דער סינאַגאָגע.

דאָ האָב איך ווידער קיין מזל ניט געהאַט. דעם פאַרמאַכטן טויער פון הויף עפנט א טויב־שטומער וועכטער מיט א טלית־קטן אויף דעם העמד. דער טלית־קטן דערציילט טאַקע די מעשה, אָבער דער וועכטער איז שטום, און מיין „דראַיוועער" ווייזט מיר מיט א סימן, דאָס ער איז משוגע אויך. דער ווייסער בנין פון דער אַלטער שול, ווו איך האָב זיך געטראָפן אַמאָל מיטן טונקל־הויטיקן „חכם" מיטן אויערינגל אין לינקן אויער („א רב מיט אַן אורינגל", ווי עס זאָגט א פאָלקס־ווערטל) שטייט אויף זיין פּלאַץ, אָבער די יידן זיינען ניטאָ. און דעם רב'ס דירה איז פּוסט. ווער איך שוין גאָר פאַרצווייפלט. עפן איך דעם טויער פון הויף און פאַרבעט מיט סימנים דעם שמוציקן באַרבער, וואָס פירט זיין „שאָפּ" טאַקע דאָ אינמיטן גאַס. ער איז דאָך א שכן, — דאַרף ער עפּעס וויסן. זשאָנגליר איך מיטן „דראַיוועערס" פּאָר ענגלישע ווערטער און ער פרעגט קשיות אויף אורודיש:

„וויפל יידן קומען דאָ דאַוונען?" ענטפערט דער באַרבער א ציפער, טשמאָקעט מיטן צונג און ווייזט דריי מאָל מיט דער לינקער האַנט.

„פופצן", דערקלערט מיר דער „דראַיוועער".

„און ווו זיינען זיי איצט?"

לאַנג, לאַנג דויערט דאָס איבערשרייען זיך פון מיינע ביידע פּאַקיסטאַנער און נאָך לענגער דויערט ביז איך פאַרשטיי די תשובה: „זיי זיינען אַוועק אויף א לויה"...

מיין מזל... די שול איז פאַרשלאָסן, דראַפּע איך זיך אַרויף אויף א שטיין און קוק אַריין אין פענסטער: דאָס לעמפּל מיטן נר־תמיד ברענט פאַרן ארון־קודש!

אַלזאָ דאָס ליכטל איז נאָך ניט אויסגעלאָשן, עס ברענט נאָך אין קאַראַטשי, א סימן, אַז א מנין יידן ווייניקסטנס זיינען געבליבן פון די דריי הונדערט, וועלכע איך האָב געטראָפן בעתן ערשטן וויזיט.

דער שטומער וועכטער מיטן „ארבע כנפות" זעט ווי איך קריך אויף א שטיין צום פענסטער, פאַרשטייט ער, אז מען גייט באַגנב'ענען די שול, — שרייט ער מיט באַנומענע קו־

לות. עס ווערט מיר אומהיימלעך, היים איך מיין שאָפער אונדז שנעל פירן צוריק אין האָ־טעל: וואָס טו איך ווען עס קומט פּאָליציי און מען פּאַקט אונדז אָן א וויזע?...

איך גיב אָבער נאָך אַלץ ניט אויף די האָפענונג צו רײדן מיט א ייִדן אין קאַראַטשי. נעם איך דעם טעלעפאָן־בוך, וועלכער איז שוין דאָ אין האָטעל מיט לאַטײנישע אותיות צוליב די אויסלענדישע געסט, — און בלעטער ביז איך געפין א נאָמען: „דר. מאַקס באיער." טעלע־פאָניר איך אים און דערקלער אַז אין א פּאָר שעה אַרום פאָר איך פונדאַנען אַוועק און דעריבער וואָלט איך זייער געוואָלט האָבן א באַגעגעניש מיט אַן אייראָפּעאישן מענטשן. בקיצור: אין א שעה אַרום איז דער דאָקטאָר אין מיין האָטעל. א מענטש אין די מיטעלע יאָרן, זעט אויס ווי א דייטש, רעדט גוט ענגליש. וועגן מיין אָדער זיין ייִדישקייט האָב איך דערווייל א וואָרט ניט דערמאָנט.

און כך־הוה: ער איז שוין לאַנג געטויפט, נאָך אין זיין היימאַטס־שטאָט באָן. מיט ייִדן דאָ האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן, אָבער ער ווייסט אַז די גרעסטע מערהייט פון זיי, צוזאַמען מיטן רב האָבן אין משך פון די לעצטע יאָרן אויסגעוואַנדערט קיין ישראל. ער אַליין איז זאָגאַר געווען דער אַרצט פון רב. קיין פאַרפאָלגונגען קעגן די ברווינע ייִדן זיינען דאָ ניט געווען, כאָטש די פרעסע האָלט אין איין שעלטן די ציוניסטן.

מיר פאַרברענגען טאַקע פיין אַביסל צייט מיטן געטויפטן דאָקטאָר, אָבער מיט קיין ייִדן האָב איך זיך אין קאַראַטשי, אַזוי ווי צו להכעיס, ניט געטראָפן.

מער ניט דער „נר־תמיד" ברענט נאָך אַלץ פאַרן ארון־קודש און א טויב־שטומער ייִד דעמאָנסטרירט פאַר דער מוסולמענישער וועלט א צעריסענעם טלית־קטן.



# קאַלקוטאַ — די בבל פון אינדיע

באַך האַלבער נאַכט שטייגן מיר איין אין ענגלישן „קאָנסטעליישאָן" און פליען קיין קאַלקוטאַ, — די בבל־שטאָט פון אינדיע.

די מאַנשאַפט פון עראָפּלאַן זאָגט אונדז אָן, אַז אויפן קאַלקוטער לופט־פּאָרט וועלן מיר האָבן אַ שטיקל שמחה: מיר וועלן זיך דאָרט באַגעגענען מיט דער ענגלישער „קאָמעט", וואָס מאַכט איר ערשטן פלי מיט דער שנעלקייט פון פינף הונדערט מייל אַ שעה, פון סינגאַפּור קיין לאָנדאָן. אָבער מיר האָבן זיך שוין קיינמאָל מיט דער „קאָמעט" ניט באַגעגנט און קיין שמחה איז אוודאי ניט געווען: די „קאָמעט" האָט געפּלאַצט אין דער לופטן און פאַרברענט געוואָרן מיט אַלע אירע 43 מענטשן...

זיינען מיר אין יענעם טריבן פרייטאָג, דעם 4־טן מאַי, 1953, געקומען גראָד דאַן, ווען מען האָט געקליבן די רעשטלעך פון די פאַרקוילטע גלידער.

אויב איר מיינט, אַז אַזאַ קבלת־פּנים, און נאָך אין דער מיסטישער אינדיע דערצו, איז עלול צו ברענגען אייך אין אַ גוטער שטימונג — האָט איר אַ טעות. מיין פרוי האָט שוין חרטה אויף דער גאַנצער רייזע, ספּעציעל נאָך ווען מיר דערזעען די ליסטע פון די טויטע פּאַסאַזשירן און געפינען דאָרט דעם נאָמען פון מיס זשאַאַן קאָהן, אַ יידישע האַי־סקול לערערין פון שיקאַגאָ, וועלכער מיר האָבן באַגעגנט אין תּל־אביב, אין אונדזער האָטעל. זי האָט זיך באַרימט, אַז ענדלעך איז איר געלונגען אויסטוישן איר טיקעט פון אַ געוויינלעכן ענגלישן עראָפּלאַן אויף דער „קאָמעט", און זי וועט זיין די ערשטע צו פליען מיט דער דאָזיקער שנעלסטער לופט־שיף קיין לאָנדאָן. נו, האָט זי נעבעך איר קורצן לעבן פאַרענדיקט איבערן דום־דום־פּלאַץ פון קאַלקוטאַ.

מיר פאָרן אין שטאָט אריין, נאָכדעם ווי די אומגעהויער־קאָמפּליצירטע פאָרמאַליטעטן פון דער הינדוסישער פּאָליציי מאַטערן אונדז ניט ווייניקער, ווי די כוואַליע היץ, וואָס הילט אייך איין אַזוי ווי מיט אַ וואָלקן פון ברענענדיקער לופט.

אונטער דער ווירקונג פון דער היץ, פאַרלירט מען דעם חשק זיך ענטוזיאַזמירן אָט מיט די אַלע אויסערגעוויינלעכע בילדער, וואָס אַנטוויקלען זיך פאַר אייערע אויגן, ווי אויף אַ ריזיקן פאַרביקן פילם.

זיינען מיר דאָך אין אויסגעטרוימטן אינדיע, וואָס איז פול מיט סודות, מיט מיסטיק מיט אומבאַקאַנטע שפּראַכן און רעליגיעס; אין אינדיע, וואָס איז מיט 5 יאָר צוריק געבוירן געוואָרן צו אַ זעלבסטשטענדיקן מלוכה־לעבן און אירע מער ווי פיר הונדערט מיליאָנען מענטשן הויבן זיך ערשט אָן „אויסשיכורן" פון אַן אימפּעריאַליסטישן יאָך, וואָס האָט געדויערט הונדערטער יאָרן.

און קוקט נאָר אָן די מענטשן אויף די גאַסן, — וואָס פאַרא קאָנטראַסטן: לאַנגע, אויסגעדאַרטע פיגורן איינגעוויקלט אין העמדער, וואָס ווערן פאַרקניפּט צווישן די פיס, ווי כמו־הויזן. באָרוועסע שטעקלעך־פיס ברוינע כמעט אָן מוסקולן — שפּרייזן זיי אין די מיליאָנען איבער די אָנגעגליטע שטיינער פון קאַלקוטער גאַסן. טויזנטער „ריקשאָס", אין וועלכע עס זיינען איינגעשפּאַנט אַסקעטישע פיגורן מיט אָפּגעצערטע פּנימער, שווינדלען פאַר די אויגן. און אַ מאָדנע זאַך: יעדער הינדוס טראָגט, דוכט זיך, אַ ריין העמד און, ווי איך ווייס, וואַשט ער זיך איייניקע מאָל אַ טאָג, — אָבער די גאַנצע מאַסע צוזאַמענגענומען איבעראַשט אייך מיט שמוץ, עלנט און אויגן פול מיט צער און הונגער. עס ווערט אייך אומהיימלעך, ווען איר קוקט אַריין אין די אויגן פון אַ דורכשניטלעכן הינדו, וועלכן איר באַגעגנט אין די גאַסן פון קאַלקוטאַ.

מיר קומען אין „גרייט־איסטערן האָטעל", — איינעם פון די צוויי מאָדערנע האָטעלן, וועלכן קאַלקוטאַ באַזיצט. דאָרט שפּאָר איך זיך איין, מ'זאָל מיר געבן אַן „עיר־קאָנדישאָנד" צימער, ווייל איך פיל, אַז מיר וועלן ניט קאָנען אַן אויג צומאַכן צוליב דער היץ, וואָס, — ווי מען גיט אונדז איבער — איז אַפילו פאַר קאַלקוטאַ אומגעוויינלעך.

אָבער קיין איינצלנער צימער, אַזאַ, איז ניטאָ: עס איז פאַראַן נאָר אַ לוקסוס „סוויט" פון דריי צימערן, וועלכער קאָסט גאַנצע פופציק אַמעריקאַנער דאָלאַר אַ טאָג. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט דאָרט געוווינט אַדלאַי סטיווענסאָן — דער דעמאָקראַטישער פּרעזידענטן־קאַנדידאַט, — מיט אַ חודש פריער איז אין די דאָזיקע צימערן איינגעשטאַנען נעלסאָן ראָקפעלער... מילא, זיי קאָנען זיך דערלויבן אויף אַזאַ פּרייז, — מיר דאַרפן אָבער נאָר די קילע לופט אין די צימערן ניט זייער פאַרשווענדערישן לוקסוס. בקיצור, איך גיי צום גענעראַל־דירעקטאָר פון האָטעל, ברענג אים מיין ענגלישן בוך, און וועלכן איך דערמאָן צום גוטן זיין האָטעל בעת מיין פריערדיקן וויזיט, און ער גיט אונדז אַוועק דעם פּאַלאַץ־אַפּאַרטאַמענט מיט דער קילער לופט פאַרן געוויינלעכן פּרייז פון איין צימער. מילא, וואָס זאָל איך אייך אַרומשרייבן די מעבל, די קאַנדעליאַברעס, די גלעזערנע טעראַסע מיט די וויג־שטולן, פון וועלכע מען זעט די וווּנדערלעכע פּאַנאָראַמע פון גאַנץ קאַלקוטאַ! ווער זאָגט עס דען, אַז נאָר די ראָקפעלערס מעגן געניסן פון עולם־הזה? און דריי באַדינערס, איינער אַ פול־באַרעכטיקטער הינדו און צוויי „פּאַריער", — ליגן און זיצן טאָג און נאַכט פאַר די טירן פון אונדזער אַפּאַרטאַמענט, גרייט אויפצושפּרינגען און דינען אויפן ווונק פון אויג. דער אמת איז, אַז אין די יאָרן פון אונדזער אַמעריקאַנער לעבנס־פּעריאָד, האָבן מיר זיך שוין אָפּגעוווינט פון דינסטן אין אַ דירה, — און דאָ פּלוצלונג גאַנצע דריי געטרייע „קנעכט"! איז מען אין די צימערן, קען מען נאָך דעם קלימאַט פאַרטראָגן, אָבער מיר זיינען דאָך געקומען דאָ אויף איייניקע טעג ניט כדי צו פאַרשפּאַרן זיך אין שטוב. קאַלקוטאַ, פול מיט נייאיקייטן, וואַרט אויף אונדז אויף יענער זייט פון שוועל; קאַלקוטאַ, וואָס ווערט גערופן די „לאָנדאָן פון אַזיע" און די שטאָלץ פון אַזיאַטישן קאָנטינענט.

איך האָב דאָ באַקאַנטע נאָך פון פאָריקן באַזוך: די פאַמיליע פון ברוך רעמבוים, אַ פּוילישער ייִד, וועמענס פאָטער איז געווען אין וואַרשע אַ מיטגליד פון קהילה־ראַט. דער יונגער רעמבוים האָט זיך דאָ איינגעאָרדנט, חתונה געהאַט מיט אַ חנודיקער, טונקל־הויטיקער טאָכטער פון די „בני ישראל", און בויט אַ שיינעם פאַמיליע־נעסט אויפן דאָזיקן פרעמדן באָדן. איך האָב אָבער פאַרלאָרן זיין אַדרעס און אין טעלעפאָן־בוך קאָן איך אים ניט געפינען.

און איר געדענקט געוויס דעם נאָמען פון לידי עזרא, געבאָרענע ששון (סאַסאָן), וועל־כע מען האָט גערופן די „יידישע פרינצעסין" פון אינדיע. אין איר פּאַלאַץ האָב איך דאַן גע־פונען דעם פּראַכט און גלאַנץ, פאַרבונדן מיט טראַדיציאָנעלער יידישקייט, וועלכע איז דערגאַנ־גען אַזוי ווייט, אַז די אַלטע לידי האָט קיינמאָל ניט אָנגעטרויט „שלאָגן" דעם פוטער פון מילך, נאָר דאָס אייגענהענטיק געמאַכט.

איצט איז זי שוין מער נישטאָ. ניט לאַנג געשטאָרבן.

קיין קינדער האָט זי ניט געלאָזן, — איז דער וווּנדערלעכער פּאַלאַץ אַריבער בירושה צו דער רעגירונג פון אינדיע... א שאָד, א גרויסער שאָד, וואָס די לעבעדיקע פּאָטענטאַנטן אונ־דזערע, די גרעסטע מערהייט פון זיי, פאַרגעסן אָן אַזאַ קליינינקייט — ווי א מעגלעכן טויט.

וואָלט די אַלטע פרינצעסין א צוואה געשריבן, וואָלט איר פּאַלאַץ מיט די בערג העלפאַנט־ביין, מיט די חיות, וואָס שפּאַצירן אין גן־עדן גאָרטן, מיט די גאָלד און זילבער־אַנטיקן — אַריבער צו דער יידישער קהילה אין קאַלקוטאַ, און ניט ווי איצט. גראָד, ווען איך בין דאָ גע־קומען, ווערט אַלץ סאָרטירט, געפּאַקט, אַרויסגעפירט, און צענדליקער דינער — מערסטנטייל פאַר'יתומ'טע „בני ישראל" — שטייען און וויינען ביים אַריינגאַנג אין פּאַלאַץ.

* *

*

כדי זיך צו דערוויסן דעם אַדרעס פון רעמבוים, גיי איך אין דער ריכטונג צום „דזשודעאַן (יהודה) קלוב", ווו איך האָף צו טרעפן מענטשן, וועלכע וועלן מיר דעם אַדרעס געבן.

אין אַן אָפּגעלעגן געסל, ניט ווייט פון צענטער־שטאָט, געפין איך דעם לאָקאַל פון דעם קלוב, ווו גראָד איצט קומט פאָר א „רעפּעטיציע" פון „זמרה"־כאָר. א געמיש פון העלע און טונקעלע יידישע שול־קינדער גרייטן זיך צו עפּעס א פייערונג.

דאָ, אין די לופטיקע צימערן פון קלוב, קאָנצענטרירט זיך דאָס גאַנצע קולטורעלע לעבן פון די צוויי טויזנט קאַלקוטער יידן. דער טראָפּ ווערט דאָ געשטעלט הויפּטזעכלעך אויף די אינטערעסן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט ישראל. ווי אַלץ אין דער קאַלקוטער קהלה, ווערט דער קלוב געשטיצט פון דער פאַמיליע עליאַס צוזאַמען מיט זייערע קרובים, די דזשייקאָבס.

ווען איך באַווייז זיך ביים אַריינגאַנג, גייט מיר אַנטקעגן אַן אָריענטאַל־אויסזעענדיקער יונגערמאַן — אייראָפּעאיש געקליידעט — וועלכער שטעלט זיך פאָר אַלס עריק מאָזעס, דער „פּאָבלישער" פון חודש זשורנאַל אין דער ענגלישער שפּראַך „שמע" (שעמאַ). פאַרשטייט זיך, אַז ער ווייסט ווו רעמבוים וווינט. ער וועט מיך באַלד צו אים צופירן. אָבער ער וויל, איך זאָל אויך זיין דער גאַסט פון זיין פאַמיליע. ער ווייזט אַרויס אַזוי פיל פרייד צוליב מיין וויזיט. ער וועט מיר מאָרגן פירן צו דער פאַמיליע פון די עליאַס'עס, ווו ער אַרבעט. ער וויל, אַז מיינע איינציקע טעג אין קאַלקוטאַ זאָלן זיין א דערפאָלג. גלייך גייט אויך צו צו אונדז זיין פרוי א טונקל־הויטיקע יונגע דאַמע, מיט שיינענדיקע קוילן־אויגן און א גוטמוטיקן שמייכל. מיר גייען אַרויס צוזאַמען, אין דער ריכטונג פון רעמבוים'ס וווינונג.

קיין בעסערע „פירער" איבער דער שטאָט קאַלקוטאַ, ווי די מאָזעס'עס זיינען, האָב איך זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן. ביידע זיינען זיי דאָ געבוירן געוואָרן. ער שטאַמט פון גרויסן באַגדאַדער יחוס און זיין עלטער־זיידע איז געקומען קיין אינדיע מיט א יאָר הונדערט צוריק. און זי, — זיין ווייב וויקטאָריאַ, — שטאַמט פון די „בני־ישראל" אין באַרימטן קאָטשין, וווּ־הין — לויט דער מסורה — די ערשטע יידן זיינען אַנטלאָפן פון ירושלים מיט א יאָר צוויי טויזנט צוריק. דאָס הייסט נאָך איידער די חשמונאים האָבן באַזיגט די סיריער (פאַרן ערשטן חנוכה").

דערציילט מיר מאָזעס, אַז זיין ווייבס באָבע, וועלכע איז געגאַנגען אים אָנקוקן איידער דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן, האָט אים ניט געוואָלט, ווייל עס איז איר ניט אָנגעשטאַנען, אַז איר אייניקל, פון אוראַלטן קאָטשינער אַדל און נאָך א בת־לוי דערצו, זאָל הייראַטן א יידן פון בבל... אָבער, אַז די קינדער האָבן זיך דערזען, האָבן זיי איבערגעלאָזן די יחוס'דיקע קאָטשינער קהלה און זיך אַריבערגעטראָגן קיין קאַלקוטע, וווּ זיי פירן א גליקלעך לעבן.

עס איז טונקל אין די גאַסן פון קאַלקוטאַ. די היץ האָט א ביסל נאָכגעלאָזן און מען קאָן פרייער אָפּעטעמען. אויף די זייטן פון אונדזער וועג ליגן טויזנטער פאַרשמאַכטע אין לייוונטן איינגעהילטע פיגורן, ווי מתים. דאָס איז נאָר א קליינער טייל פון דער מיליאָניקער מחנה, וואָס לעבט אָפּ אירע יאָרן אָן א דאַך איבערן קאָפּ. זיי שלאָפן אין די גאַסן און אונטער די בריקן. קינדער ווערן דאָ געבאָרן, אויף בלעכענע קיכן ווערן געקאָכט זייערע מאָגערע שפייזן: דאָס ביסל רייז, די קוקורוזע. און אַזוי לעבן זיי דורך זייער קורצן לעבן, וואָס באַטרעפט ניט מער — אין דורכשניט — ווי דרייסיק יאָר. און אַפילו די היינטיקע נעהרו רעגירונג זעט ניט קיין אַנ־דער אויסוועג פאַר אינדיע ווי נאָר אין דעם, אַז צוויי מיליאָן מענטשן מוזן אויסשטאַרבן א יאָר פון הונגער, אָדער צוויי מיליאָן זאָלן גאָר אינגאַנצן ניט געבוירן ווערן (דורך געבורטס־קאָנטראָל). אָבער אַזוי ווי אַזאַ קאָנטראָל איז שווער איינצופירן אין א לאַנד מיט אַזאַ נידעריקן קולטורעלן ניוואָ, (נאָר צען פּראָצענט קענען לייענען און שרייבן), ווערט „רעגולירט" די צאָל פון דער באַפעלקערונג דורך נויט און הונגער.

און פונדעסטוועגן זיינען צוגעקומען אין די לעצטע צען יאָר מער ווי 40 מיליאָן מענטשן, וואָס איז פשוט א קאַטאַסטראָפע פאַר אינדיע. סיידן גאַנץ אַנדערע און מער דראַסטישע מיט־לען זאָלן אָנגענומען ווערן דורך דער רייכערער וועלט, כדי דער אָרימער ביליאָן באַפעלקע־רונג, וואָס וווינט אין מזרח־אַזיע, זאָל האָבן וואָס צו עסן און קאָנען עקזיסטירן.

און דאָ זעט איר די פּראָבלעמען ניט אין א לערן־בוך פון עקאָנאָמיע, ניט אין דער טעאָריע פון „מאַלטוזיאַניזם", נאָר טאַקע באַשיימפּערלעך: דאָר זיינען די נאַקעטע גלידער, וואָס ליגן פאַר אייערע אויגן אין די גאַסן; זיי קוקן אויס ווי הויפנס ביינער; זיי דערמאָנען אייך די שרעק־לעכע קרבנות אונדזערע אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן, ווי זיי זיינען פאָטאָגראַפירט געוואָרן נאָכדעם, ווי די ענגלישע סאָלדאַטן האָבן באַפרייט בערגען־בעלזן....

ענדלעך זיינען מיר אין דער וווינונג פון די רעמבוימס. גרויס איז די שמחה, ווען מיר באַגעגענען זיך ווידער נאָך יאָרן פון צעשיידונג.

באַטש רעמבוים איז נאָך אַלץ ניט קיין גביר, פאַרמאָגט ער אָבער פיר מענלעכע דינער, וועלכע פאַרדינען אַלע צוזאַמען א קימא־לן פון א פאָר צענדליק דאָלאַר א חודש. אַט איז א קיכער, א הינדו, מיט א פיינער שוואַרצער באָרד, וואָס קוקט אויס, ווי אן אַמאָליקער תלמיד־חכם אין א ליטוויש שטעטל.

דערציילט מי רדי באַלעבאָסטע א שיינע מעשה, וואָס האָט די טעג געטראָפן אַט טאַקע מיט דעם חשובן קיכער. ער איז שוין צוויי יאָר פון דער היים, א טוזינט מייל ווייט פון דאָרטן. ער האָט דאָרט איבערגעלאָזן א יונגע ווייב, צו וועלכער ער שיקט יעדן חודש א פאָר פונט רייז און די פערציק רופּים (זעקס רופּים זיינען א דאָלער), וועלכע ער קריגט געהאַלט. באַקומט ער די טעג א בריוול פון זיין דאָרף, אין וועלכן מען איז אים מודיע, אַז זיין ווייב האָט אים, מיט מזל, געבוירן א זון.

לויפט ער אָנזאָגן די שמחה דער באַלעבאָסטע. עפנט זי אויף א פאָר גרויסע אויגן און פרעגט אים דערשטוינט:

אָבער, טאַדזשי, דו ביסט דאָך שוין צוויי יאָר ניט געווען אין דער היים"?.... ענטפערט טאַדזשי: „יאָ, מיסעס! אָבער מיין זון איז דאָך געבוירן געוואָרן דורך מיין לייבלעכן ברודער, וועלכער לעבט מיט מיין ווייב"...

קלערט מען מיר אויף: אין אינדישן דאָרף ווערט באַטראַכט פאַר פולשטענדיק נאָרמאַל, אַז ווען דער מאַן פאָרט אוועק אין דער ווייטער שטאָט אַרבעטן, מעג אים פאַרטרעטן, מיט זיינע פונקציעס אַלס מאַן, זיין ברודער. אין ערגסטן פאַל אַן ערשטער קוזין, ווייטער טאָר דאָס ניט גיין...

פרעמד זיינען פאַר ואנדז די מנהגים אין די דאָזיקע פרעמדע לענדער. אפילו אין קאַל־קוטאַ, — שוין ניט רעדנדיק אין די קלענערע שטעט — זיצט די ווייב און וואַרט מיטן נאַכט־עסן אויף איר מאַנס קומען, מעג עס זיין ביז אין מיטן נאַכט. און אַז ער קומט שוין יאָ, גיט זי אים עסן, אָבער זי ווערט צום טיש ניט גערופן. זי מוז עסן באַזונדער.

און אַז דער מאַן ווערט אַלט און זיין ווייב ווערט אַלט, זוכט ער זיך אויס א יונג מיידל פון צען־צוועלף יאָר און קויפט זי אָפּ ביי איר טאַטן. דער פּרייז איז שפּאָט ביליק, א מאָל ניט מער ווי א פונט רייז, ווייל יעדער אָרימער טאַטע וויל וואָס שנעלער פטור ווערן פון אזא „מכה", ווי א טעכטערל.

און אַז דער אַלטער מאַן שטאַרבט, גייט דאָס מיידל אוועק צוריק צום טאַטנס שטוב. זי טאָר שוין מער ניט חתונה האָבן. זי טוט זיך אָן אין שוואַרצן, און אַזוי גייט זי שוין איינגע־וויקלט אין א שוואַרצן לייַלעך איר גאַנץ לעבן. זי איז געוויינלעך די דינסט פון דער פאַמיליע; זי „טרויערט" נאָך איר מאַן, וועלכן זי געדענקט שוין געוויינלעך ניט.

נעהרוס רעגירונג האָט דאָ ניט לאַנג אָנגעהויבן דורכפירן א געזעץ, וועלכער וועט פאַר־לייכטערן דעם שיקזאַל פון די מיליאָנען מינדעריעריקע אַלמנות, וואָס זיינען א פּלאָג פאַר

אינדיע. אָבער דערווייל איז נאָך די פאַרלייכטערונג ניט געקומען. אַמאָל פלעגט מען אין אינדיע האַנדלען מער „הומאַניטאַריש" מיט קינדער־אַלמנות: מען פלעגט זיי לעבעדיקערהייט פאַרברענען אויפן שייטער־הויפן צוזאַמען מיטן קערפּער פון געשטאָרבענעם מאַן. נאָך אין די זיבעציקער יאָרן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט האָט דער דאָזיקער מנהג אָנגעהאַלטן אין בענגאַל.

*    *
*

דעם צווייטן פרימאָרגן פירט אונדז מײַן נײַער פרײַנט, עריק מאָזעס, אין ביוראָ פון דער מערקווירדיקער אַריסטאָקראַטישער עליאַס־פאַמיליע. איך רוף דאָס אַן „ביוראָ", כאָטש דאָס איז אַ פולשטענדיקע געבײַדע מיט גרויסע זאַלן, אין וועלכער עס אַרבעטן הונדערטער אָנגע־שטעלטע, און אויף דער אײַנגאַנגס־טיר פון דער געבײַדע, איז צוגעקלאַפּט אַ גרויסע פײַן־געשניצטע הילצערנע מזוזה. און אַז מען גייט אַרײַן אין הויפּט־אָפיס זאַל, זעט מען פאַר זיך אַ ים מיט קעפּ פון באַאַמטע, וועלכע זיצן בײַ שרײַב־טישן. אָבער אויף יעדנס קאָפּ איז אַ יאַרמעלקע. ניט קיין געפּאַרבטע הינדוסישע היטעלע, נאָר טאַקע אַ שוואַרצע יידישע יאַר־מעלקע. בײַ די עליאַסעס אין געשעפט טאָר מען ניט זיצן אָן אַ היטל. און דאָ איז דער לעבנס־נערוו פון דער קאָמערציעלער קאַלקוטאַ. דאָ האַנדלט מען מיט אינדיעס טײַערסטן עקספּאָרט־אַרטיקל „דזשוטאַ" (סחורה פאַר זעק). דאָ ווערט רעגולירט דער פּרײַז פאַרן וועלט־מאַרק. און דאָרט הינטערן גלעזערנעם טיר, זיצן די „קאַפּעלמייסטערס" פון דער גרויסער אונטערנעמונג, ניסים עליאַס און טעאָדאָר דזשייקאָבס, זײַן שוואָגער. בײדע אין יאַרמולקעס, בײדע פרײַנט־לעכע, פול מיט חשק צו זײַן די מכניס־אורחים אין קאַלקוטאַ.

אַן אויטאָמאָביל מיט אַ דרײַווער ווערט גלײַך געשטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע. מר. מאָזעס, וואָס אַרבעט בײַ זיי אין געשעפט, ווערט באַפרײַט פון זײַנע פליכטן, כדי ער זאָל אונדז קאָנען באַגלייטן. און אויף מאָרגן ווערן מיר אײַנגעלאַדן צום פּריוואַטן־צונאַכטס־מאָלצײַט אין דער שטוב פון מר. דזשייקאָבס, וווּ מיר דאַרפן זיך טרעפן מיט אַלע מיטגלידער פון דער אָנ־פירנדיקער פאַמיליע אין קאַלקוטער יידנטום.

מער ווי אַלץ פרייט זיך מיטן אויטאָמאָביל מײַן פרוי. זי האָט פײַנט די לײַכטע „ריקשאָס", וועלכע ווערן געצויגן פון דאַרע הינדוסן מיט לאַנגע פיס. זי וויל גאָר ניט, אַז אַ מענטש זאָל איר שלעפּן ווי אַ פערד.

איצט האָבן מיר אַ „קאַר" — וועט זי פאַרשפּאָרן זיך קריגן מיט מיר איבער די „ריקשאָס".



כאָטש מיין האָטעל־צימער אין קאַלקוטאַ, אינדיע, איז געווען „עיר קאָנדישאָנד", האָט אָבער דאָס עלעקטרישע מאָטאָרל אַזוי געקלאַפּט, אַז איך האָב ניט געקאָנט שלאָפן. בין איך דער־וויבער ארויס פון האָטעל פינף פאַרטאָג און געמאַכט א שפּאַציר דורכן צענטער פון שטאָט, וועלכער ציט זיך פון פּלאַץ, ווו מיר וווינען ביז דעם באַרימטן אַרכיטעקטור־וווּנדער, — דעם וויקטאָריאַ־מאָנומענט, — וואָס קעניגט איבער גאַנץ קאַלקוטאַ מיט זיינע ווייסע טורעמס, מיט קופּאָלן, מיט זיינע בלומען־לאָנקעס, דורכגעשניטן מיט שפּרודל־זילבערנע וואַסערן. דאָס איז עפּעס ווי א חלום אין מאַרמאָר שטיין פאַרגליווערט.

יאָ, אָבער דער וועג צווישן די לוקסוס־געביידעס, וואָס רינגלען ארום מיין האָטעל און דעם „קונסט־חלום" פון שטיין, דעם וועג וואָס איך מאַך איצט דורך, דאַרף מען לערנען. אַלע טראָטואַרן, גאַסן, פּלעצער, זיינען פאַרלייגט מיט שלאָפנדיקע מענטשלעכע קערפּערס, מיט ווייַ־כע ליילעכער צוגעדעקט.

דאָ „וווינט" אינדיעס אָרימקייט, וואָס האָט ניט און קיינמאָל ניט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ. דאָ ווערן געבוירן קינדער און דאָ גייען אוים די דאַרע קערפּערס, אָן פּעטס, פון הונגער, קראַנקהייט, נויט אָדער פון אַלטקייט (דורכשניטלעך לעבט מען אָבער דאָ ניט מער ווי דרייסיק יאָר...) און פונדאַנען טאַקע נעמט מען זיי צו דירעקט צו דער ריזיקער קרעמאַ־טאָריום אויפן ברעג פון הייליקן טייך גאַנגעס, ווו מען פאַרברענט זיי אויפן שייטערהויפן...

לאַנגזאַם כאַפּט זיך אויף די גאַס. די לעבעדיקע מתים באַגיסן זיך, וואַשן זיך פון עמערס מיט אָנגעגרייטן וואַסער. פון די בלעכענע קיכן, וועלכע ווייניקע גליקלעכע פאַרמאָגן, — גייט א רויך. קראָמען מיט שאַרפע געווירצן עפענען זיך. זיי שטעלן אוים זייערע זעקלעך מיט בעב־לעך, מיט פעפער, וועלכע איבעראַשן אייך מיט דער רייכקייט פון זייערע קאָלירן (די גמרא, אין ברכות, דף ל"ב, לויבט שטאַרק דעם דאָזיקן אינדישן פעפער), פעדלערס, וואָס האַנדלען מיט בענדלעך ,מיט סקאָרפּעטן, מיט פאַרביקע קינדער־צאַצקעס, שטעלן זיך אוים מיט זייערע באַוועגלעכע פושקאַרדס. אָבער אויך אַנדערע פעדלערס טרעף איך בעת מיין שפּאַציר. דאָס זיינען וועגעלעך מיט קאָמוניסטישער ליטעראַטור. איך פאַרשטיי ניט די אויפשריפטן אין די שפּראַכן הינדוסטאַניש, בענגאַליש, מאַראַטיש אָדער אורודיש, אָבער איך דערקען די בילדער אויף די בראָשורן און אויף די איינצלנע בלעטלעך: מאַרקס, לענין, סטאַלין, מאַאָ פון כינע און נאָך.

אינמיטן פון מאַרק שטייט די געביידע פון אַמעריקאַנער אינפאָרמאַציע־צענטער. דורך די שפּיגל־פענסטער זעט מען די בילדער פון פרעזידענט אייזענהאַוער, פון קעפּיטאָל אין וואַשינג־טאָן, פון פאַרשידענע אַמעריקאַנער שטעט מיט וואָלקנס־קראַצערס. אויך דאָ ליגן אויסגעלייגט

בראשורן אין די הינדוסישע שפראכן און דיאלעקטן. און הינדוסישע אינטעליגענטע באאמטע צעטיילן זיי און ענטפערן געדולדיק אויף אלע פראגן. אפילו די „ניו יארק טאימס״, אינגאנצן אייניקע טעג אלט, באקום איך אומזיסט.

דא זעט איר פאר די אויגן דעם קאמף פון אידייען, ווי ער אנטוויקלט זיך אינעם דאזיקן מענטשן־קעסל, וועלכער האט זיך גארניט לאנג אנגעהויבן אויפקאכן... אבער כל־זמן מיליאר־נען מענטשן וועלן שלאפן אויף די גאסן און שטארבן פריצייטיק פון נויט און קראנקהייטן, וועט די „באטאליע״ פון ביליקער ליטעראטור גארניט העלפן. אויב איר האט אפענע אויגן און ווארימקייט אין הארצן צום ברודער־מענטש, זעט איר דאס, פילט איר דאס בעתן פרימארגן־שפאציר איבער קאלקוטא.

איך גיי צוריק אין דער ריכטונג צו מיין האטעל און שטעל זיך אפפוצן די שיך. ווען א הינדוסיש יינגעלע מיט אווירינגלעך באארבעט מיין לינקן שוך, דערנענטערט זיך צו מיר עפעס א מאדנע פיגור: דאר, אין ווייסן איינגעוויקלט, א שווארץ בערדל רינגלט ארום זיין יונג פנים. אויגן, ווי שפיזן שטעכן אייך דורך און קריכן אריין טיפער אין אייער הארץ, ווי איר ווילט צולאזן. ער שמייכלט, רעדט א גוטן ענגליש, באגריסט אייך אין נאמען פון אלמעכ־טיקן פאטער אין הימל... פון אנפאנג בין איך זיכער, אז עס איז איינער פון די צאל־רייכע בעטלערס, וועלכע באלעסטיקן טוריסטן. ענטפער איך מיט א „גוט מארגן״ און דריי זיך אפ פון די ברענענדיקע אויגן, וועלכע מאכן מיך אומרואיק, אבער דאן דערהער איך די אביסל שפאטישע פראזע:

„א, האט קיין מורא ניט, איך וויל ניט פון אייך קיין רופים. איך דארף ניט אייער געלט. אייער געזיכט, אבער, האט מיך פאראינטערעסירט, וויל איך זיך מיט אייך באקענען״.

קלער איך: אפשר א פראפאגאנדיסט, א פאליציי־אגענט? פון דער אנדער זייט, וואס האב איך דא מורא? עס איז דער צענטער פון קאלקוטא און אינמיטן העלן טאג.

ווער איך פריינטלעך צו אים, בפרט אז צייט האב איך, ווייל דער פוצער מיט די אווי־רינגלעך טוט זיין ארבעט פילאזאפיש און גרינטלעך.

בקיצור, מיין פארשוין איז א שילער פון א בארימטן „יאגי״, פון א הייליקן, אויף וועמען די קערפערלעכע ליידן, אפילו דאס זיצן אויף הייסע קוילן, ווירקן גארנישט; פאר וועמען די הימלען זיינען אפן און די סודות פון דורות, וואס זיינען פארגאנגען אין די צייטן, וואס וועלן קומען, לייענען זיך, ווי פון אן אפענעם בוך. אזוי זאגט ער.

און ער בעט ביי מיר די דערלויבעניש איבערצוציינגן מיך אליין אין זיין מאגישער קראפט. לאז איך זיך אריינקוקן אין די אויגן, באטראכט ער מיינע הענט און אבסערווירט מיין אטעם. נאכדעם בעט ער ביי מיר א שטיקל פאפיר, שרייבט עפעס אן דערויף מיט מיין פען און הייסט מיך דאס פארשטעקן שטארק אין א פארמאכטער האנט. איצט פרעגט ער קשיות: וויפל בין איך אלט, וואס איז מיין באשעפטיקונג, פון וועלכן לאנד איך קום? ענטפער איך אלץ פינקט־לעך. דערנאך הייסט ער מיר לייענען דאס פאפירל, וועלכעס איך האלט פעסט פארשטעקט

אין מיין האַנט. צו מיין גרויס איבערראַשונג זיינען שוין דאָרט פון פריער פאַראַן אַלע תשו־בות, וואָס איך האָב אים געגעבן. אַפילו דער חודש אין וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן, און מיין באַשעפטיקונג („שרייבער"), פון וועלכער איך מאַך דאָך ניט קיין לעבן... און נאָכ־דעם האָט ער מיר געזאָגט:

„איר האָט א פרוי און צוויי זין. איר וועט לעבן לאַנג, אויב איר וועט זיך היטן פון פאַרקילונג און פון מאַגן־קראַנקהייטן און — היינט נאָך וועט איר איבערלעבן א קראַנקהייט. אָבער איר זאָלט זיך ניט דערשרעקן, ווייל דאָס וועט שנעל אריבערגיין".

איך מוז זיך מודה זיין, אַז זיין צעטעלע אין מיין האַנט (וועלכן איך באַזיץ נאָך איצטער), האָט מיך אַבסאָלוט איבערצייגט, אַז עפּעס איבערנאַטירלעכעס, וואָס איר קאָנט ניט דערקלערן מיט די פּסיכישע און פיזישע געזעצן, וואָס זיינען אייך באַוווּסט, איז פאַראַן אין דעם דאָזיקן יאָגי־תלמיד. אָבער ווען איך האָב אים געוואָלט געבן א פּאַפּירל פון פינף רופּיס און ער האָט זיך אַנטזאָגט צו נעמען, בין איך נאָך מער איבערצייגט געוואָרן. ער געזעגנט זיך מיט מיר מיט אויגן, וואָס זעען אַזויפיל און מיט א שמייכל, וואָס איז מבטל אַלץ ארום אונדז...

איך קום צוריק אין האָטעל אין א ביסל אומהיימלעכער שטימונג. פאַרשטייט זיך, האַלט נישט פון דער גאַנצער יאָגי־מעשה מיין רעאַליסטיש ווייב. זי עצה'ט מיך, אַז איך זאָל זיך א טאָפּ טאָן אין דער הינטערשטער קעשענע, ווו מיינע דאָלאַרן ליגן, צי האָט ער זיי דאָרט נישט אויסגעשניטן מיט זיינע פייערדיקע אויגן...

ניין, די דאָלאַרן זיינען גאַנץ, אָבער ווידעראַמאָל האָב איך זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון שעקספּירס ווערטער אין „האַמלעט": „פאַראַן אין דער וועלט זאַכן, מיין ליבער האָראַציאָ, פון וועלכע ס'האָט זיך אַפילו ניט גע'חלומט די קליגסטע מענטשן"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גלייך נאָך פרישטיק קומט מיין נייער פריינט מאָזעס מיט זיין סימפּאַטיש ווייבל וויקטאָ־ריאַ. אונטן וואַרט שוין די קאַר, וועלכע די עליאַס־פאַמיליע האָט געשטעלט צו אונדזער דיס־פּאָזיציע. מיר פאָרן זען קאַלקוטאַ.

אָט זיינען מיר אין דזשעין־טעמפּל, וועלכער זעט אויס פונדערווייטן ווי א סימפאָניע פון פאַרביק פאָרצעלאַן באַצירט מיט עדלשטיינער.

שוין באַלד הונדערט יאָר שטייט דער דאָזיקער „מקדש פון נשמה־שטילקייט", ארומגע־רינגלט מיט פּרעכטיקע גירלאַנדעס פון לײדנשאַפטלעך־צעבליטע גרויסע ראָזעס, געווידמעט דעם הייליקן גייסט פון וואַרדאַהאַמאַנא, וועלכער האָט געלעבט מיט מער ווי צוויי טויזנט יאָר צוריק און וועלכער האָט געפּרעדיקט: „דאָס אָפּהיטן פון מענטשנס לעבן איז די גרעסטע מצוה". די גלויביקע פון דעם טעמפּל זיינען די „קווייקערס" פון אינדיע. זיי באַ־שטייען איצט פון רייכע הינדוסישע סוחרים־מאַראַליסטן, וועלכע זוכן דאָ און געפינען זייער נשמה־רו און זוכן אויך צו העלפן די ליידנדיקע און הונגעריקע אָן אונטערשיד פון זייער קאַסטע און גלויבן.

אינעווייניק אין טעמפל שיינט אריין דורכן ראָז־גלעזערנעם סופיט א פאַנטאַסטיש ליכט, וואָס באַגיסט דעם מזבח אינקרוסטירט מיט גרויסע רויע דימענטן, עזמעראַלדן און סאַפירן. — א קאַליידאָסקאָפ פון שיינקייט, וועלכער ווערט איינגעוויקלט אין א שמעקנדיקן וואָלקן פון רויך וואָס הויבט זיך אויף איבער דער גאָלדערנער קרבן־שיסל פול מיט ברענענדיקע קרייטעכצער.

אין די ווינקלען ליגן אויסגעצויגן אייניקע יונגע פרויען און טוען גאָרנישט, נאָר האַלטן אָפן די אויגן אויפן רויך, וואָס דרייט זיך ווי א ספּיראַל צום שפּיציקן דאַך פון טעמפל. די פרויען, ווייזט אויס, זיינען זייער רייך, ווייל אין די לעפּלעך פון זייערע נעזער ברענען אמתע בריליאַנטן, אָנשטאָט די גאָלדענע רינגען, וועלכע פרויען פון הינדוסישן מיטלקלאַס טראָגן נאָך איצטער.

באַטויבט פון דער שטילקייט (ווייזט אויס אויך קאָנצענטרירטע שטילקייט קאָן באַטויבן), זיינען מיר ווייטער ממשיך אונדזער וועג איבער קאַלקוטאַ. איצט זיינען מיר אין דער געגנט פון פּאַרט, ווו אויף הילצערנע באַרזשעס אָדער גרויסע דאַמפּער ווערט אָנגעלאָדן דאָס רייכקייט פון אינדיע: די דזשוטאַ־מאַטעריאַל פאַר זעק און שטריק. ציען זיך ריזיקע וועגענער געשלעפּט דורך אָקסן מיט מאָדנע פאַרדרייטע גרויסע הערנער. פּעק מיט דזשוטאַ פאַרדעקן דעם אויסזיכט אויף די גאַסן, פּעק מיט רויע גרויסע קודלעס געבונדן מיט דיקע שטריק. דער טייך הופלי, א שטראָם פון הייליקן גאַנגעס, פּייפט און קרעכצט, באַדעקט מיט די שיפן און מיט האַלב־נאַקעטע מענטשן, וועלכע שלעפּן די משא אויף זייערע דאַרע פּלייצעס.

אָבער א ביסל ווייטער ווערט דער זעלבער טייך — הייליק. די וואַסערן פון גאַנגעס הויבן זיך אָן: מיר דערנענטערן זיך צום פּלאַץ, ווו אינדיע ברענט אירע טויטע מיטן זעלבן ריטואַל, וועלכער דויערט שוין פיל טויזנטער יאָרן. כאָטש די היץ ברענט אומדערטרעגלעך דעצידיר איך זיך ארויסצוגיין פון אויטאָמאָביל צוזאַמען מיט עריק מאָזעס. אונדזערע פרויען בלייבן אין קאַר: עס איז צופיל פאַר זיי סיי דאָס אויסשטעלן זיך אויף דער ברענענדיקער זון, סיי דאָס אָנקוקן ווי טויטע קערפּערס ברענען.

דער פּלאַץ רופט זיך די „ברענענדיקע גהאַטס” און ליגט ביים ברייטסטן אויסגאַנג פון הייליקן טייך. דער גאַנגעס איז צעגאָסן, ווי א ים, און וועלכן עס שווימען טויזנטער, טויזנטער גלויביקע, וועלכע זוכן דאָ א רפואה און א באַרואיקונג. עס שווימען אָבער אויך איבער דער פלעכע פון טייך קערפּערס פון גע׳פּגר׳טע קי, פון יענע הייליקע קי (איבער הונדערט מי־ליאָן), וועלכע די הונגעריקע הינדוסן טאָרן ניט עסן און טאָרן אַפילו ניט אָפּטרייבן פון זיך, ווען זיי פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס אין די טומלדיקע גאַסן און פּלעצער פון גרויסן סוב־קאָנטינענט. אַפילו די מאָדערנע אינדיע פון נעהרו קאָן גאָרניט טאָן קעגן דער פּלאָג פון „הייליקן קו־פּסיכאָז”.

אָבער, א נאָך שרעקלעכער בילד ווי די שווימענדיקע גע׳פּגר׳טע קי, איז די צערעמאָניע פון פאַרברענען די טויטע.

שטייען הויכע שייטערס מיט האָלץ און ברענען. אינמיטן יעדן פון זיי ליגט איינגעוויקלט אין דיקן גרויען פּאַק־פּאַפּיר א טויטער מענטש. ארום דעם פייער זאַמלען זיך די קרובים מיט

אָנגעצונדענע שטעקנס אין זייערע הענט מיט וועלכע מען האָט נאָר וואָס אונטערגעצונדן דעם שייטער האָלץ.

צענדליקער אזעלכע „קאָסטרעס" ברענען דאָ פאר מיינע אויגן. עפּעס א וויינענדיקע מאַמע באַגיסט מיט אַן עמער גאַנגעס־וואַסער דעם נאָך ברענענדיקן אַש, וועלכער איז מיט א שעה צוריק געווען דער קערפּער פון איר קינד. דאָ, ביים זייט ליגן קרובים צונויף שטאַפּלענווייז א פּיראַמידע פון האָלץ און דער קערפּער פון מת וואַרט ביז מען וועט אים ארויפליייגן. אַנדערע שטייען שוין אָנגעגרייט מיט באַמבוס־שטעקנס, וואָס ברענען, כדי גלייך פון אַלע זייטן אונ־טערצוצינדן דאָס האָלץ.

זאָגט מיר עריק מאָזעס: „אויב דער קערפּער אַנטהאַלט אין זיך א ביסל פעטס, ווערט ער שנעל פאַרברענט, אויב ניט, ווי עס איז אין מערסטנס פאַלן, ברענט ער קוים און עס בלייבן שטיקער ניט צעברענטע פלייש און ביינער. און זעט: איבער אונדזערע קעפּ דרייען זיך שוואַר־צע, גרויסע רויב־פויגל. זיי וועלן זיך באַלד אַראָפּלאָזן איבער דער ניט געענדיקטער שריפה און וועלן אויספּיקן וואָס עס איז געבליבן"...

יאָ, די רויב־פויגל, וואָס דרייען זיך דאָ כמאַרעווייז אין קרייזן, פאַרגרעסערן דעם אומעט און שרעק פון דאָזיקן „טויטן־טאָל" ביים גאַנגעס.

אינגאַנצן א דערדריקטער קום איך צוריק צו דער קאַר און מיין פרוי לאָזט זיך אפילו ניט דערציילן, וואָס מיר האָבן דאָרט געזען. אַגב, פאַרשטיי איך זי אויסגעצייכנט, ווייל די ברע־נענדיקע שייטער הויפנס, די גהאַטס, האָבן נאָך לאַנג מיך פאַרפאָלגט אין שלאָפלאָזע נעכט.

איצט זיינען מיר אויף א מאַרק, וווּ מען פאַרקויפט פרוכטן. פיל פון זיי האָב איך קיינ־מאָל ניט געזען. ספּעציעל געפעלן מיר אַזעלכע זאַפטיקע פּירות, וואָס קוקן אויס ווי היימישע אַגרעסן. די מאָזעסעס זאָגן, אַז ווען מ'שיילט זיי אָפּ, מעג מען זיי עסן רויערהייט. פּרוביר איך טאַקע אייניקע פון זיי און זיי האָבן אַלע טעמים פון גן־עדן. זיי לעשן אפילו מיין דורשט. אָבער עס האָט ניט געדויערט קיין איין שעה, ווי מיר זיינען צוריקגעקומען אין האָטעל, איז ביי מיר געוואָרן גאַרניט גוט (ווידעראַמאָל מיין קלוגע פרוי, זי האָט זיי אפילו ניט פאַרזוכט). עס האָט אָנגעהויבן צו איבלען, ברעכן. א שאַרפער ווייטיק אין בויך, אַנגסטן שלאָגן ארויס אי־בערן גאַנצן קערפּער. בקיצור, אַלע סמנים פון כאָלערע־קראַנקהייט, און אין אינדיע הערט דאָך די כאָלערע־עפּידעמיע קיינמאָל ניט אויף. צום גליק איז אָנגעקומען מאָזעס. ער וויל מיך נעמען אויפן פּריוואַטיק־צו־נאַכטס מאָלצייט, וואָס די עליאַסעס און די דזשייקאָבס האָבן פאַר אונדז אַראַנזשירט, איינלאַדנדיק חשובע געסט. אָבער אָנשטאָט דעם פּירט ער מיך אין אַפּ־טייק, ווייל אין אינדיע האָט יעדער אַפּטייק א דאָקטאָר, וואָס נעמט דאָרטן אויף קראַנקע און גלייך אויפן פּלאַץ פּרעפּאַרירט מען די רפואות.

א קרעכצנדיקן און האַלב־טויטן, ברענגט מיך מאָזעס צום דאָקטאָר, אַן ענגליש־רעדנדיקן טונקל־הויטיקן הינדוס, וועלכער איז דער פאַמיליע דאָקטער פון דער עליאַס־משפחה.

מיין איינציקע נחמה זיינען איצט די ווערטער פון יאָגי־תלמיד, וועלכע קלינגען אין מיינע אויערן אין דאָזיקן האַלב־באַוווּסטזיניקן צושטאַנד: „נאָך היינט וועט איר איבערלעבן א קראַנקהייט. אָבער שרעקט זיך ניט, זי וועט שנעל אריבערגיין".

בקיצור, דער דאָקטאָר נעמט זיך גאָר וואַזשנע צו מיר. פריער גיט ער מיר איין עפּעס א ווייסן געטראַנק, וועלכער וואַרפט מיך אין קאָנוווּלסיעס, אָבער ער, דער דאָקטאָר, איז גליקלעך: „ניין, קיין כאָלערע איז דאָס ניט, אין צוויי שעה ארום וועט איר זיין געזונט"... נאָכדעם א מאַסאַדזש פון בויך, נאָכדעם ווידער א געטראַנק. איך פיל זיך ווי אינגאַנצן אויסגעלייריקט פון געדערים, אָבער יונג און לייכט. גיב איך אָבער א קוק אין שפּיגל, דערשרעק איך זיך פאַר זיך אליין: א געל אויסגעמאַטערט פּנים קוקט מיך אָן מיט פיבערדיקע אויגן ווי ביי יענעם יאָגי־תלמיד.

און אין אזא צושטאַנד פאָרן מיר צו די דזשייקאָבס, וועלכע צוזאַמען מיט די עליאַסעס, וואַרטן אויף מיר מיטן אָוונט־ברויט.

מיר שטעלן זיך אָפּ א ביסל ווייטער פון זייער הויז, ווייל כאָטש איך בין קראַנק און פאַר דאָך פון דאָקטאָר, וויל אָבער ניט מאַזעס מען זאָל אונדזערע געסט־געבער באַליידיקן מיט א קאַר, וואָס פאָרט פּריוויט צו־נאַכטס אריין אין זייער גאָרטן.

אַלע וואַרטן אויף אונדז, — א פּאָר צענדליק מענטשן, — פון דיביידע מאַגנאַטישע משפּחות. ביים שוועל שטייט מיסיס דזשייקאָבס, אַן עלטערע פרוי, געקליידט אין א סאַרי, מיטן אויסזען פון אַן אָריענטאַלישער פּרינצעסין. זי באַגריסט אונדז אין העברעאיש: „שבת שלום! ברוכים הבאים!"



א פּרייטיק־צו־נאַכטס אין שטוב פון אינדיש־יידישן יחוס וואָלט געווען פאַר מיר דער גרעס־טער געניס, ווען ניט די פּלוצלינגדיקע „כמו כאָלערא" קראַנקייט, וואָס האָט מיך באַפאַלן.

איך האָב זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, ווען א באַיאָרטע מאַטראָנע, — די פרוי לילי דזשייקאָב, — מיט דער גאַנצער מאַמישער גוטסקייט אויף איר אַריסטאָקראַטיש־אָריענטאַלישן פּנים, האָט מיך אַריינגעפירט אין שלאָף־צימער און געהייסן זיך דערוויייל צוליגן אביסל אויפן בעט און אויסטרינקען דאָס גלאָז מאַגנעזיום־מילך, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַראָרדנט. פאַר־שטייט זיך, אז דער געטראַנק האָט נאָכמער פאַרשטאַרקט די רעאַקציע פון „ניט־גוטקייט" און איך האָב מיט אַלץ פאַרשטאַרקטע קרעפטן אָפּגעגעבן אַלץ, וואָס איך האָב געגעסן אין אפשר א וואָך צייט... אָבער מיך האָבן געשטאַרקט די ווערטער, וואָס דער מיסטישער יאָגי האָט היינט פרי פאָרויסגעזאָגט: „עס וועט אייך באַפאַלן א שווערע קראַנקהייט, נאָר שרעקט זיך ניט, ווייל זי וועט איבערגיין אין א פּאָר שעה!..."

און פּלוצלינג האָב איך זיך דערפילט לייכט און געזונט, כאָטש ווען איך האָב א קוק גע־טאָן אין שפּיגל האָב איך זיך ניט דערקענט: אזוי געל און איינגעשרומפּן איז געוואָרן מיין געזיכט.

אָבער איך גיי שוין אריין אין גרויסן, העל־באַלויכטענעם עס־צימער. אַלע געסט הויבן זיך אויף אַנטקעגן. דאָ זיינען ביידע עליאַסעס, — די דזשוטאַ־מאַגנאַטן פון אינדיע, — דאָ איז די גאַנצע דזשייקאָב־פאַמיליע, זייערע שוואָגערס און שותפים; און אָט איז דער יונגער רב אליהו מוסלעהאַ, וועלכן די עליאַסעס נעמען אריין אין זייער משפחה, כדי די קאַלקוטאַ־געמיינדע זאָל ענדלעך באַקומען א גייסטיקן פירער.

עס איז אויך פאַראַן א ישראלדיקער יונגערמאַן, א. א.דיוואַ, וועלכער רעפּרעזענטירט אין אינדיע געוויסע ישראל'דיקע אינדוסטריעס.

די שטימונג איז א פייערלעכע. אַן אור־אַלטער שבת־לאָמפּ, מיט פינף חלב־גלעזער, אין וועלכע ס'ברענען קנויטן, טיילט זיך באַשיידן ארוים פון די קרישטאָלענע קאַנדעלאַברען, וואָס רינגלען אים ארום. דער אַלטער דזשייקאָב מאַכט קידוש. עס ווערן סערווירט פיש און פליישן, געפּעקלט אין געווירצן און אין פילפאַרביקן פעפער. פאַרשטייט זיך, אז צוליב מיין געזונט־צושטאַנד ריר איך זיך אפילו ניט צו צו דעם, און טרינקענדיק מיין גלאָז טיי נעם איך א לעב־האַפטיקן אָנטייל אין שמועס, וועלכער אַנטוויקלט זיך, אין ענגליש, ארום טיש.

מיין שכן, עריק מאָזעס, רוימט מיר איין אין אויער, אז אונדזער גאַסט־געבערין לילי לאה דזשייקאָב ווערט פאַרעכנט פאַר א צדקנית צווישן די יידן אין אינדיע: זי האַלט אויס אַלע

אַרעמע פאַמיליעס, וואָס ווענדן זיך נאָך הילף, און איז זיך אפילו מתעסק פּערזענלעך ביי דער טהרה פון יעדער געשטאָרבענער יידישער פרוי.

ווּיסנדיק, אַז איך בין אין א הויז, וואָס קאָנטראָלירט א פּאַרמעגן פון ארום פופצן מיליאָן ענגלישע פונט, האָב איך אויף א דעליקאַטן אופן געפרעגט דער גאַסט־געבערין פאַרוואָס דאָס מעבל אין די צימערן איז ניט מאָדערניזירט, אַזוי ווי איך האָב עס געזען אין אַנדערע הייזער אין קאַלקוטאַ, וועלכע איך האָב באַזוכט.

איז איר תשובה, אַרויסגעזאָגט אין א זייער באַשיידענעם טאָן, געווען מערקווירדיק:

„כל זמן דער אָרעמסטער באַאַמטער אין אונדזערע ביוראָען קאָן זיך ניט דערלויבן אויף בעסערע מעבל, וועל איך אויך מיינע ניט בייטן".

איך האָב ניט געצווייפלט, אַז די דאָזיקע רייכסטע פרוי אין אינדיע מיינט טאַקע וואָס זי זאָגט.

מען האָט געזונגען זמירות, א געמיש פון באַגדאַדישן אַראַביש און העברעאיש, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען, כאָטש דער ניגון, א גלגול פון אַלטן בבל, האָט געפונען א האַר־מאָנישן ווידערקלאַנג אין מיין אונטערבאַוווּסטזיין.

דער יונגער רב, א. מוסלעהאַ, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין קאַלקוטאַ און האָט שטו־דירט אין לאָנדאָן, דערציילט, אַז די יוגנט ווערט אַלץ מער אַריינגעצויגן אין יידישע אינטערעסן א דאַנק דעם ציוניסטישן קלוב „דזשודעאַ", ווי אויך צוליב די דעבאַטן־פאָרומס, וואָס ווערן אָרגאַניזירט אין די צוויי סינאַגאָגעס (ביידע אויסגעהאַלטן דורך די עליאַס־דזשייקאָב פאַמיליעס) „בית אל" און „מגן דוד". דערביי האָט ער מיך געראָטן איך זאָל מאָרגן, שבת, גיין באַזוכן א קליין, אַלט בית־מדרש'ל, וווּ עס דאַווענען די קאָלירטע יידן, די בני ישראל. זיי זיינען ניט פיל דאָ אין קאַלקוטאַ. דער גרעסטער טייל לעבט אין באָמביי און אין דער פּראָווינץ פון קאָטשין. ווען איך בין מיט פינף יאָר צוריק געווען אין באָמביי האָב איך מיטגעדאַוונט אַן אומפאַרגעסלעכן קבלת שבת אין דער „עקדת יצחק" שול פון די פאַרביקע יידן. זינט דעמאָלט איז דער גרעסטער טייל פון זיי אַוועק קיין ישראל און פיל פון זיי זיינען צוריקגעקומען קיין באָמביי. איצט ווילן זיי ווידער צוריקפאָרן...

---

שבת־פאַרנאַכט בין איך אין דער באַגלייטונג פון רעדאַקטאָר פון „שמע", ניסים מאיר, אַוועק אין דער ווייטער פאַרשטאָט פון קאַלקוטאַ, סאָעקאָס לאַנאַ, באַזוכן דאָס אַלטע „מגן־שלמה" שול'כל.

ווידער האָבן מיר געשפּאַנט דורך די געדיכט־באַפעלקערטע גאַסן, ווו איר זעט אַזאַ אָרעמקייט און עלנט, וואָס איז נאָך ערגער ווי די, וואָס איך האָב געטראָפן אין די כינעזישע שטעט. בעטלער... בעטלער... מיט אויסגערונענע אויגן, מיט אָפענע ווונדן, פון וועלכע ס'רינט

א פּליסיקייט. אָט ליגט אויף דער זייט פון גאַס עפּעס א באַשעפעניש, וועמענס הענט און פיס זיינען אזוי צעקרימט, אַז זיי זעען אויס ווי א צעפלאַטשעטע סוואַסטיקע. דערנעבן שטייט א א בלייענע שיסל, אין וועלכער דורכגייער וואַרפן אריין פּרוטות.

קאַלקוטאַ מיט די פאַרשטעטע ציילט שוין איצט ביי אַכט מיליאָן איינוווינער און א דאַך איבערן קאָפּ פאַרמאָגט נישט אפילו קיין העלפט. גייען זיי איינגעוויקלט אין שמאַטעס, אַנדערע מיט לאַנגע האָר און צעוואַקסענע בערד, — טייל זעען אויס ווי הייליקע, אזוי פיל ליידן גליט אין זייערע אויגן.

דערמאָן איך זיך וואָס מאַדאַם פאַנדיט נעהרו האָט געזאָגט אין ניו יאָרק אַלס גאַסט־רעדנערין אויפן באַנקעט פון יידישע פילאַנטראָפּן: „איר האָט נאָר וואָס דערציילט וועגן דער נויט, וואָס הערשט צווישן דער ניו יאָרקער אָרעמקייט. עס רירט גאָרנישט מיין האַרץ, ווייל דאָס וואָס הייסט ביי אייך נויט, וואָלטן מיר, אין אינדיע, אָנגענומען אַלס אויסדרוק פון גרעסטן לוקסוס!״

און אָט צווישן דער דאָזיקער אָרעמקייט שטייט א קליינע, ווייסע געביידע, אָפּגעקראָכן און אָפּגעלאָזט, ארומגערינגלט מיט אן איינגעפאַלענעם פּלויט. אויפן טויער אן אויפשריפט: „בית הכנסת מגן שלמה״.

מיר זיינען אין מערקווירדיקן תורה־אָרט פון אַמאָליקן אינדיע, דאָרט, ווו דער חכם און גאון ר׳ שלמה תווינא האָט געדרוקט זיין צייטונג „מגיד מישרים״ אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. דער חכם איז שוין לאַנג געשטאָרבן. עפּעס אן עלטער ייד, אָפּגעריסן אָפּגעשליסן, מיט שטעכיקע גרויע האָר אויפן טונקעלן פּנים, מיט א הינדוסישער ווייסער יאַר־מולקע אויפן קאָפּ, מורמלט א באַגריסונג אין א שפּראַך, וועלכע מיר פאַרשטייען נישט. גייען מיר ארויף אויפן באַלקאָן פון שולכל. דער אָרון־קודש שטייט טאַקע דאָרט און א פאַראַומערטע פרוי קומט אונדז אַנטקעגן. זי רעדט שוין ענגליש. זי איז די טאָכטער פון חכם ר׳ שלמה תווינא. און ווען מען פרעגט וועגן דער שול, וויינט זי זיך פּלוצלינג פאַנאַנדער, און זי רעדט ווייטער כלי־פּענדיק:

„איר זעט, אָט דאָס איז דער שכר פאַר אַזאַ צדיק ווי מיין פאָטער איז געווען. יידן קומען מער נישט דאַוונען. די מאַכט וויל פאַרקויפן די שול פאַר נישט באַצאָלטע שטייערן. מיר, די קינדער זיינע, הונגערן. דער אַלטער ייד, וועמען איר זעט דאָ, איז דאָך זיין בן־יחיד. און א שוועסטער זיצט דאָרט, באַהאַלטן, ווייל זי שעמט זיך ארויסצוגיין אין אירע שמאַטעס. און קיינער פון אונדז האָט נישט חתונה געהאַט. דער טאַטע האָט קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן זיך אָדער וועגן זיינע קינדער, נאָר געשריבן ספרים און אַליין זיי געדרוקט...״

זי פירט אונדז אריין אין א קליין צימערל, ווו ס׳שטייט א הילצערנע, אַלט־מאָדישע פּרעס און הילצערנע דרוק־אותיות וואַלגערן זיך ארום. דאָס זיינען רש״י־כתב־אותיות, מיט וועלכע דער חכם האָט געדרוקט זיין „מגיד מישרים״. איך געפין נאָך און נעם מיט דעם לעצטן עקזעמ־

בלאַר פון דער צייטשריפט (פון 23־טן מע״ץ, 1893, ד. ה.: מיט זעכציק יאָר צוריק), אין וועלכן עס איז געבראַכט „וועלט־נייעס" און „דרוש" אונטער דעם נאָמען „מגיד משנה".

שפּעטער באַווייזט זיך די צווייטע שוועסטער, אויך גרוי־האָריק און וויינענדיק. זיי טראָגן אַרוים א בילד פון זייער פאָטער. ער זעט אויס ווי א הינדוסישער מאַהאַראַדזשאַ אין א ווייסן טורבאַן, א לאַנגן כאַלאַט, מיט א לאַנגער, קלאַסישער באָרד. איך פאָטאָגראַפיר זיי אַלע ווי זיי האַלטן דאָס בילד פון חכם תווינא און מיט דעם פאַראייביק איך א טראַגעדיע פון א פאַמי־ליע, וואָס האָט דורות־לאַנג געלויכטן ווי א תורה־פאַקעל אין אינדיע, און ווערט איצט פאַר־טריקנט פון אַלטקייט און עלנט אָט אין דעם לעצטן דור.

דערווייל קומט אָן א טונקל־הויטיקער ייד, געקליידט ווי א מיטל־קלאַס הינדוס. ווען ניט דער פאַקט וואָס ער רעדט העברעאיש, וואָלט מען אים פאַר קיין ייד ניט געקענט אָנגעמען. ער שטעלט זיך פאָר אַלס יצחק זכאי פון קאָטשין. ער האָט דאָ ניט ווייט א בשמים־קראָם און באַפּט זיך אַריין דאַוונען, ווען מען קאָן אויפקלייבן א מנין.

יצחק זכאי איז שוין געווען מיט יאָרן צוריק אין ארץ ישראל, רעדט ער דעריבער א גוטן עברית און ווייס וואָס צו דערציילן וועגן דער געשיכטע פון זיין זעלטענעם שטאָם, פון די פאָר טויזנט יידן, — די „שוואַרצע" און די „ווייסע", — וועלכע בילדן איינע פון די מערקווער־דיקסטע דערשיינונגען פון אונדזער פאָלק.

עס איז ניט גענוג צו באַזוכן די קאָטשינער יידן, — די בני ישראל, — אין באָמביי. מען וועט מאַקע דאַרפן אַמאָל זיך אַראָפּכאַפּן צום עק פון אינדיע, ביים ברעג פון ים, און באַזוכן די קאָטשינער דזשוסטאַון — יידישע שטאָט — וועמענס געשיכטע שטעקט אַזש אין די נעפּל־דיקע צייטן פון צווישן גלות בבל און חורבן בית שני.

דערציילט מיר יצחק זכאי, אַז ער שטאַמט פון די „משוחררים", — פון די באַפרייטע קנעכט, און ניט פון די „מיוחסים", פון די ווייסע יידן, וועלכע זיינען געקומען פון בבל אינ־גאַנצן מיט א יאָר טויזנט צוריק. זכאי זאָגט, אַז אַמאָל האָט זיך אַזאַ ייד ווי ער געשעמט מודה צו זיין אין דער פרעמד, אַז ער איז א „שוואַרצער" קאָטשינער. אָבער איצט האַלט ער, אַז עס איז א גרעסערער יחוס, ווייל זיי זיינען עכטע, און די אַנדערע רופן זיך דאָך אַליין „פּרדסים", וואָס באַדייט „אויסלענדער" אין זייער שפּראַך.

אָ, זיינען זיי אויסגעשטאַנען צרות דערפאַר, וואָס זייער הויט איז טונקעלער ווי די „מיוחסים׳ס" העלע הויט: מען האָט זיך מיט זיי ניט משדך געווען; אין בית מדרש האָבן זיי געמוזט זיצן אויף דער ערד אין הויף. קיין עליות האָט מען זיי ניט געגעבן, אויסער שמחת־תורה. אַמאָל פּלעגט ער, זכאי, אַליין וועלן פאַרענטפערן די פאַרב פון זיין הויט מיט די טויזנטער יאָרן ברענענדיקע זון אין אינדיע. איצט אָבער איז ער זיך מודה, אַז גאָר אַמאָל האָבן זיך יידן געמישט מיט הינדוסישע ווייבער, וועלכע האָבן זיך טאַקע מגייר געווען נאָך דער חתונה, אָבער די קינדער זיינען שוין געבוירן געוואָרן מיט טונקעלער הויט.

פיל הונדערטער יאָרן האָבן די „שוואַרצע״ יידן געדינט אַלס הויז־קנעכט ביי די „ווייסע״. מען האָט זיי פאַרקויפט און געקויפט. נאָך גאָרניט לאַנג, מיט א יאָר זעכציק צוריק, האָט זיך די דאָזיקע טרויעריקע דערשיינונג געענדיקט. מען האָט די לעצטע יידישע קנעכט באַפרייט. לויטן דין האָט יעדער אַזאַ באַפרייטער ייד („משוחרר״) געזאָלט באַקומען פולע רעכט, געמעגט חתונה האָבן מיט א יידישער טאָכטער, אויפגערופן ווערן צו דער תורה, עסן מיט זייערע ברידער ביי איין טיש. פאַקטיש אָבער זיינען די דאָזיקע באַגרענעצונגען נאָך אַלץ ניט אָפּגעשאַפט: עס עק־זיסטירט אפילו א מנהג, אַז ווען יום כפור ענדיקט זיך, קושן א טייל באַפרייטע די הענט פון זייערע אַמאָליקע באַזיצער. יצחק זכאַי האָט דעריבער מער ניט געקענט לעבן אין דער אַט־מאָספערע פון אומגלייכקייט און וויל קיין קאָטשין מער ניט צוריקפאָרן.

זכאַי גיט אָבער צו, אַז די צוויי טויזנט קאָטשינער יידן, סיי די „מיוחסים״ און סיי די „משוחררים״ האָבן שוין איצט דערגרייכט א מין וואָפנשטילשטאַנד, און דאָך זיינען נאָך פאַ־ראַן באַגרענעצונגען פאַר „שוואַרצע״: זיי באַקומען צו קריאת התורה נאָר די עליה חמישי, וועלכע ווערט גערעכנט פאַר דער אמווייניקסטנס בכבודיקער; אויפן בית־עולם ווערט א שוואַר־צער נאָך אַלץ באַגראָבן אין א באַזונדערער אָפּטיילונג, לעבן פּלויט, און חתונות צווישן די צוויי „פאַרבן״ זיינען נאָך אַלץ אין קאָטשין ניט דערלויבט. דער איינציקער אויסנאַם איז פאָר־געקומען מיט א יאָר צוריק, ווען דער זון פון אברהם סאַלעם, דער לידער פון די שוואַרצע, האָט חתונה געהאַט מיט א ווייסער יחוסדיקער יידישער טאָכטער אין דער שול פון באָמביי.

יאָ, עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז צווישן די „משוחררים״ זיינען ניטאָ קיין „כהנים״ און „לויים״, און ווען מען דאַרף זיי האָבן צו תפילות, ווערן זיי אויסגעבאָרגט ביי די ווייסע.

---

ווען איך פאַרלאָז דאָס שולכל טראָגן מיר צו די טעכטער פון חכם תווינא אן אַלטע קמיע — א שטיקל פאַפיר מיט אן אייגנהענטיק געשריבענער ברכה פון זייער גרויסן פאָטער.

איך פאַס זי שפּעטער איין אין א זילבער־שיידל און לויטן מנהג פון מזרח, פיר איך זי מיט, אויף מיינע ווייטע רייזעס.



# יידן אין דער ראָמאַנטישער
# שטאָט סינגאַפור

אפילו אזא עקזאָטיש־ראָמאַנטישע שטאָט ווי סינגאַפּור פאַרלירט פיל פון איר רייץ און „אַנדערשקייט”, ווען מען באַזוכט זי צום צווייטן מאָל. מיט פינף יאָר צוריק בין איך דאָ געוועזן און איבערגעלעבט אַן אידיליע אין דעם יידיש־כשרן הויז פון די שאַרבאַנעס, — א פרוכט־סוחר פון באַגדאַדער אָפּשטאַמונג. עס איז דאַן געוועזן אינמיטן קריג פון ישראל קעגן די זיבן אַראַבישע מלוכות, וועלכע זיינען איר באַפאַלן פון אַלע זייטן. און דאָס האָט רעפלעקטירט אין דעם שטילן הויז פון דעם סוחר שאַרבאַנע. זיין דרייצן־יעריק מיידעלע אסתר האָט געוואָלט אַנטלויפן קיין ישראל און ווערן דאָרט א קראַנקן־שוועסטער און זיין אַכט־יאָריק יינגעלע דוד האָט זיך געקליבן ארויסצוגנב'ענען פון שטוב און אַנטלויפן קיין ישראל און ווערן א סאָלדאַט. איצט בין איך ווידער אין זייער באַשיידענער דירה, אָבער אסתרל איז שוין אין אויסטראַליע, אין דער שטאָט פּערטה, וווּ זי שטודירט אין אוניווערסיטעט, און דודל חזרט די ברכות צו דער הפטרה, ווייל גראָד היינטיקן שבת ווערט ער בר־מצוה. ער איז אפילו גרייט שוין איצט איבערצוזינגען די ברכות מיט א שטיק הפטרה דערצו. און מאָדנע זים קלינגט דער אביסל פרעמדער פאַר מיר באַגדאַדער ניגון ביי די אָפענע פענצטער צו דער סינגאַפּורער גאַס, וווּ געל־הויטיקע כינעזער מישן זיך מיט שאָקאָלאַד־פאַרביקע מאַלאַיער און מיט רויטלעכע שוואַרץ־בערדיקע הינדוסן. און דודל שרייט איבער דעם דאָזיקן טומל מיט זיין אָריענטאַליש־באַגדאַדער ניגון: „על התורה, ועל העבודה, ועל הנביאים”...

מער ווי א מיליאָן איינוווינער פאַרמאָגט די דאָזיקע הויפּטשטאָט פון מאַלאַיער האַלב־אינדזל, אָבער ניינציק פּראָצענט פון דער שטאָט־באַפעלקערונג זיינען גאָר כינעזער. זיי באַהערשן די מערק, די הייזער, די טעמפּלען. א שפּרינקל הינדוסן, וועלכע געהערן דאָ צום רייכן האַנדלס־קלאַס, — זיי זיינען א גרופּע פאַרשלאָסן אין זיך, פאַרוויקלט אין זייערע ווייסע לייַלעכער, אויף וועלכע עס פאַלן די שוואַרצע בערד און אומהיימלעך לויכטן די פינקלדיקע אויגן. און די מאַלאַיער, — די בעלי־בתים פון לאַנד, — שלעפּן דאָ „ריקשאַס” — דער פּאָפּולערער פּאַרקער־מיטל, זיינען איינגעשפּאַנט אין „אַרבאַס” — די פראַכט־וועגענער אויף צוויי רעדער, אָנגעלאָדן מיט משא. און ערגעץ־ווו אין די טיפענישן פון האַלב־אינדזל קומט פאָר א פאַרביסענער קריג צווישן מאַלאַיער רעבעלן און ווייסן גומי־פּלאַנטאַטאָר, וועלכער ווערט פאַרטיידיקט דורך ענגלישע סאָלדאַטן, — אַן אומ'ברחמנות'דיקער גערילאַ־קריג, וואָס שלינגט איין טויזנטער קרבנות און צו וועלכן מען זעט גאָר קיין סוף ניט. און דאָ ניט ווייט, גלייך איבערן לאַנגן בריק, וואָס איז איבערגעוואָרפן פון סינגאַפּור קיין דזשאָהאָר, לעבט דער סולטאַן, דער נאָמיגעלער הערשער מיט זיין וואונדער־שיינער קעניגין, וועלכע איז א רומעניש־יידישע טאָכטער. וואָלט איך דאָך באַלד געדאַרפט לויפן זיי זען אין זייער פּאַלאַץ, — איז אָבער דאָס אומגליק, וואָס אין לאַנדאָן קומט גראָד פאָר די „קאָראָנאַציע” פון דער קעניגין עליזאַבעט, און דאָס כול־

טאַנישע פּאַרל איז דאָרט אַוועק... ווו עס שפּאַרן אַלץ אָן רומענישע יידישע טעכטער: איין קעניגין — דאָס ווייב פון פאַרשטאָרבענעם קעניג קאַרל פון רומעניע, מאַגדא לופּעסקו — האָב איך געטראָפן אין ריאָ דע זשאַנייראָ; און די צווייטע, די סולטאַניכע פון דזשאַהאָר, קעניגט דאָ דערנעבן, אין פּאַלאַץ ביי סינגאַפּור...

איך מוז בלייבן אין סינגאַפּור א צוויי טעג, ביז דער עראָפּלאַן וועט מיך טראָגן קיין סידני, אויסטראַליע. האָב איך דעריבער גענוג צייט דאָס מאָל בעסער צו באַטראַכטן די דאָזיקע אינ־טערנאַציאָנאַלע שטאָט, ווי איך האָב דאָס געטאָן מיט פינף יאָר צוריק.

אָט בין איך אין הויפּט־טעמפּל פון בודא, ווו א ריזיקע פיגור פון שטילן, געדולדיקן נביא ברענט פשוט מיט טייערע פאַרביקע שטיינער. הונדערטער גלויביקע קוקן מיט בעטנדיקע אויגן אויף דער סטאַטוע און ניט זייערע שטימען הערט מען, ניט זייערע ליפּן באַוועגן זיך. דער־קלערט מען מיר, אַז די דאָזיקע פאָרם פון שטילער תפילה ווערט אָנערקענט אַלס די פּערפעקטע.

אין די אויגן פון דער כינעזישער פרוי לייכטן טרערן און א ים מיט צער דריקן זיי אויס, ווען זי קוקט אריין אין די געלע עזמעראַלדן וועלכע שיינען אין די אויגן־לעכער פון פאַרגליווערטן בודא. — און דאָך פילט איר, ווי א הייסער שטראָם פאַרבינדט די לעבעדיקע אויגן פון דער כינעזערין מיט דעם טויטן שטיין פון דעם בודא. זי הויבט זיך אויף א דערלייכטערטע, גייט צו צום מזרח, אויף וועלכן עס ברענט שטיל א פייערל, איינגעוויקלט אין א שאַרפער קטורת. זי וואַרפט אריין אין פייערל א צעטעלע פון רייז־פּאַפּיר, אויף וועלכן ס'איז עפּעס אָנגעשריבן אין כינעזיש. דאָס פייער כאַפּט אַרום דאָס פּאַפּיר, די אותיות דרייען זיך, קוילערן זיך, פאַר־שווינדן אין שאַרף־שמעקנדיקן רויך פון קטורת.

דאָס גייען ארויף צום הימל די ווערטער פון איר אָנגעשריבענער תפילה. אַזוי אין שטילקייט גייען זיי, איינע נאָך די אַנדערע, די טויזנטער מתפללים פון שווייגנדיקן בודא — ביזן שטילן פייער וועלכער שלינגט איין זייער געבעט.

איך דערמאָן זיך, אַז אויך אונדזערע אור־עלטערן האָבן רעקאָמענדירט מען זאָל דאַווענען אין גרוים שטילקייט. אליהו הנביא האָט געזאָגט צו דער נביאת הבעל: „שרייט העכער, ווייל אייער גאָט איז אָדער פאַרנומען מיט רעדן, אָדער איז אין מיטן א רייזע, אָדער ער איז גאָר איינגעשלאָפן געוואָרן און מען מוז אים וועקן (מלאכים א, י״ח). און די גמרא זאָגט (ברכות כ״ד, ב'): „דער וואָס לאָזט צופיל הערן זיין שטימע בעתן דאַווענען, איז ניט קיין גרויסער מאמין; און דער, וואָס שרייט בעת דער תפילה, איז פון די פאַלשע נביאים״.

ווען איך זע די כינעזער לייגן זייערע צעטעלעך מיט אויפשריפטן אויפן מזבח, דערמאָן איך זיך, ווי יידן פלעגן אריינשטופּן צעטעלעך מיט זייערע תחינות און תפילות צווישן די שטיי־נער פון כותל־המערבי. און ווי געוויטיקט האָט מיין האַרץ, בעת מיין לעצטן באַזוך ביים כותל, ווען די דאָזיקע צעטעלעך, פאַרגעלטע פון יאָרן און טרערן, זיינען שוין דאָרט, צווישן די שטיי־נער, ניט מער געווען: די אַראַבער האָבן זיי אויסגערוימט.

שפּעטער גיי איך צום יידישן טעמפּל „חסד־אל", וועלכן עס האָט געבויט מיט פערציק יאָר צוריק דער אריסטאָקראַט און מיליאָנער סער מנשה מאיר. זיינע קינדער זיינען שוין וויט אוועק. זיי דאַרפן קיין טעמפּל ניט מער. אָבער א גרויס פאַרמעגן איז איבערגעלאָזן געוואָרן, כדי יעדן טאָג זאָל דאָרט געדאַוונט ווערן דריי מאָל. צו דעם דאַזיקן צוועק ווערן אויסגעהאַלטן צען יידן פון באַנדאַד. מען צאָלט יעדן פון זיי א דאָלאַר א טאָג. א ספּעציעלער אויטאָבוס ברענגט זיי אינדערפרי און פאַרנאַכט אויפן בערגל, ווו די סינאַגאָגע שטייט. פאַר זיי שיינען די זעכציק ספרי־תורות אין גאָלדענע און זילבערנע שיידן, וועלכע צינדן זיך אָן, ווען דאָס עלעקטרישע ליכט פון אָרון־קודש פאַלט אויפן מעטאַל און אויף די טייערע אינקרוסטאַציעס.

אונטן, אויפן הויף פון דער סינאַגאָגע, שטייט א באַשיידענע ווייסע געביידע. דאָרט וווינט דער רב פון דער קהילה אין סינגאַפּור, רבי יעקב שבאבו (לייענט זיך: שאַבאַבאָ). מיט פינף יאָר צוריק האָבן די פופצן הונדערט יידן אין סינגאַפּור קיין רב ניט געהאַט. אָבער ווען די מצרים האָבן אַרעסטירט און שפּעטער אַרויסגעטריבן דעם רב אין פּאָרט־סאַאיד, דעם זעלבן ר' יעקב שבאבו, האָט אים אויפגענומען די קהילה אין סינגאַפּור. לויטן אָפּמאַך דאַרף ער זיין: רב, חזן, מוהל, שוחט דקות וגסות, לערער פון קינדער, מסדר קדושין, געבן גט'ן און חליצה. און דאָס אַלץ פאַר א קימאַ־לן פון אַרום צוויי הונדערט אַמעריקאַנער דאָלער א חודש. אויסער דעם באַקומט ער אויך א קהל'שע דירה, טאַקע אין הויף פון דער סינאַגאָגע. מיר זיצן איצטער אויף דער וועראַנדע פון אָט דער דירה און איך הער אויס די צרות נעבעך פון א רב אין דאַזיקן ווייטן ישוב, און עס כאַפּט מיר אָזש אָן ביים הארצן. ר' יעקב שבאבו איז א ייד פון א יאָר פופציק, מיט א גרוי בערדל, צעקנייטשט פּנים. ער רעדט העברעאיש.

„איר זעט, איך ווין דאָ אין אַן אָרעמער דירה. דריי בעטן אין איין צימער; מיין געהאַלט סטאַיעט מיר קוים אויף א טרוקענעם לעבן. עס וואַקסן אונטער מיינע טעכטער; זיי זיינען שוין בוגרות לויטן אָריענטאַלישן באַגריף. אָבער איך האָב דאָך קיין געלט זיי חתונה צו מאַכן. און דאָך וואָלט פאַר מיר געווען זיסער א שטיקל טרוקן, רואיק ברויט ערגעץ אַנדערש, איידער די גאַנצע מחלוקת, אין וועלכער איך בין דאָ אַריינגעצויגן געוואָרן. די פירער פון סינגאַפּורער קהילה האָבן אויף מיר אַן אומחן געוואָרפן, ווייל איך וויל ניט געבן קיין דערלויבעניש דעם ראש הקהל מר. ס. ש. ער זאָל חתונה האָבן מיט א צווייטער פרוי, אין דער צייט ווען עס לעבט נאָך די ערשטע. זי איז אַלט זעכציק יאָר און די צווייטע, די כלה זיינע, איז אַלט 25, שריי איך: געוואַלד, חרם דרבנו גרשם! שרייט ער העכער: „רבנו גרשון איז געווען אַן אשכנז, און איך שטאַם פון בבל, — אויף אונדז איז דער חרם ניט חל!"

„אגב, דאַרפט איר וויסן, אַז די ענגלישע מאַכט אין סינגאַפּור מישט זיך ניט אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון די פאַרשידענע רעליגיעזע קהילות. פאָרמעל, הייסט עס, קאָן מיין קהילה־פּרעזידענט נעמען נאָך א ווייב, ווייל די תורה דערלויבט עס פאַקטיש, אָבער איך האַלט, אַז א ייד אין היינטיקן דור טאָר ניט לעבן מיט קיין צוויי ווייבער, אויב ער גט ניט איינע פון זיי. און דאָ האָט זיך געמאַכט א צווייטע צרה: דער גרעסטער אַדוואָקאַט דאָ, און אויך אַן אָנפירער פון דער קהילה, וויל איך זאָל מגייר זיין זיין פּלגש, א כינעזערין, און לאָזן זי אויך ווערן זיין לעגאַלע ווייב, כאָטש ער לעבט דאָך מיט זיין כשר'ער פרוי פון פריער. א גאַנצע

וואָך איז ער מיט דער כינעזערין און ערב־שבת קומט ער צו זיין עלטערער פרוי. אויך דאָ האָב איך געמוזט אַפּזאָגן. איז דאָך דער חתונה־געזעץ אין מדינת ישראל זייער קלאָר: א ייד מעג האָבן נאָר איין ווייב. פאַרוואָס זאָל דווקא סינגאַפּור זיין איצט אַן אויסנאַם? פאַר ניט געבן חופּה וקדושין אָט די צוויי פירער פון דער קהילה, זאָגט מען מיר אָפּ פון מיין באַשיידענער שטעלע. און ווידער אַמאָל: וואָס וועל איך טאָן מיט מיינע טעכטער די בוגרות?"

יאָ, עס איז אומעטיק געווען יענעם אָוונט אויפן שול־הויף פון סינגאַפּור. און דאָ האָט זיך געעפנט גראָד איצט פאַר דער קהילה א נייער פּראָבלעם, וועלכער איז שווערער צו אַנטשיידן, ווי אָפּזאָגן א רב פון דער שטעלע אָדער נעמען צוויי ווייבער: עס האָבן זיך געענדיקט היינטיקן זומער די ניין און ניינציק יאָר, אויף וועלכן מ'האָט אַרענדירט מיט דורות צוריק די ערד פאַרן סינגאַפּורער בית־עולם. די שטאָט־פאַרוואַלטונג פאָדערט האַלטן דעם קאָנטראַקט און „עקס־פּראָמירן" די טויטע פון פּלאַץ אין צענטער פון שטאָט, ווו יעדער שפּאַן ערד ווערט געשאַצט אין גאָלד... האָט דען אימיצער אַמאָל געהערט מען זאָל אַרענדירן ערד אויף א בית־עולם? ווייזט אויס, אַז אַמאָליקע פירער פון דער קהילה האָבן באמת געגלויבט, אַז משיח וועט קומען במשך פון דער צייט — די טויטע וועלן דאָך דאַן אויפשטיין תחית־המתים און די אַרענדירטע ערד וועט שוין במילא באַפרייט ווערן...

אויך די כינעזער האָבן בעת מיין וויזיט אין סינגאַפּור געהאַט א גרויסע אומאַנגענעמ־לעכקייט: פּאָליציי האָט אַנטדעקט און קאָנפיסקירט א גאַנצן טאָן אָפּיום, אָט יענעם פאַרבאָ־טענעם זיסן סם, וועלכער טראָגט אייך אַריבער פון דער אָרעמער, שמוציקער ווירקלעכקייט אין הימלישע חלומדיקע הויכן... אין די דומפּע לעכער, ווו מען רויכערט דאָ אָפּיום וועט איצט מער ווי פיר וואָכן (א טאָן אָפּיום איז גענוג פאַר א חודש פאַר גאַנץ סינגאַפּור) זיין פינצטער; עס וועלן זיך ניט וואַלגערן אויף די הילצערנע ברעטער די הויפנס פאַרטריקנטע ביינער מיט געלער הויט פאַרצויגן, מיט די לאַנגע אָפּיום־ליולקעס אין מויל, איינאָטעמענדיק דעם רויך וואָס פאַר־קירצט דאָס לעבן אויף א העלפט. סיידן די קאָנטראַבאַנדיסטן פון האָנג־קאָנג וועלן זיך „מרחם" זיין און אַריינשמוגלען א נייעם טראַנספּאָרט אָפּיום.

און די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם אַמאָל אַזוי בליענדיקן מאַלאַיִשן האַלב־אינדזל איז איצ־טער זייער ביטער! אין די טיפענישן אַרום די ענגלישע גומי־פּלאַנטאַציעס, אַפּערירן קאָמוניס־טישע גערילאַס און פּשוטע באַנדיטן. אמת, זייער מאָראַלישער צושטאַנד איז שוין ניט דער, וואָס מיט א פּאָר יאָר צוריק, און אַלץ מער אַמאָליקע אויפשטענדלער פירער גייען איבער צום ענגלישן שונא, ברענגענדיק מיט זיך אויף א שטעקן דעם אָראָפּגעשניטענעם קאָפּ פון זייערן א קאַמפּס־קאָלעגע, פאַר וועלכן מען באַקומט אויסגעצאָלט אין מזומן א געוויסע סומע סינגאַ־פּורער דאָלאַרן.

אָבער די פּרייזן פון גומי זיינען שרעקלעך געפאַלן אויפן וועלט־מאַרק: מען צאָלט היינט נאָר 70 דאָלער פאַר א „יוניט" (130 פונט), אַנשטאָט די 250 דאָלער פון אַמאָל. איז שוין דער פּלאַנטאַטאָר ניט זיכער ניט מיט זיין לעבן, ניט מיט זיין געלט.

ווילן דעריבער מיינע באַקאַנטע מיטלקלאַס יידן עמיגרירן קיין אויסטראַליע. און אין דער אויסטראַלישער שטאַט פּערטה האָט זיך שוין איצט אָנגעקליבן א נייער ישוב פון א פּאָר הונדערט סינגאַפּורער יידן.

די אויסטראַלישע רעגירונג אָבער האָט אָבסערווירט, אַז די דאָזיקע יידן האַלטן זיך אָפּ־געזונדערט פון די איינגעזעסענע אייראָפּעאישע יידן און זיי האָבן אַפילו געגרינדעט אַן אייגענע סינאַגאָגע. דאָס קאָן שוין ניט טאָלערירן אַזאַ ראַסן־פּילבאַרע אַדמיניסטראַציע ווי די אויסטראַ־לישע. האָט מען דערקלערט די סינגאַפּורער יידן אַלס אַזיאַטן, און אַזעלכע באַקומען שוין ניט קיין וויזעס... נאָר זייערע קינדער לאָזט מען אַריין קיין פּערטה צו שטודירן אין אוניווערסיטעט.

ווידער אַמאָל: נייע, עפּאָכע־מאַכנדיקע ענדערונגען, שטייען פאַר אין די נאָענטסטע צען יאָר אין די מאַלאַייעס. האָבן מורא די יידן, אַז אָדער די קאָמוניסטן וועלן זיגן, אָדער די עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן. איןביידע פאַלן וועט דער, אַמאָל אַזוי עקזאָטישער און רייכער יידישער ישוב, ניט האָבן מיט וואָס צו אָטעמען.





אין א זוניקן פרימאָרגן פליען מיר ארויס פון סינגאַפּור אין דער ריכטונג צו אויסטראַליע. דעם פלי ביז דאַרווין, — דעם צפון'דיקן ברעג פון אויסטראַליע, — וועלן מיר מאַכן אין אַכצן שעה, אָבער כדי צו דערגרייכן סידני דאַרפן מיר צען שעה מער. אויפן וועג פאַרהאַלטן מיר זיך אין דער שטאָט דזשאַקאַרטאַ, אויפן אינדזל זשאַווא, וואָס געהערט צו דער יונגיטשקער אינדאָ־נעזער רעפּובליק. אייגנטלעך האָב איך זיך דאָ געדאַרפט אָפּשטעלן, אַריינפאָרן קיין דזשאַקאַר־טאַ און זען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי אין ליידן פון וויטיקן ווערט געבוירן א ריזיקע מלוכה, וועלכע איז נאָך מיט איניקע יאָר צוריק געווען א קאָלאָניע פון האָלאַנד. אַט דאָ ווערט דאָך געשאַפן געשיכטע. כמעט הונדערט מיליאָן מענטשן מיט שאָקאָלאַד־פאַרב־הויט, אָנגעפירט פון אבדול סאַעקאַרנאָ, האָבן אראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם קאָלאָניאַלן יאָך און בויען א נייע אָקעאַניש־אַזיאַטישע קראַפט אויף זייערע געדיכט באַזעצטע אינדזלען. וואָס איז פינף יאָר אין לעבן פון אזאַ פאָלק, וועמענס געבורט שטעקט אין אומבאַוווסטע פינצטערנישן פון געשיכטע?

און דאָך, זינט די האָלענדישע קעניגין יוליאַנאַ האָט אונטערן דרוק פון וואַקסנדיקן נאַ־ציאָנאַליזם פון אינדאָנעזיער פאָלק איבערגעגעבן אין א פייערלעכער צערעמאָניע די סוווע־רעניטעט פון האָלאַנד צו אינדאָנעזיע (אין יאָר 1947), האָט זיך שוין פיל געביטן צום בעסערן. דאָס פאָלק ווייסט נאָך ניט ווי צו קאָנסומירן אָט די זעלבסטשטענדיקייט, וועלכע איז געפאַלן אויף אים אַלס רעזולטאַט פון די עפּאָכע־מאַכנדיקע ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אינדיע, בורמאַ, כינע, און ווערן איצט אין פייער און בלוט געבוירן אין אינדאָ־כינע.

מיין רייזע־פּלאַן שטערט מיר, ליידער, אריינצופאָרן אין דער שטאָט דזשאַקאַרטאַ, אָבער שוין די פּאָר שעה וואַרטן אויפן מאָדערנעם אַעראָדראָם, לערנען מיך עפּעס.

דאָס האָלענדישע מיידל, — די אַמסטערדאַמער יידישע טאָכטער, וועלכע פירט אריין די פּאַסאַזשירן אין וואַרט־זאַל, איז גענוג אינטעליגענט צו געבן אונדז אייניקע דערקלערונגען:

איר זעט אָט די מאַסע יונגיטשקע בחורים און מיידלעך, וועלכע זיינען געקומען אָנקוקן די דורכפליענדיקע עראָפּלאַנען? דאָס זיינען סטודענטן פון די נייע מיטלשולן און אוניווערסי־טעטן. ניט געווען פריער קיין איין אוניווערסיטעט פאַר די „נייטיווס" און אין יאָר 1940 האָבן נאָר 280 אינדאָנעזיער געענדיקט א מיטלשול, צווישן דער זיבעציק־מיליאָניקער באַ־פעלקערונג. היינט לערנען שוין צענדליקער טויזנטער „פאַרביקע" אין די מיטלשולן און טויזנ־טער אין די הויך־שולן. פאַרשטייט זיך, איז מען פּאָליטיש ראַדיקאַל, ווייל מען איז נאָך אין בריליגנג פון דער אומאָפּהענגיקייט, אָבער די קאָמוניסטן קאָנען צום וואָרט ניט קומען, זינט

מען האט אין 1948 דערשטיקט זייער פּרווו צו פאַרכאַפּן די מאַכט. פונדעסטוועגן איז נאָך אַלץ דער רעזשים ניט סטאַביל, כאָטש דער באַפרייער סאָעקאַרנאָ אַליין האַלט זיך נאָך אַלץ אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. אָבער אין משך פון די פינף פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן זיך שוין געביטן אַרום דריי הונדערט מיניסטאָרן פון גרויסע און קליינע פּאַרטייען. עס דאַרף אויך באַטאָנט ווערן אַז ווען ניט די אומגעזעטיקטע אַפּעטיטן פון די אייראָפּעאישע קאָלאָניזאַטאָרן, וואָלט דער נאַציאָנאַליזם פון די אינדאָנעזיער אַזוי שנעל ניט געוואַקסן און געזיגט. אָבער ווען פון א האַלבן ביליאָן דאָלער הכנסה איז א העלפט אַוועק קיין האָלאַנד; ווען מיט 50 פּראָצענט פון געבליבענעם פאָלקס־איינקונפט, האָבן זיך געטיילט העלפט אויף העלפט די קליינע גרופּע אייראָפּעער און די זיבעציק מיליאָן אינדאָנעזיער, האָט דאָך געמוזט קומען צו אן איבערברוך.

איצט, פאַרשטייט זיך, זיינען ניטאָ קיין סך אייראָפּעער, וועלכע מען זאָל לאָזן צונעמען דעם איינקונפט פון לאַנד, אָבער דערפאַר, קאָנען זיך ניט איינטיילן מיט דער הכנסה, די צענדליקער מיליאָנען אַלטע און די מיליאָנען ניי־געבוירענע, וואָס קומען צו יעדן יאָר. סטאַיען ניט די רייז פאַר אַלעמען און אויך ניט די הכנסה פון צין און פון גומע.

איך קוק זיך איין אין די פּנים׳ער פון דער יוגנט, וואָס טומלט אויפן פּלי־פּאַרט: ברוינע געזיכטער פול מיט נייגעריקייט, אָרעמע קליידונג און „לאַפּטשעס” אויף די באָרוועסע פיס; אָבער אַלע האַלטן ביכלעך אונטערן אָרעם און דורך די ביכלעך וועלן זיי מסתם דערזען א ליכטיקערע וועלט, ווי די, וועלכע האָט זייערע זיידעס און טאַטעס פאַרשקלאַפט צום רעוומאַטישן, כאָטש גאַנץ סימפּאַטישן האָלענדער.

---

עס רעגנט אין סידני; א בלייענער ווינטערדיקער הימל באַגעגנט אונדז, ווייל ס׳איז ווינטער אין אויסטראַליע, כאָטש עס איז הייסער זומער אין ניו יאָרק און אין קאַלקוטאַ. און היינט איז דאָ מאַנטיק, כאָטש עס איז זונטיק אין יענעם טייל פון דער וועלט, וווּ עס הערשט איצט זומער: מיר האָבן א טאָג פאַרלאָרן פליענדיק פון אַמעריקע קיין אויסטראַליע, אָבער מיר וועלן אים צוריקגעווינען אויף אונדזער וועג צוריק.

אין משך פון די פינף יאָר, ווען איך בין אין אויסטראַליע ניט געווען, זיינען דאָ צוגעקומען אייניקע הונדערט טויזנט נייע אימיגראַנטן: ענגלענדער, דייטשן, סלאַוון און אַרום צען טויזנט יידן.

דורך די לעצטע, איז פאַרשטאַרקט געוואָרן גאַנץ היפּש, דער יידישער פאָלקס־עלעמענט, ווייל כאָטש דער פופציק טויזנט קעפּיקער יידישער ישוב אין אויסטראַליע איז נאָך פאַרהעלטעניש־מעסיק זייער יונג, — פאָדערט זיך אָבער שטענדיק א צופלוס פון ניי אימיגראַנטן־בלוט, כדי די אַסימילאַציע זאָל ניט זיגן.

מיט מיינע יידן, דאָס הייסט מיט די יידיש־רעדנדיקע פאָלקס־עלעמענטן אין סידני, טרעף איך זיך אויף דער פאָרלעזונג, וואָס די קולטור־געזעלשאַפט האָט פאַר מיר איינגעאָרדנט. זיי

האבן צוליב דעם געדרונגען א גרויסן טעאטער־זאל, און מיין הארץ האט זיך געפרייט, ווען איך האב דערזען די מענגע מענטשן, וועלכע האבן אים אויסגעפילט בראש מיטן מיניסטער פון ישראל מרדכי נוראק. צוויי חברים פון דער אלטער היים, אברהם סטוטשינסקי פון ביאליסטאק און מאטל פיליפס פון ווארשע, זיינען געזעסן ביי מיין זייט, ווען איך האב גערעדט. איז מיר געווען היימיש. אבער אויף מארגן האב איך געמוזט אפזאגן, לויט דער עצה פון גוט אינפארמירטע יידן, די איינלאדונג פון פוילישן דעמאקראטישן קלוב פון סידני, איך זאל אויך זיי געבן א פארלעזונג — כאטש איינגעלאדן האט מיך אן אויסגעפרובירטער אלטער פריינט און ליבעראל — דער געוועזענער פוילישער מיניסטער אין ניו יארק און וואשינגטאן, — סילוועסטער גרושקא. מען האט מיך אבער אינפארמירט, אז א גרויסע צאל מיטגלידער פון קלוב זיינען משומדים און יידישע אנטיסעמיטן. איך קאן נאך איצט בשום אופן ניט פארשטיין די קראנקע פסיכאלאגיע פון אזעלכע אמאל בארימטע אין פוילן דאקטוירים און אדוואקאטן ווי דער אוראלאג דר. ע—מאן, דער אדוואקאט דר. מ—קאט, דר. ק—גער, דר. ש—פעלד, דר. ג—שלאג, דר. ז—בוים, וועלכע האבן זיך דווקא אין דער פרייער טאלעראנטער און בפירוש ניט אנטיסעמיטישער אויסטראליע גע'שמד'ט. זיי האבן אלע פארלארן אינגאנצן אדער טיילווייז זייערע פאמיליעס אונטער היטלערן, — זיי ווייסן אויך, ווי שכנים־פאליאקן האבן דערצו פיל מיטגעהאלפן, און דאך לעבט מען דא פויליש־קאטויליש און מען שמדט די קליינע קינדער אין קאשטאל (קירכע) דורכן פוילישן גלח... א קלאסישער ביישפיל איז א פאפיראסן סוחר פון גאליציע, א גביר, בושעל, לעבן וועלכן מען טאר אפילו ניט רעדן וועגן יידן. ער אטעמט פשוט מיט א זאאלאגישער שנאה צו זיין געוועזענעם שטאם. עס פאדערט זיך די פען פון א דאסטאיעווסקי, כדי טיף אריינצודרינגען אין די פינסטערע נשמות פון אט די אפטריניקעס און אנטדעקן דעם לאבירינט פון זייער פארפלאנטערטער צע־קריפלטקייט.

איך האב דערקלערט דעם געוועזענעם מיניסטער די סיבה פון מיין אפזאג און ער האט דיפלאמאטיש געשוויגן... דער יונגער פרעזידענט פון אויסטראליער רעליף, ה' סיד איינפעלד, צוזאמען מיט דעם אנגליזירטן דירעקטאר פון דער יידישער פילאנטראפישער געזעלשאפט, מיין פריינט וואלטער בראנט, פירן מיך ווייזן די הייזער, וו די סידני־יידן נעמען אויף די ניי־אנגע־קומענע אימיגראנטן. אזויפיל צערטלעכקייט, ברידערלעכקייט פילט זיך אין די שיינע צימערן, אין די פארפלאנצטע בלומען ארום די הייזער, אין דער ארבעט, וואס ווערט באנוצט די אימי־גראנטן זאלן וואס שנעלער פרנסה געפינען.

מער היימיש פיל איך זיך אבער אין דער שטאט מעלבורן, וו דער יידישער ישוב האט אפגעהיט און אפילו אנטוויקלט דעם גייסט און קולטור, וואס מען האט מיטגעבראכט פון דער אלטער היים.

מעלבורן האט איבערגעפלאנצט די אריבערגעבראכטע ווערטן פון פוילן און ליטע און זיי האבן דא ווארצלען געלאזן און זיך נאך מער צעבליט.

דעם מאל בין איך געווען זייער קורץ אין מעלבורן, אבער דאך האב איך א סך נחת־רוח געהאט, ספעציעל פון דער באגעגעניש מיט אזויפיל חדר־חברים, שול־חברים פון די קינדער־יארן

אין ביאַליסטאָק. זיי האָבן דאָ אַריינגעטראָגן דעם אימפּעט פון אונדזער חרוב־געוואָרענער הייז־מאַטס־שטאָט און מיט זיי שטאָלצירט איצט אויסטראַליע.

אָט איז די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט פון מעלבורן מיט איר פּרעזידענט לעאָן פינק, פון דער ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטן פאַמיליע. אויך דאָ האָבן די פינקס אריבערגעטראָגן דעם גע־בוירענעם שאַפונגס־טאַלאַנט און אויפגעבויט אַ גרויסע אינדוסטריע.

אָבער אַלס הויפּט פון דער יידישער פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט אין מעלבורן, האָט ער צוזאַמען מיט אַ שטאַב געטרייע און ענערגישע יידן, באַוויזן וווּנדער אין איינאָרדענען די טויזנ־טער נייע פּליטים וואָס זיינען דאָ געקומען נאָך דער מלחמה: אייגענע הייזער פאַר די אימי־גראַנטן, אַ גמילת־חסדים חברה, ווו מען גיט אָן פּראָצענטיקע הלוואות די ניי־געקומענע.

און מאָרים (משה) פּלאָטקין פון לאָמזשע פירט מיך אין דעם מושב־זקנים, ווו פּערציק עלטערע מענער און פרויען לעבן אויס זייערע יאָרן אין אַ קאָמפאָרט, וועלכער דערמאָנט אַ גוט־איינגעאָרדנטן האָטעל אין דער שווייץ.

און אָט בין איך ווידער אין קולטור־קלוב „קדימה" און רעד צו אַן איבערפולטן זאַל פון היימישע יידן, וועלכע כאַפּן אויף דורשטיק יעדעס וואָרט. אַנטקעגן מיר זיצט טריוואַקס. וועלכער? דער כלל־טוער פון בוענאָס־איירעס? ניין, זיין פאָטער.

לעבן אים — באַכראַך. וועלכער? דער קולטור־טוער פון סאַנטיאַגאָ־דע־טשילי? ניין, זיין ברודער... און אַזוי ווערט ווי איינגעשרומפּן אונדזער יידיש וועלטל, און כאָטש צעטיילט מיט פיל טויזנטער מיילן ימים און קאָנטינענטן, בילדעט זי איין גאַנצע איינהייטלעכע משפחה און איך, האָבנדיק די גרויסע זכיה און גליק פערזענלעך צו ברענגען די גרוסן פון איין מיט־גליד צום צווייטן.

און ווער רעדט נאָך, ווען מיין יוגנט־פריינט, דער נאָך אַלץ אידעאַליסטישער אברהם זבאַר ברענגט מיך צום „ביאַליסטאָקער צענטער", צום הויז, ווו די מעלבורנער צאָלרייכע ביאַליסטאָקער האָבן אינוועסטירט אַ ים מיט רחמנות, ליבשאַפט און אויך געלט, כדי די אָנגעקומענע לאַנדס־לייט זאָלן אַ דאַך איבערן קאָפּ געפינען, איידער זיי וועלן אייגענע הייזער בויען, וואָס האָט זיך שוין פיל פון די פרישע אימיגראַנטן איינגעגעבן.

איך באַגעגן דאָ די פּיטקאָווסקעס, די נעוואַדאָווסקעס, די לאַפּינס און די טרייוווּשעס; דער שטענדיק אומצופרידענער און פאַרביסענער בית־מדרש חבר מיינער, דער קריטיקער יהושע ראַ־פּאָפּאָרט, שמייכלט געמיטלעך צווישן די ביאַליסטאָקער ווענט.

און אָט זיינען די אַמאָליקע פּרינצן פון דער ביאַליסטאָקער טוך־אינדוסטריע, סאָקאָל און זילבערפעניק. פון די כינעזער געטאָס, פון די סיבירער קאַטאָרגעס, האָבן זיי זיך דאָ דערשלעפּט און זיך ווידער אַרויפגעאַרבעט: דער לעגענדאַרער פעניקס, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרברענען אין די פייערן.

און זעט נאָר, זעט: יעקב וואַקס איז דאָ — דער בונדישער וווּנדער־קינד, וועלכער האָט רע־וואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס געטיילט נאָך אַלס יינגל צווישן די שפּולערקעס אויף כאַנאַיקעס און די וועבער אויף פּיאַסקעס, יאָ, ער איז שוין אַלט געוואָרן (דאָס זעלבע קלערט ער מסתם וועגן מיר. זיינען מיר דאָך צוזאַמען ארויסגעפלויגן פון די גימנאַזיע־מונדירן אין דער גרויסער וועלט אריין).

זאָגט אייך וואָס איר ווילט: עס איז אַ גרויסע דערהויבונג צו רעדן צו אַן עולם, וועלכן איך האָב אַלס קינדער געקענט אין אונדזער שטאָלצער געבורטס־שטאָט. דוכט זיך, אַז אין יעדן פון זיי שאָטנט זיך דאָס היימישע געסל, דער גאָרטן, די יוגנט־טעג און אַפילו די צאַרטע מאַמע און דער שטרענגער טאַטע. אַ וועלט אַ גאַנצע, וואָס איז פאַרביי, — לעבט ווידער אויף אין „ביאַליס־טאָקער צענטער" פון ווייטן אויסטראַליע. ס'איז פריידיק, אָבער עס שטיקן טרערן...

---

איך באַגעגן זיך אויך מיט דער נייער, מערסטנס שוין דאָ געבוירענער יידישער שטודירנ־דיקער יוגנט; איך רעד פאַר זיי אין אוניווערסיטעט־אוידיטאָריום. ס'האָט אַפילו מיך ניט געאַרט וואָס איין לעקציע מיינע, וועלכע איז געווען באַשטימט אויפן צווייטן טאָג שבועות (פאַרנאַכט), איז אָפּגערופן געוואָרן צוליב דעם, וואָס אַ גרופּע אָרטאָדאָקסישע סטודענטן, די „בני עקיבא", האָבן ניט געוואָלט מען זאָל זי האַלטן אום יום־טוב. אדרבא, דאָס ווייזט ארויס אַן אויפגעוואַכטע רעליגיעזע שטימונג צווישן דער סטודענטן יוגנט. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, האָט מען מיר גע־זאָגט, אַז אָט די אַלע פרומע סטודענטן שטאַמען פון הייזער, ווו מען האָט ניט מדקדק געווען צופיל מיט כשרות, מיט שבת. אָבער איצט, אונטער דער ווירקונג פון די קינדער, באַקומען די הייזער אַן אַנדער סטיל: מען עסט כשר, מען פאָרט אַפילו ניט אין שבת, כאָטש די שטרעקעס אין מעלבורן זיינען אומגעהויער לאַנג.

מעלבורן שלאָפט שוין צען אזייגער אין אָוונט. עס ליגט פונאַנדערגעוואָרפן אויף אַ שטח אזוי גרויס ווי ניו־יאָרק מיט אינגאַנצן איין מיליאָן איינוווינער און — שלאָפט. און די אומ־צייליקע קליינע הייזלעך אויסערן צענטער פון שטאָט מאַכן דעם איינדרוק פון אַ ריזיקן דאָרף, וואָס באַהאַלט זיך הינטער די ביימער און הינטער די בלומען.

און אזוי איז גאַנץ אויסטראַליע: זי איז אזוי גרויס ווי די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, אָבער פאַרמאָגט נאָך ניט איצטער קיין צען מיליאָן איינוווינער אַפילו שוין מיט אַלע נייע אי־מיגראַנטן צוזאַמען.

געוואָלט האָט אויסטראַליע נאָך צען מיליאָן נייע מענטשן, אָבער אזוי לייכט מאַכט זיך עס ניט, ווייל זי וויל נאָר ווייסע מענטשן. און אזעלכע אימיגראַנטן זיינען ניט בנמצא אין מי־ליאָנען.

קאָנט איר זען קלאָר מיטן שפּאַקטיוו פון דער געשיכטע אין אייער אויג, אַז אין נאָענטסטן דור אָדער צוויי דורות, וועלן פיל, פיל עפּאָכע־מאַכנדיקע ענדערונגען דאָ פאָרקומען: פאַרהעלטע־נישמעסיק ניט ווייט, שטיקן זיך אַ 100 מיליאָן קאָלירטע מענטשן אין די געדיכט־באַפעלקערטע

אינדזלען דזשאווא, סומאטרא, צעלעבעס, באָרנעאָ; דאָס זיינען שוין מער ניט קיין קאָלאָניעס, נאָר זעלבסטשטענדיקע מלוכות. צוזאמען מיט ציילאָן, מיט אינדיע, מיט בורמא, בילדן זיי גיאָגראפיש דעם „דאך" איבערן ריזיקן, כמעט ליידיקן אויסטראַליער קאָנטינענט. ניטאָ שוין מער יענער גרויזאמער ענגלישער פלאָט, וואָס זאָל שיצן אויסטראַליע פון אן אינוואזיע. דער פיזישער געזעץ פון דיפוזיע (אריינדרינגונג) אין לופט באַציט זיך אויך אויף דיפוזיע פון ראַסן. עס פאָדערט נאָר מער צייט.

דערווייל לאָזט אויסטראַליע אריין נאָר „קאָלירטע" סטודענטן. איניקע הונדערט פון זיי, מאַלאיער, הינדוסן, אינדאָנעזיער, שטודירן אין אירע אוניווערסיטעטן. (אגב, פילן זיי זיך גוט נאָר צווישן יידן...) אָבער בלייבן ווינען אין אויסטראַליע נאָכן ענדיקן דעם שטודיום טאָרן זיי ניט. חתונה האָבן מיט ווייבער טאָרן זיי ווידער ניט. ווי לאַנג קאָן אזא לאַגע אָנהאַלטן?

ווייזט טאַקע מיין „שפּאַקטיוו" פון דער געשיכטע גאָר אַן אַנדער אויסטראַליע אין די קו־מענדיקע דורות, אַן אויסטראַליע אין אַנדערע קאָלירן, אָט אזוי ווי זי איז געווען פון דער אומ־באַקאַנטער אייביקייט, ווען דער קאָלירטער מענטש איז דאָ געפּורעמט געוואָרן ביז דעם זעכצנטן יאָרהונדערט, ווען די ווייסע זיינען געקומען און אים איינגאַנצן אויסגעראָטן.

אויב איר רייזט ארום דער וועלט ניט נאָר מיטן צוועק צו אויסגעפינען די צאָל קעץ אויפן אינדזל מאַדאַגאַסקאַר, קענט איר לערנען פיל, פיל זאַכן. אויב איר ווילט נאָר און האָט אָפענע אויגן...

איך ווייס ניט צי די אָנקומענדיקע ענדערונגען זיינען „גוט פאַר יידן" און וווּ וועט דאַן די יידישע „סוכה" שטיין, אָבער, אַז די אויסטראַליע פון די צוקונפטיקע הונדערט יאָר וועט שוין מער ניט אויסזען, ווי דער ריזיקער „דאָרף" מעלבורן, וועלעכער שלאָפט גליקלעך אין זיינע איינענע איינשטאָקיקע הייזלעך, דאָס קען מען פאָרויסזען מיט דער פינקטלעכקייט פון אַ גוטן זייגער.





די קאָנסולן פון פּערו אין אויסלאַנד, געהערן צו די גאָר־שטרענגע ביים אַרויס־געבן וויזעס. ניט נאָר אייראָפּייער, נאָר אויך אַמעריקאַנער און אַרגענטינער בירגער קלאָגן זיך אויף די אומזיניקע פאָרמאַליטעטן, וועלכע עס ווערן געפאָדערט פון זיי, כדי צו באַקומען אפילו אַ דורכרייזע וויזע. און יעדער וואָס פליט מיטן עראָפּלאַן איבער דעם דרום אַמעריקאַנער קאָנטינענט, מוז זיך פאַרהאַלטן, כאָטש אויף אַ האַלבן טאָג, אין דער פּערואַנער הויפּט־שטאָט לימאַ, וועלכע ליגט אויפן וועג פון פּאַנאַמאַ צו טשילע און אַרגענטינע, — סיידן מען מיידט אויס דעם קאַנאַל און מען פאָרט קיין בוענאָס איירעס דורך בראַזיל. צוליב דער באַ־דייטנדער הויך פון די קאָרדיליערן בערג קאָן מען נאָך ניט פליען ביינאַכט, — מוז מען נעכ־טיקן אין לימאַ, — הויבט זיך דעריבער אָן דער וויזע פיבער.

אין קליינעם וואַרט־זאַל פון דעם פּערואַנער קאָנסול איז בוענאָס איירעס, טרעף איך צוזאַמען אַ געדיכטן עולם מענטשן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכער דענערווירט זיך, וואָס מען וואַרט צו לאַנג און באַזונדערס — וואָס מען פאָדערט, אַז אַ פּערואַנער דאָקטאָר זאָל דאָ אויפן אָרט מאַכן אַ פּאָקן־איינשפּריצונג, — כאָטש כמעט יעדער האָט אַ מעדיצינישע צייגעניש, אַז ער האָט זיך געשטעלט פּאָקן איידער ער האָט זיך גערירט פון דער היים.

קיינעם גלוסט זיך ניט אַנגעטרויען זיין געזונט אָט דעם דאָקטאָר׳ל, וועלכער לויפט אַרום ווי אַ מייזל אין אַן אַלטן כאַלאַט און איז גרייט אייך אַריינשטעכן אַ נאָדל מיט אַ פליסיקייט, וואָס וועט ביי אייך, אין בעסטן פאַל, אַ הויב טאָן די טעמפּעראַטור און אָנרייסן אַ געשוויר'ל דווקא אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען איר וועט שוין זיין ווייט פון פּערו... "עס איז אַן אומזין!" — הער איך ווי עס קאָכט זיך אַן אַמעריקאַנער עקספּאָרטער, — אַ טיפּישער יענקי, וועלכער פליט דירעקט קיין ניו יאָרק, אָבער מוז אַ נאַכט פאַרברענגען אין לימאַ, ווייל דער עראָפּלאַן פאַר־האַלט זיך דאָרטן.

„עס איז אַ סקאַנדאַל!" — שרייט אַן אַנדער אַמעריקאַנער, — „ווער בעט זיי, זיי זאָלן איבערהויפּט פאַרהאַלטן די עראָפּלאַנען אין לימאַ? מען קאָן דאָך איבערנעכטיקן אויפן גרענ־עץ פון טשילע און שפּעטער ווייטער פליען קיין עקוואַדאָר, אויסמיידנדיק דעם פאַרגעניגן פון אָנקוקן דעם ביטערן פּנים פון דאָקטאָרל און די זויערע מינע פון קאָנסול אליין".

נאָר עס העלפט ניט! אַז איר פאַלט אַריין אין די הענט פון אַ לאַטיין־אַמעריקאַנער סאַ־דיסטל, וועלכער מיינט, אַז ער היט אָפּ עפּעס אַ געזעץ, איז דאָס ערגער ווי אַ צאַרישער פּריסטאַוו צוזאַמען גענומען מיט אַן ענגלישן גרענעץ־באַאַמטן. ער וועט אייך מיט אַ נעמאַכ־טער ווייכקייט און העפלעכקייט אַרויסטרייסלען אייער נשמה און געדולד, הייסנדיק קומען „מאַניאַנאַ" — מאָרגן הייסט דאָס, און יעדער „מאַניאַנאַ", ווי באַוווסט, האָט דאָך ווי־

דער א „מאניאנא" — און אויף אזא אופן קאנט איר פארלירן דעם שווער פארהארעוועטן פלאץ אין עראפלאן און ווארטן אייניקע וואכן ביז איר באקומט א נייעם פלאץ... וואונדערט זיך נים דעריבער, וואס פון די אלע סקאנדאלן און קאכעניש וועט גארנישט, און אין א שעה ארום זיצן שוין אלע פאסאזשירן אין קליינעם ווארט־זאל פון קאנסולאט מיט דורכגעשטאַ־בענע הענט. דער קליינער דאקטארל פירט אוים זיין ארבעט מיט א באשיינפערלעכן פארגעניגן, איינקאסירנדיק דערביי א פאר דאלאר פאר דער „מעדיצינישער הילף". אבער דאס איז נאך נים געגוג איר זאלט באקומען די וויזע. מען פירט אייך אריין מיטן פארקאטשעטן לינקן ארבל (א שטראף אזא, וויזט אוים, טאמער האט מען פארפעלט אמאל תפילין לייגן...) צום קאנסול אליין, ער דארף נאך א שמועס טאן מיט אייך פערזענלעך.

זעט איר פאר זיך עפעס א משונהדיקע בריאה מיט א קרענקלעכן פנים, אויף וועלכן עס שפיגלט זיך אפ א ראסן־מישונג פון די לעצטע עטלעכע הונדערט יאר: די עטוואס פארלעג־נערטע, ארויסגעשטרעקטע „מארדע", איז בפירוש אימפארטירט פון שפאניע דורך א וויטן עלטער־זיידן, וועלכער איז געקומען קיין פערו מיט די „קאנקוויסטאדארן" (דעראבערער); די גלאנצנדיקע שווארצע האר מיט פאלדן זיינען שולדיק א חוב עפעס אן עלטער באבען, וואס האט נים אפגעהיט די „טהרת המשפחה" מיט אן אינדיאנער... און עם סטארטשען ארוים די ביינער פון די באקן, — א בולטער עדות, אז אויך א ראמאן מיט א מאנגאלקע האט אוים־געקרימט דעם שטאלצן און יחוסדיקן פאמיליע־בוים פון דעם קאנסול סעניאר ריקארדא דע לאפוענטא, — וועמענס ברודער איז דער מיניסטער פון זיכערקייט און פאליציי אין פערו.

איך האב גענוג צייט געהאט צו אבסערווירן דאס פנים פון קאנסול, ווייל ער האט מיך געלאזט לאנג ווארטן, נים בעטנדיק זיך זעצן, צוליב דעם וואס א טעלעפאן־קלונג האט גלייך פון אנהייב איבערגעריסן אונדזער געשפרעך. איך באמערק נאך, אז כאטש אין גאס איז הייס, — זיצט דער קאנסול אין קאלאשן אויף די פים און די אויערן זיינען פארשטעקט מיט וואטע, ביי אזא „פערזענלעכקייט", ווייס איך שוין אז איך וועל גארנישט פועלן...

און כך הוה: אז ער ענדיקט ריידן דורכן טעלעפאן און ווענדעט זיך צו מיר, האלטנדיק אין פאספארט אין די הענט און באטראכטנדיק אים פון אלע זייטן, — פאלט די הערוואר־טעטע פראגע:

מעג איך אייך פרעגן, סעניאר, פון וואס פאר א רעליגיע איר זייט?

איך פיל, אז מיין בלוט גיט מיר א זעץ אין קאפ. וואלט איך נים געהאט קיין אנדער ברירה, וואלט איך געמוזט אראפבויגן דעם קאפ און ענטפערן אזוי ווי דער קאנסול מיט דער וואטע אין די אויערן פארלאנגט. אבער אזוי ווי אויסערן פאספארט האב איך געהאט א ספע־ציעלן דאקומענט פון וואשינגטאן, וועלכער רעקאמענדירט מיך צו פארשידענע רעגירונגען אלס אן אפיציעלן־דעלעגירטן עקספערט אין אימיגראציע־ענינים — האב איך די ברירה געמען א וויזע נים ביי די קאנסולן נאר ביי די אמבאסאדארן. און אז מען האט די ברירה פילט מען זיך א ביסל פעסטער. ענטפער איך דעריבער דעם קאנסול:

— איך פארשטיי ניט, וואס פאר א שייכות האט מיין רעליגיע מיטן פארברענגען איין נאכט אין א האטעל אין לימא, נאר דעריבער ווייל איך מוז פארן טראנזיט? קענט איר מיר ניט געבן אייער דורכרייזע וויזע, ניט באריערנדיק אזא אינטימען ענין ווי רעליגיע?

באגעגנט איך זיך מיט א שארפן קוק פון די פארקאטשערטע קאנסול־אויגן.

— עס האט שוין יא א שייכות! ווייל אויב, צום ביישפיל, איר זענט א ייד, קען איך אייך אפילו א דורכרייזע וויזע ניט געבן. איך מוז וועגן דעם אנפרעגן מיין רעגירונג...

— וואס, צוליב איין נאכט אין לימא, — וועלכע איך דארף אייגנטלעך נישט, נאר די פליגעזעלשאפט נויט מיך דערצו, — מוזט איר אנפרעגן ביי אייער רעגירונג און איך, קען צוליב דעם פארלירן מיין פלאץ אין עראפלאן, אויף וועלכן איך האב געווארט דריי וואכן? יא: איר האט געטראפן, — ה' קאנסול — איך בין טאקע א ייד...

— נו, אויב אזוי קען איך גארניט מאכן: גיט אן א ביטע וועגן א וויזע און קומט צוריק אין א וואך ארום...

— און איך מיין, אז איך וועל זיין אין לימא אן אייער וויזע, ה' קאנסול, — און דארטן וועל איך דערציילן דער עפנטלעכקייט וועגן דער פראפאגאנדע, וואס זייער קאנסול אין בוענאס איירעס מאכט פאר דער קולטור פון זיין שיינעם פאטערלאנד.

דער במעט אידיאטישער אויסדרוק פון קאנסולס פנים ווערט פלוצלינג פול מיט רציחה; עס האט זיך אפגערופן די שפאניש־מאנגאלישע בלוט.

— דאס איז א חוצפה פון אייך אזוי צו רעדן... מיין ברודער איז דער שעף פון פאליציי אין לאנד, — ער ווייס, ווי צו באנעמען זיך מיט אומלעגאלע איינוואנדערער...

איך אבער, האב שוין פארלוירן דעם חשק צו שמועסן מיטן פארוואטעטן אידיאט. איך פארקאטשע צוריק מיין לינקן ארבל, — און אן א זיי געזונט פארלאז איך דעם ניט גאסט־פריינדלעכן קאנסולאט.

אין דער אמבאסאדע אויף דער אריסטאקראטישער אווענידא אלוועאר דערצייל איך נאר ניט די גאנצע מעשה. איך שטעל פאר מיין „זכות אבות", און באקום גלייך די אפיציעלע וויזע.

עס איז נאר א שאד, וואס איך האב זיך געמוזט לאזן שטעכן די האנט און שטעלן אומנויטיקע פאקן...

אין א פאר טעג ארום בין איך שוין דער גאסט פון די פערואנער יידן אין לימא...

---

לימא מיט אירע ניבן הונדערט טויזנט איינוווינער, מיט אירע לעבעדיקע גאסן, רייכע געשעפטן, שטימונגספולע געביידעס פון קאלאניאלן סטיל, מיט די ים־פארשטעט, וועלכע טרייבן זיך אין בלומען־גירלאנדן, — באגעגנט מיך גאסטפריינטלעך. אין האטעל באליוואר קומען זיך צונויף אפגעבן „שלום־עליכם", די פירער פון דער יידישער קהילה מיט זייערע פרויען: די פערלמאנס, די העלערס, די בראדסקיס — דאס זיינען בעסאראביער יידן, וועלכע האבן

זיך באזעצט אין פּערו גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיך דערוואָרבן גרויסע פאַרמעגנס. און עס קומען אויך די דייטש־יידישע מנהיגים, — אָט די, וועלכע היט־לער האָט צעוואָרפן איבער דער וועלט: דער רייכער אינטעלעקטואַל ניזער און דער פּרעזי־דענט פון דער ווילטעטיקער געזעלשאַפט לעאָפּאָלד ווייל.

זיי הערן מיין פרישן גרוס פון אייראָפּע און ווילן, אז אויך די פּערואַנער פּרעסע זאָל מיינע ווערטער איבערגעבן דער מיליאָניקער לייענער־מאַסע. קומען זיך צונויף א 10 פאָרשטייער פון די צייטונגען. אין זייער פּראַגן פילט זיך אזא פּרעמדקייט, אזוי פיל עם־הארצות בנוגע פּאָליטישע און יידישע פּראָבלעמען, אָבער דאָך קומען מיר צום פּונקט וועגן דעם, אז פּערוא־נער קאָנסולן גיבן ניט קיין וויזעס קיין יידן. איך דערמאָן זיי, אז בעת דער „עוויאַנער קאָנפע־רענץ", צוויי יאָר פאַרן וועלט־קריג, האָט דווקא דער פאָרשטייער פון זייער רעגירונג צוגעזאָגט שטיצע פאַרן יידישן פאַרפאָלגטן מענטשן און ווי פון דעם האָט זיך אויסגעלאָזט א טייך.

אַלע צייטונגען דרוקן אויף מאָרגן מיינע ווערטער און מיינע פאָרווורפן.

איך זע זיך אויך מיטן פּאָרזיצער פון סענאַט, וועלכער איז דער וויצע־פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, סעניאָר סעאַנע; איך דערצייל אים די מעשה מיט זיין קאָנסול אין בוענאָס־איירעס, מיטן וואַטע אין די אויערן. דער וויצע־פּרעזידענט רעאַגירט אויף דעם שאַרף און וויציק, ליבעראַל און דעמאָקראַטיש, אָבער וואָס איז די פּעולה: די קאָנסולן פרעגן נאָך אַלין ביי אן אַמעריקאַנער, אָדער אַרגענטינער בירגער, ווו זיי זיינען געבוירן געוואָרן און וואָס איז זייער רעליגיע.

גאָר נאָך לאַנגע רייזעס און באַגעגענישן מיט איצטיקע מלוכה־פירער אין פאַרשידענע לענ־דער, איבערצייגט מען זיך אין וואָס פאַר א צביעותדיקן וועלטל מיר לעבן און ווי נישטיק עס זיינען פאַר אונדזער תכלית די צוזאָגענישן און שמייכלען פון די „נדיבים שאין בהם תשועה"...

אין אַוונט קומען זיך אַלע יידן צונויף אין זייער אייגענער פאַרזאַמלונגס־געביידע, ווו עס געפינט זיך אויך די ביבליאָטעק, די יידישע פאָלקס שולע.

יעדעס מאָל, ווען איך באַזוך אָט די קהילה בנינים אין די פאַרוואָרפענע לענדער, ווען איך זע די אָנשטרענגונגען און ליבשאַפט, וועלכע אונדזערע פאַרוואָגלטע ברידער לייגן אריין אין פאַרשענערן און פאַרפולקאָמען די דאָזיקע ווינקעלעך, אויף וועלכע עס האַלט זיך דער אָפּטמאָל אזוי דינער פאָדים פון יידישקייט, — ווער איך שטאָלצער, פעסטער ביי זיך...

איך פיל זיך דאָ, ווי אן אַמבאַסאַדאָר, מ'שטיינס געזאָגט — פון אונדזער „אַנאָנימער" מלוכה, אזא ציטעריקע און דאָך איינגעשפּאַרטע, אזא אָפּהענטיקע און דאָך מיט אומזעבאַרע קייטן צונויפגעשמידטע — פון אויסטראַליע ביז פּערו און פון באַגדאַד ביז ניו־יאָרק...

ניט ווייט פון מיין האָטעל געפינט זיך א גאַס, וועלכע רופט זיך „די גאַס פון טויטע יידן". שוין מער ווי דריי הונדערט יאָר טראָגט זי דעם נאָמען און דערמאָנט וועגן א יידישער וועלט, וואָס האָט שוין אַמאָל עקזיסטירט דאָ אויף דעם זעלבן פּערואַנער באָדן, — אָבער כמעט קיין סימנים ניט איבערגעלאָזן: פריער האָט מען פאַרברענט עפּנטלעך די יידישע פירער און שפּעטער האָבן זיך די איבעריקע אַסימילירט און צונויפגעגאָסן מיטן אָרטיקן פאָלק.

אָט דאָ ניט ווייט פון מיר אויפן פּלאַזאַ דע אַרמאַס, לעבן דער קאַטוילישער קאַטעדראַל, אין וועלכער ס׳ליגט אונטער א דיקן גלאָז דער קערפּער פון פּיזאַראָ — דער דעראָבערער פון פּערו, — איז מיט דריי הונדערט יאָר צוריק, אין 1645, — פאַרגעקומען א גרויסער יום־טוב: די „הייליקע אינקוויזיציע" האָט געברענט די יידישע פּירער, די מאַראַנען כואַן אַלווארעז, משה לאַפּעז, עמנואל פּערעץ און דעם דאַמאַלסטדיקן גביר מאַלדאָנאַדאָ דע סילווע. אין די כראָניקעס ווערט דערציילט, אַז זיי זיינען געגאַנגען צום טויט, זינגענדיק קאַפּיטלעך תהילים און געשפּרונגען אין פייער מיט דעם אייביקן „שמע ישראל"...

א גרויסע קהילה איז דאָ אַמאָל געווען פון די אַנטלאָפענע פון פּאַרטוגאַל. דריי הונדערט פיפציק יאָר נאָכאַנאַנד האָט מען געזוכט די געהיימע יידן און דעם לעצטן פון זיי פאַרברענט נאָך אין 1806. ד. ה. שוין נאָך וואַשינגטאָן און נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע...

און אַזוי איז גאָרניט געוואָרן פון אמאָליקן, באַדייטנדיקן יידישן ישוב.

קוק איך איצטער אויף די הונדערטער ליבע שוועסטער און ברידער, אַזעלכע ענערגישע, גאַבעדיקע, פאַרמעגלעכע — און קלער, ווען איך רייד צו זיי: וואָס פאַר א צוקונפט גרייט פאַר אייך צו די בייזע און קאַפּריזנע געשיכטע, אָט דאָ אין שאָטן פון די אַלטע קירכן און פון די גייע לוקסוס געביידעס.

איך קאָן מיר ניט העלפן און שפּין ווייטער מיין אומעטיקן געדאַנק, ווען איך באַזוך אַלס גאַסט די זילבער־פאַבריקן, ווו פּוילישע יידן אַרבעטן אויס קונסטווארג פון דעם ווייסן מעטאַל, וועלכער איז א הויפּט־עקספּאָרט אַרטיקל.

שטייען הונדערטער אַרבעטער און שניידן אויס טיי־סערוויסן, טאַצן, וואונדערשיינע פיגורן פון דער לאַמאַ — דער חיה מיטן הויכן האַלדז — וועלכע פּאַשעט זיך אין די בערג פון פּערו און איז געוואָרן איר מלוכה סימבאָל.

דער וואַרשעווער ייד שולפריד — דער אייגנטימער פון דער פאַבריק, — לערנט אויס דעם דערשלאָגענעם פּערואַנער א קונסט־מלאכה, וועלכע גיט אים א מעגלעכקייט פון א בעסער לעבן און ברענגט אריין דעם מלוכה־אוצר די אַזוי געוווּנטשענע דאָלאַרן, אָבער ווער וועט אים אָפּדאַנקען דערפאַר?

און אָט זיינען פאַבריקן פון טריקאָטאַזש, דורך יידן געבויטע. און אָט דאָ מאַכט מען היט, אויז אָט דער עקספּאָרטירט פּערואַנער אַנטיקן...

די יידן דאָ פירן אויס וויכטיקע עקאָנאָמישע פונקציעס. אין עלטסטן אוניווערסיטעט סאַן מאַרקאָ לערנען יידישע פּראָפעסאָרן פון דייטשלאַנד מעדיצין, פילאָזאָפיע און ליטעראַטור.

אָבער, — איך ווייס, אַלע ווייסן, אַז מען האָט זיי דאָ אַלעמען פיינט: דעם זילבער־פאַבריקאַנט ,דעם פּראָפעסאָר און דעם אָרעמען יידישן פּעדלער אין די קאָרדיליערן־בערג. אפשר קענט איר מיר אויפקלערן דעם סוד פון דעם? ביי מיר פאַרדרייט זיך שוין אַסטמאָל דער קאָפּ, זוכנדיק א לאָגישע תשובה...

איידער די אייראָפּעאישע דעראָבערער זיינען געקומען קיין פּערו און אין 1533 יענומען איר מיט בלוט און פייער, — האָט דאָ געלעבט א פאָלק מיט אזא הויכער ציוויליזאציע, וועלכע מען געפינט נאָך היינט ניט אויפן דרום אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דאָס איז געווען די אימפּעריע פון די אינקאַס, פון די אינדיאַנער, וועלכע האָבן געוווּסט צו בויען בריקן, וועגן און טעמפּלען.

ווען די תבואה איז צייטיק געוואָרן פלעגט איין דריטל גיין פאַר די אָרימע, איין דריטל פאַר דער מלוכה און נאָר איין דריטל פאַר די פּויערים אַליין.

די אינקאַס האָבן ניט געוווּסט פון בלוט פאַרגיסן. זיי זיינען געווען גרויסע אַרטיסטן, און נאָך איצט איז פּערו א זעלטענער מוזעאום מיט גאָלד־געוועבטע אַמאָליקע שטאָפן, פון כלים, געשניצט דורך גרויסע אַמאָליקע מייסטערס, — פון סקולפּטורן, וועלכע איבעראַשן מיט זייערע פּערפעקטע ליניעס און פאַנטאַזיע.

איז געקומען דער בלוט־דורשטיקער פּיזאַראָ, — א ממזר־יינגל פון שפּאַניע, — און מיט 183 סאָלדאַטן און 37 פערד — דעראָבערט די צען מיליאָן פרידלעכע אינקאַס. פּיזאַראָ האָט געהאַט פייער ביקסן און די אינקאַס האָבן געמיינט, אז ער איז געשיקט געוואָרן פון הימל...

די קריסטלעכע דעראָבערער מיט די ביקסן און אינקוויזיציעס האָבן פאַרניכטעט פינף מיליאָן אינדיאַנער, זייער קולטור, זייערע רייכקייטן. איצט לעבן אין פּערו שוין ניט מער ווי פינף מיליאָן אינדיאַנער און נאָך דריי מיליאָן געמישטע.

אויבן, גאָר הויך אין די בערג, — לעבן נאָך די מאָלערישע רואינען פון דער אַמאָליקער אינדישער הויפּטשטאָט קוזקאָ.

טויזנטער טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט ציען זיך דאָרטן אַרויף מיטן ציינראָד־צוג, וועלכער פירט אייך פריער דורך א מדבר צופוסן פון די בערג, א וויסטעניש וועלכע דערמאָנט סאַהאַראַ אין אפריקע. ווו ניט ווו באַווייזט זיך אַן אָאַזיס, וועלכער ווערט באַוואַסערט דורכן צוג, אין וועלכן מיר פאָרן. אָבער זעט נאָר וואָס פאַר א פּעולה דאָס ביסל וואַסער האָט אויף דער זאַמדיקער נאַטור: פּאַלמען, צוקער־שטעקנס, בונטע רויזן, צווישן בוימוואָל־געוויקסן.

און באַלד אַנטפּלעקן זיך פאַר אייך די רואינען פון קוזקאָ, — די אַלטע פרידלעכע אינקאַ־אימפּעריע, מיט איר אַמאָליקער גרויסער קולטור, מיט די טעמפּלען צום „גאָט" פון דער זון, מיט די בריקן און וואַסער־קאַנאַלן, — צוגעטראַכטע דורכן כלומרשט ווילדן אינדיאַנער...

דאָ איז געווען אַן אמת׳ע קולטור. די שפּאַניער האָבן אַריבערגעבראַכט ביקסן, סיפילים, — און אויך דעם קאָנסול מיט דער וואַטע אין די אויערן און קאַלאָשן אויף די פיס (אין א הייסן טאָג!) וועלכער וויל וויסן צו וועלכער רעליגיע איך געהער...



**א** גאַנצן טאָג בין איך געפלויגן פון ניו אָרלעאַנס קיין פּאַנאַמע, געפלויגן אויסשליסלעך איבער׳ן ים, אויסמיידנדיק דאָס אָפּשטעלן זיך אין די צענטראַל אַמעריקאַנער רעפּובליקן, וואָס וואָלטן ביי מיר צוגענומען נאָך א גאַנצן טאָג צייט און פאַרשאַפט א סך קאָפּ־דרייעניש ביים בייטן גאַנצע זעקס לענדער.

עס איז מאַי, 1952. א וווּנדערלעכער פרילינג־טאָג. די לופט איז קלאָר און דורכזיכטיק. דער ים אונטן זעט אויס ווי א גלאַנציקער שפּיגל. אין די בלוילעכע וואָלקענדלעך קען מען זען ווי עס באַוועגט זיך דער טונקעלער שאָטן פון די עראָפּלאַן־פליגלען.

און פּלוצלונג — ווי שטענדיק אין די טראָפּיקס — פאַלט צו די נאַכט, אָן דעם בין־השמשות, ווען מיר דערנענטערן זיך צו פּאַנאַמע. איצט פליען מיר איבער דעם דזשאָנגל, וועמענס געדיכטע בוימער־שפּיצן ווערן באַלויכטן דורך א לבנה־סערפּ, אַרומגערינגלט מיט שטערנס־דימענטן, וואָס שיינען דאָ מיט אומגעווײנלעכער קלאָרקייט און בילדן אויך די אַנדערשדיקע קאָנסטעלאַציע, וואָס ווערט גערופן „דער צלם פון דרום“.

גראָד איז עס געווען אין דעם זעלביקן טאָג, ווען איך האָב געלייענט אין די צייטונגען, אַז א ריזיקער פּאַן־אַמעריקאַן עראָפּלאַן איז אַראָפּגעפאַלן מיט מער ווי פופציק פּאַסאַזשירן ערגעץ ווו אין דעם דזשאָנגל פון בראַזיל.

גלויבט מיר, ווען מען פליט אין די הימלען דאַרף מען גאָר אַזעלכע בשורות ניט לייענען;

— דער ערשטער געדאַנק איז: אויב ס׳האָט געטראָפן מיט יענעם, קאָן עס דאָך חלילה, אויך טרעפן מיט אונדז... אָבער דער אינסטינקט פון לעבן און דער בטחון אין אייגענעם מזל טרייבט שנעל אַוועק די אומבאַגרינדעטע מורא.

אגב בין איך דאָך אַליין שוין אַזוי פיל מאָל איבערגעפלויגן יענעם פּאַטאַל! פּלאַץ אין בראַזיליאַנער דזשאָנגל, ווו דאָס אומגליק האָט געטראָפן, און שטענדיק פלעגט זיך דורכן אונטערבאַוווּסטזיין אַריינגנבענען א געדאַנק: וואָס וואָלט געווען ווען מיר דאַרפן זיך אַראָפּלאָזן דאָ אין דער נויט־לאַנדונג, — אין דער דאָזיקער ווילדעניש ווו עס לעבן בלוט־דורשטיקע אינדיאַנער, וועלכע טויטן יעדן ווייסן מענטשן, וואָס פאַלט אַריין אין זייערע הענט? אַלע פלי־פּאַסאַזשירן צווישן ריאָ און בעלעם, האָבן פיינט יענע טויזנט מייל דזשאָנגל, ווו אונטן לויערט א זיכערער טויט אַלצאַיינס, צי דער עראָפּלאַן קראַכט, צי ער לאָזט זיך אַראָפּ צוליב א מאָטאָר דעפעקט.

און כאָטש איך פלי איצט איבער דעם פּאַנאַמער דזשאָנגל, ווו די אינדיאַנער זיינען ניט אַזוי בלוטדורשטיק, דערמאָן איך זיך אינסטינקטיוו די רירנדיקע ווערטער פון אונדזער „תפילת הדרך“, וועלכע בעטן רחמים פאַרן רייזנדן סיי אויפן ים, סיי אויף דער יבשה, — מיט מיין אייגענעם צונאָב: „סיי אין די הימלען“....

אבער אט זיינען מיר שוין ארויס פון דעם דזשאנגל: אונטן צינדן זיך אן די לאנגע, לאנגע ליניעס מיט עלעקטרישע לאמפן ביי די זייטן פון טעכנישן וואונדער, פון פאנאמער קאנאל. מיר זעען ווי א גרויסע באלויכטענע שיף באוועגט זיך לאנגזאם איבערן שמאלן וואסער־פאס, וואס פאראייניקט דעם אטלאנטיק מיטן פאסיפיק. איך דערמאן זיך ווי בעת דער לעצטער מלחמה, ווען איך בין דא דורכגעפלויגן, האט מען פארשטעלט מיט טונקעלע פארהאנגען אלע פענסטער פון עראפלאן, אין וועלכן איך בין דאן געזעסן, כדי מען זאל ניט זען די סטראטעגישע שיפן־באוועגונגען אונטן; קיין עלעקטרישע לאמפן האבן אויך ניט געברענט אין דאזיקן „נערוועזן קנויל" פון אונדזער היינטיקער וועלט, צו וועלכן עס ציען זיך נאך איצט אזוי פיל גיריקע פיינטלעכע הענט.

אבער ווי לאנג די פענסטער זיינען דורכזיכטיק און די לאמפן באלויכטן דעם קאנאל, איז שלום אויף אונדזער־ וואנדערשיינער וועלט און — און הלואי וואס לענגער.

אויפן לופט־פארט אין פאנאמע איז די פאספארטן־קאנטראל זייער א שטרענגע, פיל שטרענגער, ווי זי איז געווען מיט א יאר צוריק, און דאס איז אויך א סימן פון די צייטן, אין וועלכע מיר לעבן.

דאס מאל באשליס איך ניט אראפצושטייגן אין שטאט און איבערוווארטן אין די זאלן פון עראדראם די אייניקע שטונדן ביז די גרויסע לופט־שיף וועט קומען פון מיאמי און מיך מיט־נעמען קיין לימא, פערו.

איך באטראכט דערווייל, די באוועגונג פון די אנקומענדיקע און אפפליענדיקע עראפלאנען, כמעט אין אלע ריכטונגען פון וועלט־קוגל. אט אזוי פלעג איך אמאל זיצן אויף דער באן־סטאנ־ציע אין באראנאוויטש אדער בריסק און צוזען ווי די צוגן קומען און גייען קיין ווארשע, קיין ווילנע, קיין ביאליסטאק... אבער דער פארגלייך האלט ניט אויס, — א סימן, אז מיין הארץ ווערט אזש פארקלעמט פון בענקשאפט נאך יענע צייטן, נאך יענע יידן, מיט וועלכע מען האט זיך אלץ באגעגנט — נאך יענער יוגנט־צאפלדיקער פרייד, וואס האט איך אנגעפילט בעת נאכן „דריטן קלונג" האט זיך סאפנדיק אנגעהויבן באוועגן די לאנגע קייט פון בלוי־ברוין־גרינע וואגאנעס. צי געדענקט איר?

און ווייל איך בין שוין געווען מיד און שלעפעריק האט מיך א ביסל פארדראסן, ווען דער פלי־באאמטער האט געבעטן איך זאל צוצאלן צו מיין בילעט נאך פינף דאלער, כדי איך זאל קענען געניסן פון דעם צוביים און שאמפיין מיט וועלכן מען וועט מכבד זיין די פאסאזשירן, ווען זיי וועלן איינשטייגן אין עראפלאן און פליען איבערן עקוואטאר.

„אבער איך וויל ניט קיין שאמפיין! איך וויל זיך גלייך לייגן שלאפן און זיך אויסרוען ביז אין דער פרי, ווען דער עראפלאן וועט קומען קיין לימא".

עס האט מיר אבער גארניט געהאלפן. — איך האב די פינף דאלאר באצאלט, כאטש איך האב פעסט באשלאסן בעסער גלייך גיין אין בעט אריין און זיך ניט אנזויפן מיט אלקאהאל פארן שלאף.

דער „אינטעראמעריקאנא״ איז גרויס און אויסגעשטאטעט מיט לוקסוס. אין א ספעציעלן סאלאן זיצן פריילעכע דאמען און הערן, — אלע אמעריקאנער, — און לײדיקן אויס די כוסות; וועלכע די שיינע סטיוארדעסן האלטן אין איין אנפילן. אין צווייטן זאל זיינען שוין אויסגעבעט די גרויסע בעטן, פונקט אזוי ווי אין אן ערשטקלאסיקן פולמאן־וואגאן. דער קליינער אונטערשיד איז דאך פאראן: יעדער פאסאזשיר וואס לייגט זיך שלאפן ווערט צוגעבונדן מיט א לעדערנעם פאס צום געלעגער, כדי ער זאל ניט ארויספאלן, ווען דער עראפלאן וואַרפט זיך בעת א שטורמישן וועטער.

איך לייג זיך אין בעט, גיב א ביסל א קלער וועגן די מעכאמארפאזן פון מיינע רייזעס: אט, דוכט זיך, גארניט לאנג צוריק, בין איך געלעגן אויף דער הארטער אויבערשטער באנק אין א וואגאן פון דריטן קלאס און געפארן צו טאטע־מאמען אויף וואקאציע נאך א יאר לערנען. די רעדער פון וואגאן האבן ריטמיש געקלאפט, געשלעפערט, און אין הארצן האט געבליט די דערווארטונג פון א זומער פול מיט שוימענדיקן פרייד צווישן די וועלדער און פריינט פון דער זיסער היימלאנד.

און דא פלי איך אין די הימלען איבער קאלאמביא, איבער די שפיציקע פעלזן פון עקוואדאר, און וואס זוך איך אין די פרעמדע לענדער, פארוואס פארלאז איך אזוי אפט און אומרואיק די איצטיקע דאך אזוי ליבע היים?...

דער עראפלאן ווארפט זיך ווי אין קראמפן, מסתם ארייגעפאלן אין א רעגן־שטורעם; דורכן פארהאנגענעם פענסטער איבער מיין בעט זע איך די קורצע בליצן און הער, ווי עס קלאפן שארף רעגן־טראפנס.

נאכדעם בארואיקט זיך אלץ; איך שלאף און פיל נאר פון צייט צו צייט ,ווי מיין בעט פאלט אריין אין אן אפגרונט, ווי דער פאס מיט וועלכן איך בין צוגעבונדן, שניידט זיך מיר איין אין קערפער.

אבער דא איז שוין אכט אזייגער: א יונגע שטימע וועקט מיך אויף דורכן פארהאנג און זאגט מיר אן, אז מיר וועלן אין א שעה ארום לאנדן אין לימא און צי וואלט איך ניט וועלן פרישטיק אין בעט? א טאץ ווערט דערלאנגט מיטן געוויינלעכן היימישן ברעקפעסט, און באלד זאמלען זיך צונויף די פאסאזשירן אין די געראַמע וואש־צימערן, וואס זיינען אזוי ענלעך אין דער דאזיקער לופט־שיף צו די צוגן אויף דער יבשה.

דערווייל לאזט זיך דער עראפלאן לאנגזאם און שפילעוודיק אראפ אויפן אספאלט פון פליפארט אין לימא, פערו.

---

נישט צום ערשטן מאל מאך איך א וויזיט אין לימא, — די שטאט פון איבערגעבליבענעם קאלאניאלן גלאנץ, פון דעקאראטיווע קירכן און קלויסטערס, פון אטראקטיווע זילבער־געשעפטן און פון שפאניש־אינדישע מישלינגען, וועלכע זעען מיר אויס צו זיין פאנאטיש, בייז און שמאל־קעפיק.

אדער איז אפשר דער דאזיקער איינדרוק פון די מענטשן אין די גאסן א רעזולטאט פון מיינע קענטעניש אין דער פערואנער געשיכטע, וואס איז אזוי פול מיט בלוטדורשטיקער דערא־

בערונג פון דעם שפאנישן קאנקוויסטאדאר פיזארא, פון דער אויסראטונג פון דער אזוי קולטור־רעלער אורשפרינגלעכער באפעלקערונג, די אינדיאנער אינקאס, און איבערהויפט טאקע צוליב די היסטארישע זכרונות פארבונדן מיט דער אינקוויזיציע, וואס האט דא געבושעוועט מער ווי אין יעדער אנדער מלוכה אויף אונדזער קאנטינענט.

ווין איך דאך אין א האטעל וואס שטייט אויף א געסל, וועמענס נאמען ביז ניט לאנג צוריק איז געווען: "מאטטא כודיאס" (טויט די יידן)...

א צווייטע גאס בשכנות רופט זיך „קאיע קעמאדא" (די גאס ווו מען ברענט). ניט ווייט פון פרעזידענטס פאלאץ געפינט זיך דער באלעבטער פלאץ מיטן „געשמאקן" נאמען: „פלאסא דע אינקוויזיסיאן"...

און ווען איך גיי דורך די דאזיקע אלטע איבערלעבענישן פון דער בלוטיקער פארגאנגענהייט, דוכט זיך מיר, אז די לופט שמעקט נאך אלץ מיטן ריח פון „סמאלינעס" — אז די נייע ווינטן פון דער „קריסטלעכער ציוויליזאציע" האבן נאך ניט פארויאגט דעם ריח פון געפרעגלטן פלייש, מיט וועלכן דער „פלאץ פון דער אינקוויזיציע" איז דורכגעזאפט געווארן צום לעצטן מאל, אינגאנצן מיט הונדערט און פופציק יאר צוריק: דריי מאראנען זיינען דאן פארברענט געווארן אויפן זעלבן ארט אויף „קידוש השם" און זייער גרויסער פארמעגן איז קאנפיסקירט געווארן דורך דער „הייליקער אינקוויזיציע".

וואונדערט זיך ניט דעריבער, וואס נאכדעם ווי איך האב שנעל פארענדיקט מיינע געשעפטן מיט מיינע פריינט, די פירער פון דער יידישער קהילה אין לימא, האב איך די איבערגעבליבענע פרייע צייט פארבראכט מיטן פיינעם איידעלן יידן מאאוריסיא, אדער בעסער, ר' משה האללע, וועלכער זאמלט מיט אזוי פיל ליבע און זארגפעלטיקייט די איבערגעבליבענע יידישע חפצים פון אנגעקליבענעם דורך יארהונדערטער אינקוויזיציע־שמוץ.

דאס קראם מיט זילבערווארג, ווו דער א ביסל איינגעהויקערטער ר' משה שטייט א גאנצן טאג און הארעוועט מיט די צאלרייכע טוריסטן, זעט דוכט זיך אוים ווי אלע אנדערע קראמען אויף דער הויפט־גאס פון לימא: דיזעלבע פערואנער בראנזאלעטן, אוירינגלעך, טאצן, זילבערנע פויגלען... אבער ווען אונדזערער א מענטש פארבלאנדזשעט קיין לימא און פאלט אריין אין זיין געשעפט, לויכט־אויף זיין טונקל געזיכט. ער לאזט איבער די קונים אויף די הענט פון זיינע אנגעשטעלטע און לאזט זיך אריין אין א לעבהאפטן שמועס וועגן צייטן און געגנשטאנדן וואס זיינען פארבונדן מיטן פארשוואונדענעם יידישן לעבן אין דעם דאזיקן לאנד.

און אזוי ווי מיר זיינען שוין מיט ר' משה'ן אלטע פריינט, איז מיין איצטיקער, פלוצימדיקער וויזיט קיין לימא, פשוט א יום טוב פאר אים.

דאס מאל נעמט ער מיך מיט אין זיין פריוואטער וווינונג, כדי צו ווייזן א ווערטפולע קאלעקציע פון יידישע חפצים, וועלכע ער האט אפגעזוכט דורך די יארן און אויסגעקויפט פון גוי'שע הענט.

היינט איז ערב שבת — און ר' משה איז א פרומער ייד — ליידער דער איינציקער דא וועמעס קראם איז שבת געשלאסן. מוז מען זיך איילן, ווייל גראד היינט איז די קראם פול מיט קונים: אמעריקאנער טוריסטן.

געקומען איז ר׳ משה אהער פון בערלין, באלד נאכדעם ווי היטלער האט איבערגענומען דייטשלאנד. אין דער אלטער היים איז ער געווען א גאלדשמיד. פיי ער, סיי זיין פרוי שטאמען פון גרויסן חסידישן יחוס. זיין פרוי איז אן אייניקל פון ראפשיץ־סאנדזער הויף (א דירעקטער אייניקל פון ריישער דיין ר׳ מעכל). די צוויי שיינע טעכטער זיינע זיינען אזוי פרום ווי די על־טערן און צוזאמען בילדעט די דאזיקע פאמיליע א טרייע נעסט פון טראדיציאנעלער יידישקייט.

ווען איך זיץ מיט ר׳ משה׳ן אין זיין ארבעטס־צימער ווו די ווענט זיינען פארלייגט מיט ספרים, ווו עס הענגען נאך די בילדער פון טייערן „אמאל״, פארגעס איך גאר אינגאנצן, אז כ׳בין אין דער פרעמד, ווייט פון אלטן פוילן.

און די אוצרות ווערן ארויסגענומען איינציקווייז, מיט צערטלעכקייט, און ווערן דורך אונדז באטראכט מיט כמעט רעליגיעזן פיעטעט:

אט איז א זילבערנע „טייל״ (יד) פון א ספר תורה מיט אן אויסגעקריצטן נאמען „חיה בת יעקב הלוי, נדבת היולדת לחברת עזרת אביונים וביקור חולים והלוית המת״. די ארבעט איז פון 15־טן יארהונדערט. ניט די חברה, ניט די יידן עקזיסטירן שוין מער, אומגעקומען אין די פייערן פון דער אינקוויזיציע און די קינדער האבן זיך אויסגעשמדט, אויסגעמישט. אבער דער „יד״ לעבט און זאגט עדות, אז „ביד חזקה ובזרוע נטויה הוציאנו ד׳ ממצרים״.

און אט איז א זילבערנער כוס מיט אן אויסגעקריצטן אויפשריפט: „מנחם בן צבי, בארסע־לאנא״. די צייט — 16־טער יארהונדערט. אנטלויפנדיק מסתם פון שפאניע, האט דער דאזיקער מנחם בן־צבי מיטגענומען דעם „כוס״ און אליין איז ער און זיינע קינדער פארשווונדן געווארן: פון קידוש אויפן כוס איז געווארן „קידוש השם״....

און אט זיינען קמיעות מיט „יד״. דאס זיינען געווען די געהיימע צייכנס, וואס די מאט־ראזן האבן געטראגן כדי צו באשטעטיקן צווישן זיך זייער יידישקייט. אבער טיף אין דער קמיע איז איינגעקריצט א „צלם״, כדי טאמער כאפט מען זיי זאל די קמיע זיין נאר א קריסטלעכער סימבאל.

א קמיע געמאכט פון שטיינער אין דער פארם פון א צלם, אבער אין די בלומען זיינען אויסגעקריצט יידישע ברכות.

קדושין־רינגען מיט א תקיעת־כף; אינקרוסטירטע ווערטפולע מזוזות, און נאך אזעלכע אנ־טיקן, וועלכע זאגן עדות וועגן „זיגרייכן״ קאמף פון דער „קריסטלעכער ציוויליזאציע״ מיט די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב...

אט איז א חנוכה־לאמפ, וועלכן ר׳ משה האט געפונען ביי א פאמיליע פון א מיניסטער אין פערו (דע קאסטרא). לויט דער מסורה אין דער פאמיליע, האט זיך דעם מיניסטערס זיידע גע־שמדט, אבער זיינע דריי שוועסטער זיינען אין געהיים געבליבן געטרייע יידישע טעכטער, ניט גע־וואלט חתונה האבן מיט גוים און געשטארבן אלס „מיידן״ אין טיפן עלטער.

ווען ר׳ משה ווייזט מיר די אלע אנטיקן, טראגט ער א יארמולקע אויפן קאפ; אויך איך בלייב זיצן אין א קאפעלוש, עפעס אזוי ווי הייליקע נשמות וואלטן דא צווישן אונדז געבלאנ־דזשעט איצטער, ווען מיר קלייבן איבער מיט די הענט זייער אינטימע ירושה.

איך האָב נאָך אָפּצושטאָטן א וויזיט אין אַלטן קלויסטער פון די „פראַנציסקאַנער ברידער", ווו, ווי ר' משה דערציילט, אַז ער אַליין האָט נאָך דאָרטן געזען אַלטע גמרות און כתבי־יד און אַנדערע ספרים, וועלכע די אינקוויזיציע האָט קאָנפיסקירט ביי אירע קרבנות מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

באַשלים איך צו גיין אַליין אין פראַנציסקאַנער קלויסטער און זיך דאָרטן טרעפן מיט שאָטנס פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט.

דער קלויסטער, אַרומגערינגלט מיט א טונקל־גרויער שטיינערנער וואַנט און מיט צאָלרייכע טורעמס מיט גלאָקן, געפינט זיך לעבן דעם פּאַלאַץ פון דער אינקוויזיציע. איך קלאַפּ אָן מיטן הענגענדיקן הילצערנעם האַמער אין דער געקאָוועטער איינגאַנגס־טיר. א קליין פענסטערל עפנט זיך און עס באַווייזט זיך א האַלב־געראַזירטער קאָפּ פון א גלח, אין א ברוינעם „קאַפּיושאָן":

— פרעי (ברודער), איך בין אַן אַמעריקאַנער שרייבער און וויל באַזוכן דעם קלויסטער.

זאָגנדיק אַזוי גיב איך אים דורכן פענסטערל מיין צייגעניש אין שפּאַניש מיט א פאָטאָגראַפיע. ער לייענט איר אויפמערקזאַם און זאָגט צו מיר:

— איר קענט אַריינגיין אין גאָטס נאָמען.

דער טויער עפנט זיך אויף און איך געפין זיך אין א מיט שטיין־אויסגעפּלאַסטערטן הויף אַרומגערינגלט מיט אָפענע באַלקאָנען צו וועלכע עס פירן ברייטע טרעפּ. די ווענט אַרום זיינען באַהאָנגען מיט הייליקע בילדער און סצענעס פון „נייעם טעסטאַמענט".

א גלח אין א ברוינעם מאַנטל מיט שטריק אַרומגעוויקלט און מיט א „קאַפּיושאָן" אויפן קאָפּ, באַקומט דעם אויפטראַג מיך צו פירן איבערן קלויסטער.

מיר גייען אַריין אין באַגילדעטן זאַל פון „געהיימען קאָנקלאַוו", ווו אין משך פון הונדערטער יאָרן זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון די קירכלעכע טריבונאַלן.

איך ווער אַראָפּגעפירט אין די „קאַטאַקאָמבעס", די געהיימע אונטערערדישע קאָרידאָרן, ווו עס זיינען באַגראָבן אַמאָליקע „ברידער" פון פראַנציסקאַנער אָרדן. מיין וועג ווערט באַלויכטן דורך א ברענענדיקן פאַקעל. ביי די זייטן פון די לאַנגע קאָרידאָרן אין וועלכע עס שמעקט מיט דומפּיקן לופט פון דורות, ליגן אויסגעלייגט צענדליקער נאַקעטע שאַרבנס. אינם אומהיימלעכן ליכט פון די פאַקעלן דוכט זיך, אַז די אויגן־לעכער באַגלייטן אונדז מיט פוסטע בליקן. אין א קעלער נידעריקער, ליגט אויסגעלייגט אויף א שטיינערנער באַנק א מת, וועלכער, ווי דער פרעי דערקלערט מיר, איז געווען דער הויפּט פון אָרדן און קלויסטער מיט א יאָר דריי הונדערט צוריק. זיין קערפּער איז פאַרטריקנט אויף די ביינער; שטיקער קליידער הענגען אַראָפּ פון מת און אויפן פּנים זיינען נאָך געבליבן שטיקלעך פאַרטריקנטע הויט, וואָס פאַרוואַנדלען דעם אויסדרוק אין א שרעקלעכער גרימאַסע.

— פּאָטער אַמבראָסיאָ איז געווען א הייליקער און זיין קערפּער איז באַלזאַמירט פון דער השגחה — זאָגט צו מיר דער גלח'ל.

פּלוצלינג עפנט זיך א ברייטער גרוב אַרומגעצאַמט ווי א ברונעם. דער פאַקל באַלויכט א טיפן קאָרידאָר אונטן אין גרוב וואָס איז פול מיט שאַרבנס.

— דאָ איז געווען די תפיסה פאַר פאַרברעכער — דערקלערט דער „ברודער" מיט אַן איינגעהאַלטענעם פרומען זיפץ.

איך ווייס, אַז אין דעם דאָזיקן קלויסטער טאָר איך ניט דערמאָנען דאָס וואָרט אינקוויזיציע און ניט פרעגן וועגן דעם כאַראַקטער פון די פאַרברעכנס.

איך באַטראַכט דאָס אַלץ כלומרשט מיט די קאַלטע אויגן פון אַ נייגעריקן טוריסט — אָבער אין האַרצן קאָכט און זידט דאָס בלוט: וואָס קענט איר מיר דערציילן טרוקענע שאַרבנס, וועלכע האָבן אַמאָל געלעבט, געליטן און געגלויבט...

ווו נעם איך שעקספּירס פּעדער, כּדי ווי אין „האַמלעט" צו פירן דעם שמועס פון קברנים מיט די טויטע קעפּ. אָדער אפשר איז דאָ גאָר אויפן אָרט בעסער צו זאָגן אַ שטילע תפילה צום „אָב הרחמים... יזכרם אלוקינו לטובה עם שאר צדיקי עולם וינקום נקמת דם עבדי השפוך"...

איך בעט מיך פירן צו דער ביבליאָטעק פון קלויסטער. ווען מיר קומען אָבער צו דער טיר מיטן אויפשריפט „ביבליאָטעקאַ" גייט אונדז אַרויס אַנטקעגן אַ הויכער פּעטער פראַנציסקאַנער כּאָנק און וויל נאָכאַמאָל באַטראַכטן מיינע פּאַפּירן. ער לייענט זיי אויפמערקזאַם, זיינע שטאָלענע בלויע אויגן נעמען מיך דורך מיט אַ בליק, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך גאַרניט פון דער באַשיידנקייט פון אַ קלויסטער־ברודער. דאָס איז דער קוק פון אַ געניטן פּאָליציאַנט.

פּלוצלינג ווענדט ער זיך צו מיר אין דייטש:

— איר זענט דאָך מסתּם אַ ייד, וואָס וויל עפּעס געפינען העברעאישעס אין אונדזער ביבליאָטעק?

— יאָ, פּרעי, איך בין אַ ייד און וויל זען אייער ביכער־זאַמלונג, וועלכע איז באַרימט אין דער גאַנצער וועלט.

דער חוצפּהדיקער מאָנק שמייכלט צופרידן:

— יאָ, איך דערקען גלייך אַ יידן, איך בין לאַנג געווען אין אייראָפּע. איך גלויב ניט, אַז אָן דער דערלויבעניש פון „פּאַדרע סופּעריאָר" קען איך אייך אַריינלאָזן באַטראַכטן אונדזערע אַלטע קאָלעקציעס. דער פּאַדרע וועט אָבער ערשט מאָרגן זיין צוריק אין קלויסטער.

איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז אָט דער פּעטער גלח, אין באַשיידענער מאָנק־קליידונג, וועלכער האָט פּלוצלינג זיך געווענדעט צו מיר, אָן שום נויטווענדיקייט, אין אַ פּערעקטיקער דייטשער שפּראַך, האָט אין דער לעצטער וועלט־מלחמה געטראָגן ניט דעם ברוינעם זאַק מיט שטריק, נאָר אַ ברוינע העמד מיט אַ האַקן־קרייץ. פיל אַזעלכע געסטאַפּאָ־טיפּן באַהאַלטן זיך איצטער אין די שאָטנדיקע ווענט פון געשלאָסענע קלויסטערס.

איך רייס שנעל איבער דעם געשפּרעך, וואַרף אויפן גלח אַ לאַנגן בליק פול מיט שנאה, וועלכן ער כאַפּט אויף מיט פולער פאַרשטענדעניש און פאַרלאָז שנעל דעם שטיינערנעם זאַל.

קירכן־גלאָקן קלינגען אין דער פאַרנאַכטיקער לופט. דער קעלער מיט די שאַרבנס באַלויכטן פונעם ציטערדיקן פייער פון פאַקל, שטייט מיר נאָך אַלץ פאַר די אויגן...

כ״האָב ראש־השנה תשי״ג (1952), מיטגעדאַווענט מיט די צען יידן אין דער עקוואַדאָריאַנער שטאָט אַמבאַטאָ — צווישן ריזיקע שניי־בערג, אינגאַנצן עטלעכע צענדליק מייל ווייט פון ווילדן אינדיאַנער שבט דזשיוואַראָ, וועלכער ברענגט נאָך איצט מענטשלעכע קרבנות צו שטיין־געטער...

דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע איבערלעבעניש אַפילו פאַר מיר, וואָס איז שוין געווען „צוגאַסט״ סיי אין שושן הבירה און סיי ביים לעגענדאַרן טייך סמבטיון.

געקומען בין איך קיין אַמבאַטאָ פונקט ערב ראש השנה מיט אַן אויטאָמאָביל פון פאַר־וואָרפענעם אינדיאַנער דערפל באַניאָס, ווו איך האָב אויף עטלעכע טעג, צוזאַמען מיט מיין פרוי, זיך פאַרהאַלטן כדי צו געניסן פון די שטורמישע הייסע וואַסער־קוואַלן וואָס רייסן זיך אַרויס פון די בערג און היילן אַלע רעוומאַטישע און אַנדערע חולאת׳ן, וואָס נעסטלען זיך אין אונדזערע אָרגאַניזמען אַלס אַ ירושה פון דורות.

מיר זיינען ביידע געווען אינמיטן פון אַ רייזע, וואָס האָט אונדז אַריבערגעוואָרפן פון בראַזיל קיין אורוגוויי, קיין אַרגענטינע, קיין פּערו און פון דאָרטן אַריינגעשליידערט אין דעם שכנותדיקן עקוואַדאָר, ווו מיר האָבן באַשלאָסן אָפּכאַפּן דעם אָטעם אין דעם פּרימיטיוון קור־אָרט דערפל באַניאָס, וועלכן איר וועט דערוויל ניט געפינען אין קיין שום מעדיצינישן בוך און וועט דאָרטן אויך ניט טרעפן קיין אַמעריקאַנער אָדער אַנדערע טוריסטן.

איך שרייב „דערוויל״, ווייל מיט דער צייט וועלן זיך מסתמא ליידנדע אויף אַלערליי חולאת׳ן דערוויסן וועגן דעם דאָזיקן היילווינקל, וועלכער איז פאַרשטעקט אויף דער סאַמע עקוואַטאָר־ליניע און ווו זייער רפואה שפּריצט מיט קאָכיקע שטראָמען פון שנייאיקע בערג.

טויזנטער האַלב־ווילדע אינדיאַנער קומען דאָ פון אַלע בערגיקע ווינקלען און באָדן זיך אין די הייסע און קאַלטע וואַסער־פאַלן זינט אומפאַרגעסלעכע צייטן — צווישן זיי שפּרינקלען זיך דורך עטלעכע ווייסע, וועלכע קומען פון קיטאָ, די הויפּט־שטאָט, און פאַר וועלכע עס זיי־נען דאָ געבויט געוואָרן צוויי קליינע האָטעלן (איינער פון זיי געהערט צו אַ דייטשן יידן).

אין דער אומגעוויינלעכער שטילקייט פון האַלב־ציוויליזירטן דאָרף זיינען מיר אָבער גע־וואָרן אַליין אומרואיקער, מיטן דערנענטערן זיך פון ראש־השנה.

מיין פרוי האָט בשום אופן ניט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז מיר וועלן ימים־נוראים בלייבן אַליין אין דער דאָזיקער ווילדעניש און ניט קענען זיך באַהעפטן מיט דעם „מנין״ פון כלל־ישראל.

זאָלן מיר פאָרן צוליב דעם קיין קיטאָ — —די הויפּט־שטאָט פון עקוואדאָר, וואָס ליגט ווייט אין הויך פון די בערג? דאָס איז א שווערע רייזע, צוליב וועלכער מען וועט מוזן איבער־רייסן די אָנגעהויבענע קוראַציע מיטן הייל־וואסער, וואָס האָט צוזאַמען מיט דער באַלזאַם־לופט פון די בערג ארום, שוין אָנגעהויבן גוט צו ווירקן.

קומט צו אונדז א גאַסט, אונדזער פריינט פון קיטאָ דר. שווערין, און טיילט מיט, אז איינגאַנצן עטלעכע צענדליק מייל פון פּלאַץ ווו מיר געפינען זיך איצטער, ליגט דאָס שטעטעלע אַמבאַטאַ, ווו עס זיינען פארוואָגלט געוואָרן א פּאָר צענדליק יידן פון אייראָפּע, וועלכע וועלן געווים איינאָרדענען א מנין אויף ראש השנה, ווי זיי טוען עס יערלעך.

מיט עטלעכע יאָר צוריק — פאר דער גרויסער ערד־ציטערניש — וועלכע האָט איינגע־שלונגען טויזנטער קרבנות האָבן אין אַמבאַטאָ געוווינט ארום דרייסיק יידישע משפחות. אָבער נאָכדעם ווי די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע וואָס איז דאָרט פּאָרגעקומען מיט פיר יאָר צוריק (דעם 5־טן אויגוסט פון יאָר 1949) האָט פּשוט געענדערט דעם אויסזען פון דער געגנט ארום, ווען בערג האָבן זיך געשאָטן ווי זעקלעך מעל און די ערד האָט געעפנט איר מויל און איינגעשלונגען דערפער און ישובים — זיינען זיך דער גרעסטער טייל יידן צולאָפּן און עס איז געבליבן קוים א צענדליק פון זיי.

ווען עס קומט פאר א יום־טוב גייען אראָפּ איינצלנע פאַרוואָגלטע יידן פון די בערג, קו־מען ארויס פון די וועלדער, ווו זיי האָבן זייער פּרנסה און זאַמלען זיך צונויף אין צימערל וואָס מען דינגט אָפּ ביי אן אינדיאַנערין, כדי צו דאַווענען מיט א מנין.

אָט דאָרטן טאַקע וועלן מיר אויך דאַווענען ראש־השנה.

פרייטיק, ערב יום־טוב, קומט צו אונדז אין דערפל באַניאָס דער אויטאָמאָביל, וואָס די יידן פון אַמבאַטאָ האָבן צו אונדז געשיקט מיט א „זיבערן" שאָפער.

דער ענין „זיכערקייט פון שאָפער" שפּילט דאָ א גרויסע ראָלע: די וועגן ליגן אויף אן אומבאַקאַנטער געגנט, זיי שלענגלען זיך הויך אין די בערג; די שטעגלעך זיינען אַזעלכע שמאָ־לע, אז אָפט דוכט זיך אויס, אז אָט־אָט פאַלן מיר אראָפּ אין טיפן תהום אריין; דער שאָפער אַליין איז א שווייגנדיקער אינדיאַנער און ווייזט אויס צו זיין א קינסטלער אין פאַך. ער מיידט אויס די באַגעגנטע אייזלען און פוס־גייער, בכדי מיר זאָלן זיך ניט אראָפּגליטשן אָדער אויף זיי אַרויפפאַלן.

אונטן, אין טיפן־טיפן אָפּגרונט, ליגן נאָך די איבערגעבליבענע הונדערטער צעשמעטערטע הייזלעך פון דער שטאָט פּעלילעאָ, וועלכע האָט זיך איינגאַנצן אראָפּגעגליטשט אין תהום מיט אירע הייזער און טויזנטער מענטשן. די מענטשן זיינען פאַרשאָטן געוואָרן און פון די הייזער זעען זיך נאָר די דעכער.

א ציטער כאַפּט אייך ארום, ווען איר פאָרט פאַרביי אויפן שמאָלן ראַנד פון דאָזיקן שרעק־לעכן אָפּגרונט.

די „ימים נוראים" שטימונג שאַפט זיך שוין אין פאָרויס...

מיר פאָרן אַריין אין שטעטל אמבאַטאַ. איך ווייס נישט פאַרוואָס זי דערמאָנט מיר אַזוי׳ אַן אַ יידיש שטעטל ערגעץ אין פוילן אָדער אוקראַינע. אפשר דעריבער, ווייל די געסלעך זיי־נען שמאָלע, די הייזלעך זיינען קליינע, די קרעמלעך שטויסן זיך איינע אויף דער צווייטער מיט אָרעמע צעלניק־סחורה. און די קרעמערלעך — בידנע אינדיאַנער מיט טונקעלע געזיכטער, אָנ־געזעצט אין הויזן, ווי זעקלעך, מיט אויגן אומעטיק־פאַרטרויערטע, פאַרקוקטע אין דער ווייטנס.

דער אויטאָמאָביל ברענגט אונדז צום שניט־קראָם פון מאַרקאָס בוימאַן — אַ ייד פון גאַליציע, וועלכער איז אַהער פאַרוואָגלט געוואָרן מיט פיל יאָרן צוריק, געמאַכט אַביסל געלט און קלייבט זיך צו עמיגרירן פון דאַנען.

זיין שכן פון קראָם איז דער שוחט רוב, אַ ייד פון טראַנסילוואַניע, וועלכער האָט איינגע־האַלטן זיין פרומקייט אין דעם דאָזיקן פרעמדסטן און שווערסטן פון די גלותן. אויך ער האָט זיך אַרויסגעאַרבעט אויף אַ פיינעם פאַרמעגן — ניט פון זיין שחיטה, חלילה. ער האָט זיך לכתחילה אויסגעלערנט שחיטה, ווייל ער האָט געוואָלט אָנהאַלטן כשרות און ניט געשטרויכלט ווערן מיט טריפות.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער דאָ אַריבערגעבראַכט פון די לאַגערן זיינע צוויי געראַ־טעוועטע שוועסטער מיט זייערע מענער. עטלעכע קינדערלעך זיינען שוין דאָ געבוירן געוואָרן, אַ כשר יידיש הויז איז אויפגעשטאַנען, וווּ מען לייגט שלאָפן די יינגלעך מיט יאַרמעלקעס אויף די קעפּלעך און די יונגע שיינע יידישע מאַמעס פאַרוויגן זיי מיטן זיסן יידישן „לו־לע, לו־לע, יאַנקעלע".

פאַרבעט אונדז דער שוחט מיר זאָלן ביי אים עסן די יום־טובדיקע מאָלצייטן, פאַרבעט אונדז דער גאַליציאַנער בוימאַן צום מנין, וווּ ער איז דער בעל־תפילה. מען פאַרקירעוועט אונ־דזער אויטאָמאָביל צום איינציקן האָטעל אין אמבאַטאַ — אגב, באַרימט אין גאַנץ עקוואַדאָר צוליב זיין ריינקייט און אייראָפּעאישן סטיל — צו דער „ווילאַ הילדאַ", וועלכע ווערט פאַר־וואַלטעט דורך אַ דייטשן יידן דר. סימאָן און זיין פרוי.

דער האָטעל וואָס געפינט זיך אינמיטן פון אַ טראָפּישן גאָרטן מיט שאַרף־געווירצטע בלומען, מיט פאַרביקע פויגלען וואָס שפּילן און זינגען, איז אַליין אַ שטיק מערקווירדיקייט. ווען מיר דערקלערן פרוי דר. סימאָן, אַז מיר וועלן עסן ביים שוחט, באַליידיקט זי זיך: „וואָס, בין איך דען ניט קיין יידישע פרוי? איך שווער אייך, אַז די הינער וואָס איך האָב אָנגע־גרייט אויף יום־טוב האָבן נים מיינע אינדיאַנער דינסטן געקוילעט, נאָר איך האָב דאָס אַליין געמאַכט. זיי זיינען אבסאָלוט כשר... איר מעגט מיר גלויבן, ווי היינט איז ערב ראש־השנה"...

מיר האָבן איר טאַקע געגלויבט, אין קיין דיסקוסיע זיך ניט אַריינגעלאָזט און פאַרזיכערט איר, אַז מיר מוזן זיך באַגרעניצן מיט אירע מילכיקע שפּייזן.

פאַרנאַכט איז מען אונדז געקומען נעמען אין שולכל. די איינציקע דאַגה פון מאַרקוס בוימאַן, דער בעל תפילה, איז, צי וועט זיך דאָך איינגעבן היינטיקס יאָר צונויפקלאַפּן דעם

מנין. ער ציילט און ציילט אויף די פינגער און איז זיך אלץ טועה... מילא, איך בין דאך צוגע־שיקט מן השמים. דערנאך, דער שוחט מיט זיינע צוויי שוואגערס. דערנאך דער גביר פון שטעטל צבי־הערש (המכונה כארבע) פון סטאניסלאוואו, גאליציע, און דער דייטש וואס האנדלט מיט בהמות און זיין איידים פון סלאוואקיע, דער פרעזידענט פון דער קליינער קהילה.

צי וועלן קומען די פאר יידן פון דער שטאט ריאבאמבא? דארטן אין שאטן פון מעכטיקן ווולקאן טונגוראהוא וווינען אייניקע ברידער אונדזערע און אויך א ווילדער משומד פישער, וועלכער איז אונטער היטלערס וויר־קונג געווארן א שונא־ישראל. צוליב אים קענען זיך די פאר יידן ניט ארגאניזירן — פארן זיי אראפ פון זייער הויכער בארג־שטאט א ביסל נידערי־קער קיין אמבאטא, וווּ זיי באהעפטן זיך מיט די ברידער זייערע, כדי צוזאמען צו דאווענען.

און ווי גרויס איז אונדזער שמחה ווען אויפן וועג צום דאווענען באגעגענען מיר די צוויי ברידער פעלמאן, וועלכע זיינען נאר־וואס אנגעקומען פון ריאבאמבא און געמאכט אונדזער מנין אייזן־פעסט.

דא ניט ווייט אין די סודותדיקע פאלדן פון די טאלן וווינען די ווילדע דזשיווארא־אינדיאנער, וועלכע רייסן פלינק אראפ מיט פארווארפענע דראטן די קעפ פון זייערע שונאים און שפעטער, פארטריקנטערהייט, טראגן זיי די קעפ שטאלץ ווי מעדאלן אויף זייערע ברוסטן (אזעלכע קעפ רופט מען „זאנזאס"; זיי זיינען גרויס ווי אן עפל און מען פארקויפט זיי אפילו צו טוריסטן).

די דרייסטע קריסטלעכע מיסיאנערן, וואס וואגן אראפגיין אין די טאלן און ברענגען ישוּעס תורה צו די ווילדע אינדיאנער קומען זעלטן צוריק; אויך זייערע אפגעהאקטע קעפ ווערן פארטריקנט און געטראגן אלס מעדאלן.

און דא אין א ווינקעלע עק־שטאט הערן זיך תפילות פון אן איינגעקשנטן מנין יידן, וועלכע שאלן ארויס אין די בערג: „היום הרת עולם... היינט ווערן אלע לעבעדיקע באשעפענישן גע'משפט: סיי הארן, סיי קנעכט... אלע דארפן רחמים פון טאטן אין הימל"...

א צענדליק יידן אויף א פרעמדער ערד מיט פאלנדיקע בערג ארום, צווישן טויזנטער האלב־ווילדע אינדיאנער וואס שטראמען פון אלע זייטן צום גרויסן מארק־טאג אין אמבאטא, רייסן איין די הימלען און בלאזן שופר, כדי דער פאטער אין הימל זאל זיך דערבארעמען און „פארשרייבן" אלעמען צום גוטן.

דוכט זיך מיר פלוצלונג אויס אז טאקע צוליב אט דעם צונויפגעשטוקעווען „מנין" שטייען נאך אלץ די ריזיקע בערג ארום, עפענען זיך ניט ווידער די גרויזאמע אפגרונטן, — לעבן נאך אלץ די רויט־הויטיקע שכנים, וועלכע זיינען אפגעטיילט פון אונדזער בית־מדרש'ל ניט נאר מיט דעם דינעם הילצערנעם ווענטל, נאר מיט די טויזנטער יארן זינט דער שופר האט געשאלט אויפן בארג סיני.

דער גאנצער אויסזען פון גאליציאנער בעל־תפילה, זאגט עדות וועגן א ביטער־ן קאמף מיט דער פרעמדער נאטור ארום, — א קאמף פאר פרנסה צווישן ווילדע אינדיאנער, א מלחמה פאר זיינע עקסטרעם־חסידישע אידעאלן. איר זעט פאר זיך א מענטש, וועלכער האט געמוזט פירן

מלחמה אויף אלע פראנטן, אפטמאל, — ווייזט אויס — האט ער געמוזט מאכן גאר גרויסע קאמפראמיסן, פאר וועלכע ער האט באצאלט געזונט און נערוון און דערפון געווארן נאך מער פארעקשנט און פארביטערט... ארום אים ווערט איצט געבויט די נייע נעסט פון שטרענג ארטאדאקסישע שוועסטער און שוואגערס, וועלכע וועלן דא בלייבן. ווען ער וועט איצט אוועק־פארן חתונה האבן קיין ניו יארק, וועלן זיי אויך מוזן קעמפן מיט די ציין, כדי זייער יידיש־קייט זאל איבערגעגעבן ווערן כאטש טיילוויז אט די דאזיקע ליכטיקע קינדערלעך זייערע, וועלכע זיינען געבוירן געווארן דא און אין די קאנצענטראציע לאגערן.

דערווייל טראגט זיך פון פענצטער ארויס, דער „ונתנה תוקף״; די קולות זיינען דורכגע־זאפט, אויך דא, מיט מורא־טענער פון „מי יחיה ומי ימות״!

אט האבן זיי דאך אלע מיט דריי יאר צוריק איבערגעלעבט דעם נס פון ניט פארזונקען ווערן אין גרויסן „רעש״ פון דער ערד־ציטערניש, וואס האט צווישן די טויזנטער קרבנות ניט צוגענומען קיינעם פון „מנין״.

די ליניע פון עקוואטאר גייט דורך אט דא ניט ווייט ביים פענצטער ווו מיר דאוונען. דא שפאלט זיך געאגראפיש די ערד אויף צוויי־ען און דא טאקע שפאלטן יידן הימלען, שרייענ־דיק צום רבונו של עולם אויף אלע נוסחאות, די תפילות אין קליינינקן שולכל וואס האלט זיך אויף הינערשע פיסלעך.

דער דייטשער בהמות־הענדלער זיסקינד און זיין איידעם עמיגרירן שוין אינגיכן קיין טעקסאס. דער שוחט רוב, נאך יארן פון וואגלעניש און וואקלעניש, האט באקומען א כלה אין ניו יארק און וועט זיך דארטן באזעצן.

און וואס וועט זיין מיטן מנין?... האט מען גוזר געווען אויפן הייטש זיסקינד ער זאל זיין געשעפט דא פארקויפן צו צוויי יידן פון קיטא, וועט זיך די צאל צוליב דעם ניט פארמינערן.

מארקאס בוימאן, דער בעל־תפילה, קלייבט זיך אויך חתונה האבן אין זיינע איצטיקע שפע־טערע יארן און עמיגרירן.

איך באטראכט פון דער נאענטן אט דעם שוחט רוב: ער איז ארומגעוויקלט מיט א גארטל און טראגט א וואלענעם טלית מיט אן עטרה. זיין געזיכט איז גלאט, אן א סימן פון האר, איינ־געשרומפן אין די קין־באקן איבער וועלכע עס פיבערן א פאר טונקעלע אויגן. זיינע ליפן זיינען דין און צונויפגעפרעסט.

יונה פעלמאן, דער עלטערער, וואנדערט שוין כמעט 25 יאר צווישן פערו און עקוואדאר. ער שטאמט פון בארימטן שטעטל גאוואסלעץ, אין בעסאראביע, וואס האט צוגעשטעלט טויזנ־טער בראווע יידן אין די ישובים פון בראזיל, קאלאמביע, פערו און אנדערע לאטיין־אמעריקא־נער לענדער. וואלף פעלמאן, אין זיין פאנאמא־הוט, מיטן אפגעברענטן פנים, מיטן טלות און־טערן ארעם, שטעלט פאר מיט זיך א פערפעקטן טיפ פון אמאליקן געזונטן פאלקס־מענטש, וועלכער פלעגט אט אזוי ווי איצט אראפקומען פון ישוב־דארף צום דאוונען אין שטעטל.

מיט אים איז זיין ברודער יונה, וועלכער איז אראָפּגעקומען אין דעם דאָזיקן לאַנד מיט עטלעכע יאָר צוריק, נאָכדעם ווי ער איז געווען מיט דער רוסישער ארמיי אין פינלאַנד, און דאָרטן פאַרוואונדעט געוואָרן.

ער וועט דאָ אָנזאמלען א ביסל געלט און דערנאָך צוזאמען מיטן ברודער פאָרן קיין ישראל, ווו — ווי ער זאָגט — די בערג און די טאָלן וועלן אים שירה זינגען — ניט ווי דאָ, ווו זיי אָטעמען מיט ווילדער פרעמדקייט.

פאַר מיר פערזענלעך איז די דאָזיקע באַגעגעניש מיט די פעלמאַנס געווען א טאָפּלטע שמחה: עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז וואָלף פעלמאַנס שרייבט אוים די צייטונגען, אין וועלכע מיינע ארטיקלען ווערן געדרוקט.

מיר זיינען זאַלבעצוועלפט. דער מנין אין אמבאַטאָ קען דעריבער אָנגיין אומגעשטערט דורך די ימים נוראים. אויף מאָרגן אין דער פרי קומט נאָך צו א דרייצנטער: א דייטשער ייד פון די וואָלקנס אין די בערג לאַטאַצונגאַ, ווו צוליב דער הויכקייט איז שווער צו אָטעמען. אָבער דער דאָזיקער ייד, וואָס פאַרוואַלטעט מיט א רייכער „האַסיענדע" (פאַרם) זעט אויס אַזוי ברוין ווי די אינדיאַנער ארום און כאָטש קיין גרויסער מבין אויף די קליינינקע אותיות אין מחזור איז ער ניט — שאָקלט ער זיך אָבער פרום איינגעהילט אין טלית.

זיינען מיר, דאָ פאַרזאמלט, יידן פון אמעריקע, פון פוילן, דייטשלאַנד, סלאָוואַקיע, אונגאַרן, בעסאַראַביע, טראַנסילוואַניע... דאָ אין שאָטן פון די בערג און וואולקאַנען טשימבאראַזאָ און אונגוראַהואַ.



# א טייך פון גאָלד

## און א קלויסטער פון זאַלץ

ס'איז דאָך אַן אָנגענומענער אמת, אַז די נאַטור פון לאַנד ווירקט אויפן אויספאָרעמען דעם כאַראַקטער פון די מענטשן וואָס באַוווינען דעם געגעבענעם שטח.

און אַזוי ווי די געאָלאָגישע, קלימאַטישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען אין דער קאָלאָמביאַנער רעפּובליק זיינען אַזוי עקסטרעם אַנדערש אין פאַרשידענע טיילן אירע, ווי אין קיין שום אַנדער לאַנד אויף אונדזער קאָנטינענט — האָט זיך אויך דער כאַראַקטער פון די איינוווינער דאָ אויסגעבילדעט פאַרשידנאַרטיק אין די באַזונדערע געגנטן.

קאָלאָמביאַ מיט אירע צוועלף מיליאָן איינוווינער אויף אַ שטח וואָס איז צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי טעקסעס, ליגט צעוואָרפן צווישן ביידע אָקעאַנען — דעם אַטלאַנטיק און דעם פּאַסיפיק. די הויפּט־שטאָט באָגאָטאַ מיט אַ האַלבן מיליאָן מענטשן איז פאַרשטעקט צווישן פעלזיקע בערג אויף אַ הויך פון נײַן טויזנט פוס. דורכגענעצט פון וואָלקנס און רעגנס מיט אירע שטענבערג אָנגעכמורעטע איינוווינער וועלכע גייען ניט אַרויס אין גאַס אָן אַ שירעם — איז זי אַ שרייַדיקער קאָנטראַסט, למשל, צו דער ראָמאַנטישער פּאָרט־שטאָט קאַרטאַגענאַ מיט איר אייביק שיינענדיקער זון, מיט דער נאַטירלעכער שפע פון געוויקסן און בלומען און מיט די קאַרנאַוואַלן בעת וועלכע עס הילכט דער געלעכטער פון די כמעט שפּאַנישע זאַרמענס, שוואַרץ־צעפּיקע און פייער־אויגיקע, טאַנצנדיק אין די גאַסן.

און דאָ טאַקע אונטן אין די דזשאָנגלס פון דרום, ווו דער סודותפולער טייך אַמאַזאָן פאַרגיסט די פאַרפּלאָנטערטע ליאַנעס־צווייגן, מאַכן זיך אַ וועג מיט לאַנגע מעסערס אין די הענט ווילדע אינדיאַנער, צווישן וועלכע עס הערשט נאָך איצט דער מוטער־קולט (מאַטריאַרכאַט) אין שבט — און צוויי פלי־שעה העכער, אין דער הויפּט־שטאָט, זיינען איבערפולט די אוניווערזיטעטן און אַקאַדעמיעס פון לערנען און קונסט, מיט וויסנשאַפט־דורשטיקע יונגע סטודענטן וועלכע דעבאַטירן היים פּאָליטישע וועלט־פּראָבלעמען אין די פרייע מינוטן פון לערנען.

אָבער די גלאָקן־קלינגערייען פון די אַלטע קירכע־טורעמס; גלחים און נאָנעס אין שוואַרצע, ברוינע און ווייסע פעלערינעס וואָס שפּרייזן מאַסנווייז איבער די גאַסן — גיבן דאָ צו דעם שווערן אָטעם ניט פון וויסנשאַפט נאָר פון קאַטוילישן ווייַרויך און וויקלען איין אין די פליגלען פון דער מעכטיקער קירך די שטאָט וואָס איז שוין אויך אָן דעם פאַרנעפּלט מיט וואָלקנס און רעגן.

איר קוקט אין די אויגן פון די צאָלרייכע קאָלאָמביאַנער וואָס האָבן ליב צו גיין און צו שטיין אין גרויסע גרופּעס, און אייך ווערט עפּעס אומהיימלעך פון די בייזע פייערלעך וואָס בליצן צו אייך אַרויס פון איינגעקשנטן קנייטש אַרום די ליפּן, וואָס זאָגט ניט אָן קיין גוטס.

איר ווייסט, אַז אין קיין שום לאַנד זיינען די פּאָליטישע ברידער־קאַמפן צווישן די „ליבעראַלן" און „קאָנסערוואַטיוון" ניט אַזוי בלוטיק און פאַרביסן ווי אין קאָלאָמביאַ. היינט שטייט

ביים מאכט־רודער א רעכט-פאליטישע קליקע פון פאשיסטן. ווערן זיי אבער ניט געשאנעוועט פון די „ליבעראלן", וועלכע טויטן אן רחמנות די פאליציי־באאמטע אין די ווייטע געגנטן, צינדן אונטער די פארמס פון זייערע קעגנער און מארדן אלעמען וועמען מען געפינט דארט.

נעמען די „קאנסערוואטיוון" נקמה דורך אויסשיסן גאנצע דערפער פון די „ליבעראלן", אדער ווי עס האט זיך פארלאפן גראד ערב מיין אנקומען קיין באגאטא, ווען א צעהעצטער המון האט פאגראמירט די רעדאקציע פון דער גרעסטער ליבעראלער צייטונג אין קאלאמביע „על טיעמפא", אונטערגעצונדן די גרויסע געביידע און געטאנצט ווילד, ווען פלאמען האבן זיך געריסן פון אלע פענצטער.

איך האב נאך באוויזן אנצוקוקן די פארקוילטע פענצטער-לעכער, דורך וועלכע א פאר־רויכערטע פינצטערניש האט סימבאליזירט די אטמאספערע פון דער געשפאנטער שנאה וואס הערשט אין דער רעפובליק.

איך האלט אין האנט א ליבעראלע צייטונג פון גלייך נאכן פאגראם און לייען א ביטערן ווידוי פון א בארימטן קאלומביאנער זשורנאליסט:

„מיר זיינען א פאלק פון שלעכטע, צעיוכעטע מישלינגען, פאלש איינער צום צווייטן; מיר שמייכלען, ווען מיר ווילן שילטן, מיר זאגן צו א טובה, ווען מיר האלטן א מעסער אנגעגרייט, כדי אריינצושטעכן אונדזער פריינט פון הינטן. מען האט נאך גאר ניט לאנג צוריק אנגענומען אין דער וועלט, אז מיר זיינען דאס קולטורעלסטע פאלק אין לאטיין אמעריקע, אז אונדזער באגאטא איז דער מאדערנער אטען, אז מיר רעדן דעם ליטעראַרישסטן שפאניש, אז אונדזער ציוויליזאציע איז פון ריינסטן קוואל... א ליגן איז דאס אלץ, א זעלבסטנארעריי: רעליגיעז זיי־נען מיר געצנדינער, אין כאראקטער — ווילדע, פון נאטור — אומדאנקבארע; אין באציאונג צו אויסלענדער — עקסטרעמע קסענאפאבן..."

ווייזט אויס, אז די צענזור — אן וועלכער קיין צייטונג טאר דא נישט דערשיינען — האט דעם ארטיקל דורכגעלאזן ווייל ער כאראקטעריזירט אלעמען אן אונטערשייד פון פארטיי.

און די קרוב צען טויזנט יידן דא, פון וועלכע א העלפט וווינט אין באגאטא און די אנדע־רע העלפט אין די גרויסע שטעט, ווי באראנקיא, קאלי, מעדעלין און א ריי קלענערע ישובים, האבן זעלבסטפארשטענדלעך געמוזט מיטמאכן אין משך פון די דרייסיק יאר פון זייער גע־שיכטע, די דאזיקע שווערע אויפטרייסלונגען וואס דרינגען ארויס פון די קאמפליצירטע געא־גראפישע באדינגונגען אין לאנד און פון די בייזע כאראקטער־שטריכן פון זייערע שכנים.

בראשית — האבן זיי געפעדלט... אויפן רוקן פון אן אייזעלע אנגעלאדן די קארטענע הויזן, די קרעטאנענע העמדער, די „הייליקע" בילדער און די בלעכענע צירונג, וואס האט געבליש־טשעט ווי גאלד... געוואנדערט ווי געניטע בערג־קלעטערער דורך גליטשיקע פעלזן, דורך שטור־מישע טייכלעך, געהאנגען איבער אפגרונטן, געגעכטיקט אין שמוציקע כאטעס פון פרעמדע אדער שונאים... דער ייד פון זשעלעכאוו אין פוילן אדער פון נאוואסעליץ אין בעסאראביע, איז דורכגעגאנגען דעם ביטערן און געפערלעכן וועג פון דערנידעריקונגען, קענגזייטיקע אפנא־רעריי, פון רעדן דורך „שטום-לשון" מיט א פרעמד־שפראכיקן פויער, פון נויטווענדיקן פאר־

שטעלן זיך אַלס „פּאָליאַקאָ״ אָדער „רוסאָ״, ניט מאָרנדיק אפילו מרמז זיין אַז ער געהערט צו יענעם פאָלק, וועלכער האָט „געקרייציקט אונדזער גאָט״... א לעבן פון פיין, אונטער פרעמדע מאַסקעס, אין קאַמף מיט נאַטור און שכנים.

דאָס איז דאָך אַלץ נעכטן געווען — אָבער היינט?... שטייען די זעלבע יידן אין פיין דע־קאָרירטע געשעפטן, האָבן אויפגעבויט גאָר־שיינע הייזער און ווילעס, וווּ זיי קאָנען זיך אויס־לעבן אין קאָמפאָרט; זיינען קינדער געבוירן געוואָרן וואָס געדענקען שוין ניט ווי דער טאַטע האָט מיטן אייזלעלע געוואַנדערט און גרענעצן געגנבעט... קינדער ליכטיקע, פעאיקע, וועלכע מען האָט לכתחילה געמוזט אָפּגעבן אין קאַטוילישע שולעס, וווּ מען האָט אויסער ליטעראַטור, מאַ־טעמאַטיק אָדער געשיכטע, אויך געמוזט מיטזינגען קריסטלעכע לידער און שמעקן דעם „היי־ליקן ווייררויך״, וואָס איז געווען אַזאַ שרייענדיקער קאָנטראַסט צום ריח פון די שבתדיקע פיש, מיט וועלכע מען האָט נאָך, אין די טאַטע־מאַמע שטיבער, אונטער־געהאַלטן דעם שוואַכן שאָטן פון פרימיטיווער יידישקייט.

פלעגט מיר טאַקע ווי טאָן דאָס האַרץ, ווען איך האָב מיט זעקס אָדער זיבן יאָר צוריק באַזוכט די קהילות אין קאָלאָמביאַ און מיט ווייטיק אָנגעקוקט דעם ראַשיקן מאַרש פון די נאָך ניט לאַנג קליינשטעטלדיקע פאָלקס־יידן צום אָפּגרונט פון טעמפּער עם־הארצות, פון איבער־יאָגן איינער דעם אַנדערן אין געלט־גייציקייט, פון נעיגע נאָך וואָס א גרעסערן לוקסוס אין די הייזער, אויטאָמאָבילן און נאָכן שטייגנדיקן האַזאַרד אַרום קאָרטן־טיש.

אָבער בעת מיין איצטיקן וויזיט האָב איך באַשיינפּערלעך פעסטגעשטעלט אַן ענדערונג צום בעסערן און עפּעס א שטילע פרייד איז געבוירן געוואָרן אין מיין האַרצן. ווער ווייס, אפשר האָבן מיר זיך אַלע צוגעאיילט און ניט דערשאַצט די אוצרות וואָס זיינען פאַרבאָרגן טיף אין דעם יידנס האַרצן?

שוין בעת דער שנעל־אימפּראָוויזירטער זיצונג אין קהילה־צענטער, וווּ אַרום טיש זיינען געזעסן די אַלט־באַקאַנטע פּנימער פון אַמאָל: לובעלטשיק פון מיין שכנותדיק שטעטעלע מש־זשעווע און שאַראַגאַ פון בעסאַראַביע און די לומרישע ברידער חיים און איתמר גאָלדשטיין, דרעשער, רויטמאַן און נאָך אַנדערע נעמען וואָס איך געדענק ניט — האָב איך די ענדערונג ממש ווי אָנגעטאַפּט.

די שעהן זיינען שנעל געפלויגן און די יידן דאָרטן האָבן אַלץ מער געוואָלט וויסן, וואָס עס הערט זיך אין דער יידישער וועלט, אין ישראל, אין דער פּאָליטיק פון אַמעריקע און פון אייראָפּע.

עס איז געווען א מחיה צו פילן, ווי אייערע ווערטער ווערן דורשטיק געשלונגען, ווי זיי פאַלן איצט אויף א פרוכטבאַרן גרונט.

און אויף מאָרגן פירן מיר צוויי פאַרעקשנטע פירער פון יידישן באָגאָטאַ: אליהו רויטמאַן און ב. פעלדמאַן, ווייזן דעם בולטסטן סימן פון דער־וואַכונג פון ישוב — די פּרעכטיקע געביידע פון דער יידישער שולע.

זי איז א ווייטע, יונגע און שיינענדיקע מיט דער מאָדערנסטער פּראַנטוואַנט פון גלאָז, וואָס זאַמלט אַריין דאָ אַלע מעגלעכע זון־שטראַלן פון דער דאָזיקער פאַרכמורעטער שטאָט.

און אליהו רויטמאַן, וועלכן איך האָב נאָך מיט אייניקע יאָר צוריק געטראָפן אַזוי פאַר־האוועט און אויסשליסלעך פאַרנומען מיט בויען זיין פערזענלעכן געלט־שלאַס — האָט זיך מיט דער זעלבער ענערגיע, דאָ ניט לאַנג אַריינגעוואָרפן אין פאַרפולקאָמען דעם אַזוי נויטיקן דערציִ־אונגס־אַנשטאַלט, ווו די קינדערלעך פון „חאַפ־לאַפ" פיל־פּנימדיקער באַגאַטער קהילה, זאָלן פאַרייניקט און צעמענטירט ווערן דורך אַ יידישער דערציִאונגס־סיסטעם.

מער ווי צוויי הונדערט קינדערלעך פילן אַן די גערוימע קלאַסן, געשיקט דאָ דורך די פּוילי־שע, ספרדישע און דייטשע טאַטעס — אַזוי פאַרשידנאַרטיק אין קולטור און אָפּשטאַמונג. די שולע וועט שוין דערגענצן די אייניקייט פון צווייטן דור, וועלכע דער ערשטער דור וואַנדערער האָט ניט געקענט באַווייזן.

עס שטייען צוויי ווייסע אויטאָבוסן, וועלכע ברענגען די קינדער אין שולע און צעפירן זיי שפּעטער אהיים. עס שרייען אַראָפּ פון זיי די ווערטער „קאָלעגיאָ העברעאָ דע קאָלאָמביאַ", וואָס באַדיימ: די העברעאישע שולע אין קאָלאָמביאַ.

איך שטעל זיך פאָר, וויאַזוי אין דער קאַטוילישער שמן־זית אַטמאָספער פון דער דאָזיקער שטאָט פון קלויסטערס און גלחים — רופן די דאָזיקע ווערטער און דערמאָנען, אַז עס לעבט און עקזיסטירט דאָ צווישן זיי אַ יידישע מינדערהייט וואָס וויל ניט צעשווומען ווערן און אונטער־גיין. און די צאָלרייכע יידישע טאַטע־מאַמעס, וואָס שיקן נאָך איצטער זייערע קינדער דירעקט אין די שמד־לאַבאָראַטאָריעס פון אָרטיקן קלעריקאַלן שול־וועזן, דאַרפן מסתם פילן אַ שטאַרקן שטאָך אין האַרצן ווען די אויטאָבוסן דערמאָנען זיי, אַז דאָ ניט ווייט ווערט דערצויגן אַ קינד, וואָס קיינער באַליידיקט ניט צוליב זיין רעליגיע.

ווייניק יידישע לערער זיינען איצט פאַראַן אין שולע. מען פּלאַנעוועט צו ברענגען וואָס מער לערער פון ישראל, איבערהויפּט איצט, ווען עס זיינען שוין געעפנט געוואָרן די ערשטע קלאַסן פון דער גימנאַזיע.

די לערערין פון זינגען, אַ קאַטוילישע קאָלאָמביאַנערין, לערנט יידישע קינדערלעך העב־רעאישע לידער.

און עס איז פול מיט באַזונדערן חן דאָס קריסטלעכע יינגעלע כעסום דאַנאַרא, וועמענס עלטערן עס איז דוקא געפעלן געוואָרן אים צו דערציִען אין אַ יידישער שולע, ווו ער זינגט פאַר מיר אין העברעאיש דעם „שיר הפינזשאַן".

אַ צווייט יינגעלע, חיים חסידא — שוואַרץ ווי אַ תימנער — דעקלאַמירט אַ יידיש ליד.

נאָכדעם ווערן אַלע קינדער פאַרזאַמלט אין גרויסן אַקטן־זאַל, ווו דער גאַסט דערציילט זיי וועגן אַנדערע יידישע קינדערלעך, וואָס לערנען אין די שולעס פון אינדיע אָדער פון אַביסי־ניע — וועגן יידעלעך קליינינקע, וואָס האָבן זיך אויסגעפּיקט פון די אייערלעך און זיינען שפּעטער געוואָרן העלדישע קעמפער אין געטאָס און אין מדינת ישראל...

לויכטן אויף די אייגעלעך, טופּן ווי צום טאַנץ די פיסעלעך פון יענעם דור וועלכן די שו־לע גייט ראַטעווען פון מאַראַלישן חורבן.

דאָ אין שולע דערוויס איך זיך אויך, אז ניט אַלע קאָלאָמביאַנער יידן זיינען, ווייזט אויס, גבירים, והא ראיה: נאָר פאַר הונדערט קינדער זיינען די טאַטעס ביכולת צו צאָלן פולן שכר־לימוד; זיבעציק צאָלן א העלפט און פערציק קינדער קענען גאָרניט צאָלן. אלע נויטבאַדערפטיקע ווערן אויסגעהאַלטן מיט שפייז, קליידונג און שיך.

כאָטש איך בין געווען מיד און שלעפעריק בין איך אָבער צוריק געוואָרן וואַכזאַם און פאַראינטערעסירט, ווען מיין ליבער פריינט, דער געוועזענער פרעזידענט פון יידישן צענטער, שמעון גובעריק, האָט פאַרגעלייענט פאַר מיר די ערשטע בויגנס פון זיין מאַנוסקריפט, וואָס דערציילט די געשיכטע, ווי אזוי אין משך פון די לעצטע 25 יאָר האָבן די יידן פון זיין שטעטל זשעלעכאָוו (נעבן וואַרשע) אָנגעהויבן אָנקומען קיין קאָלאָמביע.

איך געדענק אליין, אזוי גוט, יענץ „שטעטל פון י. מ. וויסנבערג". ניט איינמאָל בין איך דאָרט געווען אויף אָפיציעלע באַזוכן אלס אינספעקטאָר פון די פאָלקס־בענק, גערעדט צו זיי, צו די קרעמערלעך און שוסטערלעך, שטייענדיק אויף אַן איבערגעקערטער פאַס אין גרויסן שטאָל פון דער פייערלעשער קאָמאַנדע. פינסטער און אָרעם איז געווען דאָס שטעטל.

דער יונגער דור האָט זיך געריסן אין נייע וועלטן, ווייל די אמעריקאַנער קוואָטע איז שוין דעמאָלט געווען געשלאָסן.

מען האָט געלאַנדעט אין בראַזיל, אין טרינידאַד, אין קאָלאָמביע און אין ווענעזועלע.

דער ענערגישער יידישער פאָלקס־מענטש האָט מיט זיך געבראַכט שטריק־מאַשינדלעך און אויסגעלערנט דעם קאָלאָמביאַנער שטעטל־פּוצער ווי אזוי זיך מיט זיי צו באַנוצן. נייע אינדוסטריעס זיינען געשאַפן געוואָרן; טויזנטער קאָלאָמביאַנער אַרבעטער זיינען אין זיי אַריין. הונדערטער פון זיי אין אַלע עקן פון לאַטיין־אַמעריקאַנער וועלט, זיינען פאַבריקאַנטן געוואָרן, רייכע הייזער געבויט, אין וועלכע עס ווערט נאָך געלייענט א יידישע צייטונג, א יידיש בוך און א גאַסט פון דער פרעמד געפינט דאָ א סביבה.

שמעון גובעריק אליין האָט זיך מער פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן זיינע ברידער אין דער פרעמד — ווי מיט מאַכן געלט. אָבער ניט צו פאַרזינדיקן: אויך ער האָט א שיינע פאַרצווייגטע פאַמיליע אויפגעבויט, וווּ עס ברענט נאָך דאָס היימישע זשעלאָכאָווער וואַרעמע פייערל.

פאַרשרייבט, גובעריק, פאַרשרייבט די געשיכטע, ווי אזוי יידן האָבן געהאָלפן בויען די עקאָנאָמיע פון קאָלאָמביע, כאָטש מען האָט זיי פאַרשריען פאַר פּאַראַזיטן. שטעלט א ליכטל די פּיאָנערן פון יידישן ישוב דאָ, וועלכע זיינען געקומען עלנטע און אָרעמע און געלייגט דעם פונדאַמענט (אויב עס איז איבערהויפּט פאַראַן א פונדאַמענט אין דער היינטיקער שאַקלדיקער וועלט...) פון א גוטער מאַטעריעלער עקזיסטענץ פאַר די קינדער פון יענע עמיגראַנטן, וועלכע הויבן שוין אָן צו פאַרגעסן סיי יידיש, סיי יידישקייט.....

---

נאָלד און זאַלץ...ביידע אַרטיקלען געהערן צו די נאַטירלעכע רייכטימער פון קאָלאָמביע — אָבער אויב איך פאַרשטיי אזוי גוט צו וואָס מען דאַרף זאַלץ, בין איך נאָך אַלץ ניט דער־

גאנגען צו דער תשובה, צו וואָס אייגנטלעך דארף די מענטשהייט גאָלד? איך האָב דאָך געזען ווי מען שוויצט נאַקעטערהייט אין די גאָלד־גרובן פון אפריקע, פון אויסטראַליע און ארום די פארסממטע וואסערן פון קאָלאָמביא, כדי אויסצוהאַקן אָדער אויסצוואַשן די געלע בלישטשענ־דיקע שטיינדלעך אָדער זאמדלעך און נאָכדעם — נארט מען, מאָרדעט מען, מ׳פירט מלחמות, מען שאפט גאָלדענע קעלבער און מען בוקט זיך צו זיי אַלץ צוליב גאָלד און פון גאָלד...

די פרימיטיווע אינדיאַנער, וואָס האָבן באַוווינט די געגנט פון דער לאַגונא גואטאַוויטא, ארום דער אָזערע וואָס זעט אויס ווי א גיגאַנטישער דימענט איינגעפאסט אין א ראַם פון בערג, וואָס בלענדן מיט זייערע פארבן, האָבן גאַנץ פשוט פארענטפערט די אויבנגעשטעלטע פראַגע: ווען זיי האָבן געזען ווי די שפאַנישע דעראָבערער יאָגן זיך אזוי נאָכן שיינענדיקן מעטאַל,, פאר־ניכטן דערפאַר גאַנצע, טויטן אפילו אייגענע חברים, אבי וואָס מער גאָלד צו פארכאַפּן — האָבן זיי צונויפגעזאמלט דאָס גאַנצע גאָלד, וואָס מען האָט נאָר געקענט געפינען ביי זייער שבט, די משיטשבאָס, און דאָס אריינגעוואָרפן אין דער אָזערע גואטאַוויטא, אלס קרבן צו דער געטין מיטן זעלבן נאָמען...

דאָס איז געווען זייער נקמה פאר יאָרן פון פארקנעכטונג, וואָס דער ווייסער גייציקער מענטש האָט אויף זיי געבראַכט צוליבן גאָלד. מען זאָגט טאַקע, אז אין דער דאָזיקער אָזערע ליגט א פארמעגן וואָס איז ווערט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַר. מען האָט שוין אפילו אויסגעפּאָמפּט דאָס וואסער, אָבער מען האָט זיך אָנגעשטויסן אויף א זייער טיפער בלאָטע, און וועלכער אויף דער אויבערפלאַך דאָ און דאָרט ליגט אביסל גאָלד, און מען האָט נאָך ביז איצט ניט געפונען די טעכנישע מיטלען זיך צו נעמען רייניקן די בלאָטע און ארויסבאַקומען דאָס גאָלד.

אָט אזוי, האָט א שטאָלצער אינדיאַנער שבט ארויסגעשטעקט א צונג דער ווייסער ציווי־ליזאציע, וואָס איז זיי געקומען לערנען און — פארניכטן...

דערפאַר אָבער, טאַקע ניט ווייט פון דאַנען, פאָרן מיר אריין אין די באַרימטע זאַלץ־גרובן סאַלינאַס דע ציפּאַקירא, וואָס זעען מיר אויס ווי א וועלט־וווּנדער..

אונדזער אויטאָמאָביל ווערט אריינגעלאָזן דורך ריזיקע אייזערנע טויערן אין טונעל. פאַ־דוים פאָרט, אין א מיליטערישן דזשיפּ, דער הויפּט־אינזשיניער כאָסע קאַנאַן מיט א גרופּע ארויסהעלפער. עס ציען זיך מײַלן־לאַנגע גאַסן, יעדע לענגער ווי אונדזער פיפט־עוועניו. די ווענט זיינען ווייס און ברענען מיט נאַטירלעכן מאַטן פייער פון זאַלץ, וואָס שיינט אָפּ פון די צאָלרייכע עלעקטרישע לאָמפּן בייביידע זייטן פון די גאַסן. איר פאָרט און פאָרט — און זאַל־צענע ווענט, אונטער הויכע סופיטן, ציען זיך אָן א סוף.

אָט איז א שטאָט, טיף אונטער דער ערד, וואָס איר פארשטייט איר נוצלעכקייט: מען עסט איר אין זופּ, אין פלייש, אין ברויט און גרינוואַרג... איר דערמאָנט זיך, אז אַמאָליקע סאָלדאַטן פון נאַפּאָלעאָנען האָבן פארשפּילט שלאַכטן אין די ווייטע לענדער, ווען עס איז קיין זאַלץ ניט געווען און מען האָט געמוזט שיטן געזאַלצענעם פּולווער אין זופּ אריין...

אָבער גאָלד? צו וואָס קענט איר דאָס מער באַנוצן ווי נאָר צו צירונגען?...

פאָרן מיר אַלץ טיפער און טיפער אין די עוועניוס פון דער געזאַלצענער שטאָט. און מיר קומען צום צענטער פון „שטאָט״, ווו א גרויסע קאַטעדראַל־קירכע ווערט איצט אויסגעהאַקט טיף אונטער דער ערד. בלאַנקט דער ווייסער אַלטאַר פון גראַניט־זאַלץ און עס זיינען אויסגעפורעמט אין די ווענט פיגורן און צלמים וועלכע זיינען פאַנטאַסטיש גרויס...

דער קופאָל פון דער זאַלץ־קירכע איז העכער ווי דער עמפּייר־סטייט בילדינג... עפּעס בלאָנדזשען מיר אין אַן אונטערערדישער וועלט ווייט פון דער ווירקלעכקייט.

צוליב אונדזער כבוד וועגן פאַראָרדנט סעניאָר קאַנאַן מען זאָל אויפרייסן מיט דינאַמיט א נייעם אייַנגאַנג צו א זאַלץ־טונעל. אַן עכאָ פון טויזנט ווידערקולן קייקלט זיך און שאַלט אָפּ אין אַלע „עוועניוס״. עס באַטויבט אַזש, אַזוי ווי עפּעס א שרעקלעכע קאַנאָנאַדע ווילדעוועט אין בויך פון דער ערד. און שפּעטער שטאַרבן די שאַרפע ווידערקולן לאַנגזאַם אָפּ און פאַרוואַנדלען זיך אין א — געלעכטער... אַזוי ווי די נאַטור גופא, וואָלט געקייכט פון לאַכן איבער דער קלייַנער גרופּע מענטשעלעך וואָס זוכן, זוכן און — געפינען גאָרניט.

---

אין דער מעקסיקאנער שטאָט אַקאַפּולקאָ, — וואָס ליגט צעלייגט ווי אַ פּאַדקאָווע אויפן ברעג פון פּאַסיפישן אָקעאַן, — האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ חבר פון מיינע שול־יאָרן און איבערגעלעבט צוזאַמען אייניקע ראָמאַנטישע טעג, וועלכע וועלן לאַנג בלייבן אין מיין זכרון.

וואָס ווייטער מען לעבט — בלייבן אַלץ ווייניקער די חברים פון קינדהייט, פון דער שולע, פון אוניווערסיטעט, אַלע יענע מיט וועלכע מען האָט אָנגעהויבן זאָרגלאָז און לוסטיק דעם לעבנס־וועג, געשפּרייזט צוזאַמען אַביסל צייט און דערנאָך זיך צעשפּרייט איבער אַזויפיל פאַר־שידענע פאַכן, שטעטלעך און לענדער, מיט פאַרשידענע מזלות אין לעבן.

ווער פון אייך, שוין אין די רייפע יאָרן, האָט עס ניט דורכגעלעבט קיין טיפע פרייד, ביים אומדערוואַרטעטן באַגעגענען זיך מיט אַן אַמאָליקן חדר־חבר — האָט יענער געמעגט זיין אַ בעל־עגלה אָדער אַ שוסטער, אַ גענעראַל, אָדער אַ רב, ס'מאַכט ניט אויס: ס'פלעגן פּלוצלינג אויפשטראַלן די זוניקע טעג פון קינדהייט, אַרומגעוועבט מיט סענטימענטאַלע דעראינערונגען, די טאַטעס אונדזערע און די מאַמעס, די געסלעך, די הייזלעך און אפילו דעם „רבינס קאַנטשיק" האָבן אַלע, באַפאַרבטע אין ראָזן קאָליר, צוגעגעבן זיסקייט צו דער וועלט, וואָס איז פאַרביי.

און די שטורמישע צוויי דורות, וועלכע מיר האָבן דורכגעלעבט, ווען צערונען און צע־שטויבט זיינען געוואָרן די שטעט און שטעטלעך, ווו עס איז געשטאַנען די היים פון אונדזער וויג — ווען די ווילדע ווינטן פון רעוואָלוציעס און מלחמות האָבן ווי שפּענדלעך אונדז געטראָגן פון לאַנד צו לאַנד, פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט — זיינען אַלץ ווייניקער געוואָרן די אַלע יע־ניקע, מיט וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער וועג. מיר האָבן זיי פאַרלוירן דורך אַלע מיתות־משונות און אויך דורך נאַטירלעכע סיבות; אַלץ איינזאַמער און איינזאַמער שטייגן מיר אריין אין שפּעטן פאַרנאַכט פון אונדזער לעבן.

איך פרעזענלעך געפין זיך נאָך אין אַ ביסל אַ גליקלעכערע לאַגע! צוליב דעם, וואָס מיינע רייזעס ברענגען מיך אין פיל־פיל לענדער, — זוך איך אָפּ דאָ און דאָרטן די שאָטנס פון מיין פאַרגאַנגענהייט, האַלט איך זיך ספּאָזמאַטיש ביי דער „פאַלע פון דער צייט", באַגעגן זיך מיט די רעשטלעך פון די פון מיינע יוגנט־פריינט, וועלכע זיינען לעבן געבליבן אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון אונדזער ערד־קוגל, — און עס שאַפט זיך די אילוזיע, אַז ניט אַלץ און ניט אַלע זיינען אוועק מיטן ווינט.

איר ווייסט גאָרניט, — אָדער אפשר ווייסט איר יאָ, — ווי אינטערעסאַנט עס איז, ווען איר דערקאָנט אומדערוואַרטעט אָט אין יענעם אינזשיניער צווישן די קופער־בערג אין טשילי, — אייער חדר־חבר בערעלע „ממזר", וועלכן דער מלמד האָט יעדן דאָנערשטיק ביים ווידער־ר־דאָלן די בלאַט־גמרא, — געשאָלטן מיט טויטע קללות פאַר זיין „פויערשן קאָפּ", — פאַרויס־געזאָגט אים אַ שוואַרצן סוף אין לעבן, — און איצטער זעט איר דעמזעלבן בערעלע אין גלאַנץ

פון זיין טעכנישער קאריערע אלס באפעלגעבער צו טויזנטער און טויזנטער ארבעטער און באַ־אַמטע. אָדער, ווען איר באַגעגנט זיך אין אויסטראַליע מיט וואָלאָדקען, דעם „שגץ" פון אייער גויאישן שכן דעם שוסטער, — וועלכער האָט געוואָרפן שטיינער יעדן שבת און יום-טוב אין די פענצטער פון בית־מדרש, געזידלט, געשפּאָט און אָפטמאָל געשלאָגן אַלע יידישע יינגעלעך פון אייער הויף. איצט, — נאָך א העלדישער קאַריערע אין די רייען פון דער אויסטראַליער ארמיי במשך פוןביידע וועלט־מלחמות, — האָט ער זיך דערדינט צום ראַנג פון א גענעראַל דאָרטן. ער באַנעמט זיך אריסטאָקראַטיש און מיט גרויס חשיבות — אָבער כאַפּט זיך ארום מיט אייך קושן, ווען איינער דערקענט דעם צווייטן. אויך זיינע אויגן ווערן פאַרוואָלקנט מיט טרערן, ווען ער דערזעט פאַר זיך דעם שאָטן פון זיין עבר.

און אזוי האָט זיך צונויפגעזאַמלט ביי מיר א גאַלעריע פון געשטאַלטן וואָס איך האָב באַ־געגנט אונטער פאַרשידענע געאָגראַפישע מערעדיאַנען און פּאַראַלעלן; מיט די אַלע שטעקן מיר אין א געמיינזאַמען עבר, באַפאַרבט מיט די זכרונות פון קינדהייט און יוגנט. די באַגעגענישן מיט פיל פון זיי זיינען ווערט באַשריבן צו ווערן.

וועגן אייניקע האָב איך שוין דערציילט אין פריערדיקע באַשרייבונגען — אָבער די איצ־טיקע באַגעגעניש ביים ים אין אַקאַפּולקאָ באַזיצט א באַזונדער חן, ווייל דער העלד פון איר האָט דורכגעמאַכט א גיט קיין דורכשניטלעכן לעבנס־וועג און איז אַליין א מענטש פון באַ־דייטנדיקן קאַליבער, — ספּעציעל אָבער צוליב דעם פאַטאַלאָגישן אונטערשלאַק, וואָס די גע־שיכטע באַהאַלט.

מיר האָבן זיך באַקענט און באַפריינדעט מיט פּעדראָ קאַרדאָזאָ אין דער צייט פון אונדזערע סטודענטן יאָרן אין דעם אוניווערסיטעט פון גענט, בעלגיע.

ניט קוקנדיק אויף זיין פּרעמד־קלינגענדיקן נאָמען, — איז ער א זון פון א זייער פרומער יידישער פאַמיליע אין ראָטערדאַם, האָלאַנד, — א פאַמיליע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון פּאָרטוגאַל מיט הונדערטער יאָרן צוריק בעת דאָרט האָט געבושעוועט די אינקוויזיציע.

אויך ער, דער יונגער קאַרדאָזאָ, — האָט געירשנט די טראַדיציע פון דער משפּחה, און ווען אַלע יידישע סטודענטן האָבן ניט אזוי שטאַרק מקפּיד געווען מיט כשרות און שבתים בעת אונדזערע אוניווערסיטעט יאָרן, — איז ער געבליבן דער אייינציקער, וועלכער איז געווען שטרענג אָפּגעהיט אין אַלץ וואָס איז שייך רעליגיע. ער פלעגט אפילו לייגן תפילין יעדן טאָג, — און איך האָב דאָס אַמבעסטן געוווּסט, ווייל מיר האָבן געוווינט צוזאַמען אין איין הויז, ווו ער, אַלס רייכער סטודענט, — האָט פאַרנומען צוויי פיין־מעבלירטע צימערן. ער איז געווען א גוּ־טער חבר, — כאָטש ער פלעגט ניט אזוי לעבעדיק אָנטייל נעמען אין די סטודענטישע „הוליאַנ־קעס", וועלכע האָבן שטורמיש געשוימט, ספּעציעל בעת די קאַרנאַוואַלן אין דער אַלטער בעל־גישער שטאָט. מיר האָבן אים אַלע ליב געהאַט, ווייל ער איז געווען א באַשיידענער, געטרייער חבר און ווייל ער פלעגט לייכט געבן א גמילות־חסד און קיינמאָל ניט מאָנען צוריק.

בעת מיינע אַמאָליקע רייזעס איבער אייראָפּע, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פלעג איך באַזוכן זיין הויז, וואָס איז געווען דאָס הויז פון זיינע עלטערן — ווייל מיין חבר פּעדראָ האָט

קיינמאָל ניט חתונה געהאַט. אויף מיינע איראָנישע פראַגעס, ווען וועט ער מיך באַקאַנען מיט זיין כלה, האָט ער שטענדיק אויסמיידנדיק געענטפערט, אַז דערווייל האָט ער נאָך זיין באַשערטע ניט געטראָפן.

און ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, איז ער שוין געבליבן ביים זייט פון זיין מוטער, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט, און צוליב דער ליבע צו איר טאַקע האָט ער קיינמאָל ניט חתונה געהאַט. ער איז אויך געבליבן דערזעלבער אָפּגעהיטער אין פרומקייט, — כאָטש ער האָט הויך געשטיגן אין זיין לעבנס־קאַריערע: ער איז געוואָרן דער גענעראַל־אינספּעקטאָר פון א באַרימטער איראָפּעאישער לופט־ליניע און צוליבן כאַראַקטער פון זיין אַרבעט באַרייזט ער די גאַנצע וועלט דורכשניטלעך איינמאָל אין צוויי יאָר.

מיט איניקע יאָרן צוריק בין איך מיט אים צוזאַמען געוועזן אויף אַן אויפנאַמע ביי א האָלענדישן דיפּלאָמאַט אין ווענעדיק, איטאַליע, — אין טאָג פון זייער נאַציאָנאַלן יום־טוב. דאָס האָט ער מיך טאַקע נאָך דער צופעליקער באַגעגעניש אויפן סט. מאַרקאָ פּלאַץ, — מיטגענומען מיט זיך בייצווווינען די פייערונג און אגב הערן דעם קאָנצערט פון א וועלט־באַרימטן פּיאַניסט, וועלכער איז איינגעלאָדן געוואָרן אלס דער ערן־גאַסט פון אוונט.

די פענצטער פון אַלטן פּאַלאַץ, ווו די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען, זיינען אַרויס אויף „קאַנאַלע גראַנדע", אויפן באַרימטן וואַסער־גאַס, וואָס איז א מין „בראָדוויי" אין ווענעדיק, — דער מערקווירדיקער שטאָט, וואָס איז צעוואָרפן אויף אַרום זעקס הונדערט אינדזלען. אונטן איבער די טונקעלע וואַסערן פון קאַנאַל — גליטשן זיך דעקאָרירטע שיפלעך־גאָנדאָלעס מיט זייערע לאַנגע פאַרגילדעטע שוואַנען־העלדזער, מיט די דעקאָראַטיווע איטאַליענער גאָנדאָליערן, וואָס זינגען זיס און פאַרליבט אַלטע און נייע סערענאַדעס.

אויף בענק, אויסגעבעט מיט בונטע פּליוש־טעפּיכער, זיצן געסט פון אַלע עקן וועלט, — זיצן און באַוואונדערן די פּאַלאַצן ביי די זייטן פון קאַנאַל, דיק באַפּוצט מיט שווערן בראָנז, מיט ווענעציאַנער פאַרביקע ריזן־שויבן, וועלכע לאָזן דורך די ליכט פון די קאַנדעליאַברען, ווי דורך „שווינדל־גלעזלעך"...

פון ווייטן בלישטשען די פייערלעך אויף די טורעמס פון דער טויזנטיעריקער פּיאַצעטטאַ, ווו קופּערנע ריטערס שלאָגן אויס מיט האַמערס די שעה'ן, די יאָרן, די יאָרהונדערטער פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

און אַט אויפן דאַזיקן הינטערגרונט, זיינען פאַרזאַמלט אין באַגילדעטן זאַל פון אַלטן פּאַלאַץ, — ווו דער האָלענדישער גענעראַל־קאָנסול וווינט, — איניקע הונדערט אויסדערוויילטע געסט, וועלכע שעמערירן אין גלאַנץ פון אויסגעצייטע מונדירן, מעדאַלן, פראַקן, קליידער און בראָקאַט, ליכטיקע טיולן, וואָס דעקן גאָרניט צו, — פינקלענדיק מיט דימענטענע פייערלעך אין די אויערן, אויף די העלדזער...

און אַלץ ווערט שטיל ווען דער גרויסער מאַעסטראָ מיטן ווייסן לייבן־קאָפּ, זעצט זיך ביי דער פּיאַנאָ. ער אַליין איז א פריינט פון דער אַלטער קעניגין ווילהעלמינא, — האָט ער דעריבער

נים געקענט אָפּזאָגן זיין גאַסט־געבער צו שפּילן פאַר איר כבוד ווען אייניקע פון שאָפּענס נאָקטיורנען — וועלכע האָבן אים באַרימט געמאַכט אויף אַלע קאָנטינענטן.

נעבן אים באַוויזט זיך א יונגע, קליינע, עלעגאַנטע פרוי, איינגעצוויגן אין א שוואַרצן סאַמעט־קלייד, וועלכער שטרייכט נאָך מער אונטער די עלפּאַנט־ביין העלקייט פון איר אַנטבלויזטע האַלדז. זי איז עפּעס ווי אויסגעשניצט פון איין שטיק, אָט אזוי ווי א פּאָרצעלאַן־פיגורל פון א יאַפּאַנישער געטין. אָבער די אויגן אירע זיינען גרויס, ווי א האַלב געזיכט: מאָדנע לייכטנדיקע, שוואַרצע אויגן אין א ראַם פון בלווילעכע און פון לאַנגע, — אזוי ווי קינסטלעכע ברעמען.

אַלע ווייסן, דאָס איז ליליאַנאַ, — די פערטע ווייב פון מאַעסטראָ. זי איז שטענדיק ביי זיין זייט, ווען ער שפּילט, — זי דרייט איבער די זייטן פון די נאָטן, — זי שמייכלט צו אים אָדער קוקט אַנגעשטרענגט־אומעטיק, אזוי ווי זי וואָלט מיט די געזיכטס־באַוועגונגען אקאָמפּאַנירט זיין מוזיק. דער אַלטער זאָגט אין שפּאַס, אַז ער קוקט גאָרניט אויף די נאָטן, נאָר לייענט די מוזיק אין די אויגן פון זיין מוזע ליליאַנאַ...

ווען די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ הויבן אָן פיבעריש צו ציטערן אונטער זיינע ווייסע לאַנגע פינגער, ווען שאָפּענס ווילדער טעמפּעראַמענט באַקומט זיין אויסגאַנג דורך א געניאַלן אינטערפּרעטאַטאָר, — דאַן הערן מיר גאָרניט די לידער פון די גאָנדאָלאַס אויפן קאַנאַל, — דאַן ווערן מיר אַלע צוגעשמידט צו די לופט־וויבראַציעס, וועלכע ברענגען די פאַרשיכורטע, פאַרחלומטע בענקענישן פון די „נאָקטיורנען”.

אָבער איינער פון אונדז הערט ניט די מוזיק, זעט ניט דעם מאַעסטראָ, — קיינעם ניט: זיין בליק איז צוגעשמידט צו דעם פּאָרצעלאַן־פיגורל פון ליליאַנען, וועלכע מישט די זייטן פון די נאָטן.

ווען א שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן רייסט זיך אַרויס ביי אַלע אַנוועזנדיקע, בשעת די מוזיק איז געענדיקט, — דערזע איך די עלעגאַנטע, שלאַנקע פיגור פון מיין חבר נעבן דער קליינער ליליאַנאַ. כאָטש ער איז שוין אין די פופציקער און זי איז אין די צוואַנציקער, — בילדן זיי דאָך א פּאָרל, וועלכע ציט צו אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אויך ער האָט נאָך ניט פאַרלאָרן דעם יוגנט־גלאַנץ פון זיינע פּאָרטוגעזישע אליוון־אויגן און די מאַיעסטעטישע מענלעכקייט פון זיין פיגור און באַנעמונג.

ווען לאָקייען אין גאָלד־אויסגענייטע ליווריען טראָגן פאַנאַנדער דעם שאַמפּיין, ווען טאַסטן טראָגן זיך פאַרן געזונט פון דער קעניגן און פון דער מלוכה — ווען די אַנוועזנדע צעטיילן זיך אויף גרופּן און פּאָרלעך און פירן א לעבהאַפטן שמועס, עלעקטריזירט דורך דער אַטמאָספער פון אומפאַרגלייכלעכן וואַסער־יום־טוב אונטער די פענצטער, — שטייען פּעדראָ און ליליאַנאַ צוזאַמען: זיי רייִדן, לאַכן, ווערן פּלוצלינג פאַרשוויגן און דאַן זעט מען, — אַז זיי זיינען נאָך מער אייניק.

דער מאַעסטראָ איז מיד; ער וויל גיין רוען אין זיין האָטעל דאַניעלי, טאַקע דאָ קעגנאיבער אויף יענער זייט קאַנאַל.

דער גענעראַל־קאָנסול מאַכט אָבער א פאַרשלאַג, אַז אַלע פאַרזאַמלטע זאָלן דעם אָוונט ענדיקן מיט א שפּאַציר אין גאָנדאָלאָס דורכן „קאַנאַלע גראַנדע". מוזיק איז באַשטעלט פאַר דער גאַנצער „פּאַרטי"; די שיפלעך וואַרטן טאַקע דאָ אונטן נעבן די גרויסע טרעפּ, וואָס לאָזן זיך אַראָפּ דירעקט אין וואַסער אַריין.

דער מאַעסטראָ, און מיט אים א קלענער טייל פון די געסט, — הויבן זיך אָן צו שיידן צוליב מידקייט. ער בעט אָבער שטאַרק זיין ווייב ליליאַנאַ זאָל מיט אונדז בלייבן און זיך שיפן מיט דער גאַנצער איבערגעבליבענער געזעלשאַפט.

מיר פאַרנעמען אונדזערע פּלעצער אין דער באַגילדעטער גאָנדאָלע און לאָזן זיך אַרויס אויף דער נאַכט־עסקאַפּאַדע איבער די פאַרחלומטע וואַסער־גאַסן, וואָס ווימלען מיט הונדערטער אַנדערע שיפלעך, אָנגעלאָדן מיט יום־טוב'דיקע, עקזאַלטירטע טוריסטן. איך זיץ די גאַנצע צייט אַנטקעגן פעדראָ און ליליאַנאַ, וועלכע דוכט זיך, האָבן גאָר פאַרגעסן, אַז עמיצער קוקט זיי אָן, און איך קאָן דעריבער באַמערקן די אומדערוואַרטעטע דערנענטערונג צווישן זיי, וועלכע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, ווי אַן עלעקטרישער שטורעם.

זיי האַלטן זיך ביי די הענט, פאַרקוקט אין די פייערן פון ריאַלטאָ־בריק, פאַרשלאָסן אין זיך אַליין און אין דעם כישוף פון דער ווענעציאַנער נאַכט.

א זינגער מיט א גיטאַרע, וואָס פאָרט מיט אונדז, אינטאָנירט ברומענדיק אָפּגעכאַפּט באַ-רימטע „באַרקאַראָלאָ" פון דער אָפּערע „האָפמאַנס דערציילונגען".

עס וויגט זיך די גאָנדאָלאַ אויפן קאַנאַל, עס פאַרוויגט די גאָלדענע שטימע פון זינגער, וועלכע צעוואַקסט זיך פון פּליסטערדיקן „בע־מאָל" צום שטורעמדיקן „קרעטשענדאָ". די אַזוי גוט באַקאַנטע ווערטער גיסן צו בוימל אויפן פייער פון דער אָנגעלאָדענער נאַכט!

„שיינע נאַכט, אָ ליבע נאַכט,
באַרואיק מיינע פאַרלאַנגען!
זיסער, ווי דער טאָג, וואָס לאַכט,
איז די שיינע ליבעס נאַכט...
רייסט די צייט אַוועק מיט מאַכט
די צאַרטע ליבע קלאַנגען,
פאַרגעסן ווערט די צויבער־פּראַכט,
וואָס האָט אונדז דאָ געפאַנגען.
שיינע נאַכט, אָ ליבע נאַכט,
אָ שטיל־זשע מיינע פאַרלאַנגען"...

ווען אונדזער גאָנדאָלאַ איז אָנגעקומען צו די ברייט־צעגאָסענע וואַסערן פון לידאָ, איז שוין דער גורל פון מיין חבר גע'חתמ'עט געוואָרן: ער איז געוועזן צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן שטערבלעך פאַרליבט.

אויך ליליאַנאַ האָט געפילט, אַז זי האָט זיך מיט אים געטראָפן אין א גורלדיקער שעה...

איך האָב שפּעטער מיין חבר ניט געזען כמעט א וואָך: ער האָט איבערגעלעבט יענע טעג זיינע, וואָס זיינען ניט קיין האָניק־וואָכן נאָר שעה׳ן געוויקלט אין פייער.

ווען איך האָב אים שפּעטער געטראָפן, — איז שוין ליליאַנא מיט איר מאַן, דעם גע־ניאַלן מאַעסטראָ, — אוועק אין די ווייטע לענדער; דאָרט שפּילט ער ווידער שאָפּענען און לי־ליאַנע מישט די נאָטן.

אָבער אַזוי אומשולדיק האָט זיך זייער ראָמאַן ניט געענדיקט: מיין חבר נעמט ארויס פון זיין „וואַלעט" א גאָלדענעם מעדאַליאָן און ווייזט עס מיר א ביסל פאַרשעמט. צו מיין איבער־ראַשונג דערזע איך אויפן מעדאַליאָן א בילד פון דער „הייליקער מוטער", וואָס האַלט אויף די קני איר קינד.

ווייסנדיק ווי פעדראָ איז יידיש־רעליגיעז געשטימט, — האָט דער דאָזיקער מעדאַליאָן אין זיינע הענט ארויסגערופן ביי מיר אַזוי ווי א שאָק. איך קוק אים אָן מיט ברייט־אויפגעעפנטע אויגן און הער זיך צו צו זיינע דערקלערונגען:

„יאָ, איך ווייס, דו ביסט איבעראַשט צו זען אַזא מעדאַליאָן אין מיינע הענט. נאָר הער און פאַרשטיי: דאָס האָט ליליאַנע באַקומען פון איר פאָטער, ווען זי איז א קינד געוועזן. דאָס האָט זי שטענדיק געטראָגן אויף איר האַלדז — דורך פיל יאָרן, דורך אַלע געשעענישן. איצט האָט זי דאָס מיר איבערגעלאָזן אַלס א קמיע, — אַלס א צייכן פון איר גרויסער ליבע. אין דעם מעדאַליאָן איז פאַרגליווערט איר גאַנצע ליבע צו איר פאָטער און צו איר גלויבן.ביידע האָט זי מיר געשענקט. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז תמיד מוז איך דאָס בילד מיט מיר טראָגן. ווען מיר זיך צופעליק טרעפן ערגעץ־ווו אין לעבן און כ׳וועל איר גלייך ווייזן דעם מעדאַליאָן, — איז א סימן, אַז מיר האָבן זיך ניט צעשיידעט... פאַרשטייסט, דאָס איז דער גאָלדענער שליסל צו מיין גליק... איצט וועל איך איר נאָכיאָגן איבער דער וועלט".

יאָ, איך האָב דערזען די פייערלעך אין די אויגן פון מיין חבר און פאַרשטאַנען, אַז דער מעדאַליאָן איז געוואָרן דער שליסל צו זיין משוגעת...

איך ווייס, אַז ער האָט דעם מאַעסטראָ און ליליאַנען געטראָפן מיט א יאָר צוריק אין מאָנ־טעווידעאָ. צופעליק ביים אָנקומען דאָרטן האָט ער באַמערקט אין די גאַסן אויסגעקלעפּט אַפישן אַז אין דעמזעלבן אָוונט קומט פאָר זיין קאָנצערט.

איז ער געקומען צולויפן אין טעאַטער, זיך אריינגעכאַפּט הינטער די קוליסן, — אויסגע־ביטן א פּאָר הייסע ווערטער מיט ליליאַנא, געוויזן איר דעם מעדאַליאָן, — אָבער זיי האָבן גע־דאַרפט גלייך נאָך דעם קאָנצערט, די זעלבע נאַכט, פליען קיין בראַזיל און שפּעטער קיין אַפריקע; ער אָבער האָט געמוזט פליען אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג.

ער האָט געבלאָנדזשעט איבער דער וועלט מיט איין געדאַנק, מיט איין שטרעבונג: כאַפּן ליליאַנען און ווייזן דעם מעדאַליאָן. ער איז נאָך אַלץ געבליבן דער זעלבער טראַדיציאָנעלער ייד, וועלכער האָט, צוליב א ווילדן שפּיל פון גורל, זיך ניט געקאָנט שיידן מיט א קריסטלעכן היי־ליקן בילד.

היינטיקע וואָך איז ער געקומען קיין מעקסיקאָ און דאָרט גלייך אויף די גאַסן דערזען דעם מאַגישן נאָמען פון גרויסן מאַעסטראָ, וועלכער איז געקומען דאָ געבן צוויי קאָנצערטן.

אין האָטעל „על־פּראַדאָ", ווו ער איז אַ פאַרבלענדטער גלייך געלאָפן, — האָט ער זיך ווידער געטראָפן מיט ליליאַנען. אויך זי האָט געברענט מיט אַ העליש פייער נאָך דעם מאַן וואָס האָט געהאַלטן דעם מעדאַליאָן פון איר גלויבן, פון איר פאָטער און פון איר שטורמיש־דער־וואַכטער ליבע...

דער פּערל פון מעקסיקאַנער נאַטור־רייכקייט איז דאָך דער ים־קוראָרט אַקאַפּולקאָ אויפן פּאַסיפישן אָקעאַן. דאָרט פליען אַראָפּ עראָפּלאַנען פון די הויכע בערג און ברענגען אין אַ שעה צייט קיין אַקאַפּולקאָ מענטשן, וואָס בענקען נאָך דער זון און נאָכן ים. דאָ טאַקע האָב איך זיך געטראָפן מיטן שיכור־גליקלעכן פּעדראָן אין האָטעל על־מיראַדאָר. אין זעלבן האָטעל האָט אויך גערוט פון זיין וועלט־טור מיט קאָנצערטן דער אַלטער מאַעסטראָ און זיין ליליאַנע.

איך ווייס ניט, צי ערגעץ־ווו אויפן ערד־קוגל קאָן מען נאָך געפינען אַ שענערן אויסזיכט, ווי דער וואָס עפנט זיך פון די טעראַסן אין האָטעל על־מיראַדאָר.

די ווייסע געביידע, אין אַלט־שפּאַנישן סטיל, — הענגט אויפן זייט פון אַ פעלדז, איינגע־טונקט אין פּאַלמען. אונטן עפנט זיך אַן אָפּגרונט צווישן צוויי שאַרפע שטיינערנע בערג, ווו עס קאָכט מיט שוימען דער רווישנדיקער ים; און אויף די זייטן־בערג, הענגען מאַלערישע ווי־לעס צווישן פּאַלמען־וועלדער.

מיט איין וואָרט, — אַן אַדלער־נעסט פאַר געליבטע פון אַלע פעלקער, וועלכע קומען דאָ פאַרברענגען זייער „האָניק־חודש", אָדער זייער וואַקאַציע.

אין די הייסע פאַרנאַכטן, וואָס ווערן געקילט דורך פרישע ווינטלעך מיט קאַלטע וואַסער־פונקען באַנעצט, זיצן מיר אויף דעם קאַלעטאַ ברעג און זעען צו, ווי די זון גייט אונטער מיט פלאַמענדיקע שטראַלן אין אַ שטורמישן ים, וועלכער הויבט אויף ברויזנדיקע, שוימנדיקע וואַסער־ווענט און צעזעצט זיי אין זאַמד פון ברעג.

און אויפדערנאַכט, ווען אַן אויסגעצוואָגענע, בלאַס־גאָלדענע לבנה, באַווייזט זיך איבער די בערג און איבער די וואַסערן, נעמען מיר אַ געוויינלעך פישער־שיפל און פאָרן אין דער לאַגונאַ, אָדער „דזשאָנגל פון וואַסער".

די אינדזלען דאָ און די בוימער מיט די צווייגן אַריינגעוואַקסענע אין דורכזיכטיקן וואַסער, זיינען נאָך געוועזן אַן אָרט פאַר שפּאַצירן פון אינדיאַנער, איידער דער ווייסער מענטש איז דאָ געקומען.

אַמאָל האָבן די אינדיאַנער צווישן די סודותפולע בוימער, וואָס שטעקן טיף אין וואַסער, אַנגעשאָטן פּלאַכטעס ערד און פאַרפלאַנצט אויף זיי בלומען.

אין משך פון הונדערטער יאָרן זיינען די שטיקער ערד, דורך וואָרצלען פון די געוויקסן באַהעפט געוואָרן מיטן גרונט פון די וואַסערן און איצט זעען די אינדזעלעך אויס, ווי איבערגע־

פלאַכטענע בלומען־קערב, וואָס שווימען צווישן די אַלייען מיט בוימער. אין דער טיפעניש ווי־גען נאָך אינדיאַנער; זיי ווייזן זיך אַמאָל צו אונדז מיט בייזע פּנימער, ווי מאַסקעס, ווי א דער־מאָנונג, אַז דאָס האָבן די ווייסע אַלץ ביי זיי צוגענומען.

אין דעם שיפל ווי אַמאָל אין דער גאָנדאָלאַ אין ווענעדיק, — זיצן אַנטקעגן מיר פּעדראָ און ליליאַנע און האַלטן זיך פאַר די הענט.

זיי זיינען נאָך אַלץ שיכור מיט יענער ערשטער נאַכט ,ווען אויפן כשופדיקן „קאַנאַלע גראַנדע" האָבן זיך געגליטשט פאַרגילדעטע גאָנדאָלעס, פון וועלכע מען האָט געזונגען סערע־נאַדעס.

אונדזער אָרעם שיפל גליטשעט זיך דורך פינצטערע גאַסן־קאָרידאָרן אין וואַסער־דזשאָנגל, אַנגעטריבן דורך א האַלב־נאַקעטן אינדיאַנער מיט א שלעכטן ספינקס־געזיכט.

אָבער אָט קלינגט אָפּ דער זילבערנער סאָפּראַנאָ פון ליליאַנען, באַגלייט דורכן זאַנפטן באַ־ריטאָן פון פּעדראָ; זיי זינגען אָפּעגבאַכס „באַרקאַראָלאַ":

„שיינע נאַכט, אָ ליבע נאַכט,<br>
באַרואיק מיינע פאַרלאַנגען!<br>
זיסער, ווי דער טאָג, וואָס לאַכט,<br>
איז די שיינע ליבע נאַכט"...

מאָרגן וועלן זיך זייערע וועגן ווידער צעגיין: דער מאַעסטראָ פאָרט קיין אויסטראַליע אויף קאָנצערטן און ליליאַנע וועט מישן די נאָטן.

אָבער דער מעדאַליאָן בלייבט אַלץ ביי פּעדראָן; ווידער וועט ער לויפן איבער דער וועלט און זוכן דורך אים די שליסלען צום ערדישן גליק.



ני־קאַ־ראַ־גו־אַ... מאַ־נאַ־גו־אַ... פאַר פיל, פיל אַמעריקאַנער און אייראָפּעער זיינען דאָס מוזיקאַלישע סילאַבן פון אַ ניט לאַנג פּאָפּולערן טאַנגאָ ניגון; פאַר מיר אָבער זיינען דאָס גאַנץ באַשטימט די נעמען פון אַ טראָפּיקאַלער צענטראַל־אַמעריקאַנער רעפּובליק און איר הויפּט־שטאָט.

מיט אַ יאָר צוריק בין איך דאָ דורכגעפאָרן און באַשריבן דאָס לעבן פון די אייניקע צענד־ליק יידישע פאַמיליעס, — פון פּוילן און אונגאַרן, — וועלכע האָבן דאָ איינגעוואַנדערט אין משך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר — זיך גוט ארויפגעאַרבעט און קלאַמערן זיך אָן דאָס ביסל יידישקייט דורכן קאָרטן־קלוב, דורך „יאָרצייט" און דורך דער פאַרעלטערטער יידישער צייטונג וואָס קומט אָן פון ניו יאָרק.

בעת מיין איצטיקן קורצן אויפהאַלטן זיך אין ניקאַראַגואַ, האָב איך אויסגעדריקט מיין פאַרלאַנג צו באַזוכן דעם שבט פון פּרימיטיווע אינדיאַנער, וועלכע לעבן אייניקע צענדליק מייל פון דער הויפּט־שטאָט מאַנאַגואַ, אין די זעלבע באַדינגונגען, אין וועלכע קאָלומבוס האָט זיי געטראָפן בעת ער האָט אַנטדעקט דאָס לאַנד אין 1502.

מיין פריינט, דער אַמאָליקער אָרעמער חסידישער בחור׳ל פון פּוילן, — כאַזע רעטעלני (די צייטונגען דאָ דערציילן, אַז ער האָט נאָר וואָס פאַרקויפט זיין קאַווע פּלאַנטאַציע צום פּרעזידענט פון ניקאַראַגואַ, גענעראַל סאָמאָזאַ, פאַר זעקס הונדערט טויזנט דאָלער), גיט מיר, פאַר־שטייט זיך, זיין „קאַר" און שאָפער, כדי איך זאָל קענען ארויספאָרן אויף דער „עקספּעדיציע".

אַליין איז ער צופיל פאַרנומען מיט „פּרנסה־דאגות", אַז ער זאָל קאָנען מיך באַגלייטן. מען זוכט אין מאַנאַגואַ און מען געפינט אַ צוגעפּאַסטן חבר פאַר מיין רייזע צו די אינדיאַנער. דאָס איז דער צעוואַקסענער אין דער הויך און אין דער ברייט, מאַלעריש באַבערדלטער, — איינציק־אָריגינעלער טיפּ אין גאַנץ מאַנאַגואַ, — דער קוירנער לאַשלאָ פּאַטאַקי.

אין דער אמתן איז דער דאָזיקער באַגלייטער מיינער, געווען פאַר מיר פיל אינטערעסאַנטער ווי דאָס שמוציקע אינדיאַנער דאָרף צו וועלכן מיר זיינען געפאָרן. אָבער ווען, — אויב ניט אין דער ענגער „קאַמעראַדשאַפט" פון אַ רייזע באַקענט מען זיך נעענטער איינער מיטן צווייטן?

איידער מיר זיינען ארויסגעפאָרן פון שטאָט האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען מיט אַ גרופּע פריינט ביי אַ טיש׳ל אין ציכטיקן רעסטאָראַן פון אַן אינטעליגענטן יידן, וואָס איז דאָ בעת דער מלחמה געקומען פון קראָקע, רעדט נאָר פּויליש און שפּאַניש, און צוליב די דאָזיקע

אייגנשאפטן האלט ער זיך אביסל אפגעזונדערט פון די אלט־געזעסענע, מערסטנטייל יידיש־רעדנדיקע פאלקסטימלעכע אימיגראנטן. זיי רופן אים איראניש — „פאניע קאנסול" — אבער פארברענגען גערן אין זיין רעסטאראן, וווּ עס שפילט אויך אן ארקעסטער. דער דאזיקער פויליש־יידישער אינטעליגענט האט אויך געגרינדעט א ליקער פאבריק בשותפות מיטן פרעזידענט פון לאנד, גענעראל סאמאזא: אזוי, — געדענק איך, — פלעגן טאן אין דער אלטער היים געוויסע „הייסע" חסידים. זיי פלעגן נעמען אלס שותף צו זייערע געשעפטן דעם רבין, זאל לעבן, — פלעגט עס אויספאלן זייער מזלדיק.

מיט אונדז ביים טיש זיצט אויך דער אביסל ציניש‌ער, אבער שארפזיניקער דאן אלפרעדא, וועלכער האט דורכגערייזט א וועלט, ווייל ניט חתונה האבן, איז דער פאוקער־טשעמפיאן אין קליינעם ישוב און לעבט זיך אומפארשטענדלעך אויס אין דער דאזיקער קלעפיקער אטמאספערע פון טראפיקאלער היץ און קאלטער איינזאמקייט.

צו אונדזער טיש דערנענטערט זיך א מאדנע פארל: ער — אן אלטיטשקער איינגעבויגע־נער ייד מיט א נאקעטן פנים און לויפנדיקע טרערנדיקע אויגן, און זי — א ציגיינעריש־אינדיא־נישע גוי'ע מיט פעק באפארבטע האר און מיטן שטעמפל פון דער „עלטסטער פראפעסיע" אויף איר טונקל־צעקנייטשטן געזיכט.

דאן אלפרעדא באגריסט דעם אלטן:

„גוט מארגן, ר' משה'לע! וואס וועט איר עפעס זאגן גוטס?"

דאס אלטע מענטשל, ווען מען רופט גאר „ר' משה'לע", ענטפערט:

„אפשר האסטו, אלפרעדא, אן אלטן קאפעליוש, אדער גאר א שניפס, דו זעסט דאך, אז איך זע שוין גארניט אויס ווי איינער וואס איז אמאל געווען א מענטש"...

און די ציגיינעריש־געפארבטע באגלייטערין גיט צו אין שפאניש:

„א פאר הויזן דארף ער אויך האבן און א שאליק פאר די איצט־קילע נעכט"...

דאן אלפרעדא הייסט דעם פארל ווארטן אביסל, וועט ער זיי שפעטער נעמען אין זיין אויטאמאביל, ברענגען צו זיך א היים און זען וואס ער קאן געבן דעם אלטן פון זיין גארדעראבע.

דער אלטער פאסמאקעוועט זיך אזש פאר פרייד:

„זאל דיר דער אייבערשטער העלפן, דו טייערע נשמה, און צי ווייסטו כאטש ווי מיין ווייבל, — די זונה'לע, זארגט וועגן מיר? זי איז דאך ווי אן אייגענע מאמע"...

זיין באגלייטערין, וואס פארשטייט, ווייזט אויס, ניט דעם דעליקאטן „קאמפלימענט" וואס דער אלטער האט איר געמאכט, — קוקט אויף אים מיט א הינטישער ליבשאפט און איבער־געגעבנקייט.

דאָן אַלפּרעדאָ דערציילט מיר אין קורצן די געשיכטע פון אָט דעם מאָדנעם ר׳ משה׳לע. ער איז אַלט קרוב צו ניינציק יאָר. געקומען אין ניקאַראַגואַ פון אַ שטעטל אין אוקראַינע, אַלס איי־נער פון די ערשטע אימיגראַנטן. געווען, ווייזט אויס, אַ ייד אַ למדן, פלעגט אמאָל זיין דער בעל תפלה און בעל־קורא פאַר די שפּעטערדיקע אָנגעקומענע יידן.

אָבער איינמאָל האָט ער געוואונען אַרום אַכט טויזנט דאָלער אויף דער לאָטעריע, געהאַט אַ „צעטל״ צוזאַמען מיט אַ גלח. האָט ער זיך פלוצים גע׳שמד׳ט, געוואָרן אַפילו אַ מיסיאָנער און זיך געשלעפּט אין די ווייטסטע ישובים פּרעדיקן זיין נייע רעליגיע צווישן יידן און ווילדע אינדיאַנער.

אָבער גלייכצייטיק האָט ער געטרונקען, זיך אַריינגעלאָזט אין הוליאַנקעס מיט פרויען און שנעל איז דאָס געוואונענע געלט אויסגערונען. איז ער ווידער געוואָרן אַ ייד, כאַפּט זיך אַמאָל צו צום עמוד און וויינט אויס זיין האַרץ.

אָבער געבליבן איז אים פון יענע „טרעמפּישע״ יאָרן די דאָזיקע ציגיינערקע, די „זונה׳לע״ — וואָס זאָרגט פאַר אים ווי אַ געטרייע מאַמע...

שוין צייט צו פאָרן! מיר ווילן באַצאָלן, אָבער דער קראָקויער רעסטאָראַטאָר וויל קיין געלט ניט נעמען, האַלט פאַר אַ כבוד און אַ מצוה מהנה זיין אַ יידישן שרייבער... און ער איז ניט דער ערשטער: מיט אַן אָוונט פריער האָט אַן אונגאַרישער ייד, אַן אייגנטימער פון אַ קאַווע, נעשטעלט פאַר מיר און כאָזע רעטעלני, אַ פיינעם כיבוד און זיך גאָר באַליידיקט ווען מיר האָבן אים געוואָלט פאַר דעם באַצאָלן...

---

דער צעוואַקסענער קוירנעל לאַשלאָ פּאָטאַקי שפּילעט צו צום פאַס פון די הויזן אַ שווערן רעוואָלווער, זאָגנדיק: „אין די דאָזיקע זומפּיקע בלאָטעס, וווהין מיר פאָרן איצטער, דאַרף מען שטענדיק מיטנעמען אַ טאַבלעט כינין קעגן פיבער און אַ רעוואָלווער קעגן רויבער״.

אַליין איז ער אָנגעטאָן אין אַ געבלומטער זיידענער פּידזשאַמע, וועלכע דעקט צו די מנושמ־דיקע נאַקעטקייט, וועלכע רייסט זיך אין דרויסן פון שווע־ן קערפּער.

אייגנטלעך דאַרף דער מענטש קיין רעוואָלווער ניט האָבן, ווייל זיין אויסזען אַליין און זיין געלע באָרד דאַרף אָפּשרעקן יעדן פאַרברעכער איידער ער דערנענטערט זיך צו אים. ער דער־מאָנט מיר יענע ערשטע שפּאַניער, וועלכע האָבן גלייך נאָך קאָלומבוסן זיך אַריינגעריסן אין דאָזיקן לאַנד אונטער דער אָנפירונג פון ווילדן קאָנקוויסטאַטאָר גאָנזאַלעז דאַווילאַ און מיט שרעק אַליין באַזיגט דאָס לאַנד. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן געלאָזן וואַקסן בערד, אַ זאַך וועלכע די אינדיאַנער איינגעבוירענע האָבן קיינמאָל ניט געזען און זיך פאַר דעם געשראָקן. און די פון די שפּאַניער, ביי וועלכע בערד האָבן ניט געוואָלט וואַקסן, האָבן געהאַט אַ באַפעל זיך צוקלעפּן קינסטלעכע בערד.

און דאָס האָט געהאָלפן!

גאנזאלעס אליין, דערציילט:

„געקומען הייגט דער אינדישער ניקאַי טשעף (געשריבן אין 1523) און געבראַכט 14.000 שטיק פיינעם גאָלד און זעקס געטער פון זעלבן מעטאַל. זיי האָבן פאַרמאַכט די אויגן, דערזעענדיק מיינע חילות מיט די בערד. איך האָב זיי געגעבן אייניקע שפּאַנישע גלאַנצנדיקע צאַצקעס, און ניקאַי'ען און זיין שבט — זעקס טויזנט אין צאָל — האָב איך איבערגעקערט צו דער הייליקער קריסטלעכער רעליגיע".

ווי איר זעט האָבן די שפּאַניער דעמאָלט געמאַכט א גוטן, א יושרדיקן געשעפט. באַקומען אוצרות ע־דישן גאָלד פאַר אריינפירן אין דער „הימלישער" מלוכה.

און לאַשלאָ פּאַטאַקי דערציילט מיר:

ווי איר ווייסט, בין איך געבוירן אין אונגארן, מיט 35 יאָר צוריק, און אַלס קינד געבראַכט געוואָרן פון מיינע עלטערן קיין ניקאַראַגואַ. אָבער זיך ניט געקאָנט אריינפּאַסן אין סוחרישן געיעג נאָך געלט, ווי נאָר איך האָב געענדיקט מיין בילדונג (אין קאַנאַדאַ). ווען היטלער האָט אינוואַדירט אייראָפּע בין איך געווען דער ערשטער פרייוויליקער פון צענטראַל־אַמעריקע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל דע־גאָל, דורכגעמאַכט מיטן פראַנצויזישן אויסלענדישן לעגיאָן די אַלע מאַרשן און קאַמפּן אין סי־ריע, לבנון, עריטרעאַ און ליביע. זיך געשלאָגן אין די קריטישע טעג פון אַל־אַלאַמיין, אונטער גענעראַל מאָנטגאָמערי, צוויי מאָל פאַרוואונדעט געוואָרן און פאַרדינט אין די שלאַכטן גאַנצע 17 מלחמה מעדאַלן".

לאַשלאַ פּאַטאַקי האָט מיר שפּעטער אין זיין הויז געוויזן די קופערנע אויסצייכענונגען אויף די פיל פּאַ־ביקע בענדער, וואָס באַצירן די וואַנט פון זיין צימער, צוזאַמען מיט שווערדן, שפּיזן, מעסע־ס, — זכרונות פון היציקע באַגעגענישן מיט דעם שונא אין אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע מדבריות.

ווען ער באַשרייבט די מאַרשן אין די הייסע זאַמדן, מיט הונדערטער אַזעלכע קאַמפּסלוסטיקע קאַמעראַדן, ווי ער, אָטעמט פון אים ארויס דער פרימיטיווער מלחמה־מענטש פון פאַרצייטנס, דער גיגאַנט, וואָס גייט מיט פייל־און־בויגן אויפן שונא און אויף חיות, זיך שפּילנדיק מיט זיין לעבן טאָג און נאַכט.

„אָ, — ווען מיר פלעגן נאָך אַזאַ מאַרש אין דער מדבר, נאָכן יאָגן פאַר אונדז און אויסשניידן ראָמעלס שמוציקע „פּוקסן" — זיך אריינכאַפּן אָפּרוען אין אַן אַראַביש שטעטל ערגעץ וווּ איז ליביע אָדער טוניס... הונדערטע־ יונגע „דעסעספּעראַדאָס" (פאַרצווייפלטע), מיט בערד באַוואָקסענע, אויסגעהונגערטע נאָך וויין און פרויען, פלעגן זיך די איינוווינער באַהאַלטן אין די לעכער. — פלעגן מיר באַלאַגערן דעם גרויסן שענק, ווו עס האָט אויך געפירט איר „פרויען־פאַבריקל" א געפּאַרבטע, שפּאַנישע אַלטע זונה. אין א לאַנגער רייע פלעגן זיך אויסשטעלן די לעגיאָנערן; מיט וועלכן געשריי און געפּילדע־ איז מען אומגעדו־דיק געשטאַנען איינער הינטער דעם אַנדערן זיך קוים דערוואַרטנדיק די מינוט, ווען איינע פון די פיר אָרעמע פ־ויען־באַשע־

פּעניִשן, וועלכע האָבן געדינט אַלס „געשלעכט־שפּייז" אין דאָזיקן „באַלאַגאַן", זאָל אונדזער תאווה שטילן. מיט מעסערס האָבן מיר געקעמפט פאַר א נענטערן אָרט אין דער רייע... איר האָט געמעגט זען, ווי מענטשן פאַלן צו א מדרגה פיל ערגער ווי חיות, ווען דער צעהיצטער דורשט אין יונגן בלוט, ווערט געיאָגט דורכן אויסגעהונגערטן טייוול"...

לאַשלאָ פּאַטאַקי איז אַליין א שרייבער אין שפּאַניש, זיינע קורצע בילדלעכע געשיכטעס פון די מלחמה־יאָרן ווערן גערן געדרוקט אין פיל צייטונגען פון לאַטיין־אַמעריקע. אָינגיכן דער־שיינען זיי אין בוך־פאָרם.

פאַר מיר אָבער, איז איבעראַשנדיק די שטורמישע שנאה מיט וועלכער פּאַטאַקי רעדט וועגן אייניקע רייך־געוואָרענע יידן פון ניקאַראַגוער ישוב.

ער שיפּעט פּשוט מיט סם, ווען ער דערמאָנט א פּאָר נעמען, וועלכע האָבן געמאַכט געלט אין דער צייט פון דער מלחמה. אָבער פּאַטאַקיס שנאה צו זיי שוימט מיט לײַדנשאַפטלעכקייט און ברוויזנדיקע נקמה־געפילן. ער האָט א מאָדנעם סיסטעם זיין פיינטשאַפט צו שטילן: אין זיינע דערציילונגען פּירט ער אַרויס די מיאוסע, אָפטמאָל מערדערישע טיפּן, און גיט זיי נעמען פון באַקאַנטע ניקאַראַגוער יידן, וועלכע ער האָט פיינט, — אָדער פון זייערע פרויען... דאָס גאַנצע לאַנד ווייסט וועמען מען מיינט, לאַכט מען אין די פּויסטן, אָבער דעם מחבר קען מען גאָרניט טאָן, ווייל די נעמען זיינען אַביסל געענדערט.

„איר ווייסט גאָרניט, ווי זיס עס איז, ווען דער שונא, אָנגעשטאָפּט מיט געלט און מיט מאַכט, אַנטלויפט פאַר מיר אויף דער צווייטער זייט גאַס, און דערוואַרט מיט שרעק יעדן מאָרגן, צו זען וואָס איך וועל פון אים מאַכן אין מיין צוקונפטיקער דערציילונג"...

איך האָב אַפילו פּאַטאַקין אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זיינער אַן אַרטיקל אין וועלכן ער פּירט אַרויס א טיפּ, א געוויסן יאַשקע רייזעלסקי, אַן אונטערוועלט מענטש, שמעקט פּשוט מיט אַנטיסעמיטיזם, אָבער מיין מיטרייזנדיקער שפּרינגט אַזש אויף:

„וואָס, איך אַן אַנטיסעמיט? און ווער האָט זיין בלוט פאַרגאָסן אין קאַמף מיט היטלערן, ווען אָט די אַלע טיפּן האָבן גאָלד געשאַרט? און ווער איז געלאָפן קיין ארץ ישראל און זיך אָנגעשלאָגן אין דער הגנה, און שפּעטער, אַלס אַרמיי־קאָמאַנדיר, אין גליל און אין נגב, ווען אָט די אַלע יידעלעך האָבן געזוכט ציוניסטישן כבוד פאַר זיך אויף באַנקעטן? איך, — וואָס קען ניט אַפילו קיין אלף־בית, קען ניט דאַווענען און קיין יידיש וואָרט רעדן, — איך בין געקו־מען קיין ישראל אויפן רוף, געווען אַן אָפיציר אין דער באַ־ימטער ניינטער בריגאַדע, — פון דער ישראל־אַרמיי, זיך געשלאָגן נעבן נצרת, גענומען פאַרזענלעך תרשיש, געמאָסטן מיט מיין אייגן בלוט די זאַמדן פון נגב... געענדיקט האָב איך די מלחמה מיטן ראַנג סגן־אלוף (לייטענאַנט־קוירנעל), און דער דאָזיקער טיטל איז אַלץ וואָס איך באַזיץ, און זיי? — די רייזעלסקי'ס, ווילן איצטער כבוד איינקאַסירן, ווייל מיט געלט איז מען שוין אָנגעשטאָפּט"...

*     *

*

מיר פאָרן פאַרביי די וואסערן פון „לאַגאָ מאסאיאָ". א פישער ציט ארויס זיין נעץ, אין וועלכן עס צאַפּלט זיך א זעלטענער עקזעמפּלאַר פון א דריי־פוס לאַנגן פיש, וואָס זעט אויס, ווי א שווערד, און טראָגט טאַקע דעם נאָמען „סוואָרד־פיש".

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר מיין מיטרייזנדיקער דערמאָנט מיר אָט דעם דאָזיקן פיש: געלעבט אויפן שווערד, איינגעשלונגען אַ א צאָל קלענערע פישלעך, און איצט צאַפּלט ער זיך, דער שטאַרקער גיגאַנט אין די נעצן פון א פישער, וועלכער איז קליגער און געשיקטער פאר אים. אויך פּאַטאַקי איז געכאַפּט אין דער שרעקלעכער נעץ פון דער טאָג־טעגלעכקייט, וואָס לאַנג־ווייליקט און פאַראומערט דאָס לעבן פון אַזעלכע פּראָפעסיאָנעלע שווערד־מענטשן, ווי ער איז.

* *

*

מיר פאָרן אריין אין בלאָטיקן געגנט, וווּ צווישן וועלדלעך פון פּאַלמען און באַמבוסן, לעבן די אייניקלעך פון יענע קריגערישע אינדיאַנער שבטים, די נינדירים, די לענדירים, — קעגן וועמען אפילו דער ווילדער שפּאַניער גאָנזאַלעז האָט גאָרניט געקאָנט מאַכן. דאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט דער קריגערישער מאַרש פון דער „קריסטלעכער ציוויליזאַציע" — צען יאָר נאָך קאָלאָמבוסן, אָבער דורך דער הינטער טיר האָבן זיך אַריינגעגנב'עט כיטרע מיסיאָנערן, און די נאָך איצט געצנדינערישע אינדיאַנער, ברענגען פונדעסטוועגן היפּשע מתנות דער קירכע, וועלכע בלענדעט זיי מיטן פאַרגילדטן לוקסוס פון נייע געטער...

ביים זייט פון וועג רויכערט דער ווולקאַן וויעכאָ זיין אייביקע לולקע פון וואָרענונג: אין זיין בויך פלאַקערן יענע צעשמעטערנדיקע פייערן און שטיינער, וועלכע האָבן נאָך אין אונדזער צייט חרוב געמאַכט די הויפּט־שטאָט מאַנאַגוּאַ.

דער רויך, וואָס שלענגלט זיך, ווי א דראַאונג, דערציילט די אינדיאַנער וועגן צייטן וואָס בייטן זיך, וועגן קולטורן וואָס קומען און גייען אַוועק.

געלעבט האָט טאַקע דאָ, אין גלות, אין א שטרויענעם הייזל, דער באַרימטער איטאַליענער העלד פון פּאָריקן יאָרהונדערט, גענעראַל דזשוזעפּאַ גאַריבאַלדי.

דאָ אין דער ווילדעניש, אין אָנבליק פון ווולקאַן און פון די שאָטנדיקע שכנים־בערג — האָט ער צייט געהאַט לאַנג צו טראַכטן וועגן די טוישונגען פון מזל און די אַנטוישונגען פון לעבן דערווייל האָט ער אויסגעלערנט די ווילדע אינדיאַנער, וויאַזוי צו פלעכטן שטרויענע היט פון די פּאַלמען לולבים, וועלכע רינגלען זיי אַרום.

און שוין הונדערט יאָר, ווי די נאָך איצט נאַקעטע זין פון שבט נינדירי, פלעכטן היט וועלכע גיריקע פעדלער קויפן אויף ביי זיי פאר גראָשנס.

מיר גייען אריין אין דאָרף, און דורך די אָפענע געצעלטן זעען מיר ווי עס זיצן קליינע נאַקעטע קינדער, האַלב־אָנגעטאָנענע אויסגעטריקנטע מאַמעס, הוילע אויסגעצויגענע טאַטעס

מיט צעקודלטע קעפּ, און אַלע פלעכטן זיי פלינק „סאמברייראָס", — קאַפּעליושן מיט ברייטע ראַנדן.

זיי לויפן אונדז ארויס אַנטקעגן, אָבער זיי שרעקן אונדז ניט, — גיכער האָבן זיי מורא פאַר אונדז און האַלטן זיך פונדערווייטנס. מען קען זען, אַז אויך פאַר זיי, ווי דאָס איז געווען פאַר זייערע טאַטעס מיט הונדערטער יאָרן צוריק, איז אַ באָרד שרעקלעכער ווי אַ רעוואָלווער.

דער ראש פון די אינדיאַנער, באַנטוי, שמוציק, און מיט הונגעריקע אויגן, טראָגט ארויס פון געצעלט, דעם לאַנגן מעטאַלענעם שטעקן מיטן אָדלער אויפן שפּיץ.

דאָס איז דער סימן פון זיין מאַכט, וועלכע גייט אריבער שוין צוויי הונדערט יאָר פון דור צו דור. ער שטאַמלט עפּעס אויף אַ שפּראַך וואָס מען האָט גערעדט פיל־פיל יאָרן פריער איידער דער ווייסער מענטש איז דאָ געקומען און צוגענומען דאָס לאַנד און דאָס גאָלד. מען טראָגט ארויס די פויק, ארום וועלכע עס שטעלן זיך אוים נאַקעטע קינדערלעך מיט געשוואָלענע בייכלעך. אַמאָל זיינען זיי געווען פּרינצן, — היינט פלעכטן זיי קאַפּעליושן פאַר צוויי פּענים אַ טאָג.

שטיינערנע געטער שטייען נאָך אין שטוב, געטער מיט דריי פּנים'ער, און ווייס־שוואַרצע טיפּע און גרויסע שטיינערנע שיסעלעך שטייען אין ווינקל. אין זיי האָט מען געבראַכט מיט קרוב טויזנט יאָר צוריק די צעשניטענע קערפּערס פון שונאים, וואָס האָבן געוואַגט אריבער־טרעטן די טעריטאָריע פון העלדישן שבט.

און אינמיטן אָט דער פאַרעמדער וועלט שטייט קאָרנעל לאַשלאָ פּאַטאַקי, — דער העלד פון גליל און אל־אלאַמיין, — דער ניט באַפרידיקטער דורכן לעבן מלחמה־מענטש, — אַליין רוי און פּרימיטיוו, אָבער דאָך זינגט פון אים ארויס אַ ליד פון גבורה און פון מדבר־פּאָעזיע.

וועגן קאָרנעל פּאַטאַקי, וואָס קען קיין אלף־בית ניט און דאָך האָט ער אין קריג פאַר ישראל באַפרייאונג געפירט אין אַטאַקע אַ באַטאַליאָן אַזעלכע העלדישע „דעספּעראַדאָס" ווי ער אַליין איז, — וועט מסתמא אַ מעשה בלייבן, וועט זיך אַ לעגענדע שלענגלען, און צוליב דעם אַליין לוינט שוין דעם האָס און די שטורעמס איבערצוטראָגן....



זונטיק פאַרטאָג שטייג איך אריין אין עראָפּלאַן וואָס פליט קיין מאַנאַגוא, די הויפּט־שטאָט פון דער רעפּובליק ניקאַראַגוא.

ווען איך שרייב די דאָזיקע ווערטער שמייכל איך צו זיך אַליין. איך דערמאָן זיך אַז מיט איייניקע טעג צוריק האָב איך געזען אויף אַ טעלעוויזיע פאָרשטעלונג ווי אַ באַרימטער פּראָפעסאָר פון אַסטראָנאָמיע, — דער דירעקטאָר פון דער גרעסטער אָבסערוואַטאָריע אין דער וועלט, אין קאַליפאָרניע, — האָט פאַרלאָרן אַ פּאָר טויזנט דאָלער, ווייל ער האָט ניט געקענט ענטפערן אויף דער פראַגע, ווי עס הייסט די הויפּט־שטאָט פון דער ניקאַראַגוער רעפּובליק.

אַלץ האָט ער געוווּסט, דער דאָזיקער געלערנטער, אין די „וועגן פון הימלען". וויפל לבנות האָט די פּלאַנעט סאַטורן און וויפל ביליאָנען זונען וואַלגערן זיך ניט געציילטע אין געהיימניס־פולן „מילך וועג". ער האָט שוין אָנגעקליבן אַ פּאָר טויזנט דאָלער דורך די ריכטיקע תשובות, וואָס ער האָט לכתחילה געגעבן דעם פּיפּיקן פראַגער. אָבער, אַז עס איז געקומען צו אַזאַ „ערדישע" פראַגע וועגן אַ נאָמען פון אַ הויפּט־שטאָט אין צענטראַל־אַמעריקע, — האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען, אָנגערופן אַ פּאָר נעמען פון דער „הפטורה" און נעבעך פאַרשפּילט אַלץ וואָס ער האָט פריער געוווּנען.

פאַרשטייט זיך, האָב איך עס אַלץ געמוזט צוקוקן און צוהערן אין טיפן ווייטיק פון אַ מענטשן, וואָס ווייסט די תשובות, אָבער גיי שריי „חי וקים" צום גלעזערנעם עקראַן מיט טויטע שאָטנס.

וואָס מער? איך אַליין האָב דאָך מיט אַכט יאָר צוריק זיך דערוווּסט, אַז די הויפּט־שטאָט פון האָנדוראַס רופט זיך טעגוסיקאַלפּאַ, ערשט דעמאָלט, ווען איך בין שוין פאַרפאָרן אויפן פלי־פּלאַץ פון דער דאָזיקער שטאָט. ביז דאַן האָב איך געמיינט, אַז די הויפּט־שטאָט רופט זיך אויך האָנדוראַס.

בקיצור: אין דעם שיינעם זונטיק פרימאָרגן, האָב איך געלאַנדעט אויפן מאַנגולאַ אַעראָדראָם און דאָרט געטראָפן מיין פריינט דאָן כאָזע רעטעלני וואַרטנדיק אויף מיר מיט זיין פאַמיליע און מיט זיין „קאַר". איך האָב שוין אַמאָל באַשריבן מיין פריינט דאָן כאָזע, וועלכער האָט זיך נאָך מיט איייניקע צוואַנציק יאָר צוריק געפונען אין שעדלעץ, פּוילן, — דאָרט איז ער געווען אַ פיין חסידיש־מזרחי בחור'ל, געהייסן יאָסעלע דזשעטעלני, און פאַרשטייט זיך, ניט גע־חלומט אפילו אַז מיט אַ דור שפּעטער וועט זיין בילד הענגען אין שאַך־קלוב פון מאַנאַגוא זייט־ביי־זייט מיטן בילד פון פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. ער האָט אויך ניט געחלומט אַז ער וועט ווערן פּרעזידענט פון דער מאַסאָנען־לאָזשע, צו וועלכער עס געהערן די אַלע פירנדיקע

פערזענלעכקייטן פון דער מלוכה; אז ער, — יאָסעלע, אין דער אַמאָל לאַנגער חסידישער קאַ־פּאָטקעלע, — וועט זיך „קהל׳ן" מיט דערפֿאָלג צווישן די שפּאַניש־אינדישע גויים. אָבער — אָט זעט איר דאָך... א סך ניט קיין געחלומטע פֿאַנטאַזיעס האָבן זיך פֿאַרווירקלעכט אין יענע ווייטע, קליינע לענדעלעך, ווו פֿעיקע יידישע יינגלעך פון בעסאַראַביע, פון פּוילן, פון ליטע, האָבן זיך ארויפגעאַרבעט צו אייגענע פּאַלאַצלעך, יאַכט־שיפֿלעך, פֿאַבריקן און גרויסע פֿאַר־מעגנס. און גוט איז, ווען יאָסעלע, אָדער אַנדערע אַמאָליקע משה׳לעך און שלמה׳לעך, האָבן באַטש אָפּגעהיטן אין זיך דאָס יידישע הארץ, ווייל וויפל מאָל באַגעגן איך זיי, — די רייך־גע־וואָרענע אויפגעקומענע „נייע גבירים" און שטעל פעסט, אז די איינציקע זאַך וואָס איז זיי גע־בליבן פון גאַנצן יידישן עבר איז פאַמיליע־באַנדאַזשן, — דער פאַקט אז זיי זיינען נאָך אַלץ גע־מל׳ט...

אָט איז מאַנאַגוא, א הויפּט־שטאָט פון א פּרימיטיוו לאַנד, וואָס איז אַזוי גרויס ווי ענגלאַנד און האָט א באַפֿעלקערונג פון ארום אָנדערטהאַלבן מיליאָן נפשות, — אינדיש־שפּאַנישע מישלינגס.

דאָס לאַנד גרענעצט זיך סיי מיטן אַטלאַנטיק און סיי מיטן פּאַסיפֿיק, איז דורכגעשניטן מיט לעבעדיקע ווולקאַנען, פּראָדוצירט צוקער און גאָלד, און קולטיווירט קאַווע און טראָפּישע פּרוכטן.

און עס וווינען אין איר הויפּט־שטאָט אינגאַנצן פופציק יידישע פאַמיליעס. דאָס איז דער גאַנצער ישוב. און אַלע זיינען דאָ געקומען אָט ניט לאַנג צוריק אין משך פון היינטיקן יאָר־הונדערט. וואָלט מען אַמאָל, אין דער אַלטער היים, פּשוט גאָרניט באַמערקט אַזאַ שטעטעלע — ווו פופציק יידישע פאַמיליעס לעבן. איך געדענק, אז אין פֿאַר־מלחמה׳דיקן פּוילן האָבן מיר געהאַט אָנגענומען א כּלל, אז א קאָאָפּעראַטיווע באַנק אָדער א ליי־קאַסע זאָלן מיר העלפֿן גרינדן נאָר אין א שטעטל, ווו עס וווינען ניט ווייניקער ווי הונדערט פופציק יידישע פאַמיליעס. אַזעל־כע ישובים זיינען אין פּוילן אליין (צוזאַמען מיט גאַליציע, וואָלין און ווילנער געגנט) געווען גאַנצע אַכט הונדערט!

געדענק איך מיינע יונגע „אינספּעקטאָרן" יאָרן, ווען איך פֿלעג מיט אויטאָמאָבילן, פֿירן אָדער שליטנס פֿאַרבייפֿאָרן א שטעטעלע מיט פופציק אָדער אפילו מער יידישע פאַמיליעס, — האָב איך קיין אינטערעס ניט געהאַט זיך דאָרט אָפּצושטעלן. יאָ — אַזוי רייך, אַזוי פֿאַרשוועג־דעריש זיינען מיר דעמאָלט געווען מיט אונדזערע טייערע מיליאָנען יידעלעך. אָבער איצט?

קומען דעלעגאַטן פון ישראל און פון אמעריקע ספּעציעל צו די פופציק יידישע פאַמיליעס אין ניקאַראַגוא, אָדער צו די דרייסיק אין האָנדוראַס, אָדער אפילו צו די צען אויפֿן אינדזל באַרבאַדאָס...

ווייל היינט איז זונטיק, קומען זיך מערערע יידישע פאַמיליעס צונויף אין גאַסטפֿריינטלעכן הויז פון ערן־קאָנסול פון ישראל דר. לאַשלאָ ווייס. אויך ער, — דער געבילדעטער עקאָנאָמיסט

פון אונגאַרן, — וואָס האָט נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק געגעבן לעקציעס אין מאַנאַגואער אוני־ווערסיטעט, — האָט פאַרשטאַנען, אַז עס לוינט בעסער צו האַנדלען מיט לעדער ווי מיט וויסנשאַפט. און איר זעט דאָך: אַ שיינע פרוי, אַ שיינע הויז, ליכטיקע קינדערלעך, — מענטשן האָבן דרך ארץ פאַרן קאָנסול וואָס דאַרף צו זיי ניט אָנקומען. די גרינע לאָנקע אַרום ווייסן ווילאַ־מעסיקן הויז, ווערט אָנגעפילט מיט רייכע לימוזינען. איך טרעף שוין אין סאַלאָן מיין אַלטן פריינט דאָן אַלפרעדאָ. איך האָב ליב זיין געזעלשאַפט, ווייל לכל הפחות, פאַרדעקט ער ניט מיט הויכע פראַזן זיין אַביסל ציניש לעבנס־פילאָזאָפיע.

„ניין, איך האָב נאָך אַלץ ניט חתונה געהאַט, כאָטש איך קען גאַנץ פיין אויסהאַלטן אַ פרוי. וואָס ווילט איר? איך זאָל דאָ אין דאָזיקן זומפּיקן לעבן צווישן קאָרטן, האַנדל און פרעמדקייט אַראָפּברענגען אַ יידישע טאָכטער און איר אומגליקלעך מאַכן? איז פאַרוואָס פאָר איך ניט קיין ניו יאָרק, למשל, זיך דאָרטן באַזעצן און בויען אַ פאַמיליע? פשוט דערפאַר, ווייל דאָ איז מיר גוט, איך פאַרדין לייכט אַ דאָלער, פאַרשפּאָר אַ סך צו אַרבעטן, איך רייז אַרום דער וועלט, ווען איך וויל. אָבער ביי אייך וואָלט איך שוין אַזאַ לייכט לעבן ניט געקענט פירן. אָנהויבן אַלץ פון אָנפאַנג? — פע... זיץ איך דעריבער אין דער „זיסער בלאָטע". איך ווייס אַז עס איז שמוציק, אָן אַ תכלית, און אַז איך בין פאַראורטיילט צו איינזאַמקייט אויף די עלטערע יאָרן, אָבער דער „זיסער זומפּ" ציט אַריין אַלץ טיפער און טיפער"....

אין אַ מינוט שפּעטער האַלט שוין דאָן אַלפרעדאָ אינמיטן פון אַ גאָר הייסן פּאָוקער מיט זיין פּאַרטנער דאָן אַלבערטאָ, — אַ ייד אַ מיליאָנער, אָבער אַ קמצן מיט אַ שטיינערנעם האַרץ און מיט מאַניערן פון אַ דעמיסיאָנירטן פעלדפעבל. ווען מען שטעלט מיר אים פאָר, — שטעקט דער פּאַרשוין אויס צו מיר צוויי פינגער פאַרדרייענדיק גלייכצייטיק זיין פּנים צו די קאָרטן. ווען איך נעם ניט אָן די אויסגעשטרעקטע פינגער און לאָז זיי הענגען אין דער לופטן, — דעמאָלט וואַרפט אויף מיר דאָן אַלבערטאָ אַ פאַרוואונדערטן קוק, ווי ער וואָלט געזאָגט: „וואָס, איז דען ניט גענוג, וואָס איך שענק אייך אַוועק צוויי פינגער פון אַ האַנט, וואָס האָט געמאַכט אַ מיליאָן?".

דערווייל קומט אָן די פאָרזיצערין פון „וויצאָ", — די שיינע און אינטעליגענטע מאַרטאַ לאַנטשער, — אין וועמענס הויז איך האָב מיט אַ יאָר צוריק פאַרבראַכט אַ ליכטיקן טראַדי־ציאָנעלן פרייטיק־צו־נאַכטס צוזאַמען מיטן דעלעגאַט פון ישראל מ. ראָזען. פרוי לאַנטשער און איר מאַן זיינען דאָ מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געקומען נאָך אַ לאַנגער וואַנדערונג איבער טורקעסטאַן, סיביר און מיטל־מזרח. זיי שטאַמען פון אַ פיינער פאַמיליע אין קאָלאָמיי, גאַ־ליציע, און ווי אַלע אַנדערע האָבן זיי געמוזט שווער אַרבעטן ביי אַ קרוב, — אַ בייזן פאַר־גרעבטן מענטשן, וועלכער האָט שוין גליקלעכערווייז אַרויסגעוואַנדערט פון ניקאַראַגואַ מיט אַ סך געלט.

איצט אַרבעטן זיי דערפאָלגרייך פאַר זיך אַליין און עס איז אַ נחת צו זען, — ווי אַ פּאָר גייע שיינענדיקע „שבת־ליכט", האָבן זיך אָנגעצונדן אויפן האָריזאָנט פון ישוב. אָבער דער „זיסער זומפּ", — וועט ער דען שווייגן, וועט ער דען זיי שאַנעווען, — ווי ער האָט ניט געשוינט אַנדערע פאַר זיי?

אן אלטער צעבראכענער פארד־אויטאמאביל פארט ארויף אויפן לאנקע. מען קען גלייך פארשטיין, אז קיין גבירישע געסט זיצן אין אים נים.

שפרינגט ארויס פון דארטן א מאדנער ייד, אין א צעבראשטשעטן העמד און א קראוואט, אין צעקנייטשטע לייוונטענע הויזן. אויך דאס פנים זיינס איז שטארק צעקנייטשט, מיט א לאנג נים געראזירטער גרוי־שטעכיקער באָרד. באגריסט אים דער קאנסול מיט א פריינטלעכן „גוט מארגן, ר' משה!". און שטעלט מיך פאר. דער עפעקט איז געווען א שטורמישער אויס־געשריי פון יידן, ר' משה:

„וואס — איר זייט דר. שאשקעס? איך האב אזוי לאנג געווארט אויף אייך, איך לייען דאך אלץ, וואס איר שרייבט... אבער איך האב פאר אייך מורא, איך וויל פון אייך אנטלויפן"..

דער מענטש מיט די שטעכיקע גרויע האר אויפן דארן אויסגעמאטערטן געזיכט אנטלויפט אבער נים, גראד פארקערט: ער וויל איך זאל ארײַן צו אים אין „קאר", ער וועט מיך פירן צו מיין האטעל, וואס איז א פאר מייל ווייט פונדאנען. א, ער וואלט אזוי וועלן אויסרעדן פאר מיר זיין הארץ, אבער איך קען דאך עס אמאל באשרייבן...

זאג איך: „יא, — ר' משה, — אויב איר וועט מיר דערציילן זאכן, וואס זיינען אינטע־רעסאנט פאר אנדערע מענטשן, וועל איך עס געוויס באשרייבן. אויב פארשטייט זיך, איך וועט מיר געבן אייער דערלויבעניש דערויף"...

„יא, וואס וועט מיר ארן, אז אנדערע וועלן לייענען און זיך ארויפנעמען א מוסר? אבער כדי מיך צו פארשטיין, דארפט איר לאזן מיר רעדן א טאג אדער צוויי...

„ניין, ר' משה, אזויפיל צייט האב איך נים, ווייל איך פאר מארגן ווייטער. אבער האט קיין מורא נים, איך וועל פרובירן אייך פארשטיין".

אזוי ווי איך האב שוין במילא מער נים וואס צו טאן ביים קאנסול אין שטוב, — בין איך מסכים ארײַנגיין אין אלטן פארדל און זיך לאזן פירן אין שטאט ארײַן.

דער אייגנטימער פון „קאר" איז אויך נים אבי ווער: ער איז יונה פ. דער פארטיזאן פון ווארשע, וועלכער האט פארבלאנדזשעט אין דאזיקן ווייטן ווינקל און געווארן דא א קצב.

ער איז א פאראומערטער, צעבראכענער מענטש; א ווייב האט ער דא געבראכט, איז גע־קומען א רייכער גוי און איר צוגענומען. בענקט ער נאך איר זייער שטארק. ער איז אויך נים צופרידן מיט דעם, וואס די רייכע יידן ווילן זיך מיט אים, מיטן ארעמען, נים דערנענטערן. ער דערמאנט זיך, ווי גוט עס איז אים געווען אין ווארשעווער געטא, ווען א קצב איז געווען א יחסן און אלע האבן זיך צו אים גע'חנפ'עט — ווען די שענסטע ווייבלעך און מיידלעך האבן געזוכט זיין שמייכל. א שפאס, — ער קען דאך אמאל געבן א שטיקל פלייש, וואס זאל זיין פון א פערד... און איצט? דער איינציקער מענטש, וואס האט זיך אויף אים מרחם געווען איז אט־דער ר' משה, — אליין אן אלטער צעבראכענער ייד, אבער מיט א גאלדן הארץ. אין זיין שטוב

האָט ער אים, דעם געוועזענעם פּאַרטיזאַן אַריינגענומען, — זיין עסן, זיין דירה טיילט ער מיט אים. און דאָ רופט זיך אָפּ ר' משה:

„אָט אַזוי ווי איר זעט מיך, — מיט מיין קליידונג, מיט מיין גאַנצן הילוך, — בין איך אָבער גאָרניט קיין אָרעמאַן. מען קען זאָגן, אַז איך בין נאָך איצט אַ ייד אַ נגיד, אָבער ווען מען לעבט דורך אַזוי פיל צרות, וויפל איך האָב דורכגעלעבט, ווען דאָס אייגענע ווייב פאָרט אַוועק קיין ניו־יאָרק און שיקט מיר אַרויס אַן אויפפאָדערונג פון רבנים איך זאָל זי גט'ן; ווען אַן אייגענע טאָכטער, וואָס וווינט דאָ אין שטאָט קומט ניט באַזוכן אַ קראַנקן טאַטן ווי איך, וואָס איז וואָכנלאַנג געלעגן אין בעט נאָך אַן אָפּעראַציע. איז וואָס־זשע מיינט איר? קען מען דען האָבן מוט צו קלערן וועגן אַ ריינעם העמד, וועגן ראַזירן זיך?

„אָבער פאַרוואָס, — ר' משה, — פאַרלאָזן אייך אַזוי אייערע נאָענטע?"

איך זע, אַז דעם ייד איז שווער צו ענטפערן אויף מיין פראַגע, — ווענדעט ער זיך דעריבער צום וואַרשעווער יונגערמאַן, וואָס טרייבט די „קאַר":

„זאָג כאָטש דו, — דו ביסט דאָך אַן עדות, וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען ניט די דאָזיקע אײדעלע קריסטן, וואָס האָט מיך ניט פאַרלאָזן בעת מיין קראַנקהייט, די איינציקע, וואָס אינטערעסירט זיך נאָך אַביסל מיט מיין לעבן?"

פאַרשטייט איך שוין, אַז צווישן דעם ייד, וואָס מען רופט ר' משה און זיין פאַמיליע שטייט „אַן איידעלע קריסטן" אָדער פּשוט געערדט אַן אָרטיקע גוי'ע, וואָס פירט דערווייל אויס די פונקציעס פון אַ ווייב, — פונקציעס, וועלכע די אמת'ע ווייב און קינדער טאָלערירן ניט אַזוי לייכט. אַזוי גייט עס שוין אַן פון גאָר אַלטע צייטן...

און מיין משה דערציילט ווייטער ,נערוועז, מיט אָפּגעריסענע פראַזעס:

„די יידן פון מיין שטעטעלע זש. (אין באַראַנאָוויטשער געגנט), פונוואַנען איך בין אַהער געקומען מיט אַ פּאָר צענדליק יאָרן צוריק, — האָבן ניט געוווסט, וואָס איך טו אין אַזאַ ווייטעניש ווי ניקאַראַגואַ.

מיין ברודער האָט מיר אפילו געשריבן, אַז ער וויל גאָר ניט האָבן צו טאָן מיט מיר, ווייל ער האָט געהערט אַז איך האָב זיך גע'שמד'ט.

איר פאַרשטייט? איך — געשמדט! איך האָב געשיקט אַ סך געלט פאַר דער שלום־עליכם שול, געגעבן פאַר ישיבות, געטאָן טובות מענטשן. אָפּגעשריבן אַ הויז מיין זון... אָבער עס האָט ניט געהאָלפן: אַ „גוי'ע" האָב איך אין שטוב און צוליב דעם אַליין דערווייטערן זיך פון מיר ווייב און קינדער. מען וויל גאָרניט פאַרשטיין אַ מענטשנס האַרץ און לאַגע. ווי הינט זיינען מיר דאָך איינזאַם אין די דאָזיקע פאַרשאָלטענע מקומות. וואָס איז די פעולה, וואָס מען מאַכט געלט, — ווען, — אָט זעט איר דאָך — ווי איך זע אויס צום סוף פון מיינע טעג"...

יאָ! אָט־דער משה איז טאַקע דער ענטפער אויף דער מורא, וואָס האָט פריער אויסגעדריקט מיין פריינט דאָן אַלפרעדאָ, אַז מען זינקט אַלץ טיפער אין דער „זיסער בלאָטע", אין געלט זומפּ.

דאָן אַלפּרעדאָ און אַנדערע ווי ער זיינען נאָך איצט אינמיטן וועג, — משה אָבער איז שוין נעענ־טער צום סוף און דערזעט דעריבער דעם פינצטערן תהום פון הילפלאָזיקייט.

---

אין האָטעל וואָרט אויף מיר דער געוויקסיקער קריסט מיט איידעלע שטריכן און שוין גרוי־געוואָרענע האָר, צו וועמען איך האָב אין דער פרי טעלעפאָנירט. דאָס איז פּיקאַדאָ־מיכאַלסקי, דער געוועזענער פּרעזידענט פון דער שכנותדיקער רעפּובליק קאָסטאַ־ריקאַ.

נאָך מיט אייניקע יאָר צוריק האָב איך אים באַזוכט אין זיין „קאַסאַ אַמאַרילאַ" — אין פּרעזידענטן פּאַלאַץ פון סאַן־כאָזע.

צוליב דער פּוילישער מאַמע רעדט ער נאָך איצט זיין מוטער־שפּראַך פּויליש. ער האָט מיך דעמאָלט אויפגענומען זייער פיין און דערפילט אַ געוויסע בקשה אין שייכות מיט דער יידישער לאַגע.

שפּעטער, — ווי תמיד אין די דאָזיקע לענדער, — אַ רעוואָלוציע. דער פּרעזידענט פליט אין גלות צו אַ שכנות'דיקן הערשערס מלוכה, וועלכער ווייס, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט ער אויך מוזן לויפן און שוץ זוכן.

דער געטרייער אינערן מיניסטער פון פּיקאַדאָ, איז איצט אין דינסט פון מיין האָטעל. זאָל איך אים רופן „עקסעלענץ" — אָדער פּשוט „פּאָרטער"?

און מיר וויגן זיך אויף שטולן אויף דער אַנגעגליטער וועראַנדע.

און פּיקאַדאָ דערציילט מיר, ווי ביטער עס איז צו עסן גלות־ברויט, — ווי אַלע האָבן גע־טאַנצט אַרום אים, ווען ער איז געווען ביי דער מאַכט, ווי אַלע האָבן אים אָפּגענאַרט און פאַר־קויפט ,ווי נאָר די מאַכט האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט. — אָבער עס איז נאָך פאַראַן גערעכטיקייט אויף דער וועלט און אפשר נאָך אין אַ יאָר אַרום וועל איך אים ווידער טרעפן אין דער „קאַסאַ אַמאַרילאַ" אין סאַן כאָזע...

מילאָ, ווינטש איך עס אים פון גאַנצן האַרצן, ווייל ער איז בעצם אַ פיינער און קולטורעלער מענטש. אָבער, ווען איך דערמאָן זיך, וויפל אַזעלכע עקס־פּרעזידענטן וואַלגערן זיך וויט פון זייערע היימען און ווידערהאָלן פרום: „לשנה הבאה"... פאַרשטיי איך אַזוי גוט מיין באָבעס שטענדיקע געבעטן אוי, רבש"ע: „הויב מיר ניט אויף צו הויך, און וואַרף מיך ניט אַראָפּ צו נידעריק"...



ד״ל וואָך אין קובא האָט זיך אזוי פאַרקנוילט מיט געשעעניש, אז איך מוז פריער רואיק אָנשפּאַרן מיין קאָפּ אויפן ווייכן קישן פון טיפן פאָטעל, פאַרמאַכן די אויגן און נאָכאמאָל דורכלאָזן די בילדער דורכן פילטער פון זכרון.

איך שרייב אין עראָפּלאַן, וואָס פליט פון האוואנא קיין פּאַנאמא. איך הויב זיך שוין אפילו אָן צוגעוווינען צו דעמדאָזיקן אנאָרמאַלן אופן פון פאַרצייכענען איינדרוקן. די רווישנדיקע מאָטאָרן גיבן צו א רעאַליסטישע באַגלייטונג צו דער רייזע־באַשרייבונג. דער בלויער ים אונטן באַדעקט מיט שטיקלעך ווייסע וואָלקנס, איבער וועלכע מיר פליען, — שאַפט די נויטיקע שטי־מונג. און איך שרייב אויף דער קני, אויף וועלכער עס ליגט א האַרטער בוך אונטער די געשריבע־נע בויגעלעך פּאַפּיר פון דאָזיקן קאַפּיטל.

כסדר...

בין איך אויפגעשטאַנען פאַרטאָג נאָך פיר שעה שלאָפן. האָב איך דעם אָוונט פריער פאַר־בראַכט דריי שעה אין פּאַלאַץ פון פּרעזידענט פון קובא גענעראַל באַטיסטאַ און די שפּעטע־דיקע צוויי שעה ארום פריינטלעכן טיש פון כאָזע ראַווינסקי (ניט קיין גענעראַל, נאָר א האַר־ציקער ייד פון קאַברין).

אַן אָוונט פריער: ביי מאַנועלאַ ראָזענבערג מיט ליבטיקע ליטוואַקעס און ערנסטע ישראל־דעלעגאַטן.

אַן אָוונט פריער: ביים אַמעריקאַנער סאָל רעדיגער און מיט טערקישע יידן.

אַן אָוונט פריער: אין דער פרייליך־בחורישער סביבה פון ענריקע קאַלושין און יאָסעלע וויטקינאָס, מיט וועמען ברידער פון ישראל און אַמעריקע האָבן זיך דראַמאַטיש געטראָפן נאָך א צעשיידונג, — אין סלאָבאָדקע — פון גאַנצע פערציק יאָר.

אַן אָוונט פריער: אין דער רחבותדיקער שטוב פון רב־הכולל פון קובא ר׳ מאיר ראָזענבוים, דער לומדיש־ענערגישער זון פון באַרימטן קרעמשינאָווער רבי און דער דירעקטער אור־אייניקל אין זיבעטן דור פון בעל־שם־טוב זצ״ל...

און נאָך פריער: די לאַנגע־לאַנגע שעהן, ווען מיין פריינט לייזער ראַן, — דער איצטיקער סעקרעטאַר פון יידישן צענטער אין קובא, — און אַמאָליקער פירער פון דער קאָמוניסטישער יוגנט אין ווילנע, האָט מיר דערציילט די שפּאַנענדיקע געשיכטע ווי אזוי ער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען פון א תפיסה אין אַמאָליקן פּוילן און איז אַנטלאָפן אין לאַנד פון זיין אידעאַל —

קיין רוסלאַנד — ווי אַזוי מען האָט אים דאָרט גע׳משפט פאַר שפּיאָנאַזש, געפּייניקט אין תפי־סות און קאָנצענטראַציע־לאַגערן און וויאַזוי ער האָט פון דאָרטן אָנגעשפּאַרט אַזש קיין קובאַ — שוין אַן אויסגעהיילטער פון זיינע יוגנט־קראַנקהייטן.

און אויסער דעם: טעג גאַנצע, אויסגעפילט מיט באַגעגענישן מיט יידן. פון וועלכע יע־דערער איז אַן אינטערעסאַנטער שטודיום אַן־און־פאַר־זיך. עס איז דאָך ניט קיין קליינקייט דער וועג פון פינסטערן פוילישן שטעטל אין ביטערער אָרימקייט, דורך ערשטע עמיגראַנטישע יאָרן זאַלבע־זיבעט אין אַ דומפּיקן צימערל, — ביזן מיליאָן דאָלאַר און העכער, מיטן פאַר־ריסענעם האַוואַנער ציגאַר (אין האַוואַנע רופט מען דאָך נאָר „האַוואַנער ציגאַרן") אין סקעפּטישן מויל־ווינקל, מיטן ביטול־שמייכל צו די, וואָס פאַרמאָגן ווייניקער ווי דעם מיליאָן...

---

אַלזאָ, לאָמיר אָנהייבן מיטן נעכטיקן אָוונט, מיט מיין וויזיט אין פּאַלאַץ פון קובאַנער פּרעזידענט באַטיסטאַ.

איר געדענקט דאָך, מסתם, אַז גענעראַל באַטיסטאַ, וועלכער האָט שוין מיט יאָרן צוריק פאַרנומען דעם אַמט פון אַרמיי־קאָמאַנדיר און רעפּובליק־פּרעזידענט און שפּעטער גאַנצע אַכט יאָר געפּראַוועט גלות, — האָט שפּעטער, נאָכאַמאָל איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער קובאַנער רעפּובליק. קיין וואָל־קאַמף האָט ער דערצו ניט געדאַרפט; איז ער דאָך דער באַ־ליבטער גענעראַל פון אַן אַרמיי, וואָס האָט געזוכט איר „שטאַרקן מאַן" און וואָס איז ניט גע־ווען צופרידן מיט פּרעזידענטן און רעזשימען, וועלכע האָבן גאָר־גאָר געשמאַק באַ׳גנב׳עט די מלוכה־קאַסע.

טאַקע נעכטן אָוונט האָט גענעראַל באַטיסטאַ געזאָגט אין מיין אָנוועזנהייט אַז עס פעלט אין דער רעגירונגס־קאַסע כמעט הונדערט מיליאָן אַמעריקאַנער דאָלאַר... דאָס איז היינט אויך געדרוקט אין אַלע קובאַנער צייטונגען. גלויב איך אים, אַז עס פעלט טאַקע... זאָגט מען דאָך אויף אַלע אָראָפּגעוואָרפענע פּרעזידענטן פון לאַטיין אַמעריקע, אַז אויב זיי ראַטעווען זיך נאָר מיטן לעבן נאָך אַן איבערקערעניש — קויפן זיי אָפּ אין מיאַמי ניט איינצלנע הייזער, נאָר אַ גאַנצע גאַס מיטאַמאָל. אויף זייערע פּערזידענטן צייכנט מען ניט אַזעלכע קאַריקאַטורן, ווי אויף אונדזער טרומאַנען, למשל, וואָס איז אויסגעמאָלט ווי ער וועט מאַכן אַ לעבן פון באַגליטן אויף דער פּיאַנאָ זיין טאָכטער מאַרגאַרעט, וואָס זינגט...

איך דערמאָן זיך: מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, נאָך אַ רייזע איבער זיד־אַמעריקע, האָב איך באַשריבן אַ לאַנד, וווּ אַלע פירערס גנב׳ענען. אַזוי ווי אָבער איך האָב דאָך געוואָלט נאָך אַמאָל צוריקקומען אין יענעם לאַנד — האָב איך עס ביים נאָמען ניט אָנגערופן, נאָר באַצייכנט מיין אַרטיקל מיט אַן אומשולדיקן טיטל: „אין גנבה׳לאַנדיא"... נו־נו, האָב איך דאַן געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. אַרגענטינע, טשילע, מעקסיקע און טאַקע קובאַ האָבן גלייך דערקאָנט, אַז דווקא זיי האָב איך געמיינט. פריינט האָבן געשריבן בריוו, אַז נאָך אַזעלכע שאַרפע ווערטער אי־בער „זייער" לאַנד, דאַרף איך זיך אויסהיטן דאָרט צו קומען.

און דער טיטל האָט זיך טאַקע געפּאַסט צו אַ צענדליק לענדער אויף איינמאָל.

בקיצור, — דער ענערגישער גענעראַל באַטיסטאַ, וועלכער איז איצט ווידער געקומען אין פּאַלאַץ ניט דורך אַ וואַל־צעטל, נאָר אויף אַ טאַנק, — איז דער פּרישער בעזים, וואָס רוימט דעם איבערגעלאָזטן שמוץ פון זיינע פאָרגייער (די מיליאָנען האָבן זיי דאָך מיטגענומען אין ביטערן גלות אריין...)

קיין שרייבער נעמט ער ניט אויף גערן, כאָטש די קובאַנער פּרעסע איז גאָר פריינטלעך צו אים.

יידן האַלטן אים פאַר אַ פריינט. גלייך פון אָנפאַנג פון איצטיקן רעזשים האָט גענעראַל באַטיסטאַ, בעת אַ פייערונג, זיך צעשמועסט מיטן מיטאַרבעטער פון „האַוואַנער לעבן" און פאָרשטייער פון דער יידישער טעלעגראַפן־אַגענטור א. י. דובעלמאַן און אויסגעדריקט זיין באַוווּנדערונג פאַר ישראל און זיין פריינטשאַפט צום יידישן ישוב אין קובאַ. דער דאָזיקער שמועס האָט דעמאָלט געפונען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין דער יידישער וועלט.

איך האָב געוווּסט, אַז אויב איך זאָל בעטן אַן אינטערוויו וועט באַטיסטאַ אָפּזאָגן, ווי ער טוט עס מיט כמעט אַלע פאָרשטייער פון די גרעסטע צייטונגען. ער דערקלערט, אַז ער איז צו־פיל פאַרנומען מיט קאָנסטרוקטיווער אַרבעט און ער האָט ניט קיין צייט פאַר שמועסן. אָבער אַזוי ווי גראָד בעת מיין זיין האָט אין קובאַ געווײַלט דער מעקסיקאַנער דיפּלאָמאַט אָקטאַוויאָ ספּינדאָלאַ, אַן אינטעלעקטואַל פון העכסטן קאַליבער, מיט וועלכן עס בינדן מיך יאָרן פון פּער־זענלעכער נאָענטקייט סיי אין אַרגענטינע און סיי אין מעקסיקע, — האָב איך אים געבעטן מיך ברענגען אין פּאַלאַץ, ווו ער פאַרברענגט די וואָך אַלס דער הויז־גאַסט פון פּרעזידענט. אַזוי איז געשען: דער אַמבאַסאַדאָר ספּינדאָלאַ האָט מיך מיטגענומען אין פּאַלאַץ, ווו דער גענעראַל באַ־טיסטאַ האָט דעם אָוונט געהאַלטן אַ וויכטיקע ראַדיאָ־רעדע צום קובאַנער פאָלק אין אַנוועזנ־הייט פון מיניסטאָרן־קאַבינעט און דער פּרעסע.

שוין דער פאַקט אַליין, וואָס איך האָב באַגלייט דעם פּערזענלעכן גאַסט פון פּרעזידענט האָט געענדערט די גאַנצע רוטין פון דער אויפנאַמע.

אַנשטאָט צו וואַרטן אין גרויסן זאַל צוזאַמען מיט די צייטונגס־מענטשן, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אָוואַלן צימער, ווו עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די מיניסטאָרן. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו שמועסן מיטן שלאַנקן, רעפּרעזענטאַטיוון אויסערן־מיניסטער קאַמפּאָ, וועלכער איז אַזוי ענלעך מיטן אויסזען אויף אונדזער אַטשעסאָן. שפּעטער איז געוואָרן אַרום אונדז אַ רעדל פון אַלע אַנדערע קאַבינעט־מיטגלידער, וועלכע האָבן מיך באַשאָטן מיט פראַגן וועגן לענדער און רעגירונגען, דורך וועלכע עס קומט מיר אויס צו רייזן.

ווי שטענדיק אין פּאַלאַצן, האָב איך באַוווּנדערט דעם עכטן, מיניסטעריאַלן אויסזען פון די פּאָמפּעזע דינער וואָס טראָגן דעם וויין, אין פאַרגלייך מיטן פלעבייאישן אויסזען פון אייניקע מיניסטאָרן, וואָס קוקן אויס ווי „נעבעכלעך".

באַלד דערנענטערט זיך צו אונדז מיט ענערגישע שריט און מיט אַן אָפענעם גוטמוטיקן שמייכל דער פּרעזידענט, גענעראַל באַטיסטאַ. זיין קאָפּ, מיט טונקעלער הויט, זאָגט עדות וועגן די פאַמיליע־מישונגען, וועלכע זיינען אין משך פון יאָרהונדערטער פאָרגעקומען אויף די אינדזלען פון קאַריבייאַישן ים, ווען ווייסע, שוואַרצע, געלע ראַסן האָבן אויסגעפורעמט דעם מענטשן־טיפּ פון היינט. דער גענעראַל לייקנט ניט אַז אַ סך נעגער־בלוט שטראָמט דורך זיינע אָדערן. און איך טראַכט, וויפל האַרץ־קלעמעניש וואָלט אַן אָפּיציעלער וויזיט פון אַט דעם פּעסטן הערשער, אַרויסגערופן אין אַ ראַסיסטישן האָטעל פון מאַלאַנען אין זיד־אַפריקע, אָדער, — לאָמיר זיך ניט שעמען צו זאָגן, — אַפילו אין אונדזער ראַסיסטישער „סאַאוט".

דער גענעראַל נעמט אונדז אַריין אין זיין פּרעכטיקן קאַבינעט מיט די גאָלד־באַצירטע ווענט און קרישטאָלענע קאַנדעלאַברען און מיר פירן אונדזער שמועס אויף אַן אינטימען אופן — צוליב דער אָנוועזנהייט פון אונדזער ביידנס פריינט, דעם אַמבאַסאַדאָר ספּינדאָלאַ.

„איך וויים, איר רעפּרעזענטירט די גרויסע אימיגראַנטן אָרגאַניזאַציע „האיאַס" אין אַמעריקע. איך בין צופרידן פון אייער אינפאָרמאַציע, אַז גראָד הייגטיקס יאָר ווערט דרייסיק יאָר, ווען די ערשטע שיפן מיט מזרח־אייראָפּעאישע יידן זיינען געקומען צום קובאַנער ברעג.

איך האָב זיך באַקענט מיט אייער מעמאָראַנדום, וווּ איר דערציילט, ווי גאַסטפריינטלעך מיינע גוטהאַרציקע לאַנדסלייט האָבן אייערע „קליענטן" אויפגענומען.

די אַרבעט פון „יידישן צענטער" און פון „האיאַס" אין די ערשטע שווערע יאָרן זיינען מיר גוט באַקאַנט. איך בעט אייך ביידע אָרגאַניזאַציעס באַגריסן אין מיין נאָמען.

איך דערמאָן זיך אַ פאַקט פון דער צייט, ווען איך בין נאָך ניט געווען קיין פּרעזידענט, נאָר דער שעף פון אונדזער אַרמיי. עס איז געווען אין יאָר 1938 און איך בין געפאָרן אויף אַ שיף פון מעקסיקע קיין קובאַ. יידן, אַנטלאָפענע פון היטלערן, האָבן זיך געפונען אויף דער שיף. זיי זיינען געווען אין אַ העכסט קריטישער לאַגע. עפּעס איז ניט געווען אין אָרדענונג מיט זייערע פּאַפּירן און מעקסיקע האָט זיי ניט אַריינגעלאָזן און צוריקגעשיקט קיין אייראָפּע... ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויף דער זעלבער שיף פאָרט דער שעף פון דער קובאַנער אַרמיי, האָבן זיי מיך איינמאָל אָפּגעשטעלט בעת מיין שפּאַציר אויפן דעק, און מיט גרויס געוויין געבעטן מען זאָל זיי אַריינלאָזן קיין קובאַ, — ווען ניט, וועט זיי אויסקומען ווידער אַריינפאַלן אין היטלערס הענט. אַלס גענעראַל האָב איך זיך גאָרניט געטאָרט מישן אין אַזאַ ריין־פּאָליטישן ענין, אָבער אַלס מענטש בין איך געוואָרן גערירט. איך האָב באַשלאָסן צו האַנדלען אויף אַ דירעקטן וועג: ווען די שיף איז געקומען אין האַוואַנאַ, — האָב איך זיי אַלעמען, — אַכט אין צאָל, — פּשוט פּערזענלעך אַראָפּגענומען פון שיף און דורכגעפירט דורך דער פּאָליציי־וואַך, וועלכע האָט דאָך ניט געוואַגט אָפּשטעלן די „געסט" פון אַרמיי־שעף.

שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען פּרעזידענט, זיינען פיל הונדערטער געקומען, דאָ אַ היים געפונען, שיינע געשעפטן געבויט. קלאָגן זיך אויף קובאַ האָבן זיי ניט וואָס"...

איך שאָקל צו מיטן קאָפּ, ווייל אין דער אמתן לעבט זיך די מער ווי זיבן טויזנט קובאַנער ייִדן זייער גוט.

איך גיב א שמייכל, ווען דער פּרעזידענט זאָגט צו מיין באַגלייטער, דעם אמבאסאדאָר ספּינדאָלאַ:

„און דו ווייסט, מען האָט וועגן מיר דעמאָלט דערציילט שמוציקע זאכן: אז איך נעם געלט פון יעדן אימיגראַנט, אז איך האָב געמאַכט מיליאָנען אויף מענטשלעכע ליידן. אפשר האָט עמעצער געמאַכט געלט. דו ווייסט דאָך, אָבער, וואָס פאַר אן אָרעמאַן איך בין געווען, ווען איך האָב דאַן פאַרלאָזן מיין פּרעזידענטן־שטעלע״...

אמבאסאדאָר ספּינדאָלאַ דערציילט מיר שפּעטער, אז ווען באַטיסטאַ האָט דעמאָלט פאַרלאָזן קובאַ, האָט ער צוזאַמען מיט זיין ווייב און קינדער געמוזט ביי אים וווינען, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין געלט אויף אַן אייגענער דירה — א זעלטענער פאַל אין זיד־אַמעריקאַנער געשיכטע.

מען דאַרף שוין גיין אין שפּיגל־זאַל, וווּ דער פּרעזידענט וועט האַלטן זיין ראַדיאָ־רעדע. פריער פאָטאָגראַפירן מיר זיך אין דער פּאָזע פון א פריינטלעכן שמועס.

אין גרויסן זאַל וואַרטן שוין אַלע רעגירונגס־און פּרעסע־לייט. מערקווירדיק איז טאַקע דער זאַל, וועלכער דערמאָנט א ביסל דעם טראָן־זאַל אין ווערסאַלער פּאַלאַץ.

דער ארויסגאַנג פון פּרעזידענט׳ס קאַבינעט אין זאַל אריין, איז אַזוי קינסטלעך פאַרמאַסקירט מיט שפּיגלען, אז איך אַליין קאָן ניט פאַרשטיין פון וואַנען אייגנטלעך בין איך דאָ ארויס, ווען די שפּיגל־וואַנט איז גאַנץ.

---

איצט זיינען מיר צוויי ייִדן אין דער בונטער פאַרזאַמלונג פון פּרעזידענט׳ס צוהערער: קאַ־לענע דובעלמאַן און איך. פליסטערט אונדזער געשפּרעך אין מאַמע־לשון, טיילן מיר זיך מיט איינדרוקן.

און שפּעטער, ווען איך ווער שוין מיד פון דער אָנגעצויגענער אַטמאָספערע אין פּאַלאַץ, בעט איך ה׳ דובעלמאַן ער זאָל מיר דורך א הינטער־טיר ארויספירן פון שלאָס־טויער צו א מאַקסי און איך פאָר זיך דערפרישן צום טיש פון ראַווינסקי׳ס גאַסטפריינטלעכער שטוב, ווו איך פאַל פּלוצים אריין אינמיטן א דיסקוסיע וועגן ציוניזם און אסימילאַציע.

ווי ווייט בין איך איצט פון אָוואַלן זאַל אין פּאַלאַץ, ווו איך בין אַזוי אומגעריכט ארומ־גערינגלט געוואָרן פון קובאַנער מיניסטאָרן . . .

---

ווען האָב איך געהערט דאָס ערשטע מאָל וועגן יידן אין טשילע?

געווען איז דאָס מיט 25 יאָר צוריק אין ווארשעווער פילהארמאָניע. אויף דער בינע איז געשטאַנען דער טייערער מיט דיכטונג באַפליגלטער לייביטשקע יפה, און דערציילט דעם ענטוזיאַסטישן זאַל פון יום־טובדיקע יידן, וועגן זיינע רייזעס „הינטער די הרי חושך", וועגן זיינע באַזוכן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער רעפּובליקן טשילע, פּערו, קאָלומבוס, עקוואַדאָר...

עפּעס אַזוי פאַנטאַסטיש־פרעמד האָבן זיך מיר דעמאָלט אויסגעוויזן, סיי די ריזיקע בערג מיט טיפע שנייען באַדעקט, סיי די זודיקע מדבריות נעבן עקוואַדאָר, סיי דאָס ביסל יידן ספרדים און אשכנזים, וועלכע האָבן דאָ פאַרבלאָנדזשעט און נייע נעסטן פאַרלייגט.

לייבעטשקע יפה איז בעתן באַפרייונגס־קאַמף פאַר ישראל אומגעקומען פון א פאַררעטערישער באָמבע אַלס דירעקטאָר פון „קרן היסוד".

די צאָל יידן זיינען אין אַלע יענע לענדער אין משך פון די פאַרגאַנגענע 25 יאָר פאַרפינפאַכט געוואָרן צוליב היטלערן ימח שמו.

און איך אַליין בין שוין גאָרניט אַזוי פרעמד אין יענע ישובים, זיך פאַרפעדעמט דאָרטן מיט האַרציקע פריינט און מיט געמיינזאַמע אינטערעסן.

אַט די אַלע לענדער האָב איך אין משך פון די לעצטע זיבן יאָר באַזוכט צו אייניקע מאָל און בין אימשטאַנד צו אָבסערווירן ווי אונדזערע יידישע ישובים וואַקסן, אָרגאַניזירן זיך און אַנטוויקלען זייער זעלבסטשטענדיקן לעבן; ווי די קינדער וואַקסן אונטער, ווי די טאַטעס ווערן רייכער, און אַמאָל אויך פאַרקערט...

אַט בין איך ווידעראַמאָל אין טשילע נאָך אַ הפסקה פון דריי יאָר, און מיט שטאָלץ שטעל איך פעסט, אַז דער ישוב האָט זיך פאַרבעסערט סיי אַנאַטאָמיש, סיי פיזיאָלאָגיש — ד. ה. סיי אין אָרגאַניזאַציאָנעלן געבוי, סיי אין פאַרשטאַרקונג פון יידישן מהות.

זיינען מער ווי דרייסיק טויזנט יידן (ניינציק פראָצענט לעבן אין דער הויפּטשטאָט סאַנטיאַגאָ און די איבעריקע צען פראָצענט אין די שטעט וואַלפּאַראַיזאָ, קאָנסעפּסיאָן, טעמוקאָ און וואַלדיוויאַ) זיינען נאָך אַלץ אָרגאַניזירט לויט די לאַנדסמאַנשאַפטן פון וואַנען זיי האָבן דאָ איינגעוואַנדערט: ספרדים פון לעוואַנט, דייטשע, רוסישע, אונגאַרישע, פּוילישע און עסטרייכישע יידן — אָבער מען קען שוין איצט זען די סמנים, לויט וועלכע נאָך אַ דור אָדער צוויי וועלן די לאַנדסמאַנשאַפטן־אונטערשידן אָפּגעמעקט ווערן. געמיינזאַמע שולן פאַר קינדער, א געמיינזאַמע צענטראַלע קהלה, רעליגיעזע און ציוניסטישע אידעאַלן, וואָס גיסן צוזאַמען די אינ־

טערען — דאָס זיינען די קאַנאַלן, דורך וועלכע א ישוב באַקומט אין משך פון דורות זיין איינהייטלעכן פּרצוף.

אַט דערמאָן איך זיך מיין וויזיט אין יאָר 1926 אין איסטאַמבול, ווען דער דאַמאָלסדיקער חכם באַשא, — דער אַלטיטשקער און געלערנטער רבנו יצחק — האָט מיר געוויזן די פּאַרמעטענע אַרכיוון פון אַמאָליקע לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דאַמאָלסדיקן קאָנסטאַנטינאָפּאָל נאָכן שפּאַנישן גירוש: אין דער פּרייער טערקישער הויפּטשטאָט זיינען געקומען צולויפן יידן פון סעוויליא, גראַנאַדא, טאָלעדאָ, באַרצעלאָנא א. א. — און זיך אָרגאַניזירט אין לאַנדסמאַנשאַפטן, אַזוי ווי מיר זעען זיי אין די אַמעריקאַנער „סאָסייעטיס“.

ביזן צווייטן דור האָבן זיי זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, געלעבט מיט די שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט אין די אויסגעלייזיקטע דורך דער אינקוויזיציע שטעט און שטעטלעך, — און דערנאָך איז דאָס אַלץ צונויפגעוואַקסן געוואָרן אין איין גרויסער ספרדישער קהלה, וואָס האָט גערעדט שפּאַניש-יידיש (לאַדינאָ) און פון אַמאָליקן לאַנדסמאַנשאַפט-לעבן זיינען געבליבן נאָר די אַרכיוון אין באַזיץ פון חכם באַשא. אַזוי איז דאָס היינט אין נאָרד-אַמעריקע, ווו אונדזערע קינדער גייען אַלץ ווייטער אוועק פון די היימישע זכרונות, אַזוי וועט דאָס אויך, — אין איניקע דורות אַרום — זיין אין ישראל, ווו די וווּנדערליכע, געבענטשטע אַסימילאַציע פון יידן צווישן זיך, — וועט צוריק אויפשטעלן דעם איינהייטלעכן יידישן טיפּ, וועלכער איז אַזוי געענדערט געוואָרן דורך פאַרשידענע קלימאַטן און שכנים.

אַט זע איך שוין אין טשילע, ווי יונגע ייִנגלעך און מיידלעך רייסן זיך אַרויס פון פאַרמעגלעכע היימען, — גייען אוועק פריער אויף הכשרה און שפּעטער אין קיבוצים, — קיין ישראל ניט לויט דער לאַנדסמאַנשאַפט פון די טאַטעס, נאָר לויטן פּאַרטיי-פּרינציפּ: אַלגעמיינע ציוניסטן, מפא״י, מפ״ם.

די אַלע קינדער זיינען דאָ אויפגעוואַקסן אין דער שפּאַנישער שפּראַך, זיך געלערנט העבּרעאיש — פאַרלאָזן דעם לוקסוס פון טאַטע-מאַמעס שטוב און פירן דאָס העלדיש-שווערע לעבן אין אפיקים, נגב אָדער צווישן די בערג פון כנען.

און דער ועד החינוך, אונטער דער ענערגישער אָנפירונג פון טייערן פריינט מתתיהו שאַפּירא (פון סאָקאָלקע), האָט שוין געבראַכט צו דעם אַז עס לערנען אין די אינטעגראַלע יידישע שולעס כמעט אַכט הונדערט קינדער, — פון קינדער-גאָרטן ביזן ענדיקן די „היי-סקול“.

צווישן די זיבעציק לערער זיינען פאַראַן זיבן, געבראַכטע דאָס יאָר פון ישראל; מען לערנט אין די שולן — עברית, תנ״ך, יידישע געשיכטע, יידישע ליטעראַטור און מנהגים.

די ספרדישע יידן האָבן אָרגאַניזירט א תלמוד תורה — די חברה קדישא האָט פאַר לימודי-קודש, א חדר פון אַמאָליקן סיסטעם.

אין דער גרויסער רחבות׳דיקער געביידע פון יידישן צענטער (סירקולאָ איזראַעליטאַ) האָב איך אין א פּשוטן זונטיק אָנמיילגענומען פעריזענלעך, אין פאָלגנדיקע זיצונגען פון:

א) „קאָמיטע רעפּרעזענטאַטיוואָ", וואָס איז די פּאָליטישע פאָרשטייערשאַפט פון ישוב; ב) די ציוניסטישע פעדעראַציע, וועלכע באַשטייט פון דעלעגאַטן פון אַלע ציון־פּאַרטייען; ג) די וויצאָ־אָרגאַניזאַציע אונטער דער ענערגישער פירערשאַפט פון פרוי אַלישבע ראַבינאָוויטש (אַלעקסאַנדראָוו, פּוילן), וועלכע זאַמלט באַדייטנדיקע מיטלען פאַר ישראל; ד) די פרויען פּיאָנערן אָרגאַניזאַציע; ה) א קאָנפערענץ מיטן רב הראשי, דר. נתן בלום.

אויסער דעם שפּילט מען נאָך אין די אונטערשטע זאַלן גאַנץ געשמאַק אין קאָרטן, וואָס ווייזט, ווי היימיש די דאָזיקע געביידע ווערט באַטראַכט פון יידישן ישוב.

אין קאָנפערענץ־צימער פון מיין יונגן פריינט הרב נתן בלום, האָב איך געהאַט א באַזונדערן נחת רוח: ער איז א שטענדיקער לייענער פון „מאָרגן זשורנאַל" און דאָס אַליין בינדט אונדז צונויף אין איין משפחה מיט געמיינזאַמע אינטערעסן.

דר. נתן בלום ווייזט מיר די גיפּסענע רעפּליקע פון א פּראַכטפולן סינאַגאָגע־בנין, וועלכן מעז פּלאַנירט דאָ אויפצובויען, — א געביידע, וואָס וועט זיין א זעלטנהייט פון דער נייער סינאַגאָגע־אַרכיטעקטור.

אויסער דעם הרב הראשי בלום זיינען נאָך פאַראַן אין סאַנטיאַגאָ פיר יידישע רבנים: א רב אין דער חברה קדישא, צוויי ספרדישע און איין דייטשער ראַבינער.

אין דער הויפּטשטאָט אַליין זיינען פאַראַן 14 בתי מדרשים און מנינים, אָבער נאָר אין דריי פון זיי ווערט געדאַוונט יעדן טאָג, אין די איבעריקע — נאָר שבתים און ימים טובים.

עס זיינען דאָ צוויי כשר'ע רעסטאָראַנען; איינער געגרינדעט פון דייטשע יידן, און איינער דורך אונגאַרישע; עס איז מערקווירדיק, ווי די פּוילישע און רוסישע יידן האָבן זיך שנעל צוגעוווינט צום טרפות־רעזשים אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער...

פאַראַן א מקוה, — ווערט זי אָבער באַנוצט כמעט אויסשליסלעך נאָר דורך די נייאָנגעקומענע פרויען פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד.

אָבער פאַר א גרויסן אויפטו האַלט דער רב דעם פאַקט, וואָס די עפנטליכע יידישע באַנקעטן מוזן זיין אונטער א כשרות־השגחה. אגב ווערט דאָס בהדרגה איינגעפירט אויך אין אַרגענטינע און אורוגוואַי. פון די דרייסיק טויזנט יידן באַנוצן זיך שטענדיק מיט כשר־פליייש נאָר זעקס הונדערט.

דער רב בלום דערציילט מיר, אַז עס גייט ניט אַריבער קיין וואָך עס זאָל ניט קומען א קריסט אָדער א קריסטין זיך מגייר זיין צוליב א ליבע מיט א יידיש קינד. ער, — דער רב הראשי, — איז קעגן דעם, וויל ער האָט זיך איבערצייגט, אַז נאָכדעם ווי אַזא פאַרליבטער איז זיך „מגייר", גייט ער שבת אין שול און זונטיק אין קירכע... מען איז מיט זיי דאָ קיינמאָל ניט זיכער.

אין כמעט אַלע זיצונגען אין וועלכע איך האָב אָנטיילגענומען, האָט מען גערעדט שפּאַניש: דער עלטערער דור א זייער שלעכטן שפּאַניש (איך בין שוין איצט א שטיקל מבין) און דער יינגערער דור א קלינגענדיק־ליטעראַרישן.

יידיש ווערט געפּלעגט און אַנטוויקלט נאָר אין פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די האַרציקע לאַנדסלייט ירוחם ראַפּאַלאָווסקי (ביאַליסטאָק) און דוד באַכ־ראַך (פּראַסניש). דער דאָזיקער פאַרבאַנד איז ניט גלאַט אַזוי קיין „סאָסייעטי", נאָר אַ קולטור־אינסטיטוציע, וועלכע אָרדנט איין פּאָרלעזונגען, פאַרשפּרייט יידישע ביכער און אָרגאַניזירט אַפילו אַ יידישן כאָר, אונטער דער געניטער אָנפירערשאַפט פון הופּייער, וועלכן מען האָט דאָ אַראָפּגעבראַכט פון ראָזאַריאָ (אַרגענטינע).

עס לאָזט זיך פילן אין אַלע קרייזן דער טרויער נאָכן פלוצלינג־פאַרשטאָרבענעם דאָרטיקן דיכטער משה דוד גיסער, וועמענס קינדער־לידער זיינען אַריין אין דער קלאַסישער ליטעראַטור.

ער האָט מיר געפעלט בעת מיין פּאָרלעזונג אין פּוילישן פאַרבאַנד; איך האָב אים שטענ־דיק געהאַט אַלס מיין שכן פון דער רעכטער זייט, — אָבער זיין גייסט איז געווען אויך איצט אַנוועזנדיק; אָן אים וואָלט ניט געהערשט אין זאַל אַזאַ פּאַלקסטימלעך־יידישע סביבה און אַזאַ ליבע צום יידישן וואָרט, וואָס איז דאָ יאָרן־לאַנג פאַרפּלאַנצט און געפּלעגט געוואָרן דורכן דיכטער משה־דוד גיסער.

זונטיק בייטאָג הערן זיך אַלע צו צו דער יידישער ראַדיאָ־שעה.

איך מוז זאָגן אַז ווען איך האָב גערעדט צו די טשילענער יידן דורך דעם מיקראָפאָן און געבראַכט זיי די גרוסן פון אַנדערע ווייטע ישובים, — האָב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן צו די שנייאיקע בערג, צו די גיגאַנטישע „הרי חושך", וועלכע איך האָב געזען דורכן סטודיאָ־פענסטער און געקלערט דערביי: „ווי לאַנג נאָך וועט די יידישע שפּראַך געפינען צוהערער אין דאָרטיקן לאַנד? ווי אַזוי וועט מען רעדן צו זיי דורכן מיקראָפאָן אין פינף־און־צוואַנציק יאָר אַרום? און מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט האָב איך אַרויסגערעדט דורכן ראַדיאָ!

„יידיש איז דאָך וווּנדער־שיין,

יידיש איז דאָך מלא־חן"...

קיין אַנדער רעדנער אין יידיש איז שוין אויף דער ראַדיאָ ניט געווען: אַלץ שפּאַניש מיט יידיש־רעקאָרדירטע לידער.

אויך „דאָס יידישע וואָכנבלאַט" האָט זיך דאָ ניט לאַנג געשלאָסן... און די שטאָט איז פאַר־שטומט געוואָרן לגבי דער עפנטלעכקייט, אָבער אַ דאַנק מיין טייערן פריינט ע. פּלאָטאָן און איר פריערדיקן אַרויסגעבער דוד דובינאָווסקי, עפנט זי זיך ווידער.

מיט אייניקע יאָר צוריק האָב איך נאָך געטראָפן ביים לעבן דעם דאָמאָלסדיקן רב־הראשי א. מאַרגענצאַן, וועלכער איז געווען אַ מיסטיקער און זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט שטודירן דעם קאָראַן און זיינע ביבלישע קוואַלן.

דער איצטיקער רב־הראשי דר. נתן בלום האָט שוין דורכגעמאַכט אַ גאַנץ אַנדער קאַריע־רע: געבוירן אין טראַנסילוואַניאַ, געלערנט אין דער ישיבה פון בראַטיסלאַווע (פּרעסבורג), האָט

ער דורכגעמאַכט דעם קריג אַלס שקלאַף־אַרבעטער, און שפּעטער פּאַרטיזאַן מיט די רוסן אויפן גרענעץ פון גאַליציע און אוקראַינע.

נאָך אין אונדזער אויסערגעוויינלעכער צייט וועלכע וועט זיך אין דורות אַרום אַרויסווייזן פאַר אומוואַרשיינלעך און פאַנטאַסטיש, — קאָנען אַזעלכע געשיכטעס פּאַרקומען, ווי אָט די מיט דעם יונגן הויפּט־רב פון מדינת טשילע.

און ער דערציילט מיר, ווי ער האָט געגראָבן טרינשייען פאַר די נאַצי־חילות, צווישן דייטשן און רוסישן פראָנט; ווי יעדן טאָג פלעגט מען שיסן די קראַנקע און שוואַכע און די אַנדערע האָבן נאָך געמוזט גראָבן קברים פאַר די האַלב־טויטע, — קברים אויף וועלכע די ערד האָט זיך נאָך באַוועגט, נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרשאָטן געוואָרן.

שפּעטער, — זוכנדיק נקמה, — האָט דער היינטיקער רב־הראשי גע'גנב'עט דינאַמיט און געטראָגן אין וואַלד צו די רוסיש־פּריינטלעכע פּאַרטיזאַנען.

דערנאָך האָט ער, צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע שקלאַפן־אַרבעטער, באַפאַלן די דייטשע וואַך און איבערגעגעבן צו פּאַרטיזאַנען צענדליקער וואַגאָנעס מיט אַמוניציע, און דערפאַר איז ער שפּעטער אויסגעצייכנט געוואָרן דורך די זיגרייכע רוסן.

ווער ווייסט, אפשר וועט דער דאָזיקער סאָרט פּאַרטיזאַנען־רבנים מיט זייער דינאַמישן פייער אויפרייסן די הערצער און מחות פון דור, וואָס קומט פאַרשטיינערט מיט א פרעמדער ציוויליזאַציע?

„אשא עיני על ההרים מאין יבוא עזרי?"

אָבער די גלייכגילטיקע שניי־בערג שווייגן, — מיליאָנען יאָרן שוין ווי זיי ענטפערן ניט; דאַרף מען מיט דינאַמיט די תשובה פון זיי אַרויסרייסן; דאַרפן דאָס טאָן יידישע פּאַרטיזאַנען און נאָך מער רבנים, וועלכע זיינען שוין פּאַרטיזאַנען געווען...

---

געקומען צו מיר אין האָטעל מיין יונגער פריינט כהן קליין און זיך פּרובירט א רייץ טון:

„איר מיינט, אז איר זייט שוין ווירקלעך אויסגעווען אין אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט?...

„אָט קען איך זיך וועטן אז אויפן אינדזעלע איסלאַ דע פּאַסקוס, וואָס געהערט צו טשי־לע, זייט איר נאָך געוויס ניט געווען!"

„איסלאַ דע פּאַסקוס? איך ווייס גאָרניט ווו אזא אינדזל געפינט זיך".

פיל טשילענער ווייסן אויך ניט, אז ערגעץ ווו אין פּאַסיפיק, אויפן וועג קיין אויסטראַליע אין שכנות מיט דער גרופּע „סאָלאָמאָן אינדזלען" האָט זיך פאַרוואַלגערט א שטיקל טשילענער ערד.

דאָרטן ווינען א טויזנט פּאָלינעזער, געמישטע מיט אינדיאַנער, וואָס מען ווייסט גאָרניט ווי אַזוי זיי זיינען דאָרט געקומען. זיי ווינען צווישן ריזיקע געטער, אויסגעהאַקט פון שטיין, — געטער מיט אַזעלכע אויסטערלישע געזיכטער, אַז אַ שוואַנגערע פרוי טאָר זיך אויף זיי ניט פארקוקן.

דער גרעסטער וואונדער אָבער איז, וואָס די איצטיקע איינוווינער פון אינדזעלע האָבן גאָר־ניט אין זייער באַזיץ אַזעלכע העק אָדער אַנדערע אינסטרומענטן מיט וועלכע געטער פון אַזא גרויס זאָלן קאָנען אויסגעהאַקט ווערן. זיינען, הייסט דאָס, פאַר זיי נאָך — טויזנטער־טויזנטער יאָרן צוריק געוועזן דאָ מענטשן פון א העכערער ציוויליזאַציע, וועלכע האָבן יענע געטער גע־פורעמט און געשניצט.

אָט האָב איך געבראַכט א מתנה: א צוויי פּנים׳דיקן שטעקן, אויסגעשניצט פון יענער ציוויליזאַציע. איינמאָל אין יאָר פאַרפאָרט אויפן אינזל דע פּאַסקום א טשילענער שיף, — ברענגט פאַר די פּרימיטיווע איינוווינער אביסל פּראָדוקטן און נעמט צו זייערע איצטיקע מאַר־מאָר־אויסאַרבייטונגען, און אויך די וואָס מען גראָבט אויס פון אַמאָל.

איך דערפריי זיך מיטן שווארצן שטעקן, פון וועלכן עס שרעקן מיך צוויי פּנים׳ער מיט א מורא פון אומבאַקאַנטע וועלטן.

מען זאָגט, אַז ווען איר באַזיצט אַזא שטעקן, קאָנט איר אָפּטרייבן פון זיך די בייזע גייסטער פון קנאה־שנאה. אויב אַזוי דאַרף איך דאָס גאָר נויטיק האָבן.

קוק איך אויפן מאָדנעם צוויי־פּנים׳דיקן מענטשעלע און פרעג אים:

„זאָג מיר נאָר, ווו האָט דיין האָלץ געוואַקסן? וועלכע ברואים האָבן דיך געשניצט? ווער האָט געוווינט אין יענע צייטן אויף די אינדזלען נעבן אויסטראַליע און וואָס איז דער סוד פון די ריזיקע שטיינערנע געטער, וועלכע זיי האָבן אַזוי קונציק אויסגעהאַקט?"

און עס דוכט זיך מיר, אַז ביידע פּנים׳ער לאַכן פון מיין נאַאיוויטעט, פון מיין ווילן אויפ־דעקן די געהיימנישן פון די פארהיסטאָרישע צייטן.

אָט זיץ איך מיר און וויל וויסן, וואָס וועט זיין מיט יידן אין טשילע און אַנדערע לענדער באַטש אין א דור ארום, און דאָ קייכט פאַר מיר פון געלעכטער א סוד פון טויזנט דורות, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט:

„וויל ניט צופיל אריינדרינגען אין זאַכן וואָס זיינען העכער פאַר דיר, וואָס זיינען טיפער פאַר דיין שכל, וואָס לאָזן זיך נאָר פאַרויסזאָגן ווען דו באַזיצסט דעם פלאַם פון נבואה.

„ווייל אין צופיל חכמה, — זאָגט קהלת — זיינען באַהאַלטן פיל ליידן און מיט צופיל וויסן וואַקסט דער אומעט".

„הבל הבלים" — לאַכט דער יאַנוס פון איינזאַמען אינזל דע פּאַסקום...

איך האָב אַ מאָדנע אינערלעכע סימפּאַטיע, סיי צו דער אורוגווייער רעפּובליק און סיי צום יידישן ישוב דאָרטן. עפּעס איז דאָ אַזוי דעמאָקראַטיש־ציכטיק, אַזוי שווייצאַריש־מילד אין אופן פון רעדן, אין אויסערליכן אויסזען פון דער באַפעלקערונג, אין אַגריקולטורעלן כאַראַקטער פון לאַנד. עס וווינען דאָ איצט מער ווי צוויי מיליאָן מענטשן און מען ציילט דאָ אויך מער ווי צוויי מיליאָן פעטע וואָלענע שעפּסן. און אַזוי וואַקסט טאַקע די סטאַטיסטיק כמעט אין גלייכע צאָלן: מענטשן און שעפּסן — שוין אַ קימאַ־לן פון אַרום הונדערט יאָר.

אורוגוואַי איז די קלענסטע פון די זיד־אַמעריקאַנער רעפּובליקן, אָבער אויך די געדיכטסט־באַפעלקערטע. און דאָ זעט מען ניט קיין אינדיאַנער (מיט דורות צוריק האָט מען זיי „באַצייטנס" אויסגעקוילעט...); ראַסנמעסיק איז דער אורוגוואַיער אַ ברונעטער געמיש פון שפּאַניש־איטאַליענישן אָפּשטאַם; ער איז זייער אינטעליגענט, העפלעך, פאַרטראָגט ניט קיין דיקטאַטאָרישע הערשאַפט און קוקט מיט חשד און אַביסל מורא אויף זיין שכן אַרגענטינע, וועמענס הויפּשטאָט בוענאָס איירעס עס געפינט זיך אויפן צווייטן זייט פון שטורמישן גלען טייך לאַ־פּלאַטאַ.

און גרין־גרין זיינען די לאַנקעס, אויף וועלכע עס הענגען און טריקענען זיך אויפן זון אומצאָליקע געשאָכטענע שעפּסן — דער הויפּט־עקספּאָרט אַרטיקל פון אורוגוואַי. פלייש און וואָל באַטרעפן נײַנציק פּראָצענט פון דעם סחורה־אַרויספּיר.

אויך סימפּאַטיש איז מיר דער פאַקט, וואָס דאָ זיינען ניטאָ קיין ריזיקע לאַטיפונדיעס (פאַרמס) ווי אין אַרגענטינע צום ביישפּיל, וועמענס אייגנטימער זיצן און „שאַרלאַטאַנעווען" אין אויסלאַנד אויף חשבון פון פאַרקנעכטן „גאַוטשאָ". די ערד איז צעטיילט צווישן קליינע באַזיצער צו 100 — 150 העקטאַרס אויף אַ קאָפּ.

און די עלעגאַנטע הויפּשטאָט מאָנטעווידעאָ מיט איר מיליאָניקער באַפעלקערונג, באַזיצט נעביידעס און פאַרקן, וועמען עס מעגן מקנא זיין גרעסערע שטעט פון נאָרד־אַמעריקע.

איבערהויפּט די פּאַרקן: אַ ים מיט בונטע בלומען „פאַבריצירן" די שמעקעדיקע, ניט געקינסטעלטע פּערפיומען פון דער מאַמע־נאַטור. אויף וואַסערן, אַרומגערינגלט מיט יאַפּאַניש־פאַנטאַסטישע געוויקסן שיפן זיך און שפּילן זיך קינדער און דערוואַקסענע אונטער די קלאַנגען פון די רווישיק־ צעשטו־עמטע כוואַליעס פון נאָענטן ים. און אינמיטן פּאַרק שטייט די סטאַטוע פון פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין, מיטן אויפשריפט, אַז זי איז אַ מתנה פון דער יידישער קהילה אין אורוגוואַי.

מילא, מיר פערזענלעך געפעלט ניט די דאָזיקע סקולפּטור אויסגעהאַקט פון מאַרמאָר; עפּעם אַן אָנגעבלאָזענער דייטשער ייד אין א פראַק און ניט דער צעקודעלט־געניאַלער „באַ־העמיער", מיטן זוכנדיקן בליק. אָבער עס איז געווען א פיינער זשעסט מצד דער אורוגוויער רעגירונג, וואָס האָט לויט איר אייגענער איניציאַטיוו פאַרגעלייגט די יידן צו שטעלן א דענק־מאָל ביים לעבן איינעם פון אונדזערע גרעסטע געלערנטע.

און דאָ גאָר ניט לאַנג, האָט אורוגוויי איינגעפירט א נייעם פונקט אין איר קאָנסטיטוציע אַלס א רעזולטאַט פון א פאָלקס־רעפערענדום — לויט וועלכן עס ווערט אַנולירט דער אמט פון פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און אָנשטאָט דעם ווערט איינגעפירט א רעגירונגס־פּראָוואַל־טונג פון ניין פּערזאָן, פון וועלכע יעדערער פירט אָן מיטן לאַנד נאָר א חודש, לויטן סדר. עפּעס איז פאַראַן אין דעם פון דער שווייצאַרישער רעגירונגס־סיסטעם און עפּעס איז דאָס איינגאָרטיק, להיפּוך פון איר אַרגענטינער שכן. דאָרט וויל דער פּרעזידענט אינגאַנצן ניט אָפּטרעטן, און דאָ לאָזט מען אים אַנוואַרימען דאָס בענקל נאָר א חודש צייט — מען האָט מורא עס זאָל אים ניט צו פיל „פּאַליובען" דער אמט... אלענפאַלס באַשווערט דאָס זייער שטאַרק דאָס וועלן ווערן א דיקטאַטאָר און ניט אָפּלאָזן דעם „עמוד". אויף אַזאַ אופן זיינען צווישן די ניין פּרעזידענטן פאַראַן אויך דריי פון דער ביטערסטער אָפּאָזיציע. איינער פון זיי איז דער אַלטער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט הערערא. און עס איז טאַקע א סימן פון דעמאָקראַטישער שטאַרקייט, ווען די רעפּובליק האָט ניט קיין מורא, אַז הערערא זאָל ווערן א מין „פּרנס־חודש" פון א באַפעלקערונג, וואָס האָט שטענדיק געשטימט קעגן אים און זיינע אידעען.

פונקט אַנטקעגן דעם מאָנומענט פון אַלבערט איינשטיין געפינט זיך די געביידע פון דער „רולעטע", וועלכע ווערט אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונג און ברענגט איר אַריין א גוואַלדיקע יערלעכע הכנסה. דאָ דרייט זיך דאָס „רעדעלע" אויף צענדליקער שפּיל־טישן, אַרום וועלכע עס זאַמלען זיך המונים פאַרשוויצטע, מיט אַזאַרט־פאַרגאַזטע שפּילער פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע פאַרלירן און אַמאָל אויך געווינען פאַרמעגנס. די אורוגוואַיער פּעזאָ איז די איינציקע פעסטע וואַלוטע אין גאַנץ זיד־אַמעריקע (איר באַקומט דאָ פאַרן דאָלאַר צוויי און א האַלב אורוגוואַיער פּעזאָס, אין דער צייט ווען זיי „הוידען" זיך שיכּור אין אַרגענטינע — 25 פּע־זאָס; אין טשילע — 2,50; אין בראַזיל — 55 קרוזייראָס אא"וו.).

מען האַלט, אַז אין אורוגוואַי זיינען פאַראַן אַרום דרייסיק טויזנט יידן, פון וועלכע די גרעסטע מערהייט זיינען אָנגעלאָפן צווישן דיביידע וועלט־מלחמות.

צוליב א פּאָר־שטענדלעכער מורא פאַר אַן אַנטיסעמיטישער „עין הרע", האָבן יידן אַליין ניט ליב אין זיד־אַמעריקע צו פירן א ריכטיקע סטאַטיסטיק פון זייערע גלויבנס־גענאָסן. אַז א גוי פרעגט, וויפל יידן זיינען פאַראַן אין אַן אַנטשפּרעכנדיקן לאַנד, „פּאַנפעט" מען אַביסל צו אָנשטאָט א תשובה און באַלד „סעמלט" מען אויף א העלפּט... מוז איך זיך אויך האַלטן ביים דאָזיקן מנהג.

און יידן גייט דאָ ב״ה גוט. פאַראַן גרויסע גבירים; פאַראַן אויך אביסל „לא יוצלח׳ס״, וואָס אָנשטאָט אויסצונוצן „קאָניוקטורן״, האָבן זיי זיך גאָר פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַ־בעט. אָבער טאַקע אַ דאַנק די לעצטע האָבן מיר אַ גוט־אָרגאַניזירטן יידישן לעבן אין אורו־גוואַי. פאַראַן קהילות: מזרח־אייראָפּעאישע (די גרעסטע), דייטשע, ספרדישע, אונגארישע און לעצטנס אויך די גרופּע „חרדים״ פון מונקאַטשער שניט.

פאַראַן צוויי טעגלעכע יידישע צייטונגען: די ציוניסטישע „פאָלקס־בלאַט״ און די קאָמוניס־טישע „אונדזער פריינט״. אַרום וועלכער צייטונג גרופּירן זיך די רייכערע עלעמענטן? ניין! איר האָט ניט געטראָפן; דוקא אַרום דער קאָמוניסטישער. אי, עס איז דאָך קעגן דער לאָגיק און שכל־הישר, אַז אויפגעקומענע רייכע יידן זאָלן דוקא בויען די „פּאָליטישע אטאָמישע באָמבע״ קעגן זייער אייגענער עקזיסטענץ? איז אָט זעט איר דאָך!...

זיץ איך אין דער רעדאַקציע פון „פאָלקסבלאַט״ מיט מיינע פריינט משה אַרזשוך דער אַרויסגעבער, און אברהם שוואַרץ דער רעדאַקטאָר.

דערציילט מיר אַרזשוך: „נאָך אין 1926 זיינען מיר געווען אַ וואָכנבלאַט, אָבער אין יאָר 1931 האָבן מיר זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טעגלעכער צייטונג. מיר האָבן אויף דעם געמוזט לייען געלט אין אַ באַנק, וועלכע איז געווען אונטערן קאָנטראָל פון אונדזערע קעגנער די „לינקע״ — האָבן זיי אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס מיר האָבן דורכגעלאָזן צו באַצאָלן אַ חודש׳דיקע ראַטע און דוקא אום ראש־השנה געשיקט גוים מען זאָל צונעמען די מאַשינעס. מען האָט דאַן געמאַכט אַן אמתן פּאָגראָם אויף דער צייטונג: צעשרויפט די מאַשינען, צוגענומען די מעבל... אָבער די צרות האָבן אונדז געשטאַרקט, און, ווי איר זעט, עקזיסטירן מיר דאָ גאַנץ פיין און יעווין גאַרניט „צעשרויפט״, אויף צו להכעיס אונדזערע שונאים״...

דעמזעלבן טאָג טרעף איך זיך מיטן ענערגישן דעלעגאַט פון ישראל, אהרן ראַשקאָווסקי (ער איז דער דירעקטאָר פון באַנק „קופּת עם״ אין חיפה) אויף אַ מיטיק מיט אַ קריסטלעכן ריכטער אין אורוגוואַי.

אין די הענט פון דאָזיקן פיינעם פּראָגרעסיוון יוריסט איז ביז ניט לאַנג געלעגן דער ביז גאָר פּיקאַנטער און אומאָנגענעמער פּראָצעס פון אַ רייכער יידישער פאַמיליע קעגן דעם „פאַר־איייניקטן ישראל קאַמפּיין״ אין אורוגוויי.

עס איז ווערט דידאָזיקע מעשה צו דערציילן אין דער עפנטלעכקייט:

דער נייער „גביר״ הער מ. — איז געקומען קיין מאָנטעווידעאָ במחילה אָן תחתונים מיט אַ צוויי צענדליק יאָר צוריק. ער איז געוואָרן אַ קאָנדוקטאָר אויף די דאָרטיקע טראַמווייען און אַזוי לאַנג געצויגן דאָס שטריקל מיטן גלאָק, ביז ער האָט זיך „דערצויגן״ צו ווערן אַ גביר אין מיליאָנען — פאַרשטייט זיך ניט פון פאַרקויפן טראַמוויי־בילעטן.

די גוט־אָרגאַניזירטע שאַצונגס־קאָמיסיע פון „פאַראייניקטן קאַמפּיין״ האָט באַשטימט, אַז ער דאַרף געבן פאַר ישראל אַ גרעסערע סומע געלט. הער מ. האָט זיך אָפּגעזאָגט... די קאַמפּיין־

פירער האבן געהאלטן, אז אויב אנדערע גבירים וועלן נאכטון זיין ביישפיל דראט א געפאר, אז די געלט־זאמלונגען פאר ישראל אין קריטישן מאמענט פון דער אראבישער מלחמה, זאלן דורכ־פאלן און זיי האבן דעריבער באנוצט א זייער שארפן און דרייסטן מיטל: בעת דער גרויסער פאלקס־פארזאמלונג לטובת ישראל, איז ארויף אויף דער בינע דער פארזיצער פון קאמפיין און מיט א שטימע פול מיט דראמע (דורכן מיקראפאן), האט ער אריינגעלייגט אין חרם די פאמיליע מ. פאר צעברעכן די אחדות פון כלל־ישראל.

דער עפעקט אין שטאט איז געווען א דערשיטערנדיקער: אלע וואס האבן געהאט בדעה זיך ארויסצודרייען פון געבן זייערע ביישטייערונגען, האבן זיך געאיילט אין די ביוראען פון קאמפיין מיט מזומנ'ע באנקנאטן... אונטערן שרעק פון חרם, האבן צוויי מחותנים אפגעלאזן שידוכים מיט דער פאמיליע מ.

ווען דער בעל־דבר איז געקומען ערב ראש־השנה אויפן בית־עולם, האט מען אים פון דארט מיט חרפות ארויסגעווארפן. צום דאווענען אין שול האט מען אים לכתחילה ניט אריינ־געלאזן... מען האט אים אויך געגעבן צו וויסן וועגן א מעגלעכן „קבורת חמור" אין פאל „ווען די שעה זאל ניט קומען"...

אבער הער מ. איז א ייד אן עקשן. האט ער באשלאסן נקמה צו נעמען פון „קהל:" ער איז אוועק אין די גוי'שע ציימונגען און דארט דערציילט די גאנצע מעשה... דער „דריטער צד" האט זיך א נעם געטאן קעגן יידן אין שטענדיק רואיקן אורוגוויי; שרייענדיקע קעפלעך מיט סענסא־ציעס האבן זיך באוויזן אין די ציימונגען:

„א באנדע הפקר־יונגען טעראריזירן"... „וואס ווערט געטון מיט געלטער וואס ווערן ארויס־געשיקט פון לאנד?"... עס זיינען דערשינען גיפטיקע לייט־ארטיקלען אין ציימונגען וואס זיינען שטענדיק געווען סימפאטיש צו ישראל.

הער מ. האט זיך נאך אליין ניט בארואיקט: ער האט אנגעקלאגט ניינציק פירער פון ישוב פאר אויספרעסן געלט. מען האט זיי אלעמען — בכבוד'יקע, באשעפטיקטע מענטשן — גע־שלעפט אין פאליציי און אין געריכט און אפגעהאלטן דארטן גאנצע טעג...

דערווייל האט מען אפגעלאזן דעם דריטן שידוך מיט דער פאמיליע מ... אויך ארגענטינער יידן האבן זיך ניט געוואלט מיט זיי משדך זיין.

הער מ. איז אליין געווארן פארביסענער: עס האט אים שוין דאס משפטן אפגעקאסט פינף מאל אזויפיל, וויפיל מען האט ביי אים געבעטן פארן קאמפיין — אבער וואס פאר א ראלע שפילט דאס ווען מען יאגט א ביטערן מענטשן אריין אין אמביציע.

בקיצור, נאך איצטער איז דער ענין ניט געענדיקט — אבער די אורוגוואיער ריכטער האבן זיך שוין פארשטאנען אויף דער גאנצער געשיכטע און זייערע סימפאטיעס זיינען אויפן צד פון יידישן כלל; וועלכער קעמפט קעגן די אייגענע דיסציפלין־ברעכער און צעשטערער...

---

אויב אונדזערע חז"ל האָבן געזאָגט: „תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם" — קען מען דאָס אָבער ניט אָנווענדן בנוגע מאָנטעווידעאָ: די רבנים דאָ,ביידע גרויסע לומדים און יראי שמים, ביידע הייסן זיי אהרן (ר' אהרן מילעווסקי און ר' אהרן לאָטשעווסקי) און טראָצדעם עסן זיי ניט איינער פון אַנדערנס שחיטה — אַזוי ווי אַמאָל, אין אומפּאַרגעסלעכן שטעטל מיט דער רבנישער מחלוקת. ווען דער בירגערמייסטער פון ירושלים שרגאי, איז געווען מיט צוויי יאָר צוריק אין מאָנטעווידעאָ, איז ער ניט געקומען אויפן באַנקעט פון כנסת־פּרעזידענט יוסף שפּרינצאַק (ביידע האָבן דאַן געווײַלט אין אורוגוואַי אַלס שליחים פון ישראל) ווײַל דאָרט האָט מען סערווירט פלייש פון ר' אהרן מילעווסקי'ס שחיטה.

און ר' אהרן מילעווסקי האָט געאַסר'ט דאָס עסן אין דער אכסניא ווו עס האָט געוווינט די קאָמיסיע פון די ישראל־שוחטים, ווײַל דאָרט סערווירט מען פלייש פון ר' אהרן לאָטשעווסקי'ס שחיטה...

פאַרשטייט זיך, אַז עס זיינען פאַראַן יידן — לײדער דער גרעסטער טייל — וואָס עסן פלייש פון „איוואַנ'ס" שחיטה... נאָר דאָס האָט שוין ניט צום עצם הענין וועגן וועלכן איך דערצייל דאָ.

אויך צוויי מקוות זיינען דאָ פאַראַן — איינע פון זיי געבויט פון ר' אהרן מילעווסקי לויטן לעצטן וואָרט פון טעכנישן לוקסוס. קיין סטאַטיסטיק אָבער פון די באַזוכערינס אין ביידע מקוות האָב איך גראָד ניט איצט אין מיין באַזיץ.

און אַ דריטן רב וויל איך דערמאָנען, דאָס איז ר' יהושע דייטש, אַ גרויסע רבנישע פּער־זענלעכקייט פון ירושלים, וועלכן עס האָבן דאָ אַראָפּגעבראַכט די ניי־אָנגעקומענע עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישע יידן פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, די קהילה פון דער „שארית הפליטה".

אויך אַ חדר, אַן אַלטמאָדישן, ווו מען לערנט איצט מיט זעקס־יאָריקע קינדער די קרבנות פון חומש „ויקרא" — האָבן די „שארית הפליטה" געגרינדעט.

איך האָב מיט די קינדער קיין „מיטלייד" ניט, ווי עס ווילן מיר באַווירקן אַ פּאָר מאָדערנע פּעדאַגאָגן. האָב איך דאָך אויך אָנגעהויבן לערנען תורה פון „ויקרא" און געלויבט השם יתברך: קיין „קרבן" פון דעם בין איך אויף מיין לעבנס־וועג ניט געפאַלן...

איך האָב פאַרבראַכט דעם ראש־השנה תשי"ד אין מאָנטעווידעאָ. עס איז געווען אַ נחת רוח צו זיין (און אויך אביסעלע דאַווענען) אין אַלע דריי שולן. די מחלוקת איז שוין געווען איינגעשטילט.

יידן פון אַלע שיכטן און קלאַסן האָבן אָנגעפילט די בתי־מדרשים, און די רבנים — ווי אומעטום — האָבן גערופן צו תשובה פאַרן שופר־בלאָזן. אויך צו תשליך איז מען געגאַנגען נעבן די געלבלעכע וואַסערן פון ריזיקן טייך לאַ־פּלאַטאַ און עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז דער טייך האָט זיך אַ היפּש ביסל אויפגעהויבן נאָך דעם, ווי מען האָט אָפּגעשאָקלט די „פּאָלעס" פון די עבירות.

און די יום־טובדיקע סביבה ביים עסן, אין דעם הויז פון ר׳ אהרן מילעווסקי, מיט זיין ליכטיקער פרוי און קינדער ארום טיש: עס האט אזוי דערמאנט די אלטע היים, דאס ליטווישע שטעטל, די וועלט, וואס איז פאַרביי און ווידערהאלט זיך ווידער אין אורוגוואי...

---

און די פרייטיק־צו־נאכטסן אין פייוול סווירסקים הויז? — זיי זיינען שוין געווארן אן אינ־סטיטוציע אין מאנטעווידעא, וועלכע ווערט ניט אויסגעמיטן פון קיין גאסט, וועלכער פארהאלט זיך אויף א ווייל אין אורוגוויי. מיט א וואך פאר מיר, איז דא געווען יוסף אפאטאשו; מיט א וואך נאך מיר — זלמן שז״ר.

און היינטיקן פרייטיק־צו־נאכטס, בין איך דער „מלך״ — און כאטש אין די צימערן איז ענג, ווערט אבער אזוי ברייט אויף דער נשמה, ווען דא ביי די ברעגעס פון ווייטן טייך לא־פלאטא ,הילכן אפ די פאלקס־לידער פון דער אלטער היים. ס׳זינגען אוים די שוועסטער חיה און שרה פון ווילנער געטא די גאנצע בענקשאפט נאך א נעכטן און די גאנצע האפנונג פאר א בעסערן מארגן; עס זינגט די וואונדערבארע ביאליסטאקער קינסטלערין פאראזאווסקא, די מוזיק פון „היינט״ אין רוסלאנד, אין אמעריקע און ישראל... און די שטוב ווערט אנגעפילט מיט די שאטנס פון די מאמעס און באבעס, וואס פלעגן אויך אין דער שבת־יום־טוב׳דיקער היים זינגען צונזער׳ן און גאלדפאדען און פארוויגן אונדז מיט דער זיסער מוזיק פון „ראזשינקעס מיט מאנדלען״.

עס איז גוט צו וויסן, אז אויפן שווערן וואנדער־וועג דורך פרעמדע וועלטן, וואַרט אויף אייך ערגעץ־ווו אין אורוגוואי אדער אין ארגענטינע, אין טשילע, ווי אויך אין אפריקע און אויסטראליע א ליכטיקע גאסטפריינטלעכע „קרעטשמע״, ווו איר אטעמט מיט דער לופט פון אומפארגלייכלעכער, אינטימער היימישקייט.

---

איך פארלאז דעם האפן פון מאנטעווידעא מיט א מאטאר־שיפל, וואס וועט אונדז צופירן צום „הידרא־אוויאן״ (וואסערלופט־שיף), וועלכע וואַרט אויף אונדז אינמיטן צעשטורעמטן טייך.

דאס שיפל ווערט שנעל פארפולט. איך אליין באקום שוין דעם לעצטן פלאץ, ווען עס באַ־ווייזט זיך פלוצלינג אויף די טרעפלעך דער בארימטער אורוגווייער שטאטסמאן און יידן־פריינט מיניסטער ראדריגעז פאבריגאט.

ער ווערט באגלייט פון זיין עלעגאנטער פארנעמער פרוי און ווערט אויפן בריקל געב־ראכט ניט פון קיין אנדערן, ווי דעם איצטיקן פרעזידענט פון דער רעפובליק (דער „פרנס חודש״) דעם קארפולענטן רויט־פנים׳דיקן דאן אלפ־רעדא בראאונע.

וואס פאר א טומל עס וואלט געווארן אין א דיקטאטאריש לאנד, ווען עס באווייזט זיך פלוצלינג אזא פאר הויכגעשטעלטע געסט!

איך וואָלט געזען פּאָליציאַנטן אין אוניפאָרם, וואָס „שמאַיען" אַרום ווי פאַר'סמ'טע און מאַכן א „וואָרע"; איך וואָלט אויך באַמערקט די פאַרדעכטיקטע געהיים־אַגענטן, וועלכע, אגב, יעדער דערקענט לויט די שפּיציקע אויגן און ספּעציפישן פלעדערמויז געגנגל... אין אַלטן רוס־לאַנד אָדער פּוילן וואָלט מען געווים אַראָפּגעוואָרפן פון די באַזעצטע בענקלעך עטלעכע יידן, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר זייער „עקסעלענץ", וועלכע ווערן באַגלייט אין האַפן אַזש דורכן פּרע־זידענט פון דער רעפּובליק.

און איצט, הערט וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אולטראַ־דעמאָקראַטישן אורוגוויי.

דער באַשיידענער פאַבריגאַט געזעגנט זיך מיטן אַמטירנדיקן פּרעזידענט, קוקט זיך אַרום און געפינט ניט קיין אָרט אין שיפל, וווּ זיך צו זעצן; זיין פרוי בלייבט אויך שטיין מיט א בעקל אין האַנט.

פון די פּאַסאַזשירן וואָס זיצן אויסגעזעצט לענג־אויס די בענק אויפן שיפל איילט זיך קיינער ניט אָפּצוטרעטן זיין פּלאַץ.

און אַזוי ווי איך זיץ דער לעצטער שפּרינג איך אויף, ווי עס פּאַסט פאַר א „מיטלאַלטער־לעכן ריטער", און טרעט גלייך אָפּ מיין פּלאַץ דער מאַדאַם פאַבריגאַט. אָבער ער, דער מיניסטער, בלייבט שטיין קוקנדיק מיט זיינע פּראָפעסאָריש־קורצזיכטיקע אויגן אויף דער פּאַנאָראַמע פון זיין הויפּטשטאָט.

מיינע נערוון האַלטן מער ניט אויס. איך ווענד זיך אויפן קול צו אַלע זיצנדיקע: „וועט קיינער פון אייך ניט אָפּטרעטן זיין פּלאַץ דעם סעניאָר פאַבריגאַט, איינעם פון די שענסטע זין פון אייער פאָטערלאַנד?"

מר. פאַבריגאַט, אַביסל איבעראַשט פון אויסלענדערס „טשאַלענדזש" צו דער העפלעכ־קייט פון זיינע מיטבירגער, דאַנקט מיר מיט א זשענירטן שמייכל אָבער דערוויילן האָבן זיך א הויב געטאָן פון פּלאַץ אייניקע יונגעלייט און איינגעלאַדן דעם מיניסטער זיך זעצן.

פאַבריגאַט פאַרנעמט צוריקגעהאַלטן דעם פּלאַץ נעבן מיר און זיין פרוי, און פרעגט מיך:

— מיט וואָס האָב איך פאַרדינט אַזאַ שיינעם זשעסט פון סימפּאַטיע?

דערקלער איך אים, אַז אונדזער יידיש פאָלק וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן זיין ראָלע אַלס מיטגליד פון דער „פּאַלעסטינער צעטיילונגס־קאָמיסיע"; אַז זיינע טעטיקייטן פאַר שאַפן די מלוכה פון ישראל וועלן איבערלעבן אונדז אַלע...

ער איז גערירט ביז גאָר; זיין פרוי זאָגט: „וואָס פאַר א שיינע באַלוינונג דאָס איז פאַרן לעבנס־ווערק פון מיין מאַן"...

און פאַבריגאַט גיט צו:

— איך בין נאָר־וואָס געקומען פון ישראל און פאַר איצט ווידער קיין ניו־יאָרק אלס פאַרשטייער פון אורוגוואַי אויף דער זיצונג פון דער „אָנו". אין ישראל האָט מען מיך אַזוי הארציק אויפגענומען, אַז איך בין אָפטמאָל געריררט געווען ביז טרערן. שטעלט זיך פאָר: איך בין שטענדיק געווען אַן אָרעמאַן, האָב אפילו קיין אייגן הויז אין אורוגוויי ניט געהאַט און איצט באַזיץ איך אין ישראל א גאַנצע גאַס אויף מיין נאָמען: אין רמת־גן האָט מען א גאַס נאָר וואָס אָנגערופן „רחוב פאבריגאַט"...

מילא, מיר האָבן זיך שפּעטער אונטערהאַלטן צוזאַמען די גאַנצע צייט פון מלי ביז בוענאָס איירעס, אָבער איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן די כאַראַקטעריסטישע ערשטע בליץ־מאָמענטן פון מיין באַגעגעניש מיט פאבריגאַט'ן אויף אַן אורוגוואַיער שיפל, ווו עס איז פאַר אים קיין פּלאַץ ניט געווען.



דעם 4־טן יוני 1952 האָט די הויפּט־שטאָט בוענאָס־איירעס און מיט איר גאַנץ אַרגענ־טינע געפייערט איר גרויסן טאָג: גענעראַל פּעראָן האָט אָנגעהויבן דינען זיין צווייטן זעקס־יאָר־ריקן טערמין אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.

עס איז געווען אַן אימפּאָזאַנטער יום־טוב אין די גאַסן פון דער אין גרינגס־איינגעטונק־טער יונגער שטאָט. מער ווי אַ מיליאָן מענטשן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון זייערע הייזער, כדי צו באַגריסן דעם פּריילעכן, שיינעם, אָבער שטרענגן גענעראַל־הערשער און בשעת־מעשה כאַפּן אַ קוק אויף סעניאָרא עוויטאַ, וואָס האָט זיך זינט איר שווערער אָפּעראַציע ניט געוויזן פאַרן עולם און איבער וועלכער עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז זי שטאַרבט לאַנגזאַם און אין גרויסע יסורים פון אַ קאַנסער.

מען דאַרף דערמאָנען, אַז כאָטש עוויטאַ איז פאַרהאַסט ביי דער אַמאָליקער אַריסטאָ־קראַטיע און ביי בורזשואַזע פרויען, וועלכע מיינען, אַז די ערשטע דאַמע פון דער רעפּובליק טאָר ניט האָבן אַ פאַרגאַנגענהייט פון אַן אַקטריסע, — איז זי אָבער באַליבט און אפשר אויך פאַרגעטערט ביי דעם פּשוטן אַרבעטער־עולם, וועלכער פאַרשטייט איר שפּראַך און פילט היימישע אָרעמקייט־טענער אין איר הייזעריקער שטימע.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען אין צוזאַמענהאַנג מיט „האיאס"־באַמיאונגען, אַז די אַר־גענטינער רעגירונג זאָל „לעגאַליזירן" טויזנטער יידן, — איז מיר אויסגעקומען פּריוואַט איר צו באַזוכן, טרינקען טיי מיט איר און האָבן אַ געמיטלעכן (אגב דערפּאָלגרייכן) שמועס, — בין איך אַזוי ווייט ניט אַנטציקט געוואָרן פון איר אַזוי דעקלאַמירטער שיינקייט, ווי פון די האַרציקע טיפע טענער פון איר שטימע, ווען זי האָט אויסגעדריקט מיטגעפיל צו די ליידן פון מיינע אָרעמע „קאַסטאָמערס".

מיט דעם טעמפּעראַמענטפולן פייער אין איר שטימע האָט זי מיט זעקס יאָר צוריק גע־פירט טויזנטער עקזאַלטירטע אַרבעטער צו דער קאַסאַ־ראָזאַדאַ (רויטן פּאַלאַץ־הויז) ווו איר איצטיקער מאַן און דאַן געליבטער איז אויף אַ קורצער ווײַלע אַרעסטירט געוואָרן, — אים באַפרייט און צוזאַמען אויף די כוואַליעס פון אַ מאָדנער פאָלקס־רעוואָלוציע איז מען אַרויפ־געשוווּמען צו די העכסטע שטאַפּלען פון כבוד און מאַכט.

גענעראַל פּעראָן האַלט זיך מיטן קראַפט פון זיין אַרמיי; עוויטאַ — מיט איר כישוף אויף די אָרעמע פאָלקס־מאַסן, — פונוואַנען זי אַליין איז אַרויסגעוואַקסן.

אזוי איז געווען אין פרילינג פון דער פעראניסטישער עפאכע, ווען מען האט טאקע יעדן ארבעטער געגעבן א העמד, — כאטש א ביליקס — אויפן לייב און א זיכערקייט אז מען קאן אים נים ארויסווארפן פון דער שטעלע אן פארגיטיקונג.

אבער עס איז שוין אריבער דער פרילינג און אויך דער זומער... הארבסטיקע ווינטן בלאזן אין ארגענטינע. עס האבן זיך צעבונטעוועט מיט איניקע חדשים צוריק די ליבלינגען פון דער ארמיי, — די לופט־וואפע אפיצירן, — און באזינגטע פארשפארט געווארן אין תפיסות אדער אנטלאפן פון לאנד. דער ארבעטער און אפילו דער מיטל־קלאס בירגער קאן שוין נים באקומען קיין ווייסן ברויט, קיין אייער, קיין גוט שטיקל פלייש, קיין בעבלעך און קיין רייז... די פעטקייטן פון דער אומגעווייגלעך רייכער ערד זיינען עפעס אויסגעדארט און צערונען געווארן.

און צו אלע צרות איז נאך די גאלד־האריקע סעניארא עוויטא געפערלעך קראנק און איר אגיטאטארישער רייץ איז פארשוווּנדן געווארן פון פאלאץ־באלקאן צוזאמען מיטן פלייש און מיט די אייער.

און דאך שטראמען היינט א מיליאן מענטשן צו קעפיטאל אויף „פלאזא דע מאיא" צו באגריסן דעם גענעראל פעראן אין זיין באנייטן „חתונה־טאג" מיט דער „נאציאן" און ווער ווייסט, — אפשר אויך כאפן א קוק אויף דער סעניארא עוויטא, אויב זי וועט כח האבן אויפצושטיין פון קראנקן בעט און זיך ווייזן פארן פאלק.

ווען איך האב מיט איניקע טעג צוריק באזוכט גענעראל פעראן און אים פארזיכטיק א פרעג געטון, וואס עס מאכט זיין סעניארא, — האב איך, לויט זיין טרויעריקער תשובה, פארשטאנען אז זי איז זייער, זייער קראנק.

איך בין דעריבער איבערראשט געווארן צוזאמען מיטן גאנצן מיליאן מענטשן, ווען ענט־פערנדיק אויף די כמעט היסטערישע רופן: „עוויטא!" פון א הונדערט־טויזנט־האלדזיקן כאר, — האט זיך נאענט צו דער באלוסטראדע פון ווייסן באלקאן פלוצלינג באוויזן ביים זייט פון איר מיט מעדאלן באפוצטן, מיליטעריש מונדירטן גענעראלישן מאן, — אויף זיין האנט אנגעשפארט — די אומעטיק־שמייכלנדיקע, געלבלעך בלייכע, בלאנדהאריקע עוויטא, אין בלויען קלייד און ווייסן פאפאר־פוטער אויף די אקסלען. איך וואלט געזאגט: נים קיין פרעזי־דענט און זיין פרוי, נאר א קעניג און קעניגן אין גלאנץ פון זייער הערשאפט.

אבער די אילוזיע האט נאר א ווייל געדויערט. עוויטא הויבט אויף שוואך און אזוי ווי אומבאהאלפן איר וויס־געטאקטע האנט. אז איר ווילט איז דאס א באגריסונג און ווי איר זעט איז דאס נאר א פייערלעכע געזעגענונג, וועלכע איז ארויסגעריסן געווארן דורך איינ־שפריצונגען און מעדיצינען פון די ביינערדיקע טויט־ארמס...

ניין, נים דער מאיעסטעט פון מלכות איז דא דערשינען, נאר זיין מאיעסטעט דער מלאך־המות וועלכער האט געגעבן א פינף־מינוטיקע אמנעסטיע זיין קרבן, וועלכן ער האלט אזוי פעסט אין זיינע הענט...

און איר פילאָזאָפירט: „ווי נישטיק איז דאָס גאַנצע יובלען און די מאכט, און דער מיליאָן מענטשן, וואָס קומען באַגריסן און די טייכן בלוט און טרערן, וואָס האָבן צו דעם דערפירט אין אַנבליק פון אומבאַוווסטן גרויסן און מעכטיקן פאַטום, וואָס וויל ניט אַזוי, נאָר דווקא אַנדערש״...

* *

*

דער אויטאָמאָביל פון דוד שפּאַניער, וועלכער איז מיר געקומען נעמען אָנקוקן אָן אינ־סטיטוציע, מיט וועלכער די אַרגענטינער יידן שטאָלצירן און מיט רעכט, האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן רירן פון אָרט, ווי נאָר דער פאַראַד פאַרן קעפּיטאָל האָט זיך געענדיקט.

איצט קענען מיר שוין פריי פאָרן צו דער געגנט בורסאַקאָ, אַרום פופציק מייל הינטער בוענאָס־איירעס, וווּ עס געפינט זיך דער באַרימטער מושב־זקנים און בית־יתומים צווישן וועלדער און לאָנקעס.

בעת מיינע פריערדיקע באַזוכן אין אַרגענטינע האָט זיך מיר אַלץ ניט איינגעגעבן זען די דאָזיקע אַזוי אינטערעסאַנטע און קאָלירפולע גאָרטן־שטאָט, וואָס גיט אַ פאַרדינטן אָפּרו די אַלטע און דינט אַלס דערציִונגס־אַנשטאַלט פאַר יונגע יתומים.

דאָסמאָל אָבער, האָבן מיינע פריינט דווקא געוואָלט אַז איך זאָל אַליין זען און אויך דערציילן מיינע לייענער, וואָס אַרגענטינער יידן טוען אויף. פאָרן מיר דורך אַספּאַלטיר־טע געגנטן, — דורך פעלדער און גיטער, — ווו עס האָט מיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט אַ גרויסע אויפשריפט אין וועלכן עס ווערט דערציילט, — אַז דאָס דאָזיקע לאַנד־אייגנטום, — וועלכע איז מסתם אַזוי גרויס ווי אַ גאַנצע „גובערניע״, איז לויטן באַפעל פון פּעראָן צו־טיילט געוואָרן אויף קליינע שטחים און ווערט פאַרבויט מיט הייזעלעך פאַר אַרבעטער. דאָס זעט איר געפעלט מיר יאָ! אוועקנעמען פון די רייכע שאַרלאַטאַנעס, וואָס הוליען גאַנצע יאָרן אין אויסלאַנד, זייערע „לאַטיפונדיעס״, און עס צעטיילן צווישן די פאַרהאָרעוועטע „פּעאָנעס״, — איז אַ פיינע זאַך, פאַרשטייט זיך, אויב צווישן אוועקנעמען פון רייכן און אוועקגעבן דעם אָרעמען ווערט ניט אויסגערונען דאָס שמאַלץ און עס בלייבט נאָר פאַרן נויטבאַדערפטיקן אַ טרוקענע גרוב.

און אָט דערפאָרן מיר צום איינגאַנג אין בורסאַקאָ, באַצירט מיט מאָדערנע מאַרמאָר־גלע־זערנע טויערן, ווי צו אַן אַמעריקאַנישן ספּאָרט־פּלאַץ.

ביים איינגאַנג דערוואַרט מיך אַן אַנגענעמער סיורפּריז: עס באַגעגנט מיך מיט אויסגע־שטרעקטע הענט דער רב פון אַנשטאַלט — רבי חיים גאָלדשטיין — אַ וואַרשעווער פּליט, — און אַ געטרייער לייענער פון „מאָרגן זשורנאַל״. מיט אַזאַ יידן בין איך דאָך באַלד אין דער היים. צוזאַמען מיט דער גרופּע יידן, וואָס האָבן מיך דאָ געבראַכט: סעניאָר שמואל בוטעלמאַר, דר. פּעדראָ בעלמעס און דוד שפּאַניער, — לאָזן מיר זיך אויף אַ לאַנגן שפּאַציר דורך דער הויפּט־גאַס — וואָס רופט זיך „רחוב ארץ־ישראל״ — און אויף וועלכער עס איז אויפגעבויט

א פראכטפולער דענקמאָל פון דר. חיים ווייצמאַן. דאָס איז דער ערשטער מאָנומענט פון ישראל פרעזידענט שיחיה. אויסגעהאַקט פון טייערן מאַרמאָר און באַלייגט מיט בלומען, באַלויכט ער סימבאָליש דעם בונד צווישן דער מוטער־לאַנד און די יידישע הערצער אין ווייטן ארגענטינע. מיט שקאָגס און דעם טאָן פארן ווייטערדיקן שפּאציר.

און אביסל ווייטער באַווייזט זיך דער גרויסער טעמפּל, מיט זיינע מאַרמאָרנע טרעפּ און פיין־געשניצטן טויער. דאָ דאַוונט מען שבתים און יום־טובים. דאָ קומען פאָר אויך די פייער־לעכע אויפנאַמעס און אקטן.

ניט ווייט געפינט זיך דער „מקדש מעט", — דאָס טעגלעכע בית־מדרשל, ווו דער רב לערנט מיט די אלטיטשקע, וואָס האָבן דאָ עפּעס, מיט זיך מיטגעבראכט פון זייער יוגנט, — א פרק משניות אָדער א בלאַט גמרא.

און דאָ גייען מיר אריין אין א הויז וואָס מען רופט מוזיי. מען גרייט פאַר אונדז א מאָל־צייט, צווישן בילדער, אנטיקן און בלומען.

דאָס הויז מיט אכצן העקטאַר פרוכטבאַרער ערד ארום האָט געשאָנקען איינער פון די חסידי אומות העולם, א געבוירענער ארגענטינער און קאַטאָליק, סעניאָר כאָזע איטוראַט. ער, א געבוירענער לאַטיינישער אריסטאָקראַט, — האָט ניט געקאָנט פארטראָגן די היטלער־פאר־פאָלגונגען קעגן יידן, און אזוי ווי זיין גוט האָט זיך געפונען בשכנות מיטן „מושב זקנים און בית יתומים" — האָט ער זיי אַלץ אוועקגעשענקט בחינם צוגעבנדיק: „דאָרט אין אייראָפּע פארטיליקט מען אייערע קינדער און אייערע אלטע; שענק איך אייך אוועק די דאָזיקע געביי־דעס, פעלדער און לאַנקעס לזכרון פון די פארברענטע אלטע און קינדער"...

גלויבט מיר, עס איז מיר געוואָרן ליכטיקער צו לעבן, ווען איך האָב דערפילט דעם פונק מענטשן־ליבע, וואָס האָט פלוצלינג א ברי געטאָן פון די ווערטער, וועלכע עס האָט אויפגע־שריבן דער געטרייער קריסט כאָזע איטוראַט.

שמואל מיטעלמאַן, — דער אלטער גרינדער פון דאָזיקן אנשטאַלט, וועלכער האָט דער־לעבט צו זען, ווי פון א באַשיידענעם אָנהויב מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָט זיך א גאָרטן־שטאָט צעוואַקסן, — פירט מיך ארום דעם דאָזיקן קעניגרייך פון יידישן רחמנות, פול מיט יוגנטלעכן ענטוזיאזם!

„און איר זעט דאָ, ווי פון די טויזנטער הינער אין לול פּיקן זיך אויס יונגע הענדלעך און הינדעלעך. די ווייסע באַנוצן מיר אויף ווייטער לעגן אייער; די רויטע עסט מען דאָ אויף פלייש. איר זעט ווי ווייטע, ווייטע גרינע פעלדער פארזייט און באַוואַקסן מיט אַלדאָס גוטס; די גאַנצע גרינס און פּירות ווערט פארנוצט טאָקע דאָ ביי אונדז און אין יידישן שפּיטאָל, און ברויט באַקן מיר אין דער מעכאַנישער בעקעריי פון אייגענעם ווייץ און קאָרן; און בגדים טראָגן אונדזערע קינדער געשפּינט אין דער אייגענער מעכאַנישער וועבעריי. קוקט נאָר אָן די טאָקע־דריי־מאַשינען; קוקט נאָר אָן דעם מוזיק־סאַלאָן, ווו אונדזערע יתומים שפּילן אויף פארשידענע אינסטרומענטן...

היי! פּעדראָ, ענריסע, — שרייט ר' שמואל אויס צו צוויי יינגלעך, וואָס בלאָזן עפּעס אַלס בּראַבע אין מעשענע טרומייטערס, — שפּילט אַ מאַרש לכבוד דעם גאַסט, אונדזער ברודער פון ניו־יאָרק, — שפּילט, — לעבעדיק און פריילעך!

און אַז מיר שפּרייזן ווייטער דורך די פּאַלמען־אַלייען, דורך די אָראַנזשן־בוימער, — הערן מיר הינטער זיך דעם מאַרש פון דער אָפּערע „אַאידאַ", געשפּילט טאַקע פון די צוויי יתומים־מוזיקאַנטן, וועלכע דער שיקזאַל האָט דאָ פאַרטראָגן אַזש פון לאַנד מצרים...

דערנאָך גייען מיר, דורך דער גאַס אויפן נאָמען פון אַרגענטינער נדבן ר' משה קליינמאַן, צו די הייזער, ווו אַלט־אַרגענטינע וווינט, ווו פיל פון יענע, וועלכע האָבן די פונדאַמענטן געלייגט צום יידישן ישוב אין די קאָלאָניעס, — זיינען געקומען דאָ אָפּרוען זייערע אַלטע ביינער.

אָ, דאָס איז געווען אַ באַלערנדיקער שפּאַציר דורך די זייטן פון יידישער געשיכטע, וועלכע מען זעט נאָך דערווייל אילוסטרירט מיט די לעבעדיקע אַנטיילנעמער, — אָבער נאָך אַ פּאָר יאָר, — וועלן זיי אויך פאַרשווונדן ווערן אויפן וועג, מיט וועלכן מיר אַלע וועלן גיין.

אברהם הערשקאָוויטש איז „אינגאַנצן" 106 יאָר אַלט... זיין שכן אין צימער, ר' אהרן, איז באמת אַן אַלטער מאַן: נעקסטן יום־כפּור ווערט ער 115 יאָר, אָבער אהרן איז טויב און קאָן שוין ניט רעדן צו דער זאַך. ר' אברהם אָבער, דערציילט נאָך זיין געשיכטע גענוג „זשוואָווע":

„איך בין געבוירן געוואָרן אין שטעטעלע אוריוו, לעבן קעשענעוו. בעת דער רוסיש־טערקישער מלחמה בין איך געווען אַ לייב־סאָלדאַט פון רומענישן גובערנאַטאָר. דאָס איז געווען אַרום ניינציק יאָר צוריק...

מיינע קינדער זיינען אַלע אויסגעשטאָרבן. צוזאַמען מיט זיי האָב איך דאָך געגרינדעט מיט אַ סך יאָרן צוריק, די קאָלאָניע סאַן־אַנטאָניאָ אין דער פּראָווינץ ענטרע ריאָס. געזונטע, בראַווע יונגען געווען... אָבער וואָס איז די פּעולה! אַלע זיינען זיי יונג געשטאָרבן, אפילו קיין אַכציק יאָר ניט אַלט געווען. מיין ווייב איז נאָך געשטאָרבן צו זיבעציק יאָר און מיך איינעם אַליין אויף דער וועלט געלאָזן"...

און אָט איז ר' לייב קובריאַנסקי, אַ „יונגערמאַנטשיק" פון אַ יאָר אַכציק. ער האָט געענדיקט אין סלאָבאָדקער ישיבה און מיט אַ יאָר זעכציק צוריק געקומען קיין אַרגענטינע כדי צו לעבן פון דער זיסער ערד־מלאכה מיט אייגענע הענט. און דאָ לויפט מיר אַנטקעגן שלמה לעהאַם, וועלכער איז קיין אַרגענטינע פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אַזש פון דמשק, אָבער זיין אַלטן לעוואַנטינער פראַנצויזיש האָט ער נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן.

איר זעט דעם געוויקסיקן אַריסטאָקראַט מיטן געזיכט פון אַן אָפּגעלעבטן לאָרד? — דאָס איז ראובן בעריללאָ, וועלכער איז מיט ניינציק יאָר צוריק געבוירן געוואָרן אין אַזאַ אומגעוויינלעכן פּונקט ווי גיבראַלטאַר, פון אַ טאַטן, וואָס איז נאָך אין אַכצנטן יאָרהונדערט געבוירן געוואָרן אין לאָנדאָן...

מיט קרוב זעכציק יאָר צוריק האָט אים אַן ענגלישע אינזשיניערן־קאָמפּאַניע אַהערגעבראַכט, כדי צו געפינען זילבער אויפן גרענעץ מיט טשילע. אויפן וועג האָט ער געפונען גאָלד, אַ ווייב און בריליאַנטענע קינדער... אַלע געשטאָרבן... איצט איז ער אויפן לעצטן עטאַפּ פון זיין לעבנס־רייזע. ער, — דער ריז פון גיבראַלטאַר, ענדיקט זיין לעבנס־וואַנדערונג, אין גרינעם בורסאַקאַ מושב־זקנים.

דער אַלטיטשקער דוד זאַלעטסקי טראָגט מיר אַנטקעגן אַ וויזיט־קאַרטע אויף וועלכער עס איז אויסגעמאָלן אַ שוך!

איר זעט, איך בין געווען אַן אייגנטימער פון אַ שוך־געשעפט אין סאַמע הארץ פון בוענאָס איירעס. איצט אויף דער עלטער, עס איך אויך ניט קיין אומזיסטן ברויט אין מושב־זקנים! איך בין דאָ דער שמש אין בית־המדרש. שבת נעם איך אַרויס די גמראָס און די חומשים און לייג פונאַנדער פאַר די מתפללים. איך ווייס שוין, ווער עס קאָן הערן דעם שיעור פון אונדזער רב ר' חיים גאָלדשטיין און ווער עס קאָן קיין עברי ניט און מען מוז אים פאָרזאָגן די תפילות.

געקומען קיין אַרגענטינע פון נאָוואָראַדאָמסק אין פּוילן. אָ, איר קאָנט מיין לאַנדסמאַן ר' משה שוואַרץ אין ניו־יאָרק? ער איז דאָך אַ באַרימטער אַפּטייקער, בעט אים מיר שיקן אַ פּאָר בריליַן „פּרעסבעסיאָ פאַר יונגעלייט פון אַכציק ביז ניינציק יאָר אַלט"...

נאָכדעם גייען מיר אַריין אין דער אָפּטיילונג ווו די אַלטע פרויען לעבן.

אין אַ רחבותדיקן סאַלאָן, זיצן אַלטיטשקע, צעקנייטשטע מיט האָר־באַוואַקסענע באַבעס און שמועסן, שטריקן, לייענען.

אָט זיצט די „ליטוואַטשקע" די גרויסע דאַמע פון דער פרויען רעפּובליק.

זי קוקט אויף מיר מיט איר קלוגן שמייכל, לייגט אַוועק דעם חומש, ווו זי לערנט די סדרה פון דער וואָך מיטן רש"י פּירוש:

„איך שטאַם פון קליינעם שטעטעלע כאַרקוסטינע אין ליטע. פונוואַנען זאָל איך געדענקען מיין פאַמיליע־נאָמען, אויב איך בין מער ווי הונדערט יאָר אַלט? — אָבער הייסן הייס איך יהודית — אַ ידישע טאָכטער — און דאָס אַליין איז שוין גענוג. איר ווייסט: ווען איך בין געגאַנגען צו דער חופּה מיט מיין מאַן דעם צדיק, — אין גן־עדן רוט ער, — האָב איך געשטעלט אַ באַדינג: „אָדער דו טרעטסט מיר גלייך אָפּ אַ העלפט פון דיינע מצוות, אָדער איך האָב ניט חתונה מיט דיר. און מיין ליכטיקער מאַן האָט מיר געגעבן אַ תקיעת־כף, אַז אַ העלפט פון זיינע מעשים טובים פאַרשרייבט ער אויף מיין חשבון... קיין אַרגענטינע האָבן מיר מיטגעבראַכט אַ ספר־תורה. איצט זיץ איך און וואַרט מען זאָל מיך אַ רוף טאָן. עס בענקט זיך נאָך אים"...

אַ טרער פאַלט פון דער אַלטיטשקערס אויגן און עס זיינען פאַרגליווערט אין אים ווי אין אַ פּערל טויזנטער יאָרן פון ריינער אמונה און טרייקייט...

און אָט זיצט א גרויע, ווי א טויב, עלטער־באָבע, מיט א שווערן קערפּער און אויגן נאָך ניט פאַרלאָשענע, כאָטש כמעט הונדערט יאָר זיינען אריבער, ווען זיי האָבן צום ערשטן מאָל דער־זען גאָטס וועלט.

דער פירער מיינער האָט שוין פריער אויף זייער א דיסקרעטן אופן אויף איר אָנגעוויזן א זאָג טוענדיק אויף העברעאיש:

„קדשה היא"...

זי איז, הייסט עס, איינע פון די לעצטע מאָהיקאַנער פון יענער עלטסטער פּראָפעסיע, וועלכע האָבן צו שאַנד און צו שפּאָט געמאַכט דעם יידישן נאָמען אין ארגענטינע מיט פיל־פיל יאָרן צוריק.

טויזנטער אומגליקלעכע מיידלעך זיינען דאָ געבראַכט געוואָרן אלס ווייסע שקלאַפינס און פאַרפעסטעט די זעלבע גאַסן, ווו עס בליט איצט און פולסירט דאָס שיינע, דינאַמישע לעבן פון ארגענטינער יידנטום.

דערציילט דער גרינדער פון מושב־זקנים ר' ישראל בוטעלמאַן:

„אין מיינע יונגע יאָרן האָבן מיר אַלע געזונטע און אידעאַליסטישע בחורים, — געזוכט פּטור צו ווערן פון דער פּראָסטיטוטן מגפה אויף דער יידישער גאַס. מיר פלעגן אפילו אמתע פּאָגראָמען מאַכן אויף די שאַנד־הייזער, ארויסגעיאָגט די מיידלעך און רואינירט די מנובלים, וואָס האָבן מיט זיי געהאַנדלט. מיר האָבן אויסגעברענט מיט פייער דעם שאַנד־פלעק אויפן נאָמען פון אונדזער פאָלק. ריין און ציכטיק איז געבליבן דער ארגענטינער ישוב. מעגן מיר זיך איצט דערלויבן פאַרמאַכן אן אויג, ווען אן אַלטיטשקע פרוי פון „יענע" קומט זוכן צו אונדז איר לעצטע היים...

צווישן די הונדערטער קאַנדידאַטינס וואַרפן זיך דורך איינס־צוויי אויך אַזעלכע געווע־זענע... ווייל איך מער אויף זיי קיין פּאָגראָם ניט מאַכן!"

און די הונדערט־יעריקע „געוועזענע" ווינקלט מיט אירע אַלטיטשקע אויגעלעך און „באַ־לאַבאַטשעט" מיט א קינדערשער שטימע:

מיין זיידע האָט געהאַט שאָף און רינדער אין טשערנאָוויץ. א גרויסער יחסן געוועזן; מיין פעטער איז משה־חיים דער חזן אין יאַסער שול. איר האָט דאָך אים געוויס געקאַנט, און איך דאַרף עס נעבעך שמאַכטן צווישן אָט די אַלטע יידענעס, — דער פינצטערער מזל מיינע"...

זי שפּייט אויס אין דער זייט פון דער אַלטער יהודית, וועלכע שאָקלט זיך איבערן גרויסן חומש.

---

געבלעטערט האָב איך די זייטן פון אן אַלטן בוך, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן אין אַלע צענדליקער יידישע גלותן אין משך פון די לעצטע הונדערט יאָר.

עס איז אזוי גוט, וואָס איבערגעגעבענע טוער האָבן די בלעטלעך ניט געלאָזט צעפאַלן ווערן, זיי איינגעבונדן צוזאַמען און מיט דעם אריינגעפלאָכטן נאָך איין בלום אין לאָרבער־קראַנץ פון אקטועלן ארגענטינער יידנטום.

כאָטש דער טיטל פון א „שליח" איז שוין איצט א היפש ביסל אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן אין פאַרגלייך מיט די ערשטע יאָרן נאָכן קריג — געפינט נאָך פונדעסטוועגן יעדער „דעלעגאַט" זיין קרייז פריינט און אָנהענגער צווישן וועלכע ער לעבט זיך אויס און וועלכע העלפן אים אויספירן זיין מיסיע.

די שליחים אליין פירן זיך מערסטנטייל „דזשענטעלמעניש" צווישן זיך און האַלטן אָן קעגנזייטיקע „דיפּלאָמאַטישע" און אפילו פּערזענלעכע באַציאונגען.

אָבער די יידן אין זיד־אַמעריקע — נאָך ביז גאָר ניט לאַנג צוריק אַזוינע באַשפּיגענע און פאַראַכטעטע פון יעדן „גוי'שן קנעפּל" — האָבן זיך דערפילט גאָר שטאַרק אויפגעמונטערט דורך די עפנטלעכע כבודים און סימפּאַטיעס, וועלכע די לאַטיין־אַמעריקאַנער הערשער האָבן אַרויסגעוויזן די געסט פון יונגן מלכות־ישראל.

איך מוז זאָגן, אַז אין משך פון די איינציקע יאָר וואָס איך באַזוך די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, האָט זיך, אונטער דער ווירקונג פון פאַקט אַז א ישראל־מלוכה עקזיסטירט, בולט פאַרבעסערט דאָס געפיל פון זעלבסטווירדע ביי די דאָרטיקע יידן — א זאַך וואָס סיי דר. הערצל און סיי אַלע אַנדערע טרוימער פאַר און נאָך אים האָבן שטענדיק פאָרויסגעזאָגט בנוגע דעם כלל־ישראל.

איך דערמאָן זיך דעם טאָג, ווען יוסף שפּרינצאַק און זיין סעקרעטאַר חיים לי־אור (לערנער) זיינען דורכגעפלויגן דורכן לופט־פּאָרט אין ריאָ. איך בין מיטגעפאָרן מיט די ענדלייקער אויטאָמאָבילן, אין וועלכע עס זיינען געזעסן די פאָרשטייער פון די קהלות אין ריאָ דע זשאַניירא, סאַן פּאולא, פּאָרטאָ אַלעגרע און קלענערע ישובים.

און ווען דער עראָפּלאַן האָט געלאַנדעט און דער קורץ־געוויקסיקער שפּרינצאַק מיטן גרויסן ציגאַר אין מויל האָט זיך באַגעגנט מיטן ענטוזיאַסטישן יידישן עולם אין ווייטן בראַזיל, — האָט זיך אויסגעלאָדן יענע אָנגעזאַמלטע ענערגיע פון בענקשאַפט און ווייטקייט, וואָס פאַרייניקט אַזוי מעכטיק אונדז אַלעמען אין מינוטן פון שמחות און ליידן .

אינגאַנצן א שעה האָט געדויערט דער קאָנטאַקט מיטן ישוב אין בראַזיל, אָבער דאָך זיינען די אָפּיצירן און סאָלדאַטן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין בראַזיל געפאָרן צוריק פון פלי־פּאָרט אָנגעלאָדן מיט נייער אַמוניציע.

צווישן די וואָס האָבן געשיינט מיט זייער אָפּוועזנהייט, ביי דער באַגעגעניש, איז געווען דער פון אַלעמען געשעצטער און געאַכטעטער פירער און זשורנאַליסט אהרן בערגמאַן. ער איז פּלוצלונג געשטאָרבן מיט א פּאָר וואָכן פריער, ווי שפּרינצאַק איז דורכגעפאָרן בראַזיל.

זיין ווייסער לייבן־קאָפּ פול מיט יוגנטלעכן פייער וועט שוין מער ניט באַשיינען די שמחות און אקטן פון בראַזיליאַנער יידנטום, וועמענס לערער און מדריך ער איז געווען מער ווי צוואַנציק יאָר.

זיין צייטונג, די „אידישע פּרעסע", איז אַ לאַנגע צייט געווען די איינציקע קוועלע פון יידישע אינפאָרמאַציע און אידעאָלאָגיע פאַר די טויזנטער וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ יידיש וואָרט.

בעתן קריג האָט די בראַזיליאַנער רעגירונג פאַרמאַכט אַלע פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען און פאַרווערט עפנטלעכע אַרויסטריטן אין אַנדערע שפּראַכן אויסער פּאָרטוגעזיש. דאָס איז געווען ברוטאַל, אָבער די צרה האָט גלייך געטראָפן די ענגלישע, איטאַליענישע, יאַפּאַנעזישע צייטונגען, — ווי זי האָט געטראָפן די יידישע.

איך דערמאָן זיך, אַז מיין ערשטן עפנטלעכן אַרויסטריט, האָב איך דעמאָלט געהאַט אין אַ בית־מדרש און גערעדט האָב איך איינגעוויקלט אין אַ טלית, כאָטש מיין טעמע איז גאָרניט געווען קיין רעליגיעזע...

און ווען איך האָב גערעדט אויף דער ראַדיאָ האָב איך מיינע ווערטער געמוזט אַזוי סקאַנדירן און דעקלאַמירן, זיי זאָלן אַרויסקומען, ניט ווי קיין רעדע, נאָר ווי אַן אַרטיסטישער אַרויסטרים, — ווייל דאָס האָט מען געמעגט.. דאָס מעג אַלץ אויסקוקן איצטער אידיאָטיש, אָבער פאַרן ברויזנדיקן חבר בערגמאַן, וועמען מען האָט פאַרמאַכט זיין צייטונג, איז די לאַנגע געווען טראַגיש. און אויף זיין פאַרלאַנג, בין איך מיט אים אַוועק צו אַדאָלף בערלע, אונדזער געוועזענעם אַסיסטענט־סעקרעטאַר „אָוו סטייט", וועלכער איז גראָד דאַן, אין 1945, אָנגעקומען קיין בראַזיל אַלס אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר.

איך האָב פּערזענלעך געקאָנט אַדאָלף בערלע נאָך פון די וואַשינגטאָנער צייטן און פון זיין אינטערעס אין גורל פון די יידישע פּליטים אין אייראָפּע. האָבן מיר זיך דעריבער פריי געקאָנט צונויפרעדן. צו אונדזער איבעראַשונג, האָט דער נייער אַמבאַסאַדאָר נאָך דאַן אַליין ניט געוווסט וועגן דער אויסטערלישער שפּראַכן־גזירה אין בראַזיל.

— וואָס הייסט — פרעגט ער — מיר אַמעריקאַנער דאָ, האָבן ניט קיין רעכט אַרויסצוגעבן אַן אייגענע צייטש־יפט אין ענגליש?

— ניין, אַמבאַסאַדאָר!

און אַדאָלף בערלע האָט זיך ענערגיש אַ נעם געטאָן צום ענין: שוין דאַן אַזוי ווי איצט, האָט אַן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר געהאַט אַ סך צו זאָגן אין בראַזיל...

בקיצור, מען האָט גלייכצייטיק דערלויבט די אַמעריקאַנער אַרויסצוגעבן זייער „בראַזיל העראַלד" און חבר בערגמאַן זיין „אידישע פּרעסע".

און ווען איך האָב, בעתן איצטיקן אָנקומען, אָנשטאָט די איינלאַדונג צו קומען באַזוכן חבר בערגמאַן, באַקומען די איינלאַדונג צו זאָגן נאָך אים א הספד, — בין איך געזעסן יענעם אָוונט אין זאַל, ווי אַלע אַנדערע פאַר׳אָבל׳טע בראַזיליאַנער יידן. עס זיינען ארויפגעגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן די פריינט, מיטקעמפּפער און קעגנער און מיט טרערן דער־מאָנט דעם פעלנדיקן חבר. און ער אַליין, אַזוי קלוג און סאַרקאַסטיש, אַזוי וואַרעם און יידישלעך, האָט אַראָפּגעקוקט פון שוואַרץ־באַראַמטן בילד און דוכט זיך געשעפּטשעט: „נו, נו, טרייבט ניט איבער! וואָלט איר כאָטש אביסל מיר מיטגעפילט אין לעבן, ווי איר ווײנט נאָך מיר נאָכן טויט, וואָלט אפשר מיין האַרץ אַזוי פריצייטיק ניט געפּלאַצט״....

* *

*

און אויף מאָרגן שטיי איך אין האַפן פון ריאָ און וואַרט אויף א שיף, מיט וועלכער עס דאַרף קומען דער פּאָעט־פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי.

דאָס פאַרט ער דורך אין דער ריכטונג קיין אַרגענטינע, וווּ ער וועט זיך באַזעצן אַלס פאָר־שטייער פון קולטור־קאָנגרעס. קומען אים דערמונטערן מיט א חבר׳שן „ברוך הבא״ די בראַזי־ליאַנער ליבהאָבער פון יידישן וואָרט.

דאָס זיינען מערסטנס, אַמאָליקע און איצטיקע בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן און „ייוואָ״־טוער.

עס וואַרט דער געטרייער חבר מיינער ישראל דינעס, וועלכער האָט אין ווייטן בראַזיל איבערגעפּלאַנצט די יסודות פון ארבעטער ציוניזם, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון ווייטן וואָלין נאָך מער ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

אָט איז מאַקסים שטערן, דער וועטעראַן־בונדיסט, מיט וועלכן עס פאַרבינדן מיך אַזוי פיל פערזענלעכע זכרונות פון דער שטורם־און־דראַנג־עפּאָכע אין רעוואָלוציאָנערן כאַרקאָוו; און אָט איז דר. נתן בראָנשטיין, וועמענס גאַסטפריינטלעך הויז, איז א בית ועד פאַר אַלע יידישע קולטור־שליחים, וועמען ער און זיין ליבע פרוי ווייזן ארויס אַזויפיל היימישע צערט־לעכקייט. און עס פעלט ניט, פאַרשטייט זיך, מיין אַלטער פריינט, בערעלע פוקס, דער זאַפּ־טיקער זון פון פשיסכער רב. בערעלע איז איצט א בכבודיקער סוחר אין ריאָ און, ניט קיין ווייניקער בכבודיקער מיטגליד פון דער אַלטער „בונדישער״ גוואַרדיע, נאָך פון יענע צייטן, ווען ער איז ארויס „לתרבות רעה״ אין חסידיש־מיסטישן שטעטל זיינעם — פשיסכע.

אָבער כאָטש פּאָליטיש זיינען מיר אַזוי ווייט איינער פון צווייטן, איז דאָך „נפשי קשורה בנפשו״. איך האָב אַזוי ליב דעם בין־השמשות׳דיקן אומעט, וועלכער לייכט אַרוים פון זיינע

אויגן און ברענגט מיר א וויטן אפשיין פון זיין שטעטל, פון יענע שבת־יום־טובדיקע יידן אין די פוילישע שטעטלעך, וועלכע האבן געלאזן א פארטרערטן מזבח אין מיינע נשמה־טיפעניש.

גראד מיט אייניקע טעג שפעטער, האב איך מיט בערעלען דורכגעמאכט א וויטע אויטאמאביל־רייזע אין די בערגיקע שיינקייטן ארום ריא און דאס האט נאך מער פארשטארקט מיין חשד, אז טיף אונטערן אש פון בערעלעס ארטאדאקסישן בונדיזם און אטעאיזם ליגט באהאלטן בערעלע דעם פשיסכער רב׳ס זון — מיט א גארטל און פיאות׳לעך — וועלכער זינגט די נגונים פון דער לעצטער מלוה־מלכה ביי זיין גרויסן טאטן אין שטוב מיט דרייסיק יאר צוריק.

איך באשליס זיך אפילו אויף א מאדנעם עקספערימענט:

— בערעלע, וועלכע סדרה גייט היינט?

— „בהעלותך" — ענטפערט דער „בונדישער אטעאיסט" ניט פארטראכטנדיק זיך... און ער וויים, וואס ער זאגט.

ווייסט איר, אפשר, א תשובה אויף אט דער רעטעניש?

---

צוזאמען מיט שמערקע קאטשערגינסקי קומט אויף דער זעלבער שיף דער שוישפילער בן־עמי. דאס פארט ער קיין בוענאס איירעס אויפפירן די בארימטע ישראל־דראמע „בערבות הנגב". אויך א גרויסע קולטור־מיסיע.

טרעפן מיר זיך אלע צוזאמען אין א גאסטפריינטלעכער שטוב. קומען זיך צונויף בראזיליאנער חברים אונטערהאלטן די געסט. זיצט מיט אונדז צוזאמען ביים טיש אויך דער פארשטייער פון דער יידישער ענציקלאפעדיע דער דיכטער משה ראלניק. דאס וועט ער באזארגן אינגיכן די הייזער פון ליבהאבער מיטן יידישן בוך: נישט אלע מסתם וועלן אלץ לייענען, אבער א חוב יידישקייט וועט מען אפצאלן. ברענגט יעדער שליח א ניי ליד, ווייניקסטנס א נייעם וויץ. ווערט עס שנעל אויפגעכאפט, און זייט זיכער, עס וועט זיין תיקון באקומען, ווען מיר וועלן שוין דא ניט זיין.

---

איך בין שטאלץ מיט די חברות, די „פיאנערינס פון ארבעטנדיקן ארץ־ישראל". זיי ארדענען איין אזוי שיין דעם אוונט, אויף וועלכן איך דארף אויפטרעטן.

עס איז א שבועות־אוונט און גרינער בלושטש און עקזאטישע בלומען באצירן די טישן. און ווי בלומען, אזוי פארשידנארטיק און דאך הארמאניש, זיינען אויסגעזעצט די עטלעכע הונדערט פרויען ארום די געדעקטע טישן און מען זינגט צוזאמען העבערעאישע און יידישע לידער.

ווייסט כאטש די חברטע ראטבארד פון ניו יארק, וואס פאר א ווירקלעכע פיאנערןארבעט זי האט געטאן, ווען זי האט ארגאניזירט די דאזיקע הארציקע, פאלקסטימלעכע יידי־

שע דאַמען און אידעאישן זין אריינגעבלאָזן אין זייערע צוזאַמענקונפטן? איך האָב דאָס אַליין געשפּירט אין ריאָ, אין סאַן פּאולאָ, אין מאָנטעווידעאָ און אין בוענאָס איירעס.

עס איז געווען א נחת רוח צו הערן דעם העברעאיש פון פרוי לינעצקי און דעם יידיש פון פרוי הורוויץ און פרוי כהן און די לידער פון די אַלע חברות מיינע, וועמענס נעמען מען פאַר־געסט — אָבער ניט זייער אויסזען און אמתן יידישן חן.

---

מיט יאָרן צוריק האָב איך אין איינער פון מיינע בראַזיליאַנער באַשרייבונגען דערמאָנט מיין באַגעגעניש מיט דעם אַרטיסט פּאָעט י. ליבערמאַן. ער האָט מיר דאַן געגעבן א גרין־בי־כעלע מיט לידער און איך האָב ניט גענוג אויפמערקזאַם דאָס ביכל „רעצענזירט".

האָט חבר ליבערמאַן געהאַט אויף מיר פאַריבל.

אָבער בעת מיין איצטיקן וויזיט אין ריאָ, האָט מיר שוין ליבערמאַן געגעבן א פיין איינ־געבונדענעם בוך מיט לידער, ארויסגעגעבן אין ניו יאָרק „דורך א גרופּע פריינט". דערביי האָט ער מיין אויפמערקזאַמקייט געצויגן אויף דער צענטראַלער פּאָעמע: „דער משפּט", גע־שריבן אין 1933, ווו עס ווערט, צווישן אַנדערע, פאָרויסגעזאָגט דער שווידערלעכער סוף וואָס היטלער וועט האָבן פאַר זיין פאַרפאַלגן יידן.

און כדי איך זאָל דאָס מאָל ווידער ניט האָבן א טעות ביים אָפּשאַצן זיינע, ליבערמאַנס לידער, האָט מיך דער דיכטער אַליין, באַזאָרגט מיט א בינטל מיינונגען וועגן זיי.

האָב איך ליבערמאַנען צוגעזאָגט די מיינונגען ברענגען אין זייער גאַנצער אויטענטיש־קייט, כדי ס'זאָל חלילה ניט אַרויסקומען א „צעדרייעניש" ווי אַמאָל. ווי זאָגט מען עס אין לאַטייניש: „רעפּערא־רעלאַטאַ", — עס הייסט, ווי מען האָט מיר דערציילט, אַזוי דערצייל איך איבער.

און אָט וואָס דער דיכטער ליבערמאַן אַליין דערציילט וועגן זיין דיכטונג:

ישעיהו, שעקספּיר, בייראָן, ליעסין און לייוויק האָבן נאָך קיינמאָל אַזעלכע שורות ניט געשריבן . . .

זאָגט יעקב פּאַט, ווען ער האָט די לידער געלייענט: דער „משפּט" איז גרויס! דער פאַקט, וואָס דאָס איז געשריבן געוואָרן אין 1933 ווייזט א נבואה'שע וויזיע. פּלאַי־פּלאַים: אַזוינס איז נאָך ניט געווען אין דער ליטעראַטור.

זאָגט זלמן שניאור: „אייער אַן איינציקע שורה איז ווערט דאָס שרייבן פון אַלע היינטיקע מפל'דיקע פּאָעטן — סיי אין ניו יאָרק און ע־געצ אַנדערש אויכעט".

זאָגט ברוך צוקערמאַן: „ליבערמאַן, איר זייט איינציק און גרויס אין אייער פּאָעטישן אויפשטייג״...

דער דאָזיקער אינטימער געשפּרעך איז פאָרגעקומען שוין שפּעט בײנאַכט ביי א טעפּעלע שמעקעדיקע בראַזיליאַנער קאַווע. איך גיב די אויבנדערמאָנטע „זעלבסטקריטיק״, איבער בשלימות, כדי אנדערע דיכטער, וואָס מיינען אויך אזוי וועגן זייער שרייבן, אָבער זאָגן עס ניט ארויס עפנטלעך — זאָלן זיך אראָפּנעמען א מוסר־השכל; זאָלן זיי אויך ארויס מיט לשון, ווי דאָס האָט געטאָן דער דיכטער ליבערמאַן — וועט מען כאָטש וויסן, ווו מיר האַלטן מיט זיי.

א קאַלטער ווינטל בלאָזט פון ים אויף די זאמדן פון קאָפּאַקאַבאַנאַ און ביי מיר אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך אָן אָנהויב פאַר מיינס א ליד:

„דער טאָג איז הייס, — די נאַכט איז קיל...
דאָס איז ווינטער אין בראַזיל״...

זאָל עס זיין א ווירקונג פון חבר ליבערמאַן?...



די שטאָט סאַן פּאולאָ אין בראַזיל, איז געוואַקסן שנעלער ווי וועלכע ס'איז אַנדערע שטאָט אין דער וועלט: זי פאַרמאָגט שוין אַ צוויי מיליאָן איינוווינער, אָבער נאָך מיט 25 יאָר צוריק זיינען דאָרט קיין הונדערט טויזנט מענטשן ניט געווען.

סאַן פּאולאָ איז לויטן וווקס און כאַראַקטער ענלעך אויף אונדזער שיקאַגאָ. אַפּילו אויסערלעך דערמאָנט זי אונדז דעם שיקאַגאָער צונויפגעקוועטשטן שטאָט-צענטער, מיט די ריזיקע וואָלקן-קראַצערס, מיט דער פיבערישער באַוועגונג פון מחנות פוסגייער און גלאַנציקע לוקסוס-אויטאָמאָבילן. סאַן פּאולאָ איז דער גרעסטער האַנדלס-צענטער פון גאַנץ זיד-אַמעריקע — איז זי דאָך די הויפּט-שטאָט פון דער מעכטיקער קאַווע-אינדוסטריע. קומען זיך טאַקע דאָ צונויף די געוואַלדיקע פּראָפיטן פון דעם איבער ב י ל י אָ ן קאַווע-בוימלעך, וואָס וואַקסן דאָ אין שטאַט (איינער פון די איינאונצוואַנציק וועלכע בראַזיל פאַרמאָגט).

דער קאָנטראַסט צווישן די שטיין-רייכע פּלאַנטאַטאָרן, אינדוסטריעלער און סוחרים אין שטאָט סאַן פּאולאָ מיט די מיליאָנען האַלב-נאַקעטע „קנעכט", וואָס רייסן די טייערע קאַווע-יאַגדעס, איז געוואַלדיק גרויס, פיל גרעסער ווי, לאָמיר זאָגן, צווישן די אַרבעטס-באַדינגונגען פון אַן אַרגענטינער אָדער אורוגווייער פעלד-אַרבעטער מיט זיין גוט-באַזיצער.

פּרובירט נאָר אַרויספאָרן אַ מהלך פון אַ פּאָר שעה פון סאַן פּאולאָ דאָרטן, ווו די קאַווע וואַקסט, וועט איר זען, מערסטנטייל, דערפלעך מיט פּרימיטיווע „כאַטקעס" אָן די קלענסטע באַקוועמלעכקייטן, אָן מעדיצינישע הילף, אָן שולן. פון דאָרטן לאָזן זיך אַרויס די הונדערטער טויזנטער מישלינגס פון פּאָרטוגעזיש-אינדיאַנער אָפּשטאַם, אָדער די אימיגראַנטן פון איטאַליע, פון שפּאַניע, פון פּוילן. אין די גרויסע שטרויענע קאַפּעליושן און פאַרלאַטעטע הויזלעך אויפן נאַקעטן קערפּער רייסן זיי פון צווישן די געדיכטע איבערגעפלאָכטענע בוימלעך, וואָס זעען אויס ווי סוכות, די טייערע קאַווע-יאַגדעס, וואָס ווערן צייטיק אין מאַי. ס'ליגן אויסגעשפּרייט דרילכענע שמאַטעס, אויף וועלכע די צייטיקע זעקס-בלעטער-דיקע צווייגעלעך מיט די גרינע קנאָספּן פאַלן. דערנאָך זאַמלען זיי די יונגע פרויען, יונגע, שלאַנקע שיקסעס פון פאַרשידענע פאַרבן, לייגן אויס די אָפּגעריסענע פּרוכטן אויף ברייטע באַמבוס-טאַצן און טראָגן זיי אויף די קעפּ אַנטקעגן דער זון. דאַן בלאָזט דער ווינט אַראָפּ די אומנוציקע פּלעווע פון די גרינע קאַווע קערנדלעך, ווערן זיי אויסגעלייטערט און ריין, ווערן זיי צייטיק געברענט צו ווערן און אַרויסגעבן פון זיך דעם אויסערגעוויינלעכן אַראָמאַט און טעם וואָס עכטע בראַזיליאַנער קאַווע פאַרמאָגט.

גייען די הונדערטער טויזנטער „קנעכט״ צוריק צו די פינצטערע שמוציקע הייזלעך, ווו זיי באקומען פאר דער ארבעט ברויט אין ברוינעם עסיק געווייקט און שווארצע בעבלאך מיט שארפע געווירצן. גייט די קאווע אוועק צום נאענטן פארט סאנטאס, פון וועלכן אומצייליקע שיפן צופירן דעם סטימולירנדיקן געטראנק קיין אמעריקע, קיין אראביע, קיין אינדיע און אין אלע אנדערע וועלט־טיילן. פאלן אבער די פרייזן אויף קאווע, דעמאלט וויים מען ניט וואס צו טאן מיט די פרוכטן פון דעם ביליאן קאווע־בוימלעך. דעמאלט ברענט מען הונדער־טער טויזנטער זעק אנגעפילט מיט די גלאנציק געשפאלטענע גרינע „קערעלעך״, דעמאלט ווארפט מען די אוצרות אין די טיפענישן פון ים, כדי ניט ארויסרופן קיין צו ביליקע פרייזן אויפן וועלט־מארק... באקומען שוין נימ מער, די „ארבעטס־הענט״ זייערע בעבעלעך און זיי־ערע געווירצן, און זיי הונגערן... אויף דער שפראך פון פאליטישער עקאנאמיע הייסט עס „קריזיס״... אבער אין דער ליכטיקער שטאט סאן פאולא, דארט אין וואלקן־קראצער צענטער, ווו אין טאל שטייען די ריזיקע געביידעס פון די וועלט־באנקן און אויבן רייסן זיך צום הימל די נייע לוקסוס־האטעלן, די רעסטאראנען אויף די דעכער, די קאבארעטן און טעאטערן, דא דוכט זיך הערשט אן אייביקע יום־טוב שטימונג. רייך געווארענע איטאליענער (זיי זיינען די מערהייט פון הערשנדיקן קלאס), פארטוגעזער, אויפגעקומענע יידישע גבירים פירן דא א לוקסוס לעבן פרייער, לייכטער און פריילעכער, ווי ערגעץ ווו אין דער וועלט.

זיי זיינען נאר א קליינע מינדערהייט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג; די קלאסן צע־טיילונג אין בראזיל איז זייער דראסטיש: דער מיטעלער קלאס האלט זיך נאך איצט אין שאפן, איז די באפעלקערונג צעטיילט אויף צוויי עקאנאמישע גרופעס: די מיליאנען פראלעטאריער, פריילעכע, אפגעריסענע, טאנצנדיקע קבצנים, — דורכגעדרונגען מיט א נאטירלעכער פריינט־לעכקייט און קאסמאפאליטיזם, — און די הערשנדיקע קאסטע רייכע, וועלכע ציילן זייער פארמעגן אין מיליאנען דאלארן, זייערע הייזער און פלאנטאציעס אין די צענדליקער און קיין קעגנשטאנד איז פאר זיי ניט צו טייער, און קיין שום פארגעניגן שיינט צו זיין פאר זיי ניט דערגרייכבאר.

פארוואס האב איך אנגערופן די ארעמע קלאסן „פריילעכע, טאנצנדיקע קבצנים״? ווייל שוין דער אופן ווי אזוי די באפעלקערונג פון דער סאן פאולער פראווינץ איז אין משך פון דורות אויסגעפורעמט געווארן, האט זיי דעם דאזיקן טעמפעראמענט געבילדעט.

אריינגעריסן האבן זיך די פארטוגעזער אין א פינצטערן דזשאנגל, געגומען אנטוויקלען קאלאניעס. ניט געהאט קיין ווייבער, האבן זיי ארגאניזירט יאגד־עקספעדיציעס אין ווילדן וואלד אריין, געפאנגען דארטן די שענסטע אינדיאנער מיידלעך פון די צענדליקער שבטים און זיי פאר ווייבער גענומען. זיינען אויסגעוואקסן מישלינגע פון לאטיין־אינדיאנער אפשטאמונג, לייכטע באשעפענישן מיט שפאנישן ווייין אין בלוט און מיט אינדישן קופער קאליר פון פאר־גאנגענע זונען אין די הויטן. דערנאך זיינען געקומען מאטראזן פון ענגלאנד און קאווע־סוח־רים פון אראביע; עס זיינען אויך אנגעקומען טויזנטער יידן, אנטלאפענע פון דער פארטוגע־זישער און שפאנישער אינקוויזיציעס; עס זיינען געקומען געטריבענע נעגער־קנעכט פון די

אינדזלען אויפן קאריבייאישן ים; און יאַפּאַנעזער האָבן זיך באוויזן אויף די וויסטע ברעגן פון די טייכן. איז פון דעם ארויסגעקומען יענער באַזונדערער טיפּ פון א מענטשן, וואָס מיר רופן „פּאוליסטאַ" אין דער דאָזיקער פּראָווינץ, אָדער „קאריאָקאַ" אין דער פּראָווינץ פון ריאָ דע זשאניירא. איז דער דאָזיקער מענטש לייכט און טאנצנדיק, און טאָלעראנט צו אנדערע ראַסן און גלויביק אין דער דעקאָראַטיוו־מגושמ'דיקער זייט פון דער קאטוילישער רעליגיע, צוגעווירצט אין די ווייטע דער־פער מיט א שפּאָר־ביסל אבערגלויבן פון געצנדינסט, וועלכער ווערט קולטיווירט ארום „מאדאָנאס" פיגורן, אויסטערלישע בוימער און אומגעוויינלעכע קראָ־קאָדילן־עקזעמפּלארן. טאנצן די פּאוליסטאס אביסל אונטער, ווען זיי גייען, טאנצן די „קא־ריאָקאס" אויסקרימענדיק אלע גלידער אפילו, ווען זיי וואַרטן אויפן טראמוויי. נעמען מיר דאָ, אין די גרויסע אמעריקאנער און אייראָפּעאישע צענטערס, איבער די טענץ, קרימען זיי נאָך, אָבער זיי קומען ארויס מיט ווייניקער חן, ווי ווען געטאַנצט אונטער די הימלען פון זייער מוטערלאַנד.

איצטער ווערט מיר שוין קלאָר, פארוואָס די אָפּגעריסענע, האלב־נאקעטע קאווע־ריי־סערינס אין די פּלאנטאציעס זיינען אזוי שלאַנק, אזוי ווענוס־מעסיק געבויט, און טאנצן ווי די וועסטאלקעס אין די רוימישע טעמפּלען. זיינען זיי דאָך די אייניקלעך פון יענע אויסגע־ווײלטע שיינע באָבעס, וועלכע די זיגערישע פּאָרטוגעזער האָבן אהער רויבעריש פארטראָגן פון די וואלד־טיפענישן אין ווייטן דזשאַנגל.

און גלויבט מיר, ווען איך האָב אייניקע פון זיי געזען שטאָלץ שפּרייזנדיק אין שמאטעס און אונטער דער זון מיט די טאצן פון פריש־אָפּגעריסענעם קאַווע אויף די קעפּ, האָב איך גע־קלערט, אז זיי זעען אויס, פיל דעקאָראַטיווער ווי זייער בראזיליאנער שוועסטער, די פילם־סטאַר קארמען מיראנדא, מיט די געשמאַקלאָזע פּרוכטן־קערב אויף אירע בראזיליאנער שווארצע לאָקן.

---

אָט אין דעם אויסטערלישן געמיש פון ראַסן און קאָלירן, אָט אין דעם יונגן, צאַפּלדיקן סאן פּאולאָ, וווינען ארום פערציק טויזנט יידן. און אויך די יידישע באַפעלקערונג האָט דורכ־געמאכט די זעלבע זיגזאג אומוואנדלונגען, ווי זייערע שכנים. אָבער געמישט האָבן זיי זיך ניט. סיידן די אומגליקלעכע מאראנען, וואָס זיינען אַנטלאָפן אמאָל פון אלערליי אינקוויזיציע־פייערן און סיידן דאָס ביסל רייכע „סנאָבן" פון די גאָר־ניי אָנגעקומענע, וואָס ביי פיל פון זיי קענט איר קיין טאָלק ניט דערגיין — צי גע'שמד'ט אָדער ניט...

זיינען דאָ מיט א האלבן יאָר־הונדערט צוריק אָנגעקומען אזעלכע יידן פון פּוילן, אָדער רומעניע, וואָס האָבן געמעגט פריער אונטערגיין מיט זייערע שיפן און זייער „סחורה"! דאָס זיינען די באַרימטע „פרויען הענדלער", אָט יענע טאקע וואָס האָבן א גאַנצן קוואַרטאַל גע־האַט סיי אין סאן פּאולאָ, סיי אין ריאָ פאר זייער שמוציקן פאך. זיי האָבן דעם יידישן נאָמען

פארשוועכט און פיל־פיל מי האָט געקאָסט די האָרעפּאשניקעס פון זעלבן פוילן, אָדער רוס־לאַנד, אָדער בעסאַראַביע, וועלכע האָבן מיט קלעפּ און מיט בלוט, מיט חרם און מיט אָנגע־שטרענגטער ארבעט אויסגעברענט דעם שאַנד־פלעק, וואָס הייסט פרויען־האַנדל, אלס א יידישן פאַך. איצט איז דאָס אויס. יענע, די אַלטע, זיינען אויסגעשטאָרבן; די קינדער האָבן זיך מערסטנטייל גע'שמד'ט און אויסגעמישט מיט גויים. פיל האָבן עמיגרירט אין אַנדערע לענדער, וווּ מען ווייס ניט וועגן זייער פאַרגאַנגענהייט.

אין ריאָ דע זשאַניירא זיינען נאָך געבליבן א פּאָר הונדערט „געוועזענע", פיל פון זיי רייכע „מאַגנאַטן", וואָס האָבן אפילו אן אייגענעם בית־הקברות און א „בית־מדרש'ל" מיט א גבאי'טע, א פאַרנעמע מומע.

איך האָב אמאָל באַשריבן מיין וויזיט צו דעם דאַוונען זייערן אין א ראש־השנה. אָבער אין סאַן פּאולאָ, דערציילט מען מיר, האָבן זיי שוין די לעצטע ימים נוראים ניט געהאַט קיין „מנין". וואָס פריער זייער זכרון וועט אויסגעמעקט ווערן, אַלץ בעסער פאַר די קהילות, אין בראַזיל.

און פון די טויזנטער ניי־אָנגעקומענע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיך אויסגעבילדעט דער מיטעלער קלאַס, וואָס פעלט אין בראַזיל: די קליינע פאַבריקאַנטן און די קרעמער.

די דייטשישע עמיגראַציע האָט געבראַכט א שטאַרקע גרופּע פּראָפעסיאָנאַלן, האַנדלס־רעפּרעזענטאַנטן, עקזעקוטיוו־מענטשן אין גרויסע געשעפטן.

אָבער אממערסטן יידיש לעבן זיך אוים די פריער דערמאָנטע אימיגראַנטן פון רוסלאַנד און פּוילן, וואָס לעבן שוין דאָ א 20־30 יאָר. זיי האָבן מיטגעבראַכט דעם ברען צו גענזעל־שאַפטלעכער ארבעט, די ליבע צום יידישן פאָלקס מענטש. זיי טאַקע האָבן אויך פיזיש און מאָראַליש געריייניקט די „פערדן שטאַלן" פון אָנגעזאַמלטן פרויען האַנדל שמוץ.

---

איינער פון זיי, מיין אַלטער פריינט בן־ציון קוליקאָווסקי, קומט היינט צו מיר מיט זיין אויטאָמאָביל און נעמט מיך אַרוים אויף א וויזיט אין דער סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע „עזרה", וואָס געפינט זיך א שפּאַר ביסל מיילן ווייט פון סאַן פּאולאָ.

ווער פון די יידן דאָרטן, קען ניט די הויכע, פאַרנעמע פיגור פון בן־ציון קוליקאָווסקי, איינער פון די מיטבויער פון אָרגאַניזירטן ישוב?

געבוירן אין אוקראַינער שטעטל קאָפּאַיגאָראָד (ניט ווייט פון זשמערינקע), פאַראייניקט קוליקאָווסקי אין זיך די טאַלאַנטן פון אן אָדעסער „גוטן־ברודער" מיט א טרוימער פון שטילן טייך דניעפּער.

נאָך אין רוסלאַנד האָט ער באַוויזן צו דערגרייכן צו א ביזנעס־מדרגה, ביי וועלכער „געלט איז בלאָטע" און אויסקויפן א הונדערט בילעטן פאַר אן אייגענער גרופּע חברים אין דער קיעווער אָפּערע איז א „ספּאָרט־שפּיצל".

שפּעטער געלאָפן קיין רומעניע און געוואָרן פּאַרוואַלטער פון גיטער, ווו מען האָט גע־דאַרפט מיט א ביקס גיין אויף יאַגד, אָבער אויך „זשמעניעס„ געלט האָט מען פאַרמאָגט. און אין יאָר 1924 קומט מען שוין קיין בראַזיל (מען האָט אים אין רומעניע געזאָגט, אז אויך דאָ שפּאַצירן חיות אין די גאַסן), און מען נעמט זיך „פּעדלען" — קלאַפּן, הייסט עס, אין גוי'שע הייזער און פאַרקויפן מציאות. אזוי האָבן זיי אַלע „געקלאַפּט", די טויזנטער ברידער אונדזערע איבער אַלע ווייטקייטן און ברייטקייטן פון זיד־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. און מען האָט זיך דערשלאָגן צו עפּעס: צו פאַבריקן, הייזער, אויטאָמאָבילן.

אָבער קוליקאָווסקי האָט ניט גערוט: ער האָט געגרינדעט א קאָאָפּעראַטיווע באַנק, וועל־כע איז פון גראָשנס אויסגעוואַקסן צו א וויכטיקער פינאַנץ־אינסטיטוציע פאַרן מיטל־קלאַס. אָבער אמערסטנס שטאָלץ איז קוליקאָווסקי מיטן קרוין פון זיין געזעלשאַפטלעכער איניציאַ־טיוו: מיט דער סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע „עזרה", וועלכע מיר פאָרן טאַקע איצט אָנ־קוקן.

מיר פאָרן פאַרביי יאַפּאַנישע דערפער, ווו מען זעט נאָר די פאַרצעלייענע פיגורן און גע־לע פּנימער פון אונדזערע ניט אזוי לאַנג שונאים. זיי שמייכלען אָבער אזוי גאַסטפריינטלעך, באַטש עפּעס ווייסן מיר פון זיי! אָט דאָ אין דעם שטעטל מיטן נאָמען „מאַזשי־דאָס־קרוזעס" האָט פונקציאָנירט די שרעקלעכע יאַפּאַנישע נקמה אָרגאַניזאַציע „שינדאַרעמי", די זעלבע וועלכע האָט באַשטראָפט מיט טויט יעדן יאַפּאַנעזער וועלכער האָט געוואַגט גלויבן, אז די אמעריקאַנער האָבן געזיגט און אין טאָקיאָ הערשט איצט פאַקטיש אן אמעריקאַנער גענעראַל. הונדערטער קרבנות זיינען געפאַלן ביז די פּאָליציי האָט אָפּגעשטעלט דעם אומזיניקן טעראָר.

איצט זעען מיר שמייכלענדיקע פּנימער, — ווער ווייס, אפשר זיינען נאָך צווישן זיי דאָ די מיטגלידער פון „שינדאָ־רעמי". ארום אונדז פאַרקויפט מען יאַפּאַנישע צייטונגען, קאָמיקס־ביכלעך אין דער יאַפּאַנעזישער שפּראַך. מען הערט ניט א וואָרט פּאָרטוגעזיש. עס פאָרט פאַר־ביי אויף א מאָדנעם הויכן צוויי־רעדערדיקן וואָגן עפּעס א מיסטישער יאַפּאַנער טיפּ מיט א לאַנגער ווייס־פריזירטער באָרד, מיט געקרייזלטע לאָקן. ער קוקט אויס, ווי א האַלב־גאָט, ווי א גאַסט פון דער לבנה...

דערנאָך פאָרן מיר שוין אריין אין די קאַווע פּלאַנטאַציעס, ווו מיט שוויים, מיט טענץ און מיט געזאַנג ווערן אראָפּגעריסן די זעקס־בלעטערדיקע בוקעטלעך, אין וועלכן די קאַווע־קער־נער זיינען באַהאַלטן.

דערנאָך קומען מיר שוין אָן צו א טויער, אויף וועלכן מיר דערזעען די העברעאישע אותיות „עזרה". דוכט זיך אזוי ווייט זיינען מיר פאַרפאָרן, אזוי פיל פרעמדע ראַסן, פרעמדע

בוכשטאַבן געזען איצט אויף אונדזער וועג. גיבן זיי צו אונדז אזא ליכטיקן שמייכל, אונדזערע אייגענע אותיות, בריען זיי מיט היימישקייט...

דאָ, אין דעם אזוי ענלעכן צו אונדזערע אַלטע סאָסנעס וועלדל, זיינען אויסגעבויט די ווייסע, היגיענישע הייזער פון דער מערקווירדיקער אינסטיטוציע „עזרה". פירט מיך ארום מיט פארדינטן שטאָלץ דער פּרעזידענט פון דער סאַנאַטאָריע בן־ציון קוליקאָווסקי, ווייזט ער מיר דאָס ווערק פון ידישן הארץ, וואָס איז צושטאַנד געקומען אין ווייטן בראַזיל.

מער ווי הונדערט לונגען־קראַנקע — די העלפט פון זיי יידן, די אנדערע — קינדער פון פארשיידענע ראסן, וועלכע ווערן דאָ געשיקט און אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונגס־קאַסע.

פיל פון די קראַנקע זיינען שוין דאָ געקומען מיט יאָרן צוריק און זיינען ניט בכח ארויס־גיין, כדי ניט ווידעראמאָל קראַנק ווערן אין שווערן בראַזיליאַנער קלימאַט.

ווער וואָלט זיך דאָס גערעכנט, אז איך וועל דאָ באגעגענען באַקאַנטע? אָט איז יונה קריגעל, — א נייער אימיגראַנט פון דראָהאָביטש אין פּוילן, וועלכער האָט דאָרט געאַרבעט אין סטאָ־ליער־קאָאָפּעראַטיוו. ער פלעגט קומען אויף אונדזערע קאָאָפּעראַטיווע צוזאמענפאָרן קיין וואַרשע. און אָט איז חיים לינדענבוים, געווען דער שאָפער פון ריכטער מאַקסימיליאַן פרידע (היינט אין ניו יאָרק). ער דערפרייט זיך, ווען ער דערקענט מיך.

און דערנאָך גייען מיר איבער די ליכטיקע און ציכטיקע צימערן פון „עזרה", ווו עס ליגן די שווערע קראַנקע: ש"ה לעווקאָוויטש פון סערביע, אזוי פרום מיטן שייטל אויפן קאָפּ; ב. ראָזענבערג פון בערלין, אזוי דזשענטעלמעניש און אויפגעראַמט, כאָטש ער ליגט שוין זיבן יאָר מיט אָפּגענומענע פיס. און אָט איז ר' הענעך, א בלינדער ייד מיט א ווייסער באָרד, וואָס זאָגט אויסווייניק תהילים, — און ליאָלאַ ס. פון אומאַן, די אמאָליקע באַרימטע שיינ־הייט — היינט איז זי טויב און נאָר א שאָטן איז געבליבן פון איר.

דערנאָך זיינען מיר אין עס־צימער, ווו אלע קראַנקע, וואָס קענען זיך באַוועגן, זאמלען זיך ארום די ווייבערע טישן מיט די געשמאַקע שפייזן.

איך קוק זיך איין אין די געזיכטער: אויסער די יידן פון אַלע עקן וועלט, זיצן דאָ די אָפּשטאַמיקע פון די פּאָרטוגעזישע „דעראָבערערס" פון לאַנד, — די ווייטע אייניקלעך פון די אינדיאַנער, די מישלינגס פון נעגער מיט איטאַליענער, די קרום־אויגיקע מאָנגאָליער....

מען זיצט ביים אונט־ברויט צונויפגעמישט, צוזאמענגענומען אונטער די מאַגישע העב־רעאישע אותיות. און עס דוכט זיך, יעדער פרעגט: „מאין יבוא עזרי?!" און די תשובה איז דאָך ביי זיי אַלע, פון אַלע גלויבנס, די זעלבע.

איך קוק אָן די קאָלירן פון די געזיכטער, — איצט אזוי אָפּגעפרישט, אזוי מונטער, נאָכ־דעם ווי די לופט פון „עזרה" האָט יאָרן געקעמפּט מיט זייער באַטריגערישער קראַנקייט — און איך דעקלאַמיר שטיל, ווי א תפילה:

„ווייסע, שוואַרצע, ברוין און געל, —
מישט זיי אלע אויס צוזאַמען!
אלע מענטשן זיינען ברידער, —
פון איין טאַטן, פון איין מאַמען...."

(י. ל. פּרץ)

באַנאַכט זאַמלט מען צונויף די יידישע קראַנקע און איך רעד צו זיי אין קליינעם בית־מדרש׳ל פון „עזרה". איך דערצייל זיי פון דער גרויסער וועלט, פון ישראל, פון ווייטע ישובים און נאָענטע אידעאלן. וואָס פאר א דאַנקבאַרע צוהערער, — אפילו דעם הוסט, וואָס האָט אייניקע פון זיי געשטיקט, סטאַרעט מען זיך איינהאַלטן.

בן־ציון קוליקאָווסקי קוקט אויף זיי מיט פייכטע אויגן און זאָגט צו נאָכאַמאָל ברענגען אַהער יידישע שרייבער, דיכטער, וואַנדערער.

אַט שטייען מיר אין שיינעם גאָרטן ביים אריינגאַנג צום הויפּט בנין. מיט אונדז איז אויך פרוי עדיט פון אדמיניסטראַטיוון פּערסאָנאַל. איר פאָטער, ווי פיל פון אונדז געדענקען, האָט אַמאָל געוואַגט אָנקלאָגן אין געריכט דעם דייטשן קייזער ווילהעלם דעם צווייטן (דער באַרימטער סקלאַרקי פּראָצעס), און דעם פּראָצעס געוווּנען: עס זיינען אַמאָל געווען ריכטער אין דייטשלאַנד...

מיר שטייען אין שאָטן פון נאָך ניט געזעענע פייגענבוימער, וועמענס בלעטער זיינען טאַקע אזוי ריזיק גרויס, אז מען גלויבט באמת, אז זיי האָבן געקענט דינען אלס א מלבוש פאר דער מוטער חוה, ווען זי האָט זיך פארשעמט...

און כאָטש די סאָסנעס דאָ האָבן אַנדערע „שטעכערלעך", ווי יענע אין דער היים, דאָך שמעקן זיי מיט דעם מחיהדיקן סמאָלע־ריח, וואָס היילט די קראַנקע לונגען.

ווען איך פאַרלאָז אויף מאָרגן די סאַנאַטאָריע „עזרה" — וועלכע, דוכט זיך, איז פאַר־שטעקט אזוי ווייט צווישן קאַווע פּלאַנטאַציעס און יאַפּאַנישע דערפער, — ווייס איך אָבער אז אן אייגן שטיקל יידישע נשמה איז פארפלאַנצט געוואָרן אין פרעמדן באָדן פון ווייטן „גלות בראַזיל".



מיט אמתע גוים, פון אַלע רעליגיעס און פון אַלע גלויבנס, קום איך גאַנץ פיין אויס: ס'איז מיר אויסגעקומען אין די יונגע יאָרן לאַנג צו לעבן מיט רוסן, מיט בעלגיער, מיט פראַנצויזן. — איך האָב שטענדיק געפונען מיט זיי א געמיינזאַמע שפּראַך פון פריינטשאַפט.

אָבער מיט משומדים, ברררר!... דאָ פאַרליר איך מיינע איינגעבאָרענע „דיפּלאָמאַטישע" פעאיקייטן און פאַרהאַלט זיך אומגעלומפּערט — און אַמאָל אפילו ברוטאַל.

איך ווייס ניט צי עמעצן פון מיינע לייענער איז אויסגעקומען זיך טרעפן מיט אַזויפיל משומדים אין לעבן, ווי דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות. אפשר איז עס דעריבער, ווייל אין ערשטן וועלט קריג בין איך געווען צווישן די זייער ווייניקע מיליטער־יידן מיט אַן אָפיצירן־ראַנג אין דער רוסישער ארמיי; אפשר דעריבער, ווייל אין כאַרקאָווער אינדוסטריעלן אינסטיטוט איז געווען א שטרענגע פּראָצענט־נאָרמע און אונדזער גרופּע אמתע יידן איז געווען זייער קליין, דאקעגן זיינען פיל יידן אָנגעקומען מיט שמד־צייגענישן. און אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון מיינע וואַנדערונגען, האָב איך זיך געטראָפן מיט כלערליי אויסטערלישע טיפּן...

איך דערמאָן זיך א קאָמישן עפּיזאָד טאַקע פון מיינע סטודענטן־יאָרן. עס זיינען געווען די ערשטע חדשים מיינע אין כאַרקאָווער אינסטיטוט. ארום מיר האָב איך געזען פיל סטודענטן מיט יידישע נעזער און מיט יידישע נעמען. צוזאַמען מיטן חבר סייקע מאַרגאָלין פון קאָוונע, האָבן מיר באַשלאָסן איינאָרדענען א חנוכה־אָוונט פאַר די יידישע סטודענטן. האָבן מיר זיך געווענדעט צו די שוואַרץ־חנ'עוודיקע רייכע סטודענטינס די שוועסטער מירנאָסקים, וועלכע זיינען דאָ געקומען לערנען פון ווייטן סיביר, זיי זאָלן דעם אָוונט איינאָרדענען ביי זיך אין דער דירה. די מיידלעך האָבן גלייך צוגעשטימט. סיי זיי און סיי מיר האָבן איינגעלאַדן חברים און חברטעס מיט יידישע נעמען; מען האָט געפּרעגלט „לאַטקעס"; חבר מאַרגאָלין האָט געבראַכט א מנורה מיט חנוכה־ליכטלעך. איך האָב געהאַלטן אַן ענטוזיאַסטישע רעדע, פאַרשטייט זיך אין רוסיש, וועגן די מכבי'ער, וואָס האָבן באַזיגט די „אומריינע" און באַפרייט די הייליקייטן. מען האָט זיך גוט געוויילט, געשפּילט אין „פאַנדן" און געטאַנצט לכבוד חנוכה. אָבער אין א פּאָר טעג אַרום האָט אונדז א סטודענטין, וואָס האָט געאַרבעט אין דער אינסטיטוט־קאַנצעלאַריע, מיטגעטיילט בסוד־סודות, אַז די גרעסטע טייל אָנטיילנעמער אין דער חנוכה־פייערונג צוזאַמען מיט די סימפּאַטישע שוועסטער מיראָנסקים זיינען באַצייכנט אין זייערע דאָקומענטן אַלס „פּראַוואָסלאַוונע", קריסטן הייסט עס... פאַר דער קליינער גרופּע יידן איז עס געווען א שטאַרקע אַנטוישונג. מיר האָבן ניט געוואָלט וויסן צוליב וואָס זיי האָבן זיך געשמד'ט, צי צוליב דער פּראָצענט־נאָרמע, צי, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די מיראָנסקים,

הייל די עלטערן זייערע האָבן עס געטאָן, כדי צו מעגן ווינען און רייך ווערן אין סיביר. מיר האָבן דאָן געגרינדעט א פאַרבאַנד פון יידישע סטודענטן און „חמשה עשר בשבט" האָבן מיר שוין געפייערט אין דער ווינונג פון כארקאָווער חזן גאָוויקאָוו'ס זון, וועלכער איז זיכער געווען א ייד. פון די משומדים האָבן מיר זיך שאַרף אָפּגעגרענעצט, כאָטש שפּעטער איז געקומען די גרויסע רעוואָלוציע און איבערהויפּט פאַנאַנדערגעוואָרפן אַלע באַריערן.

דאָס מאָל האָב איך דעם משומדים־פּאַל דערמאָנט אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין איצטיקער רייזע אין בראַזיל.

עפּעס א מכשול האָט געטראָפן אין בראַזיל: אין קיין פּלאַץ פון דער וועלט באַגעגנט איר ניט אַזויפיל משומדים, און דערצו נאָך איינפלוסרייכע און פאַרמעגלעכע, ווי אין בראַזיל.

די הויפּט סיבה דערפון איז, וואָס אין 1940, ווען אין איטאַליע איז פאָרגעקומען די גרויסע בהלה און די דאָרט־פאַרהאַלטענע פּליטים האָבן אַנגעהויבן לויפן ווו די אויגן קוקן, האָט דער וואַטיקאַן באַקומען טויזנט וויזעס פון דער בראַזיליאַנער רעגירונג נאָר פאַר מענטשן פון קאַטוילישן גלויבן.

עס איז פּאַסיק איצט, צען יאָר שפּעטער, זיך אריינטראַכטן אין דער טראַגישער לאַגע פון די פּליטים, געיאָגטע ווי חיות, ווען מען דער „באַרמהערציקער" וואַטיקאַן לייגט פאַר דעם אויסגעפרוווטן אויסוואַל: אָדער א וויזע אין א פריי לאַנד באַשפּריצט מיט „הייליקן" וואַסער, אָדער ראַטעווע זיך, ווי דו קענסט אַליין. פיל האָבן ניט ביינגעשטאַנען דעם נסיון און אַזעלכע וויזעס גענומען. פאַרשטייט זיך. אז די גרעסטע מערהייט האָט די „שמד־פּאַפּירלעך" צעריסן אויף פּיץ־פּיצלעך, ווי נאָר מען האָט זיך אריינגעכאַפּט אין בראַזיל.

אָבער א גאָר קליינער טייל, מערסטנס אונגאַרישע און פּוילישע יידן, נאָך פון פריער אַסימילירטע, האָבן דעם געצוווּנגענעם וויזע־שמד גענומען ערנסט און שוין אין נייעם לאַנד זיך רעגיסטרירט אַלס קאַטאָליקן.

איך האָב אַמאָל באַשריבן מיין וויזיט אין א הויז פון אַמאָליקע יידיש־פּויליש נבירים אין ריאָ דע זשאַניירא, ווו איך האָב פּלוצלונג באַמערקט אין צווייטן צימער די פיגור פון הייליקן סט. פּאַול, פרום באַלויכטן מיט אַן אויל־לעמפּל. און איך האָב דאָך געקענט דעם חסידישן טאַטן פון דער בעל־הבית'טע, דעם טוך־פאַבריקאַנט אין טאָמאַשאָוו — פּוילן.....

עס האָט געעקלט פון דער נאַקעטער צביעות.

און נעמט די בלאָנדע, רעפּרעזענטאַטיווע הויכע דאַמע, וועלכע מען באַגעגנט אַזוי אָפט אויף דער פּליאַזשע אין ריאָ: זי האָט אויסגעבויט פאַר איר געלט א קאַטוילישע „טשאַפּעל" און קומט דאָרטן יעדן זונטיק קניען און בוקן נאָך א גאַנצער וואָך זינדיקן בגלוי ובסתר... אויך איר טאַטן, דעם חסידישן יידן געדענקען מיר: ער האָט דאָך פאַרקויפט דאַמען־שטאָף אַלס א „משרת" אין גרעסטן טוך־געשעפט אין וואַרשע ביים „אייזערנעם טויער".

אָבער פון איין „נקמה״ וואָס איך האָב יאָ דערלעבט דאָס מאָל וויל איך אייך דערציילן:

פּאַן פּ., זיין ווייב און זייער קליין טעכטערל, האָבן זיך אויך אַריינבאַקומען קיין בראַזיל מיט אַ יאָר צען צוריק אויפן סמך פון די וואַטיקאַנער „חסד״־וויזעס, און זיינען שוין גע־בליבן קריסטן. אפילו דער גלח קומט צו זיי אין שטוב באַשפּריצן מיט „הייליקן״ וואַסער די שפּייזן אין גרויסע ימים־טובים. פּאַן פּ. איז זייער רייך. אַ פאַקט איז, אַז ער שטאַמט דאָך נאָך פון דער רייך־משכיל׳ישער פאַבריקאַנטן־פאַמיליע אין לאָדזש, וואָס איז געווען באַרימט מיט צדקה און מעשים טובים. געשעפטלעך מישט ער זיך מיט יידן. אָבער אויפן פּונקט פון רע־ליגיע איז ער ממש אַ שונא ישראל. עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז זיין ביוראָ געפינט זיך אין דעמזעלביקן הויז ווו די ציוניסטישע יוגנט פון סאַן פּאולאָ האָבן זייער קלוב; און די יוגנט טאַנצט אַ „האָרא״ דוקא דעמאָלט, ווען ביים משומד אין ביוראָ קומט פאָר אַ זיצונג. לויפט ער אַרויס מיט שוים אויף די ליפּן און זידלט די טענצערס, קלאָגט ער זיי אָן צום הויז־באַ־זיצער, אַז זיי צעברעכן דעם סופיט און די מעבל. אָבער דער הויז־באַזיצער, אַליין אַ הייסער ציוניסט, לאַכט זיך אויס פון די אָנקלאַגעס, גיט נאָך צו די קינדערלעך מוט: „טאַנצט, טייע־רינקע, און דערמאָנט דעם תכשיט אונטן זיינע קינדער־יאָרן״... (דער היינטיקער משומד האָט אַמאָל געהערט צום „שומר״ אין באַרקאָוו און לאָדזש).

און דאָ קומט דער טראַגי־קאָמישער פינאַל: דאָס יונגע טעכטערל פון משומד, חברט זיך נאָר מיט יידישע מיידעלעך. זי קען דאָך ניט געפינען קיין געמיינזאַמע שפּראַך מיט די האַלב־איטאַליענישע, האַלב־אינדיאַנישע „פּאַוליסטאַס״. גייען אָבער אַלע אירע חבר׳טעס צום יוגנטלעכן „דרור״. פייערן זיי ל״ג־בעומר און שבועות און אַנדערע ימים־טובים מיט פּאַראַד און בלומען.

קומט די קליינע פּ. צו אירע עלטערן מיט טענות און טרערן:

„פאַרוואָס נעמט מען מ י ך ניט אַריין אין דער „דרור״־אָרגאַניזאַציע? וואָס פאַר אַ גויים זיינען מיר? פאַרוואָס האָט איר מיך אומגליקלעך געמאַכט?״

איז זיך דאָס בלוט פון די זיידעס (אַגב זיינען זיי געווען אַמאָל אונדזערע פאַמיליע־פריינט אין באַרקאָווער גלות) נוקם, רופט צוריק, מאַנט אַ חוב?...

---

יעדן זונטיק אין דער פרי זאַמלט זיך צענויף די נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ פון סאַן פּאַו־לאָ, אויף דער „שאַקרע״ (פאַרם) פון שמעון פליים און זיין גאַסטפריינטלעכע פרוי. דאָ הערשט אַן אַטמאָספער פון ארץ ישראל, כאָטש מערסטנטייל רעדט מען גאָר ניט העברעאיש, ניט פּאָרטוגעזיש, נאָר רוסיש.

די הויפּט געביידע איז באַצירט מיט מאָלערייען פון ירושלים, חיפה, תל אביב. דאָס מעבל, די קלייניקייטן אַרום זיינען שטרענג אויסגעהאַלטן אין ישראל־סטיל, העברעאישע אויפ־שריפטן באַגריסן אייך.

די ישראל־דעלעגאטן, וואָס קומען קיין בראזיל צוליב די „קאמפּיינען" און אַלע אַנדערע אַנגעזעענע אויסלענדישע געסט, וואָס קומען אַפּט קיין בראזיל, ווייסן שוין וועגן דער היימי־שער אַטמאָספערע, וואָס הערשט אין דער ישראל־שאַקרע, וואָס האָט זיך פאַרשטעקט אין דער מאַלערישער אומגעגנט פון דער פּאָוליסטאַנער הויפּט־שטאָט.

אין „גאָלדענעם בוך" פאַר באַזוכער געפינט איר די ענטוזיאַסטישע אויסדרוקן פון דאַנק פון אַלע די וואָס זוכן א היימישן ווינקל כאָטש אויף א ווייל.

און אָריגינעל איז אויך די באַשפּייזונג פון די געסט: יעדער ברענגט מיט זיך זיין אייגענע שפּייז אָבער מיט א „שמיצל", עס זאָל אויך סטאַיען פאַר די געסט. ברענגט לעאָן פעפער מיט זיין יונגער לידי, א קאָמפּלעטן „שבת'דיקן" טשאָלנט מיט גרויפּן און קוגל, און איר דאַרפט עס „מהלל" זיין אין א וואָכעדיקן זונטיק. ברענגען די טעפּערמאַנס א בוימלדיקן „פּעטשאַ", וואָס איז די ריכטיקע דערגענצונג צום פאַרשפּעטיקטן „טשאָלנט". קומט דער בעסאַראַבער גאַסט מיט זיין מאַמעליגעלע...

שפּילט ערגעץ ווו אומעטיק א בראַזיליאַנער פּאַסטוכל און איבער אייער קאָפּ פליען עראָפּלאַנען צום נאָענטן לופט־פּאָרט.

ווייסט איר שוין גאָרניט ווו איר זייט ערגעץ אין דער וועלט. עס איז אָריגינעל און היי־מיש אויף דער „שאַקרע" פון מיינע פריינט, די פליס.

---

טעלעפאָנירט מיר אין א געוויסן פרימאָרגן מיין פריינט בערעלע פוקס, דער „בונדישער" זון פון לעצטן פשיסכער רב. ער זאָגט מיר, אַז מיינער אַן אומבאַקאַנטער לייענער, א דימענטן־הענדלער, העזעך קאַמפּעל, פון שטעטל פּעטראָפּאָלים, לעבן ריאָ דע זשאַניירא, וואָלט זייער געוואָלט מיר מיטנעמען מיט זיין קאַר אויף א רייזע אין יענער פּרעכטיקער אומגעגנט, וועל־כע איז באַרימט מיט אירע נאַטור־שיינקייטן און נאָך מער מיט איר „קיטאַנדיניא"־האָטעל, וועלכער ווערט פאַררעכנט פאַרן שענסטן אין דער וועלט. בין איך מסכים ווידמען א פרייען זונטיק פאַר דער דאָזיקער רייזע. נאָך מער, אַז ביז איצט האָב איך נאָך ניט געהאַט קיין געלעגנהייט אָנקוקן יענעם באַרימטן אין דער גאַנצער וועלט האָטעל אין פּעטראָפּאָליס.

פאָרט מיט אונדז בערעלע פוקס מיט זיין ווייב.

ווידער אַמאָל איבערצייגט איך זיך, אַז מען קען זיך אָנזעטיקן מיט עסן און מיט פאַרגע־ניגנס, אַפילו מיט געזאַנג און טענץ, מיט הימל־קראַצערס און טומלדיקע נאָך ניט געזעענע שטעט, אָבער קיינמאָל ווערט דאָס אויג ניט זאַט מיט גאָט'ס נאַטור, מיט די ריזיקע הויפנס אָנ־געוואָרפענע בערג און מיט קרישטאָל קלאָרע וואַסער־קוואַלן וואָס זינקען אַראָפּ אין אומענד־לעכע טיפענישן. מען דרייט זיך דורך די אַספאַלט־וועגן, וואָס מענטשן האָבן געמאַכט און קליין און נישטיק זעען מיר אויס אין פאַרגלייך מיט דער גראַנדיעזער פּאַנאָראַמע פון באַוואַל־דעטע באַרג־שפּיצן, פון אומענדלעכע ווייטקייטן באַפאַרבט מיט עקזאָטישע בלומען, וואָס עפענען אַזוי לײדנשאַפטלעך זייערע מיילער, ווען מען פאָרט פאַרביי.

גאַר־גאַר ווייט זעט זיך אין דער קלאָרער לופט דער שמאָלער, שפּיציקער פעלדז, וואָס רייסט זיך הויך צו די הימלען און איז באַקאַנט אַלס דער פענאָמענאַלער „פינגער פון גאָט". ער האָט טאַקע די פאָרם פון א פינגער, וואָס איז אויסגעשטרעקט אין די הויכן און סטראַשעט מיט עפּעס.

מיט פסוקים פון תהילים און מיט ציטאַטן פון פּאָעטן דריקן מיר אויס צוזאַמען מיט בערעלען, אונדזער התפעלות מיט די פאַרביקע נאַטור־בילדער, וואָס אַנטפּלעקן זיך אַלע נענטער און ברייטער. און בערעלע דערציילט מיר דערווייל וועגן זיין שטעטעלע פּשיסכע, וואַרפט אריין קלוגע ווערטלעך פון דעם רבי זיין טאַטן זצ״ל, אַז דינען דעם אויבערשטן דורך לויבן זיינע נאַטור־מעשים איז אויך א מצוה; אַז דאָס איז ניט „ביטול־תורה", נאָר די תורה אַליין.

און דערנאָך פאָרן מיר דורך דער שטאָט פּעטראָפּאָליס, ווו עס איז אַמאָל געווען די רעזידענץ פון בראַזיליאַנער־פּאָרטוגעזישע אימפּעראַטאָרס, ביז די רעפּובליק איז געקומען.

אָט איז דער פּאַלאַץ פון פּעדראָ דעם ערשטן, היינט א מוזיי; און אָט זיינען די זומער־פּאַלאַצן פון די איצטיקע פּרעזידענטן.

דערנאָך ווידער מאַלערישע בערג און טאָלן, ביז צווישן די העלקייט פון בלומען באַווייזט זיך פּלוצלינג די קאָלאָסאַלע געביידע פון קיטאַנדיניא־האָטעל, איינגעוויקלט אין גרין־בלויע, בליענדיקע ביימער.

נאָך מיט אייניקע יאָר צוריק איז דאָ געווען טעטיק די באַרימטע קאַסינאָ, ווו, ווי אין מאָנטע קאַרלאָ אָדער מאָנטעווידעאָ, זיינען זיך צונויפגעפאָרן טויזנטער אַזאַרט־שפּילער פון דער גאַנצער וועלט. פאַר זיי טאַקע איז עס דער לוקסוס האָטעל באַשאַפן געוואָרן. וואָס פאַר א ראָלע שפּילט דאָס באַצאָלן אייניקע צענדליק דאָלאַר א טאָג פאַרן צימער און אויפהאַלט, ווען מענטשן האָבן דאָ „געגעמבלט" זייער גאַנץ פאַרמעגן.

היינט טאָר מען ניט שפּילן אין די ספּעציעל־אויסגעשטאַטע לוקסוס־זאַלן פון האָטעל. זיינען די טישן פאַרצויגן מיט לייוונט, זיינען די פענצטער פאַרדעקט מיט „זשאַלוזן". ווי אַבלים קוקן זיי אויס איצט, יענע שפּיל־זאַלן, ווו מיט יאָרן צוריק האָט דער קלאַנג פון אינטערנאַציאָנאַלן גאָלד פאַרטויבט די רעוואָלווער־שאָסן, מיט וועלכע אומגליקלעכע פאַרשפּילער פלעגן א סוף מאַכן צו זייערע לעבנס...

אָבער דער האָטעל איז אָפן. מיר גליטשן זיך איבער די פּאַרקעטן און גלויבן ניט, און פאַרשטייען ניט, צו וואָס האָט מען דאָ אַזויפיל מיליאָנען באַנוצט אין פאַרשווענדערישן לוקסוס. מיט צאַרטן זייד זיינען די ווענט באַשלאָגן, מיט בראָנז און מאַרמאָר די זאַלן באַצירט.

גערטענער מיט טראָפּישע בלומען געפינען זיך אינמיטן האָטעל, באַלויכטן מיט פאַרביקע רעפלעקטאָרן, וועלכע זיינען ערגעץ ווו פאַרשטעקט.

א ריזיקע בראָנז־שטייג שטייט אינמיטן, אין וועלכער עס זיינען געזאַמלט די שענסטע זינגענדיקע קאַנאַריקעס און די פאַרביקסטע פּאַפּוגייען, וואָס רעדן אויף פאַרשידענע לשונות.

היינט — די שווים־באסיינען, ווו עס דוכט זיך, אז דער גאנצער זינדיקער פרוויען־מין האט זיך צונויפגעזאמלט.

און אלץ איז באלויכטן מיט אזויפיל קינסטלעכע ליכט, אז עס דוכט זיך אונדזער באַגריף וועגן ליכט איז געווען צו שוואך ביז איצט.

זאג איך צו בערעלען דעם פשיסכער:

— געדענקסט ביי מנשה אונגער אין „פשיסכע און קאָצק" ווערט דערציילט: דער רבי ר' שמחה בונים פרעגט זיין שארפן תלמיד ר' איטשע־מאיר'ל: פארוואס איז דער „על חטא" געמאכט געווארן נאכן אלף־בית? ענטפערט דער ווארשעווער איטשע־מאיר'ל: ווייל ווען ניט דער אלף־בית וואלט מען ניט געוווסט, ווען אויפהערן צו קלאפן... א מענטש האט דאך אזוי פיל חטאים...

איז דוכט זיך מיר, אז דא, אין דעם האָטעל זיינען די זינד אזוי גרויס, אז איך הער, ווי די על־חטא'ן קלאפן אָן אויפהער אָן די זיידענע ווענט און אין די מארמארענע סופיטן.

שפעטער אנטדעקט מען אונדז דעם סוד, אז כאָטש די רולעט־שפיל איז דא שטרענג פארווערט דורכן געזעץ, געפינט זיך דאך א געהיימע קאסינא טאקע ניט ווייט פון האָטעל.

קלעטערן מיר אויף א בארג, ווו עס שטייט אונטן פאָליציי. פארשטייען מיר שוין, ווער עס זיינען די שותפים צום דאָזיקן געהיימען שפיל־קלוב. ווי זאָגט דער פראנצויז: „סו קאָמ שע נו"... (אלץ ווי ביי אונדז).

ערגעץ ווו אויפן בערגל שטייען פארשטעלטע וועגעלעך און הינטער די וועגעלעך גייען מיר אריין אין ביז איצט פארבארגענעם שפיל־זאל.

ווי אומעטום אין אזעלכע „אינסטיטוציעס", שטייען דא מענטשן אויף די קעפ. דאָס רעדעלע דרייט זיך און פאלט געוויינלעך ניט אויף די נומערן וועלכע זיינען באשטעלט מיט שווערן געלד.

אונדזער פירער און גאסט־געבער פרובירט שפילן מיטן זכות פון בערעלע דעם פשיסכער רב'ס זון, אבער וויזט אויס, אז אזוי ווייט דערגייט ניט דער נס, און אונדזער חבר פארשפילט טאקע... פונדערוויטנס דורכן פענצטער שיסט אריין אין הימל דער ריזיק־הויכער און דינער „פינגער פון גאָט". ער װאָרנט און סטראשעט, אז די גאנצע וועלט איז פול מיט רויב און זינד, עפעס דערמאָנט עס מיר די װאָרענונגען פון פארן מבול...

„אצבע אלהים", דער „פינגער פון גאָט" מישט זיך אריין אינמיטן אָט דער צעהוליעטער, צעיאכמעטער און צעשפילטער וועלט.

און אויב דער דאָזיקער „פינגער" סטראשעט בראזיל, איז עס מסתמא אויך צוליב פאלגנדיקן גרויסן זינד אירן:

אן אונגארישע פרוי גערדא ברומליק, איצט אין ניו יארק, האט נעבעך פארלארן איר מאן. האט זי א מעגלעכקייט נאך אמאל חתונה האבן, ווייל זי אבער, ווי דער דין איז, קריגן פריער „חליצה" פון איר פארשטארבענעם מאנס ברודער. האט זיך אזוי געמאכט, אז אט דער ברודער, וואס וווינט איצט אין בראזיל, איז גע׳שמד׳ט און פראוועט אפילו פאנאטישן קאטאליציזם.

דער „האיאס"-פארשטייער אין בראזיל האט אים דאך באאיינפלוסט (מיט דער הילף פון אגודת הרבנים של ארצות הברית וקאנאדא) ער זאל פארגעסן אויף א ווייל זיין קאטאליציזם און געבן חליצה. איז שוין דער משומד מסכים, אבער די רעגירונג פון בראזיל וויל דער אלמנה קיין וויזע ניט געבן, כאטש אויף די פאר טעג, וועלכע עס דארף נעמען די חליצה-צערעמאניע.

און עס געדויערט שוין די געשיכטע באלד א יאר. איך אליין האב איצט אנגעשפארט ביז די „העכסטע פענצטער", ביז דעם פרומען פרעזידענט פון דער רעפובליק איינשליסלעך, און אלץ אן רעזולטאט דערוויל.

„על אשקא דרספק חרבה ביתר", צוליב א שטיקל האלץ פון אן אקס איז די שטאט ביתר חרוב געווארן, דערציילט די גמרא. ווער ווייס, אויב „גאטס פינגער" אין די פארנעפלטע וויט-קייטן פון די בערג דערמאנט מיר ניט איצט די טרערן פון דער איינזאמער אלמנה אין ניו-יארק? „כי אצבע אלהים הוא!"



א ווייסע לוקסוס־שיף איז אריינגעשווומען אין דער פּרעכטיקער, פּאַרביקער פּאַנאָ־ראַמע פון פּאָרט אין ריאָ־דע־זשאַניירא. זי הייסט „אורוגוויי" און האָט נאָך צוויי ניט ווייניקער עלעגאַנטע שוועסטער, וועלכע הייסן „בראַזיל" און „אַרגענטינע". און אָט דער „שיף־דריי־לינג" מאַכט דאָס רעגולערע רייזעס צווישן ניו יאָרק און די דריי רעפּובליקן, וועמענס נעמען זיי טראָגן.

אזעלכע שיפן אײַלן זיך ניט; זיי פאַרהאַלטן זיך א טאָג־צוויי אין די האַפנס, וועלכע מען פּאָרט פּאַרביי; די רייזע דויערט ארום דריי וואָכן און איז טאַקע אויסגערעכנט אויף נעמען א גוטן אָפּרו, מיט געשמאַקן עסן, מיט מוזיק, מיט „פאַרווײַלונג". דאָס איז דער אמת'ער קאָנטראַסט צו די פליענדיקע גיגאַנטן, וואָס „הודזשען" איבער די קעפּ, שלינגען איין מײַלן, טעג און נעכט און ברענגען אײַך צו דעם זעלבן ציל אין געציילטע שעה'ן.

שוין א סך יאָרן האָב איך ניט גענאָסן פון די דאָזיקע שווימענדיקע לוקסוס־האָטעלן, וועלכע מאַכן אײַך „צעפּיעשטשעט" און פויל און איר נעמט אגב צו א שיינע פּאָר פונט אומ־גוויטיקן פעטס, וועלכן די גימנאַסטיק־אַפּאַראַטן אויפן שיף זײַנען ניט ביכולת צו פאַרקלענערן.

אָבער דאָס מאָל, זײַענדיק אין בראַזיל גראָד דעמאָלט ווען די שיף „אורוגוויי" איז אָנגעקומען, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אן אויסנאָם און אָנשטאָט צו פליען קיין מאָנטעווי־דעאָ (אורוגוויי) אין 4־3 שעה, זאָל איך זיך גליטשן מיט דער ווייסער שיף אויפן איצט אזוי שטילן אַטלאַנטיק גאַנצע 4־3 טעג.

און א קאַבינע האָב איך באַקומען די בעסטע, כאָטש באַצאָלט האָב איך פאַר דער ערגסטער: פּאָרט זכות־אָבות פון א רייזנדיקן זשורנאַליסט....

און אז איך האָב דערזען מײַן גרויסע, מאָדערן־אויסגעמעבלירטע שיפס־קאַבינע, מיט די שטילע ווענטילאַטאָרן, טעלעפאָן, באָד־צימער און באַלקאָן צום אָפענעם ים, האָב איך זיך גע־טראַכט: „הלוואי, רבש"ע, לשנה הבאה בירושלים, זאָל איך בכח זײַן צו לעבן אין אזעלכע האָטעלן אויף דער יבשה".

עס ווערן שנעל געשלאָסן באַקאַנטשאַפטן: איך קען נאָך פון פריער דעם אַרגענטינער ידישן מולטי־מיליאָנער, וואָס פּאָרט מיט זײַן ווײַב און טאָכטער אויף א לוסט־רייזע און צוריק. ער איז א פּשוט'ער פאָלקס־מענטש, אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גרעסטן טייל אַר־גענטינער גבירים, און מען זעט, אז ער שלינגט מיט דורשט יעדן נײַעם וואָרט, וואָס עס דער־ציילן די אינטעליגענטע מיטרייזנדיקע: ווען ער איז קליין געוועזן, האָט ער קיין סך תורה און

וויסן נים דערוואַרבן און איצט, מיט אַלע זיינע מיליאָנען, פעלט אים נאָך אַלץ דער מינימום, וואָס מען קאָן מיט גאָלד נים פאַרדעקן. זעט מען, אַז ער לערנט בהתמדה פון אַלעמען. און וואָס פאַר א קאָנטראַסט צו אים, — איז דער „אַלרייטניק" פון קאַליפאָרניע, וואָס פאַרמאָגט דאָרט האָטעלן און הייזער; טראָגט גראָבע סיגנעטן רינגען מיט שטיינער אויף די קורצע דיקע פינ־גער; „סמאָטשקעט" געוויינלעך לאַנגע ציגאַרן און פאַרשטעלט מיט זיי זיין ביטערן ענגלישן אַקצענט. ווען ער דאַרף זאָגן „אינטעלעקטשואַל", קומט עס ארוים עכט־ליטוויש: „אינטע־לעקצעל", אָבער יידיש וויל ער נים רעדן און איך בין דאָס בעת א שפּאַציר דער אָפיציעלער איבערזעצער צווישן גאַליציאַנער מיליאָנער פון בוענאָס איירעס און דעם ליטווישן מיליאָנער פון קאַליפאָרניע. מאַכט עס מיר שפּאַס, ווייל גאַליציאַנער שפּאַניש קלינגט אַזוי „מוזיקאַליש" ווי ליטווישער ענגליש.

און אַן אַלטן פריינט פון בראַזיל באַגעגן איך אויפן שיף. געוווינט האָט ער יאָרן־לאַנג אין דעם טיפן „דזשאַנגל" צווישן ווילדע אינדיאַנער, אָפּגעקויפט ביי זיי פאַר א שיבוש פאַר־שידענע אויסגעגראָבענע שטיינדלעך, וועלכע זיי האָבן נים געוווסט ווי צו שלייפן. אָבער מיין פריינט איז אין די בחורישע יאָרן דורכגעגאַנגען די פיפיקע „אַקאַדעמיע" פון אַנטווערפּענער דימענטן־שלייפער, האָט ער מיט איין בליק פון אויג געקאָנט אונטערשיידן א שטיקל האַרטן פעלדז, פון א פאַרשמירטן, אין בלאָטע, צוקונפטיקן טייערן שמאַראַגד אָדער טאָפּאַז. איז ער טאַקע אָפּגעזעסן יאָרן לאַנג צווישן די הענגענדיקע האַמאַקן פון די נאַקעטע רויטע אינדיאַ־נער, געקליבן א שטיינדל צו א שטיינדל, פאַרוואַנדלט עס אין גוט געלט און ערשט דעמאָלט האָט ער זיך ארומגעזען, אַז מען איז שוין איבער די זיבעציקער און מען איז נאָך אַלץ עלנט ווי א שטיין: נים קיין ווייב, נים קיין קינד, נים קיין קרובים. — פאַרגראָבט און פאַרווילדעוועט גע־וואָרן אין „דזשאַנגל"־לאַבאָראַטאָריע, ווו א ווייסער קאָן מאַכן געלט, אָבער קומט פון דאָרטן ארויס נים מיט דעם זעלבן גלאַנץ, ווי די טייערע שטיינער, וואָס ער ברענגט מיט זיך.

האָט מיין העלד זיך באַדאַכט און שנעל געהייראַט א פיינע נאָך גאַנץ יונגע אַלמנה, וועל־כע איז איבערגעבליבן געוואָרן דאָס ווייב פון א מענטשן, וואָס פאַרמאָגט א „פּונט בריליאַנטן". פאָרט ער איצט אויף זיין „האָניק־חודש" רייזע מיט זיין ווייבל.

און אויף דער זעלבער שיף פאָרט מיט אונדז א פּאָפּולערער יידישער קאָלומניסט מיט זיין סימפּאַטישער פרוי.

זיין פּרוים יחוס וויל איך דוקא דערמאָנען. זי איז די יינגסטע טאָכטער פון אונדזער אַלעמענס שלום עליכם. נו, אדרבא, טרעפט ווער איז איר מאַן? האָב איך הנאה צו זען, ווי יעדן פרימאָרגן ארבעטן זיי שעה׳ן לאַנג אויפן זוניקן שיף־דעק, קוקן צוזאַמען איבער מאַנוס־קריפּטן און אַרטיקלען, און פרעמדע מענטשן, וואָס באַטראַכטן דאָס פּאָרל פון ווייטן, זיינען זיכער אַז דער שרייבער האָט מיטגענומען זיין געליבטע סעקרעטאַרין, אַזוי ווי עס פירט זיך

ביי די „אומות העולם", ווען די שרייבערס פאָרן אַרום מיט זייערע סעקרעטאַרינס און די ווייבער לאָזט מען נעבעך אין דער היים.

---

אונדזער שיף פאַרהאַלט זיך אין פּאָרט סאַנטאָס, דאָ וועלן מיר פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך ווייס שוין פון פריער, אַז סאַנטאָס איז דער גרעסטער וועלט־האַפן פון קאַווע.

מיט אייניקע וואָכן פאַר מיין אָנקומען קיין סאַנטאָס, האָב איך דורכגעמאַכט די רייזע דורך די קאַווע־פּלאַנטאַציעס און געזען ווי דער דאָזיקער באַליבטער פּראָדוקט ווערט געריסן פון אונטער די געדיכטע סוכות אונטער וועלכע עס וואַקסן די זעקס־בלעטערדיקע גרינע קאַווע־קערנער. איצט האָב איך די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן דעם פּאָרט, דורך וועלכן עס גייען דורך די רייכקייטן פון בראַזיל.

איר טרעפט דאָרטן די קאַווע מאַגנאַטן, זייערע מעקלער, די באַנקירן און גלאַט רייכע איטאַליענער און יידן וואָס פאָרן זיך דאָ צענויף פון נאָענטן סאַן־פּאַולאָ, אויפן אינדזעלע גוואַרוזשאַ, ווו עס געפינען זיך די לוקסוס־האָטעלן און עס דרייט זיך לײַדנשאַפטלעך, דאָס שפּיל־רעדל. אין ריזיקן קאַסינאָ, ווימלט פשוט פון אינטערנאַציאָנאַלע פיגורן אין דער באַגלייטונג פון אויסגעפּוצטע שיק־קאָקאָטן, וועלכע לויפן זיך דאָ צענויף, ווי פליגן אויף האָניק.

די שטאָט סאַנטאָס מיט איר׳ע צוויי הונדערט טויזנט איינוווינער פאַרמאָגט אויך אַ פּאָר הונדערט יידישע פאַמיליעס. קיין גרויסע גבירים זיינען זיי ניט, אָבער יעדער יידישער שרייבער, אָדער טוריסט, וועט אייך זאָגן, אַז די סאַנטאָסער יידן זיינען געוואַלדיקע „מכניס אורחים".

אַ קאָלעגע, וועלכער איז מיט אַ יאָר פופצן צוריק דורכגעפאָרן מיט אַ שיף דורך סאַנטאָס, איז פשוט „געקידנעפּט" געוואָרן דורך די דאָרטיקע יידן, וואָס האָבן אים באַמערקט אויפן דעק און ער האָט זיי דעמאָלט, אין אַן אַרטיקל אין וואַרשעווער „פאָלקסצייטונג", באַצייכנט אַלס „פּיראַטן".

זיסע, טייערע פּיראַטן, פאַרשטייט זיך. דאָס איז אָבער נאָר געוועזן דעמאָלט ווען די סאַנטאָסער יידן זיינען נאָכניט געווען אַזוי שטאַרק צעטיילט אויף „לינקע" און אַלע אַנדערע פּאַרטייען. איצט האָט זיך די לאַגע שטאַרק געביטן. נאָך מיט אייניקע יאָרן צוריק, האָב איך אַליין געקאָנט רעדן אין וועלכן קלוב איך האָב געוואָלט, אָבער ווען כ׳בין דעם מאָל געקומען קיין בראַזיל, האָט מען מיר מתרה געווען: „דו טאָרסט זיך אפילו פּריוואַט ניט טרעפן מיט די „לינקע", זיי זיינען טריף, מחוץ למחנה".

און ווען אונדזער שיף איז געקומען קיין סאַנטאָס, האָט זיך אָנגעהויבן די מעשה. אַ גרויסע דעלעגאַציע פון „לינקע" איז געקומען אָפּוואַרטן דעם שוין דערמאָנטן פּאָפּולערן קאָלומניסט. פיל זיינען געקומען מיט אייגענע אויטאָמאָבילן אפילו פון סאַן פּאַולאָ, און ווען אַזעלכע אַלטע פריינט מיינע, ווי קאָסאָי אָדער נאַשפּיץ האָבן מיר אויך דערזען (קיינער פון אַנדער צד

האָט דאָך ניט געוווסט וועגן מיין קומען) האָט מען מיך אויך גאַסטפריינדלעך „געקידנעפּט". קאַסאַי איז נעבעך א ייד א מיליאָנער, כאָטש א פירער פון די „לינקע" און נאַשפּיץ איז גלאַט א ליבער פאָלקס־מענטש און „היאס"־טוער. בין איך אַוועק מיט זיי אַלעמען אין יידישן רעסטאָראַן, וווּ מען האָט צוגעגרייט דעם קבלת־פּנים. פאַרשטייט זיך, האָב איך זיך ניט געשטופּט אויבנאָן, ווייל איך דאַוון דאָך ניט פון זייער סידור... אָבער פון אַלע זייטן איז מען געקומען געבן „שלום", אפילו איינגעלאַדן אויפן באַנקעט. און אינמיטן עסן די געפילטע פיש (אַלץ שמעקט דאָ מיט קאַווע, אפילו די פיש) האָט מיר א גוטער פריינט א שעפּטשע געטאָן אויפן אויער: „איך וואָלט אייך געראָטן בעסער א זוך טאָן אין שטאָט די רעכטע אָדער לינקע פּועלי־ציוניסטן, אָדער אפילו די בונדיסטן, ווייל טאָמער דערוויסן זיי זיך, אַז איר זייט געווען דאָ אין סאַנטאָס און זיך געזען נאָר מיט אונדז, זייט איר א געענדיקטער: איר וועט שוין מער קיין בראַזיל ניט קענען קומען". א נס וואָס איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, וואָס דער גוטער „לינקער" האָט מיך געוואָרנט.

איך האָב זיך געהייסן פירן אין א רעסטאָראַנדל אין האַנדלס־קוואַרטאַל, ווו — לויט מען האָט מיר אינפאָרמירט, עס זאַמלען זיך די יידישע פּעדלער.

און אַז איך בין אריין אין דער נעבעכדיקער קאַפע־הויז און דערזען דאָרט אונדזערע אחינו בני ישראל, האָט מיך די באַגעגעניש דערמאָנט לובלין אָדער שעדלעץ: ניט געראַזירטע פּנימער ,א קוישל מיט סחורה אין האַנט, א פּאָר שירעמס, א פּאָר רעגן־מאַנטלען, אָט דאָס זיינען זיי דער „רעכטער" טייל פון סאַנטאָסער יידישן ישוב.

און עס איז מיר אַזוי ליב געווען צו רעדן מיט זיי, מיט די שטעטלדיקע יידן מיינע פון אַמאָליקן קרושניק, אָדער פּיוסק, מיט דוד כץ'ן, מיט שמואל קאָרן, מיט אייזיק ראָזענקראַנץ... מען האָט גלייך אַוועקגעוואָרפן „פּעדלען", איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט די גראָשנדיקע פּרנסות. די „פּיראַטן" האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט פון „הכנסת אורחים".

„נאָך היינט אויף דער נאַכט וועט א פאַרזאַמלונג צונויפגערופן ווערן פון אַלע יידן. איצט זייט איר אונדזערער! מיר וועלן אייך שוין ניט לאָזן גיין צו די „לינקע"... אגב, ווי געפעלן אייך זייערע נייע אויטאָמאָבילן, מיט וועלכע מען איז דאָ געקומען פון סאַן־פּאַולאָ?...

פּרוביר איך זאָגן: „ניט נאָר אויטאָמאָבילן האָב איך געזען, נאָר אויך אָרעמע שניידערס און פּעדלערס ווי איר..."

לאָזט מען מיר אפילו צום וואָרט ניט קומען. א שנאה פלאַקערט איצט אין גאַנץ בראַזיל קעגן די „לינקע", א וואַנט פון פייערדיקן האַס שטייט צווישן זיי און דעם גאַנצן איבעריקן ישוב. די גרעסטע באַשולדיקונג באַשטייט אין דעם, וואָס זיי צעברעכן די „פאַריינעקטע יידישע קאַמפּיינען פאַר ישראל".

פאַרברענג איך שוין א שטילן אָוונט אין הויז פון א „פּעדלער", וועלכער פאַרמאָגט אָבער א היפּשע יידישע ביבליאָטעק און איז דער פירער פון דער דאָרטיקער „ייוו"אָ". עסן מיר הע־

רינג מיט ווייסן קעז (אַלץ שמעקט ווידער מיט קאַווע) און די טעמע איז: די „לינקע" מיליאָנערן, זייערע ווילעס, זייערע אויטאָמאָבילן... מיר פאַרדריסט גאָר א גאַנץ אַנדער זאַך: גראָד האָב איך היינט באַגעגנט די סימפּאַטישע „לינקע" טוערין קלאַרא ב. און זי האָט מיר דערציילט, אַז קיין איינער פון אירע דריי זין איז ניט גע'מל'ט; און איצט גייט שוין דער עלטסטער חתונה האָבן, וועט מען שוין איה"ש מל זיין די אייניקלעך, ווייל עפּעס א חרטה־געפיל מאַטערט איר שוין פון לאַנג. צופיל „אויסגעלינקט" זיך, הייסט עס... אָט דאָס הייסט אַריינפאַלן אין די געדיכטע נעצן פון טומאה און פאַרגרעבטקייט!

און שפּעט אין אָוונט זאַמלט זיך צונויף אין קליינעם בית־מדרש'ל, דער גאַנצער „רעכ־טער" יידישער ישוב, אפשר הונדערט מענטשן, און כאָטש איך דאַרף זיך איילן צו מיין שיף, פיל איך אן אינערלעכן חוב צו באַצאָלן די ליבע „פיראַטן" פאַר זייער גאַסטפריינטלעכקייט. טראָגן מיר זיך אַלע אַריבער אין ווייטע קאָנטינענטן, איבער ימים און מדבריות קיין ישראל, קיין אַפריקע, קיין אַזיע, אומעטום, ווו די פלעמעלעך פון יידישן ליכט שיינען.

ווערט יום־טובדיק אין קליינעם בית־מדרשל אין סאַנטאָס; ווערן מיר אַלע איין פאַמיליע, וואָס באַגלייט באַלד צום שיף א רייזנדיקן ברודער.

שטיי איך גאַנץ הויך אויפן שיף־דעק, נעם איך אַרום מיטן אויג די בלאָנדזשענדיקע פייערלעך פון טומלדיקן פּאָרט; ווייס איך שוין, אַז צווישן די פינף מיליאָן זעק קאַווע, וואָס מען לאָדעוועט דאָ אָן, וואַלגערט זיך ערגעץ אַרום דאָס פעדלער־זעקל פון האַרציקע פריינט און חב־רים, וואָס פאַרדינען מען זאָל זיי געדענקען און אין זכרון באַהאַלטן.



# אינהאַלט:

## ד. די וועלט פון „טווינקל־און־איין נאַכט"

ס׳ברענט נאָך דער נר־תמיד אין פּאַקיסטאַנער בית־מדרש
קאַלקוטאַ — די בבל פון אינדיע
אויסטערלישע מענטשן און מערקווירדיקע מנהגים
פּרייטיק־צו־נאַכטס ביי די יידן אין קאַלקוטאַ
יידן אין דער ראָמאַנטישער שטאָט סינגאַפּור
צווישן פריינט אין אויסטראַליע

## ה. לאַטיין־אַמעריקע

דער יידישער ישוב אין פּערו
אין לימאַ׳ס אַלטע אינקוויזיציע־קעלערן
ימים נוראים צווישן ווילדע אינדיאַנער אין עקוואַדאָר
א טייך פון גאָלד און א קלויסטער פון זאַלץ
מערקווירדיקער צוזאַמענטרעף מיט א חבר אין מעקסיקע
פאַרוואָגלטע יידן אין ניקאַראַגוא
מערקווירדיקע טיפּן אין שטאָט מאַנאַגוא
א קבלת־פּנים ביים קובאַנער פּרעזידענט
ווי ס׳לעבן יידן אין דער היינטיקער טשילע
דער יידישער ישוב אין אורוגוויי
א מושב־זקנים אין בוענאָס איירעס
צוגאַסט ביי יידן אין בראַזיל
א יידישע סאַנאַטאָריע אין סאַן פּאַולאָ
מיט משומדים אין בראַזיל
צוגאַסט ביי די סאַנטאָסער „פּיראַטן"



פּאַבלאָ מאַנגעל, מיניסטער פון אַרגענטינע אין ישראל, ביים איבערגעבן זיינע קרעדענציאַלן צו יוסף שפּרינצאַק — שטעלפאַרטרעטער פון פּרעזידענט פון מדינת־ישראל. אינמיטן — דער מחבר.



דער מחבר פּרעזידירט אַן אויפנאַמע אין „היאַס", ניו־יאָרק, לכבוד די לאַטיין־אַמעריקאַנער דעלעגאַטן צום 1־טן אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.



ד״ר שאָשקעס באַריכטעט פאַרן נשיא בן־צבי וועגן זיין לעצטער וועלט־נסיעה.



דער מחבר און זיין פרוי צו גאַסט ביים פרעזידענט פון ישראל:
פון רעכטס: די פרוי פון ישראל־פרעזידענט רחל ינאית; דער נשיא יצחק בן־צבי;
פרוי שאָשקעס; אַלוף כרמל; ד״ר שאָשקעס; זלמן שז״ר; ישראל־מיניסטער אין
מאָסקווע שמואל אלישב און פרוי האַלפערין.



אויפן „הר־הבית" אין ירושלים: ביים אָמאַר מעטשעט



ביים אריבערגיין פון אָקופּירטן אַלט־ירושלים אין ישראלס הויפּט־שטאָט



ביים קבר־רחל, צוזאַמען מיטן אַראַבישן מוללאַ



ביים כותל־מערבי



בײַם הײליקן ברונעם פֿון אָמאַיאַד־מעטשעט אין דמשק



מיט א גרופּע ײדישע קינדער אין סינאַגאָגע־הויף פֿון בײרוט




ד״ר נתן מאַריין, דער יוסטיץ־מיניסטער פון קיסר הײלע סעלאַסיע (עטיאָפּיע)



א גרופּע פאַלאַשן זײַנען מקבל־פּנים דעם מחבר אין די בערג פון עטיאָפּיע



דער באַקאַנטער דרום־אַפריקאַנער עסקן און קולטור־טוער אַבעל שאַבאַן מיט זיין פרוי שרה באַגעגענען דעם מחבר ביי זיין אָנקומען קיין יאָהאַנעסבורג



א גרופע כלל־טוער אין מעלבורן, אויסטראַליע. אין צענטער דער מחבר און לעאָ פינק, פאָרזיצער פון אויסטראַליער יידישן הילפס־קאָמיטעט.



דער מחבר צוזאַמען מיט די כהנים פון די פאַלאַשן אין די בערג פון עטיאָפּיע



א גרופּע יידישע (פאַלאַשן) פרויען אין די טיפענישן פון
עטיאָפּיע